ה. לאַנג

# פיר דורות



אַרויסגעגעבן פון נעמי לאַנג
דורך נ. כאַנין קולטור־פונדאַציע ביים אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק, 1974

# אינהאַלט

עטלעכע ווערטער וועגן הערי לאַנג / 5

## ערשטער טייל

פראָלאָג / 11
ערשטע שריט / 50
אַ שטעטעלע און אַ חלום / 68
אין סלוצקער מוסר־ישיבה / 93
דאָס ליד פון „שפּאַלטן דעם ים“ / 159
ליכט־בענטשן / 229
ייד און וועלט אינעם לאַנד פון אַנאַרכיזם / 278
פונקען פון ווייטע פייערן / 341

## צווייטער טייל

צוויי דורכלעבענישן ביים אָנקומען אין אַמעריקע / 361
יידישע אַרבעטער־באַוועגונגען / 392

# עטלעכע ווערטער וועגן הערי לאַנג

איך האָב זיך באַקענט מיט הערי לאַנג, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1911. איך געדענק נישט צי ער איז שוין דעמאָלט געווען טעטיק ווי אַ יידישער שרייבער. איך ווייס אָבער אַז ער איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

ער האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבעט אין דער פרויען־באַקליידונגס־יוניאָן, לאָקאַל 62, וואו סעמיועל שאָר איז געווען דער פאַרוואַלטער. ער איז אויך געווען טע־טיק אויף אַ סך געביטן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

אַ גרויסע ענדערונג איז פאָרגעקומען אין זיין לעבן, בעת ער האָט זיך באַקענט מיט לוסי ראבינס. אַ דאַנק לוסין וועלכע איז געווען נאָענט באַפריינדעט מיט די וויכטיקסטע פירער פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַ־וועגונג, איז הערי לאַנג געוואָרן איינער פון די ווינציקע יידישע שרייבער וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט סיי מיט דער יידישער און סיי אין דער אַלגעמיינער אַמערי־קאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. זיין ווירקונג ווי אַ שריי־בער איז אויף אַזאַ אופן געוואָרן מער אויסגעברייטערט. דורך זיינע קאָנטאַקטן האָט ער אויך באַוויזן איינצו־שטעלן אַן אינטימע דערנענטערונג צווישן די יידישע און די אַמעריקאַנער אַרבעטער־פירער.

הערי לאַנג געהאָלפן אַז יידישע אַרבעטער וואָס האָבן געלעבט מיט גאַנץ אַנדערע באַגריפן און זיך פאַרנומען מיט אַנדערע טעטיקייטן, ספּעציעל וואָס איז שייך פּאָליטישער אַקטיוויטעט, זאָלן אויפהערן זיין אָפּ־געזונדערט פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. צו יענער צייט איז דער הויפּט פּרינציפּ פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער־פירער ווי סעמועל גאָמפּערס און וויליאַם גרין געווען אַז די אַרבעטער דאַרפן פירן אַ קאַמף פאַר עקאָ־

נאָמישע אויסבעסערונגען אָבער אָן פּאָליטישער אַריינ־מישונג.

עס האָט גענומען אַ לענגערע צייט ביז די יידישע אַרבעטער־טוער זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָנפירערשאַפט פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג און געקענט אויסאיבן אַ ווירקונג צו ענדערן די שטעלונג צו פּאָליטישער אַקטיוויטעט און אַנדערע פראַגן. איך, צום ביישפּיל, בין געווען דער ערשטער יידישער אַרבעטער־פירער וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן צום עקזעקוטיוו קאַונסיל און געוואָרן אַ ווייס־פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער פעדעריישאָן אָוו לייבאָר אין 1934.

צו הערי לאַנגס פּאַרדינסטן געהערן אויך דאָס וואָס ער האָט געהאָלפן צוציען אַ צאָל אָנפירנדיקע יידישע פּערזענלעכקייטן ווי לואיס מאַרשאַל, דזשייקאָב שיף, לו־איס ד. בראַנדייס, צו באַשיצן יידישע אַרבעטער־פירער און פאַרטיידיקן די פּאָליטישע טעטיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. בעת די געריכט־פּראָצעסן קעגן יידי־שע אַרבעטער־טוער האָבן זיי באַוויזן אַז דער אידעאַליזם פון די יידישע אַרבעטער און זייער פּאָליטישער קאַמף צו שאַפן אַ בעסער לעבן אין אַמעריקע איז אַ ווירדיקער, ווירקנדיקער און שעפערישער כח.

הערי און אויך לוסי לאַנג האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קאַמף און זיך משתדל געווען צו באַפרייען יודזשין וו. דעבס פון דער תפיסה.

אין די לעצטע יאָרן, ביי זיינע אָפטע באַזוכן אין ניו־יאָרק אין פאַרבינדונג מיט אַרויסגעבן זיינע מעמו־אַרן, איז הערי לאַנג תמיד איינגעשטאַנען אין זעלבן הויז וואו איך וואוין. מיר פלעגן שעהן לאַנג רעדן וועגן מענטשן וואָס מיר האָבן געקענט, מענטשן וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע און ווירקנדיקע ראָלע אין דער יידישער און אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין די לעצטע זעקס יאָר פון זיין לעבן האָט ער ממש געפיבערט צו שרייבן זיינע זכרונות. ער האָט פּלאַנירט אָנצושרייבן וויניקסטנס צוויי בענד; ווי עס

ווייזט אויס, האָט ער באַוויזן צו פֿאַרענדיקן נאָר דעם ערשטן באַנד. עס זיינען אָבער געפֿונען געוואָרן עטלעכע קאַפּיטלען פֿון צווייטן באַנד, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך.

מיר זיינען דאַנקבאַר זיין טאָכטער נעמי פֿאַר דעם וואָס זי האָט זיך באַמיט אַז דער בוך זכרונות זאָל דערשיינען. די גאַנצע הכנסה פֿון דעם בוך האָט זי באַשטימט צו געבן דער נחום כאַנין־פֿונדאַציע.

דוד דובינסקי

ניו־יאָרק, יאַנואַר, 1974

# פּראָלאָג

דער מעשׂענער הענגלײַכטער מיט 365
אָנגעצונדענע ליכט

- דער זיידע יאָשע־שלמה
- די פֿאַרנעצטע ספֿר־תּורה
- ביים אויפֿגעגראָבענעם קבר
- שטערן אויף מיינע הימלען

## 1



ײַן וועלט — מײַן אינטימע וועלט — איז אַ וועלט פֿון קאָנטראַסטן, ממילא פֿון קאָנפֿליקטן. עלטערע דורות ווילן נישט אָפּטרעטן; ייִנגערע פּרוּוון איבערשפּרינגען צײַט. ס׳איז אַ כסדרדיקע מלחמה פֿון מענטאַליטעטן. אידעאָלאָגיעס טשאַלענדזשן איינע די אַנדערע; תּורות ראַנגלען זיך אָנצוהאַלטן זייער הייליקייט. עס מעלדן זיך אָפּפֿרעגערס; עס שטרייטן כּיתּות פֿון זעלביקן גלויבן; עס רעש׳ט מיט קלאַסן, קולטורן, טראַדיציעס, שפּראַכן און פֿעלקער. הערצער זינגען אין התלהבֿות און פֿליסטערן אין קומער; אויגן לאַכן און שטומען אין וואונדער. עס שאַפֿן זיך אויסטערלישע סיטואַציעס. מענטשן פֿון אַלערליי סבֿיבֿות און פֿון פֿאַרשיידענעם כאַראַקטער שטויסן איינער דעם צווייטן אין מײַן געמיט, און די אַרויסגעשטויסענע קומען תּמיד צוריק, און איך לעב מיט יעדן פֿון זיי. מיר דוכט, איך האָב געלעבט הונדערט לעבנס, און קיין איינס האָט זיך נישט פֿאַרענדיקט. איך האָב אַפֿילו שוין געלעבט נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן, און אין יעדן טראָפּן פֿון מײַן בלוט פֿליסט צו זיי אַלעמען באַהאַרצטער דאַנק, ערפֿורכט און בענקשאַפֿט.

שטימונגען פירן מיך צו מײַנע ייִנגסטע דעראינערונגען פון מײַן געבוירן־שטעטל שקוד, וואָס אין ליטווישן זאַמוט. ביי די גרעניצן, אויף איין זייט, האָט זיך אָנגעהויבן די דעמאָלטיקע דײַטשלאַנד מיט אירע נאָענטסטע שטעט מעמל און קעניגסבערג. אויף דער צווייטער זייט, צווישן טײַכן און אָזיערעס, האָבן זיך געצויגן וואַלדיקע שליאַכן צו דער פאַרדײַטשטער און רוסיפיצירטער קור־לאַנד מיט דער שטאָט ליבאַו (ליבאַווע, לעפּאַי) ביים באַלטישן ים. אויף די אַנדערע זייטן האָבן זיך געשלענגלט שטעגן טיפער אין דער ליטע אַרײַן, דורך די שטעט און שטעטלעך טעלז און זאַגער, גאָרזשד און קרעטינגע, פּלונ־גיאַן און סאַלאַנט, ביז שאַוול און פּאָנעוועזש, אַזש קיין קאָוונע.

אין מײַנע טראַכטענישן דערפיל איך אויפסניי מײַן יונג־ייִנגלשע גע־שפּאַנטקייט צום שקודער צדיק, רעב מרדכי׳לע מיט זײַן זון איצע דער גלעזער. איך ווער ווי פאַרבלאָנדזשעט אין די פּאָעטישע לעגענדעס אַרום זיי, און עס אַנטפּלעקט זיך גאָר די פּערזענלעכקייט, וואָס איז מיר געוואָרן אייגן ערשט אין מײַנע גאָר ווײַטע יאָרן — דער פּראָפּעטישער מורה־דרך ביי אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג, סעמועל גאָמפּערס, מיט זײַן טאָכטער סיידי.

וואָס איז ער פאַר מיר געווען, סעמועל קאָמפּערס?

— אינטים

ווי אַ זיידע?...

ווי אַן אַלטיטשקער רבי, וואָס דער יונגער תלמיד איז אים שטאַרק ליב, און ער גאַרט דער תלמיד זאָל אײַנאָטעמען אַלץ וואָס ער הערט פון אים, און אַלץ וואָס ער זעט אַרום אים, צו געדענקען ס׳גאַנצע לעבן?...

— אַ סך מער

אײנער וואָס לאָזט זיך אַנטפּלעקן ווי אַ מיסטישער מוסטער פון אַ היס־טאָרישן ייִד, וואָס אײַנגעזאַמלט אין אונדזער פאָלקסלעבן איז ער נישט דורך אַ סינאַגאָגע, אָדער אַ סאָציאַל־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר דורך אַ קול אין זײַן האַרץ; אַז וועלט־געשיכטע רעדט צו אים ווי צו אַ ייִד, און ער מוז באַ־דענקען יעדן טראָט און טאָט, מ׳זאָל אין אים זען ייִדישע דערהויבנקייט, און יעדע באַגעגעניש מיט אים לאָזט איבער אין מיר אַ זעלטענע פייערלעכקייט?

— דאָס אויך

און פאַראַן צויבערלעכקייט וואָס צו לערנען דערפון. דער לייענער, מײַן איך, וועט עס געפינען אויף די ווײַטערדיקע זייטן.

עס איז אָבער דאָך אַ שאַרפער קאָנטראַסט: אַמעריקעס „סעם" גאָמפּערס

און דער שקודער רעב מרדכי׳לע. אַזוינס איז דאָ אין מיין געמיט גאָר אַ סך, און נישט אויסער לאָגישן רעאַליזם.

פון די טעג מיינע פון אַ יונג בחורל נעמט צו מיר לויכטן די געשטאַלט פונעם רידב״ז (ר׳ יעקב דוד בן זאב, פאַמיליע־נאָמען: ווילקאָווסקי), דער אומ־רואיקער מיסטיקער פון סלוצק און צפת, ביים זוכן געטלעכע סודות אין תורה־ווערטער און תלמודישע אויסטייטשונגען; און ווי דורך אַ צויבער דערזע איך באַלד די לויכטנדיקע אויגן פונעם הויפּט־ריכטער ביים יונייטעד סטייטס סופּ־רים קאָורט, לואיס דעמביץ־בראַנדייס. קלער איך, אפשר איז דאָס דורכן היפּוך איןביידנס געזעץ־פילאָזאָפיע, וואָס אינעם גאַנג פון יאָרן איז מיר צומאָל אויסגעקומען צו חקירהן זיך אַרום דעם. דער רידב״ז מיט זיין אַריינ־טייטש אין דער תלמודישער הלכה וואָס שאַרפערע שטרענגקייט, און דער יוריסט, פאַר־עקסעלאַנץ, בראַנדייס, מיט זיין אַריינבליק אין אַנגלאָ־סאַקסי־שער יוריספּרודענץ צו דערגרונטעוועןן און אַרויסהייבן חסד און רחמים, חשי־בות פון מענטשלעכקייט. איך קלער ווייטער: אפשר זיינען זיי זייט־ביי־זייט אין מיין געדאַנק מחמת אַ גלייכן פאַרהאַלטן זיך צו מיר מיט ברכהדיקע רייד בעת מיין באַקענען זיך מיט זיי ס׳ערשטע מאָל אין ווייט־פאַנאַנדערגעשיידטע צייטן, און אין גאָר אַנדערע וועלטן.

אין מיין געדאַנק קומען און טרעטן־אָפּ, און קומען צוריק, אויך דער ראש־ישיבה פון סלוצק און ירושלים, רעב איסר־זלמן מעלצער, און דער רע־דאַקטאָר אין ליטעראַטור און זשורנאַליזם, מיט זיין פורעמען אַ באַנייט יידיש פאָלק ביי די טענעמענט־הייזער אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סייד, אב. קאַהאַן. כאָטש דורכאויס היפּוכדיקע נאַטורן, דערשיינען זיי, אָבער, אין מיינע טראַכ־טענישן מיט זייער גלייכער צוגעלאָזנקייט צו מיר, און צומאָל אויך מיט גלייכע ברוגזן און אפילו כעסן. דער עיקר מיט זייער אויפנעמען מיינע רייד, צי איך רעד גערעכט, אָדער איך קען זיין פאַרפירט פון פאַנטאַזיעס, און וואָס דעמאָלט האָב איך, אין זייער ליכט, געשפּירט אויפרייץ צו דערגיין וואָס מער וויסן אין ייד־און וועלט־ענינים, הגם יעדנס השפעה האָט דאָך געצילט מיט אַן אַנדער אויסבליק.

נאָר ערשט מיין זיידע יאָשע־שלמה (פאַמיליע־נאָמען: איינבינדער) קומט און גייט אין מיינע וויזיעס. ער, מיין מוטערס פאָטער, מיט זיין הויך־ווינקל־דיקן שטערן און צעקעמטער, אַש־גרויער, צוויי־שפּיציק־לאַנגער באָרד, און מיט די פלינקע, ברייטע טריט זיינע, ווי ער וואָלט געשוועבט אויף פליגל, און

די צעפלויגענע פאַלעס פון זיין לאַנגן ראָק ביז די קנעכלעך. און וואונדער איבער וואונדער — יעדעס מאָל בעת ער קומט מיר אויפן געדאַנק, דוכט מיר, איך הער דאָס קול פונעם דזשענטלמאַן־פרעזידענט פון דער „אַמעריקען פעדעריישאַן אָוו לייבאָר״, וויליאַם גרין, ערשטער יורש פון דער גאַמפּערס־עפּאָכע.

אויסטערליש ?

יאָ.

עס איז אַן אָפּגעלאָפּענע געשעעניש מיט צווייערליי פאָלקס־גלויבענישן אין סטיל פון אמונה און פאָלקלאָר, וואָס איינס איז ווי אַ גלגול פון דער צווייטער — און איך דאַרף טאַקע שוין דאָ דערציילן דערפון.

## 2

איך זע אין מיינע מחשבות דעם זיידן יאָשע־שלמה ווי ער פלאָנטערט אַרום פון גאַס צו גאַס אין אונזער שקוד, און ס׳איז ניט מחמת דאגות־חיונה. אַ הענדלער אויפן מאַרק, וואָך־איין, וואָך־אויס, יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, קויפט ער אויף ביי די אָנגעפאָרענע זאַמוטער פויערים הינער און אייער, אָפּצושיקן די סחורה צו קאָמיסאָנערן אין דער נאָענטער גרויסער שטאָט, דער קורלאַנדישער ליבאַו. דערביי האָט אים צוגעדינט די מענטשלעכע גוטסקייט זיינע צו דערוועבן זיך צוטרוי; און פויערים האָבן אים ממש געטראָגן אַנטקעגן שטייגן מיט הינער און קערב מיט אייער. ער האָט זעלטן אַנגעטראָפן אויף קאָנקורענץ. זיין אַרומשמייען — פלעג איך הערן פון דער מאַמען — נעמט זיך גאָר פון דער שבועה, וואָס ער האָט געשוואָרן צוליב מיר.

נאָך די פיר מיידלעך ביי מיין טאַטע־מאַמען האָט מיין קומען אויף דער וועלט זיי געבראַכט גדולה. ס׳איז פאַר זיי געווען אַ גרויסער כבוד וואָס דער אַלטיטשקער צדיק, רעב מרדכי׳לע, איז אַליין געקומען צו פאַרבעטן זיך צו זיין דער סנדק ביים ברית פון זייער ערשטן זון. אָבער באַלד נאָכדעם, אין די סאַמע ערשטע חדשים מיינע, איז געשען אַן אומגליק מיטן אַלטיטשקן רעב מרדכי׳לע, און אינעם זעלביקן יאָר איז ער נפטר געוואָרן, און איך האָב גלייבצייטיק אָנגעהויבן קרענקען ווי אַט גיי איך אים נאָך...

אַן אויסגעמוטשעטער פון אַלע מינים קינדערשע חולאתן, האָט מען ביי מיין דריטן יאָר געמיינט, אַז מ׳דאַרף שוין נעמען אויסריכטן אַ קבֿרל אויף פאַר מיר. מ׳האָט מיר צוגעלייגט אַ דריטן נאָמען, שכנא, צו די צוויי ברית־נעמען הערץ־לייב, „אָפּצונאַרן דעם מלאך המות״, אָבער די מאַמע האָט זיך נישט פאַרלאָזט בלויז אויף דעם. זי האָט איינגעלייגט וועלטן. זי איז טאָג־נאָך־טאָג געלאָפן מיט געוויין צום צדיקס קבֿר: ס׳טייטש, ער איז דאָך געווען מיין סנדק, זאָל ער זיין אַ גוטער בעטער פאַר מיר! און ווי אַ צוגאָב האָט דער זיידע גענומען אויף זיך אַ נדר דורך אַ שבֿועה, אַז אויב דער בורא־עולם וועט מיך שטאַרקן און לאָזן לעבן, וועט ער, יאָשע־שלמה, דער קנעכט זיינער, זיך אָפּזאָגן פון יעדער ביסל הנאה ביז ער וועט אויפבויען אַ נייע, אַ ליכטיקע שול אין דער „אַלטער שטאָט״ פון אונדזער שטעטל שקוד.

דאָרטן ווערט עס שוין אַ מקום פון פאַרשעמטע אָרעמעלייט, וואָס מען טאָר נישט דערלאָזן דערצו. אַ טייך מיט אויספלוסן צו קליינע שטראָמיקע טייכלעך און אַ בריק איבערן טייך מיט קלאַדקעס איבער די אויספלוסן האַלטן שקוד איבערגעשניטן. אויף איין זייט וואַסערן שטייט מיט איר אויסגעפּוצטער זויבערקייט די „נייע שטאָט״: ברוקירטע גאַסן, אַ ברייט־ברוקירטער מאַרק־פלאַץ מיט אַ ריי קראָמען אין מיטן; עס גוידערן זיך באַלעבאַטישע שטיבער אַפילו מיט שאַלקעס; פאַרביי די פענצטער ציען זיך טראָטואַרן פאַר שבת־פאַרנאַכטיקע שטאָט־שפּאַצירן — אַן אָפּשיין פון גרויסשטאָטישקייט. און גלייך אויף דער צווייטער זייט ליגט ווי אַן אָפּגעוואָרפענע די ניט־ברוקירטע „אַלטע שטאָט״. אַ זאַמדיקער שליאַך ווי אַ לאַנגער אויסגעצויגענער מולטער, וואָס בעת די פויערשע יאַרידן אין זומער איז דאָרטן דער פערד־מאַרק, און אַז מ׳פּרואווט אויס די פערד ווי פלינק זיי קענען לויפן, צעטראָגט זיך דאָס זאַמד אויף אַלע שטיבער. אין האַרבסט ווערט עס אַ שטרעקע פון בלאָטיקע גריבער. ווינטערדיקע זאַווערוכעס לאָזן איבער אַ וויסטע פון טיפן שניי. אַ גאַנץ יאָר איז עס אַ צונויפשטעל פון געסלדיקער אָרעמקייט מיטן ריח פון שטאַלן, וואו מען קוילעט און מען שינדט אָפּ בהמות. יעדע הויזגעזינט, מיט אַ שטיקל אויסקוק אויף פּרנסה, קלייבט זיך אַריבער צו דער נייער שטאָט. מיר אַליין האָבן עס אויך געטאָן. דערין איז געווען מיין טאַטנס אַמביציע.

אַן אַרומפאָרער מיט שניט־סחורה אין די הויפן פון די קורלאַנדער פּריצים, וואָס פלעגן אים נעמען כסדר צו דער גרויסשטאָטישער ליבאָו, וואו ער פלעגט פאַרקערן מיט פאַמיליעס פון העכערן וואוילשטאַנד, האָט מיין טאַטער געוואָלט,

אַז די קינדער זיינע זאָלן וואַקסן אין אַן ענלעכער אַטמאָספער, אויפגעצויגן אין ציכטיקייט און קענטעניש ווי די יידישע קינדער אין ליבאָו. דאָרט לערנט מען זיי דייטש און דייטשע זיטלעכקייט. באַזונדערס זאָל איך — אַחוץ דעם רבי׳ן אין חדר — האָבן אַ לערער אַזוי ווי מען האָט עס אין ליבאָו. רבי און לערער האָבן דאָך פאַרגעשטעלט באַזונדערע גייסטיקע וועלטן. אַהיימקומען פלעגט מיין פאָטער בלויז אַ וואָך־איבער־אַ־וואָך אויף שבת. דער זיידע יאָשע־שלמה איז דעריבער געווען מיין מדריך. און ער האָט זיך געהאַלטן דווקא ביי דער אַלטער שטאָט.

מיין זיידע האָט זיך אין דעם געקלאַמערט מיט פרומער עקשנות: ער וועט די אַלטע שטאָט נישט פאַרלאָזן! ער וועט זי נישט פאַרשעמען! זיין אייגן לעבן איז דאָך דאָרטן אויפגעקומען מיט קינדער און קינדס־קינדער. און ווער פון זיי זיינען אַוועק איבער די ימים, קיין ענגלאַנד און זיד־אַפריקע, און ווער ווייסט אויף וויפל זיי האַלטן נאָך אָן יידישקייט — טאָר ער דעריבער נישט אַוועק פונעם מקום, וואו זייערע וויגן זיינען געשטאַנען, בעת עס האַלט ביים פאַנאַנדערפאַלן. ער וועט אַלט־שקוד גאָר אויפריכטן. ער וועט אויפ־בויען אַ נייע שול, וואו ערשט די געשטראָפטע מיט דלות וועלן שבת און יום־טוב שטיין פאַרן בורא עולם ווי פרינצן. ער וועט עס טאָן פאַר גאָטס חסד צו מיר, איך זאָל נישט שטאַרבן און מיינע קינדערשע טעג.

נישט קיין צעפייערטע עקשנות אין פוסטן חלום איז עס געווען ביי אים. דער זיידע האָט אַלץ באַרעכנט און אָפּגעמאָסטן. געפינען וועט זיך די נייע שול אויף דער באַרגיקער לאַנקע, וואָס אויף דער אַנדערער זייט פון דער קלאַדקע, איבערן לויפנדיקן טייכל ביים אַלטן בית־מדרש, און צוליב דעם וועט מען דאַרפן אָפּרייניקן יעדן פאַרבליבענעם סימן פונעם אַלטן בית־עלמין, וואָס האָט אַ סך צענדליקער יאָרן אָפּגעהיט מיט טרערן דיביינער פון שקוד־דער יידישע דורות. אויך דער נאָך פרישער קבר פונעם צדיק רעב מרדכי׳לע איז דאָרטן געווען. דאָס וועט מען איבערלאָזן ביזן טאָג ווען די נייע שול וועט זיין אויפגעבויט. מ׳וועט דעמאָלט אַריבערפירן צום נייעם ריינעם אָרט אויך דעם צדיקס קבר, און מ׳וועט האָבן אין דער נייער שול אַ יזכור־טאָוול, צו־געטיילטער כבוד פאַר אַלע ווייטערדיקע דורות.

און גאָר שטאַרק אָפּגעהיטן וועט זי זיין, די נייע שול: אַ געצירטע, אַ געצערטלטע פאַר שבת און יום־טוב. מיט הויכע ווענט וועט זי זיין געבויט, און אַ סך פענצטער וועט זי האָבן אויףביידע זייטן. לופטיק און ליכטיק וועט

זי זיין ; און פון די הויכע באַלקנס אינעווייניק, גלייך אַקעגן דעם אָרון־קודש, וועט אַראָפּהענגען אַ גרויסער, אַ קיילעכדיקער, מעשענער הענגלייכטער אין פאָרעם פון אַ טורעם, וואָס ער, דער זיידע, האָט עס אויספּאַנטאַזירט. אַ צונויפנעם פון 365 רערלעך, אויסגעשטעלט אין רונד־אַרומיקע שורות, ווי טורעם־טרעפּ, אונטן ברייט, און וואָס העכער — אַלץ שמאָלער, אַריינצו־שטעלן אין זיי 365 אָנגעצונדענע ליכט פאַר יום־כיפּור און שמחת־תורה, אַ סימן אַז יידיש לעבן אין גאָטספאַרכטיקייט און מיט לערנען תורה איז היי־ליקע, ליכטיקע פּראַכט טאָג־איין, טאָג־אויס — און ער האָט זיך גענומען עס דורכפירן, דער זיידע.

אַליין ניט קיין פאַראָרעמטער, אָבער אויך ניט קיין צו־גרויסער גביר, האָט ער געהאַוועט צו קריגן נדבות פאַר אַלץ, וואָס מ׳קען באַדאַרפן ביים בויען אַ שול, און צו קענען באַשטעלן די ריכטיקע בויערס. עס מוז דאָך אַרויסקומען לויט דער טראַדיציאָנעלער שול־אַרכיטעקטור אין די קהילות פון דער ליטע. און מען מוז דאָך קענען ברענגען אַ קינסטלער־שניצער, ענטוועדער פון ריגע, אָדער פון קעניגסבערג, אויסצומייסטרעווען אַן אָרון־קודש, לויט דער גאַנצער אָרון־קודש־קונסט, וואָס דורות יידן איבער אַלע ימים ווייסן דערפון. נאָר פאַרן אויסגעטרוימטן הענגלייכטער האָט דער זיידע קיין נדבות ניט געזוכט. וויפל עס זאָל ניט קאָסטן, וועט עס זיין אַ מתנה פון אים אַליין. אַ געשאַנק אין דער נייער שול פאַרן חלושדיקן אייניקל זיינעם ; פאַר מיר, הייסט עס.

מיט באַוואונדער פלעגט מען הערן וואָס אַ היפּשע צאָל פון די נדבות קומט פון די פויערים, מיט וועמען דער זיידע פירט דעם היגער־און אייער־מסחר, און וואָס ביי זיי איז דאָס גוטס פאַר גוטס.

וואויל באַוואוסט איז די פויערים געווען וואָס דער ייד יאָשע־שלמה האַלט חשבון מיטן שקודער דאָקטאָר און מיטן אַפּטייקער, אַז ווען עס קומט אין אַ מאַרק־טאָג אַ פאַראָרעמטע דאָרפישע מאַמע מיט אַ קראַנק קינד, זאָל מען ביי איר קיין באַצאָלטס ניט נעמען, נאָר פאַרשרייבן עס אויף זיין קאָנטאָ. ער, יאָשע־שלמה אייגנינדער, וועט עס באַצאָלן. און אין די דערפער האָט מען אויך כסדר גערעדט וואָס מ׳האָט עס געהאַט געהערט אין די מאַרק־טעג פונעם קסיאָנדז ביים שקודער קלויסטער וויפל דער ייד יאָשע־שלמה טוט פאַרן פויערישן גלויבן...

אַ געבאָט האָט ער זיך געהאַט געמאַכט, מיין זיידע, אַז שטעלט ער זיך

ביי אַ פויערישן וואָגן אָפּצאָלן פאַר די געקויפטע עופות און אייער, מוז דערביי זיין דעם פויערס ווייב, און דאָס געלט גיט ער איר. ווען ער עס געבן דעם מאַן, קען יענער באַלד פאַרגעסן ווייב און קינד, און זיך אַריינלאָזן אין אַ שענק, און אָנזשלאָקן זיך מיט בראָנפן, און נאָכדעם אַוועקפאַלן ווי אַ טויטער אינעם פערדישן מיסט אין מיטן מאַרק, און די פאַרשעמטע ווייב וועט אַ פאַרצווייפלטע זיך וואַרפן אויף די קני, און אים שפייען אין פאַר־שיכורטן געזיכט אַריין, און בוכצען אים מיט די פויסטן אין ברוסט, וואָס די גאַנצע סצענע דערפון איז אַ באַווייז ווי אַ מענטש, אין וועמענס פנים עס זיינען דאָ אָפּשטראַלן פון געטלעכקייט, קען אַליין זיך מאַכן פאַר אויס מענטש און ווערן עקלדיק.

טאַקע דערויף פלעגט דער קסיאָנדז פון שקודער קלויסטער זאָגן די פויערים האַרבן מוסר. אינעם גוף און בלוט פון יעדן קריסט איז „דאָך פאַראַן" אַ שמץ פון יעזוסן; און ווערט מען שיכור, און מען וואַלגערט זיך אין פער־דישן אָפּפאַל, פאַרוואַרפט מען דערמיט אין בלאָטיקן שמוץ יעזוסעס געביין. און מיט אַזאַ שאַנד אין זיך, צואוואָס לעבט מען? און ס'איז דאָך דער ייִד יאָשע־שלמה, וואָס באַמיט זיך פאַר פויערישער ווערדע...

דערהערט, אַז דער גרויסער פריינד, דער יידישער מאַרק־הענדלער, גאַרט בויען אַ נייע סינאַגאָגע אין דער פאַנאַנדערפאַלנדיקער אַלט־שטאָט, האָט מען פון די דערפער גענומען שיקן מתנות: קלעצער און ברעטער, צעהאַקטן שטיין פאַרן פונדאַמענט און שינדלען פאַרן דאַך, און פויערים האָבן זיך אָנגעמאָלדן צו זיין אומזיסטע בויערס...

אַ וואָסערע פיר־פינף יאָר האָט געדויערט ביז דער זיידע האָט אַלץ דורכגעפירט. ס'איז אָנגעשטאַנען דער טאָג ווען מ'האָט געדאַרפט די ניי־אויפגעבויטע שול עפענען. איך בין דעמאָלט שוין געווען אין מיין זיבעטן־אַכטן יאָר, געדענק איך וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן, באַזונדערס דעם מאָמענט מיט יראהדיקער שפּאַנונג, ווען דער זיידע האָט זיך געשטעלט אַליין אָנצינדן אַלע 365 ליכט אין זיין אויסגעטרוימטן הענגלייכטער.

צו כאַראַקטעריזירן מיין זיידן, און מיט אים יידישע פאָלקישקייט, און די ראָל פון צינדן ליכט אין יידישן שטייגער, האָב איך אַמאָל, אין די ווייט־ווייטערדיקע יאָרן, דערציילט דערפון אין אַ שמועס מיט ווילּיאַם גרין פון אַמעריקעס קוילן־גרעבער און אַמעריקעס לייבאָר־פעדעראַציע, מיט וועמען מיין פרוי לוסי און איך האָבן זיך געהאַט צונויפגעלעבט ווי מיר וואָלטן געווען

לייבלעכע קרובים. איז „ביל״ גרין אַקעגנגעקומען מיט אייגענע פאַרבענקטע רייד וועגן די יונגע יאָרן זיינע אין קוילן־גרעבערישן שטעטל קאַשאָקטאָן, אָהייאָ; און הגם דאָך גאַנץ און גאָר אַנדערש אין סביבה און אין דורכלעב, איז דער תוך פון זיין דערציילן געווען אַזוי ענלעך, אַזוי וואונדערלעך ענלעך, צו מיינס.

בעתן אַריינפירן אים, אין זיין פופצנטן יאָר, אין דער חברותא פון די קאַשאָקטאָנער קוילן־גרעבער, האָט דער פאָטער זיינער, יוהז גרין, גענומען אויף זיך אַ נדר מיט אַ שבועה צו די קוילן־גרעבערישע יוניאָן־ברידער אין זייער קירך, אַז אויב זיין יונגער זון וועט געבענטשט ווערן מיט מזל, און צום ווינציקסטן אין די ערשטע חדשים וועט די פּראַצע אין די פינצטערנישן פון קוילן־גרוב ניט אָנוואַרפן אויף אים וועלכן ס׳איז אומגליק, וועט ער, דער פאָטער — אויס דאַנקבאַרקייט צו גאָט און מענטש — אָפּגעבן זיך מיט זאַמלען אַ הייליקן פאָנד פאַר אַ ליכטיקן, אַ פינקלדיקן פולפּיט אין דער פאַר־אָרעמטער קירך, און טאַקע ער אַליין וועט עס אויסמייסטרעווען און געבן דערויף מער ווי אַלע אינאיינעם.

געווען איז עס נאָך איידער מ׳האָט געהאַט געהעריק איינגעשטעלט די סיסטעם פון שטערן־לעמפּלעך צו באַלייכטן די קוילן־גרוב אַרום זיך. מ׳האָט אין קאַשאָקטאָן נאָך געאַרבעט מיט קליינע לאַמטערנעלעך ביי דער האַנט, וואָס אָפט זיינען זיי באַשאָטן געוואָרן פונעם קוילן־שטויב. מ׳איז געווען ווי אין אַ חושך אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנצע וואָך; און פאַרטונקלטע אומהיימלעכקייט האָט זיך אַריינגעטראָגן אויך אין דער קירך. אַלץ אין דער קירך האָט אויס־געזען ווי אַן אָפּלייקענונג, אַז וואו גאָט איז, דאָרטן איז ליכט...

האָט „ביל״ גרינס טאַטע פון ענגלישן וועלש מיטן אויסזען פון אַ נזיר, אַסקעטיש פאַרמאָגערט און אַ קאָפּ לאַנגע ווייסע האָר, פאַרטאָן זיך אין בלע־טערן דורך די נעכט די ביבל און דעם נייעם טעסטאַמענט צו דערגיין דעם פולן באַטייט פון ליכט און שטראַלן, פונקען און בליצן, אין שייכות מיט געט־לעכקייט, ביז ער האָט אויסגעפורעמט אין זיין פאַנטאַזיע אַן אייגענע פינקל־דיקייט פאַרן פאַרשפּראָכענעם פולפּיט. עס איז אַרויסגעקומען אַ געדיכטער צונויפנעם פון אָנגעצונדענע ליכט ביים אַלטאַר, ווי עס וואָלט זיך אַראָפּגע־טראָגן אַ הימלשער כאָר פון פלעמלעך, וואָס האָט ניט קיין אָנהייב און האָט ניט קיין סוף. און וואָס טיפער „ביל״ גרין איז אַריין אין זיין דערציילן וועגן זיין פאָטערס אויפטו מיט הייליקע סענטימענטן פאַר זיינעטוועגן, אַלץ מער

האָט מאָמענטנווייז זיך געבראָכן זיין קול, און די אויגן זיינען אים געוואָרן פייכט.

איז אָט האָט איר עס. יוהז גרינס פינקלדיקער אַלטאַר אין קאַשאָקטאָן און מיין זיידנס הענגלייכטער אין שקוד, אַוודאי און אַוודאי שאַרף־פאַרשפּיצטע קאָנטראַסטן אין פאָלקישן שטייגער און אמונה, און דאָך ממש ווי אַ גלגול איינס פון אַנדערן; און אַזוי זיינען זיי פאַרבליבן אין מיין געמיט, ניט פאַנאַנדערצוגעמען...

## 3

פאַרשאַרפטע קאָנטראַסטן אין גלויבנס און קולטורן פלאַטערן איינס ביים צווייטן אין מיין געדאַנקען־וועלט אויך מחמת מאָמענטן אין דער געזעלשאַפט פונעם אַרץ־בישאָף (שפּעטער קאַרדינאַל) יאָזעף פּעטריק העיז (אין ווייטערע יאָרן אויך מיטן קאַרדינאַל פראַנציס דזש. ספּעלמאַן), ביים ניו־יאָרקער קאַטוליציזם; און מערערע מאָל אין פּאַרטיפּטע שמועסן מיט דר. דזשאָן האַינס האָלמס פונעם יוניטאַריאַניזם; און אין גאָר אָפטע באַגעגענישן, געזעלשאַפטלעכע און אינטימע, מיט ראַבאַי סטיפן ס. ווייז פונעם יידישן רעפאָרמיזם; און הרב שלמה גאָלדמאַן פון קליוולאַנד און שיקאַגאָ ביים אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפקום פונעם קאָנסערוואַטיוון ראַבינערטום; און הרב יוסף לוקשטיין ביי דער ניו־יאָרקער אָרטאָדאָקסיע. געבראַכט צו זיי האָט מיך מיין זשורנאַליזם מיטן טראָפּ אויף יידיש און יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, און אַוועק בין איך מיט אָפּשטראַלן אויך פון זייערע ליכטיקייטן, וואָס זיי לעשן זיך ביי מיר ניט אויס.

צומאָל לויכטן זיי אַריין אין די צעגליטע סענטימענטן מייַנע אין אָנדענק פון מיין נאָענטשאַפט צום קאָנסטיטוציאָנעלן יוריסט, צעפייערטן יידישן פאָלקס־פּאַטריאָט און געניאַלן וועגווייזער פון אַמעריקאַנער יידנטום, לואיס מאַרשאַל, און צו די שטימונגספולע, פלאַמיק־וויזיאָנערישע שריפטשטעלער שלום אַש און לודוויג לואיסאָן.

צו מיין געדאַנק און האַרץ רעדט תמיד אי דער סופרים־אַרכיטעקט פון יידישער פרייהייט, קעמפער, שטאַטסמאַן, גרינדער און פּרעמיער פון מדינת ישראל, דוד בן־גוריון, וואָס מיט זיין גייסטיקער פּערזענלעכקייט און סטיל

אין יידיש־פּאָליטישער און סאָציאַל־פילאָזאָפישער ליטעראַטור, און נשמה־אויסרופן אויף פּלאַטפאָרמעס, דערשיינט ער ווי אַ ביבלישע געשטאַלט; אי דער רוסיש־אַמעריקאַנישער, יידיש־סאָציאַליסטישער אינטעלעקטואַל ביי אַד־וואָקאַטור, מאיר לאָנדאָן, וועמען די ניו־יאָרקער יידישע אימיגראַציע האָט בעת די ערשטע פלאַקערן פון ערשטן וועלט־קריג אויסגעוויילט ווי אַ שליח פון אַ נייער וועלט־עפּאָכע צום קאָנגרעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און אויך ער מיט אַ ניצוץ פון ביבלישער ליכטיקייט, אי פּאַר שטראָף־רייד, אי פּאַר טרייסט; און אַ דריטער — דער רוסיש־פּוילישער, יידיש־סאָציאַליסטי־שער קולטור־אַריסטאָקראַט ביים „בונד", וועמענס לעבן ביי יידיש־פּראָלע־טאַרישע היימען אין וואַרשע, און אין זיין גלותדיקן ברוקלין, האָט אָפּגע־שטראַלט מיט פּאָעטישן חן פון די היסטאָרישע בעלי־קבלה, וולאַדימיר מעדעם.

אַ מיסטעריעזע האַנט מישט אין מיינע מחשבות בלאַט נאָך בלאַט ווי פון אַ פאַמיליע־אַלבום מיט פּאָרטרעטן. זיי צופן מיך צו געדענקען זייערע אינטימע רייד צו מיר וועגן דער טראַגיק אין זייערע לעבנס־דראַמעס דווקא בעת אין דער וועלט האָט אַרום זייערע נעמען נאָך געהאַט געשפּילט דער־הויבנדיקע באַוואונדערונג.

צען און פינף אין צאָל זיינען זיי.

כלערליי ניגונים מיטן תהלים־מאָטיוו: „גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן?..."

אַן איוב־ליד אין פופצן וואַריאַציעס, יעדע אַרויסגעקוואָלט פון אַן אַנ־דער סביבה, גייסטיק און סאָציאַל.

דאָ עפן איך דעם תחנונים־אַלבום בלויז ווי אַ דערוויילקע פאַרצייכע־ניש פון די אין געבעט; ניט כראָנאָלאָגיש, נאָר לויט ווי איך דערזע זיי אין מיין דמיון בעתן שרייבן —

דער איינזאַמער פּרינץ ביי דער אַמעריקאַניש־יידישער קולטור, דר. יהודה־לייב מאַגנעס; דער פאַראומערטער שעפער פון דער סעקולעריסטיש־עטישער קולטור, דר. פעליקס אַדלער; דער פאַריתומטער גאון ביי יוריספּרודענץ, ריכ־טער מיט רחום וחנון, נייטן בענדזשאַמין קאַרדאָזאָ; דער עלנטער תלמוד־פאָרשער און משניות־איבערזעצער, דר. היימאַן גרשון ענעלאָו; דער צער־פולער דיכטער פון רעוואָלוציאָנערע העלדן און מאַרטירער אין דער יידישער פאָלקס־געשיכטע, פון ביבלישן פּעריאָד ביז אין די היינטיקע דורות אַריין, אברהם (וואָלט) ליעסין.

און ווייטער —

דער שאָטן פונעם שטורמישן רעדאַקטאָר „אויף דער וואַך" („פרייע אַר־בעטער־שטימע") אַרום אַ שעפערישן יונגן דור יידישע שריפטשטעלער, ש. יאַנאָווסקי; דער שוין צעמאַטערט־מידער, קנאַי'שער מאַמין אין דער יידי־שער ליטעראַטור, מיט זיין געבענטשט־פיאָנערישן נאָמען פון דערציילער און פּאָעט ביי דער קורצער סקיצע און לירישן ליד, אברהם רייזען; דער היימ־לאָזער עקשן ביים אַנאַרכיסטישן ראַדיקאַליזם, אַלעקסאַנדער בערקמאַן; דער מאַרטירעריש־אַריינגעוואָרפענער אין אַ חרם פון זיינע קאָלעגן ביי יידישער אַרבעטער־אָנפירונג, דזשאָן דייטש; דער פאַרמוטשעטער אין אַן ענדלאָזן גלות ביים יידישן יוניאָניזם, מאָריס זיגמאַן.

נאָך ווייטער —

דער גייסטיק־צעוואונדעטער מייסטער ביים אויספלאַסטערן סאָציאַליסטי־שע וועגן אינעם לאַנד פון גרויס־קאַפּיטאַל, אַמעריקע, מאָריס הילקוויט; דער אַנטי־סאָציאַליסטישער קאָלאָמביאַ־פּראָפעסאָר מיט אַ שווייגנדיקן אומעט אין זיך, עדווין ר. א. זעליגמאַן; דער פאַרלאַמענטאַריער פון דער צעשאָכ־טענער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פיליפּ שיידעמאַן; דער אומהיימלע־כער, הגם עלעגאַנטער אַרומשפּאַצירער אינעם פּרדס פון דער אַמעריקאַניש־סאָציאַליסטישער פּובליציסטיק, וויליאַם אינגליש וואַלינג; און דער שוין אייב־געוויקלטער אין שאָטנס ווי אַ געשפּענסט, וואָס הייבט זיך אַרויס פון דער פאַרזינקענדיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און וואָס אין איר פרילינג איז ער געווען איר גרעסטער נביא, יודזשין וו. דעבס.

די לאַמענטאַציעס זייערע, שטילע און ניט־דערערדעטע, מחמת פאַרקלע־מעניש אין האַרצן, זיינען פאַרבליבן אין מיינע בלוטן איינאיינעם מיט די עכאָס פון דווקא בטחונדיקע רייד בעת אומגעצוימטע שמועסן מיט גאָר אַנ־דערע אנשי־רוח און אנשי־צדק; בטחון גראָד אין מאָמענטן ווען ס'האָט זיך געקענט זיי אויסוויזן, אַז אָט וועלן זיי מוזן אַליין זיך פאַראורטיילן צו אומ־באַהאָלפנקייט פון פאַרהימלטע טרוימער.

ממש אַ גאַנצע בטחון־פּאַנאָראַמע מיטן מאָטיוו פונעם ליכטיקן נביא ישעיה: „נחמו, נחמו עמי..."

בטחון־רייד מיט וואונדערלעכן כח צו היילן די נשמה־וואונדן, וואָס יעדער וועלט־אויפטרייסל האָט אונדז געבראַכט זינט דעם אָנהייב פון יאָר־הונדערט; צומאָל אויך די פּראָצעסן פון אומבייט פון די דורות, וואָס ביי

אַנדערע פעלקער איז דאָס נאָרמאַל, אָבער אונדז פאַרשאַפט עס שניידיקן טראַגיזם.

מיינע טראַכטענישן דערגייען צו די בטחונדיקע אויסשטראַלונגען פונעם וויסנשאַפטסמאַן ביים עמוד פון יידישן פאָלק, דר. חיים ווייצמאַן, בעת דריי שמועסן מיט אים: צוערשט אין אַ זייטיקן חדר ביי דער ביבליאָטעק אינעם בריטישן מוזיי אין לאָנדאָן (1937); עטלעכע חדשים שפּעטער אונטער אַ געדיכט-באַבלעטערטן בוים אין אַ גאָרטן-קאַפעי אין צירין, שווייץ; אַ דריי יאָר ווייטער אויף אַ שיף פון אייראָפּע פאַרן אַריינקומען אין די וואַסערן ביי די ברעגן פון ניו-יאָרק.

און אַקעגן קומט מיר אַ זעלטענער בטחון-אויסרוף פונעם תלמיד-חכם אין יידישן לעבנס-שטייגער און אין וועלט-אָפּשאַץ, וואָס אין די רייד זיינע האָט תמיד אַריינגעשפּילט הומאָר, דר. שמריהו לעווין — צוערשט בעת אַ וויזיט אין זיין היים אין די לעצטע טעג זיינע אויפן כרמל-באַרג אין חיפה (שבועות, 1933), דאַן ווידער ביי זיין לעצטן געלעגער אין אַ שפּיטאָל אין ירושלים נאָכן וויסטן אַרלאָזאָראָוו-מאָרד ביים ים-ברעג אין תל-אביב.

רעיונות פאַרטראָגן מיך צו אַריבער אַ צענדליק יאָר שפּעטער, אין די טעג פון יאָמערלעכער אבלות. ס'האָבן געפּלייצט די טויט-באַריכטן פונעם חורבן אויף אונדזער גאַנץ מזרח-אייראָפּע. ס'איז געקומען אַלס צוגאָב פון געזונקענע שיפן אויף די ים-וועגן קיין ארץ-ישראל. ס'האָבן געפּינצטערט ספקות מיטן פחד ווי אַזוי די קום-געבוירענע „יונייטעד-נעישאָנס" וועט אויפנעמען דעם דעמאָלט-ביטערן גורל אונדזערן מיטן געדיכטן ארץ-ישראל-קאָמפּלעקס. דווקא אין יענע טעג, וואָס פאַר אַ ברענענדיקער בטחון ביי דוד בן-גוריון, ווי דער פייער-פלאַם אינעם ביבלישן דאָרן ביים באַרג חורב, אויפגעברענט אין אַ קליין האָטעל-חדרל אין ניו-יאָרק, וואו ער איז אַליין געלעגן ווי אַ צונויפגעדרייטער דאָרן מחמת אַן אָנפאַל פון יסורים אין זיין רוקנביין, און גראָד אין מינוטן וואָס אָט קען צו אים קומען אַ טעלעפאָן-קלונג פונעם הויך-ריכטער פעליקס פראַנקפורטער, אַז אומבאַדינגט מוז ער זיך אַריינכאַפּן אין וואַשינגטאָן, וואו אים דערוואַרט אַן אוידיענץ אין ווייסן הויז — דער בן-גוריון-בטחון אין יענע טעג!...

נאָר פּראָפּעטישע בטחון-שטימען אויך פון גאָר אַן אַנדער צייט און אַן אַנדער וועלט; פון דער געדאַנקען-וועלט סאָציאַליזם, וואָס אונדזערע דורות זיינען איר אַקעגנגעגאַנגען מיט משיחישע חזיונות און בלוט-קרבנות —

פונעם סאָציאַליסטישן פילאָזאָף קאַרל קאַוטסקי אין זיין ווינער היים (1928) מיט זיין ניט־רעאַליזירטן חלום אַריבערצוטראָגן זיין לעבן אין די פרייהייטן פון אַמעריקע צו פאָרשן פון דער נאָענט אַמעריקעס קאַפּיטאַליזם און אַרבעטער־באַוועגונג, און מיט זיי די עטנישע מינאָריטעטן, אויף וויפל דער פּראָצעס פון פרייער אַסימילאַציע וואַרפט־אום קלאַס־צוימען — אַ טעאָרעטישע אַרבעט וואָס וואָלט, אַן צווייפל, פאַרבליבן ווי אַ נייער „מורה־נבוכים" פאַר סאָציאַליסטישע דענקער איבער גאַר דער וועלט.

און פונעם געדאַנקרייכן פאַרטייטשער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, רפאל אַבראַמאָוויטש (פאַמיליע־נאָמען: ריין), אין די שווערסטע קעמפעריישע טעג זיינע קעגן באָלשעוויזם דורך בערלין און דורך בריסל (אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס, 1928), און פינף יאָר שפּעטער אין פּאַריז.

דערצו בטחון פון די צוויי סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שטאַטסלייט: עמיל וואַנדערוועלדע פון בעלגיע, בעת מיינע באַגעגענישן מיט אים אויף זיינע רייזעס אַלס פּרעזידענט פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין די שפּאַנישע שטעט מאַדריד און באַרצעלאָנאַ (1933), און פערנאַנדאָ דעלאָריאָס פון שפּאַניע אין זיין מאַדרידער מיניסטאָרן־קאַבינעט, און שפּעטער אין זיינע אַמבאַסאַדאָרישע טעג אין וואַשינגטאָן בעתן שפּאַנישן בירגער־קריג.

אויך בטחון־זמירות מיטן מאָטיוו אַז יידן וועלן האָבן שכר פאַר זייער ראָל אין וועלט־פּראָגרעס, טיף ערנסט אָפּגעשאַצט פון די צוויי ווידעראַנאַנדיקע געשטאַלטן אויף דער אַמעריקאַנער סצענע ביים זשורנאַליזם — דער צייטונגס־אַרויסגעבער מיט זיין באַרימטן נאָמען דורך זיין קעניגרייך „ניו־יאָרק טיימס", הגם מיט אַ לאַמעד־וואָווניקער באַשיידנקייט, אַדאָלף אָקס, און דער רעדאַקטאָר־טרוימער אין סאָציאַלן ליבעראַליזם ביי דער פּאַמפלעטישער וואָכנשריפט־פּובליציסטיק („ניישאָן"), אָסוואַלד גאַריסאָן ווילאַרד.

און אויף אונדזערע אינטים־יידישע פעלדער —

דער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, אין זיין בערלינער היים (1928) מיט ספקות צי ער זאָל יאָ אָדער ניט אַרויסקוקן צו באַזעצן זיך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פאַר אַ פּיל־יאָריקן שטודיום אויף וויפל זיינע טעאָריעס אַרום יידישער קולטור־אויטאָנאָמיע קענען גילטן פאַרן אַמעריקאַנער יידנטום; דער דיכטער יהואש (פאַמיליע־נאָמען: בלומגאַרטן), אין זיין בראָנקסער היים ביי זיין שעפערישער אַרבעט אַריינצופירן ס׳גאַנצע תנ״ך אין דער ליטעראַטור

אויף יידיש אין אַ יידיש־ביבלישן סטיל; דער באַהאַרצטער מתפלל אין שטילער צדקות פאַרן וואוילזיין אין יידישן אַרבעטער־לעבן אויף גאַר דער וועלט, איינער פון די פאַטערס פון סאָציאַליסטישן „בונד״ אין מזרח־אייראָפּע, נח פּאַרטנאָי, בעת זיינע שליחותן פון פוילן אין אַמעריקע; דער תל־אביבער געוויסן ביי די חלוציש־סאָציאַליסטישע פּראָיעקטן צו באַנייען יידיש וועלט־לעבן מיט אַ פאַלקיש־דעמאָקראַטישער מלוכה אונטער די הימלען פון תנ״כישן ארץ־ישראל, בערל קאַצנעלסאָן; די צוויי ירושלימער, הרב אברהם־יצחק קוק און יצחק בן־צבי (1933), וואָס שוין דער שטאָט־נאָמען ווי אַ טיטול — „ירושלימער״ — איז זיי געווען גענוג צו לעבן און רעדן אין גייסטיקער געהויבנקייט; און שניאור־זלמן רובאַשאָוו (שזר) בעת זיינע אַרומרייזעבישן אין דער יידישער אַמעריקע מיט אַ שטורמיש־פּאָעטישער מגידות פאַרן יידישן נשמה־לאַנד ביז ער איז אין די מדינה־יאָרן דערגאַנגען צום העכסט־היסטאָרישן כבוד פון נשיא אין יידישן מלוכה־לאַנד.

יעדער נאָמען אַ לערער, און — מכל מלמדי השכלתי.

געלערנט ביי זיי אוצרדיקע פאַרשיידנאַרטיקייט, און טאַקע וואָס שייך זיי אַלייך, יעדנס אָפּשטאַם, פערזענלעכקייט און געמיט, צו וועמען נאָר מיינע בריקן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און מיין פּאַספּאָרט פון „פאָרווערטס״ האָבן מיך דערפירט.

און מיין גוטער מזל.

גלייך ביי וועמענס טיר איז מיר אַקעגנגעקומען מכניס־אורחדיקע וואַרעמקייט, האָב איך ממילא אַלץ אויפגענומען מיטן האַרצן, און בין פאַרבליבן אייגן מיט יעדן נאָמען און יעדנס גורל.

# 4

משפּחדיק־אייגן זע איך זיך ערשט מיטן פאַרנעם פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אויף גאַר דער וועלט.

היסטאָריש און הייבטיקס.

איך הער זיך איין מיט געשפּאַנטקייט אין יעדן נייעם קול פון אירע סאָציאַל־פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס און נאַציאָנאַל־יידישן איינשטעל.

צומאָל אין אַ פּלוגתא מיט וועמען, דאָך שפּיר איך קרובהשאַפט צו אַלע אירע פירער־גרופּעס.

באַזונדערס, פאַרשטייט זיך, פונעם אויסגעפּורעמטן טייל אין אַמעריקע. ס'איז מיין היים און מיין אמונה, בין איך אַן עדות פון זייער געשיכטלעכער ראָל און קלער דערפון מיט שטאָלץ אין מיין געמיט.

זיי און זייער סביבה — ניט קיין אַנדער מחנה ביי דער יידישער אימי־גראַציע — האָבן אויסגעשמידט דעם יסוד פון יידישן קיום אונטער אַמערי־קעס הימלען.

פאָרמעלע היסטאָריאָגראַפן וועלן עס אפשר באַשטרייטן; אין מיין גע־מיט באַשטרייט איך זיי.

איך צוים מיין פעדער ניט אויפצושרייבן אַ שאַרפע אָנקלאַגע, אַז ברו־טאַל פאַלש איז די אָפּשאַצונג, אַז דאָס אָרגאַניזירן די פאַרהאָרעוועטע יידי־שע אימיגראַציע האָט פאָרגעשטעלט אַ פעריאָד פון אָפּוואַרפן זיך פון יידיש־קייט. אין אַזאַ זאָג שטעקט בלבול אויפן נייעם דור אין דער יידישער גע־שיכטע. דער קוואַל קען זיין סנאָביזם. דער ציל: אַנטאָן בזיון „שניידערס און שוסטערס". שטעל איך דאָ טראָפּ: בפירוש אַזוי, די פירער־גרופּעס אַרום אונדזערע באַלמעלאָכעס האָבן אויסגעשמידט דעם פונדאַמענט פון אַמערי־קעס יידישער טורעמדיקייט, וואָס מיר האָבן היינט־צו־טאָג. און געשמידט האָט מען עס מיט אייגן לשון — יידיש — און ס'גאַנצע יידישע פאָלקס־אייגנ־שאַפט, פולע קערב מיט טאַלענט אויסצופורעמען אַן אייגענע געזעלשאַפט. ליכט שטראַלט אַריין אין ליכט.

פאַרהאָרעוועטע ביי דער פאַרביטול'טער שער־און נאָדל־פּראַצע, האָבן די פירער־גרופּעס ביים שאַפן, אין אָפּשיין פון פריהייט, דאָס שניידערשע יוניאָניזם, אַריינגעקראָגן אַ ליכטיקן געמיט אין זיך, און גענומען טראָגן צו די טענעמענט־הייזער און אין שאָפּ אַריין יענע אייביקע גייסט־און מאָראַל־עשירותן, וואָס יעטווידער ייד האָט זיי געהאַט אָפּגעהיט אויך אינעם דלות־דיקן, איינגעשראָקענעם מזרח־אייראָפּעאישן שטעטל. טענעמענט־הויז און שאָפּ זיינען געוואָרן דערוואַרעמט. ס'האָט אויפגעשיינט בשמה יתירה. יידישער יוניאָניזם האָט דערמיט זיך געבויט דורכאויס אַנדערש ווי אַרבעטער־צונויפ־געזאַמטקייט ביי אַלע אַנדערע פעלקער. דער אייביקער „יוצא מן הכלל", יידן ווי דער „עם־סגולה"...

אונדזערס איז געצילט צו העכערס, צום ליכט פון אונדזער פאָלקס־טראַ־דיציע, צום וויזיאָנעריש משיחישן „עולם התיקון". און דער וועג אונדזערער איז צדק און קדושהדיקע חשיבות פאַר דעם מין מענטש, וואָס אין היינטיקן

לשון ווערט עס אָנגערופן סאָציאַלע גערעכטיקייט און מענטש־דערהויבנ־קייט. און אונדזערס איז איינגעקלאַמערט אין עטישע פּרינציפּן ווי אַ חוב פון מענטש צו מענטש, צי מ׳איז אַרבעטס־חברים אין שאַפּ, צי שכן מיט שכן אין טענעמענט־הויז, און אין דער פיל־ברייטערער סביבה: קלאַס, פאָלק, אמונה. און תמיד איז אונדזערס געווענדט צו דעת־הקהל. און דער כח אונדזע־רער איז מאָראַלע אחדות. און ס׳איז דורכגענומען מיט יראת־הכבוד פאַר לומדות. אָנפירערס זאָלן זיין מענטשן מיט גייסט. און דער אויסבליק גייט ביט אַזוי צום זעלבסט־אינטערעס, ווי צו אהבת־אחים מכל העמים, אוניווער־סאַליזם, אינטערנאַציאָנאַליזם...

ווי באַנייטע הייליקע לוחות האָט מען עס אויסגעשמידט. איך באַנוץ דעם טערמין „אויסגעשמידט" בכיוון. עס פאַלן דערויף פונקען פון די צוויי צעפייערטע דיכטער־נשמות אינעם אָנגאַנג פון אונדזערע דורות — חיים־נחמן ביאַליק און אברהם (וואָלט) ליעסין.

ביאַליקס אייביקע שורה:

פון שטאָל און אייזן, קאַלט און האַרט,
און שטום —
שמיד־אויס פאַר זיך אַ האַרץ, דו מענטש
און קום...

מיין דור אין יוגנט האָט אים געהערט און געפאָלגט, געשמידט און גע־קומען. מיט גבורהדיקן זעלבסטשוץ געקומען צום סלאַווישן פּאָגראָם, און מיט הגנה־גבורה געקומען צום שוץ פון ארץ־ישראל, און הייליק און גרויס איז דאָך די העראָאיש־וואַרשעווער געטאָ־שלאַכט, און מיט דער מדינה זיי־נען מיר שוין דערגאַנגען צום העכסטן הויך. אין אָנגעזיכט פון אונדזערע שונאים לעבן מיר איבער קאַפּיטלעך תנ״ך.

און ליעסינס אייביקע שורה, די מאַמע יידיש רעדט:

אויסגעשמידט האָב איך דורך דורות
דעם וואונדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאַר הייליקע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי...

האָט מיין דור אין יוגנט אויך אים געהערט און פאַרנומען, און אַריינגעלאָזן זיך אין בונד־רעוואָלוציאָנערישקייט, און אין סטרייק־שלאַכטן, צומאָל אין הונגער, בכדי צו טראָגן די באַנייטע הייליקע תורות אויף אַמעריקעס ווייט־

סטע וועגן, און די דראַמע דערפון איז דאָך דערגאַנגען צו איר קלימאַקס. דאָס גרויסע לאַנד אין רייכטום און פרייהייט האָט זיי מקבל געווען.

נאָכגעפאָלגט מיט אַלע חושים, און צומאָל אַליין אַ באַטייליקטער ווי אַ באַשיידענער סאָלדאַט, איז אין מיר פאַרבליבן אַ ליכטיקע וואַרעמקייט פאַר יעדן נאָמען פון די אויסשמידער און אַרומטרעגער פון די נייע לוחות און תורות.

זיי און זייערע שטאַמפּאַטערס פון דער שוין וווּיט־היסטאָרישער, פאַר־חלומטער „עם־עולם"־צייט.

יענער טרוים פון פיר דורות צוריק מיט פּרואוון אײַנצושטעלן אין די פרייהייטן פון אַמעריקע קאָאָפּעראַטיווע אַגריקולטור־קאָלאָניעס און מאָראַל־סאָציאַליסטישע שטאָט־קאָמונעס ווי אַ חלוצישער אָנהייב פון אַ געזיכערט היימלאַנד פאַרן פאַגראַמירטן יידישן פאָלקס־לעבן אונטער די רוסישע צאַרן.

„עם־עולם", אַ נײַ אָנגעצונדן ליכט אינעם אַלטן לאַנגן גלות, זייט־ביי־זייט מיט „בילו" (בית יעקב לכו ונלכה), געצילט צו ארץ־ישראל, וואָס ביי־דע האָבן זיי גלייכצייטיק אויפגעשיינט ביים רוסישן יידנטום.

פינף דענקער פונעם „עם־עולם"־קאַפּיטל זיינען כסדר אין מיין זינען —

דר. חיים ספּיוואַק, דר. הלל זאָלאָטאַראָוו, דר. פאָול קאַפּלאַן, אַדוואָקאַט ניקאָלאַס אַליניקאָוו, דר. דזשאָרדזש מ. פּרייס.

זיי, פון אַב. קאַהאַנס ערשטער פּעריפעריע אין דער רוסיש־יידישער אינטעלעקטואַלן־אימיגראַציע, און ביים ערשטן אידייען־קוואַל פאַר אַ מאַסן־אויפקום אין דער נייער וועלט דורך אַ יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס דער „זאת הברכה" פון יידישן אַמעריקע אין די היינטיקע טעג איז איר ירושה.

אין מיך זינען זאַמלען זיך גאַנצע גרופּעס, וואָס אי זיי זיינען מיטשאַ־פערס פון דער ירושה דורך באַרייכערן זי מיט נייע אידייען און נייע וועגן, אי די יורשים, ווער פון זיי געבוירענע אין די אומבאַהאָלפנקייטן פון קליי־נעם שטעטל אינעם געטאָ־תחום פון דער אַלטער וועלט, אָבער דערגאַנגענע מיט אײַנגעבוירענער גייסטיקער ענערגיע צו קולטור־הויכקייטן אין דער אומגעצוימטער פרייהייט אין נייעם לאַנד, יעדער נאָמען ווי אַ לעגענדע. צוויי שפּעטערדיקע פון זיי זיינען געוואָרן אינטימע חברים מיינע מיט אהבת־נפש צווישן אונדז דריי פאַר וויט אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט — דוד דובינסקי און נחום כאַנין.

דוד דובינסקי — אַ, ווי רייך אין קאָליר און אין אינהאַלט איז דער גאַנג

פון זיין לעבנסוועג. ממש אַן עפּאָפּיי, וואָס אַ פולן תיקון, גלויב איך, קען עס ערשט קריגן אין אַ גייסטרייכער נאָוועלע פון אַ געבענטשטן בעלעטריסט. דערווייל דאָ, אינעם פראַלאָג צו זכרונות, איז גענוג צו פאַרצייכענען ניט מער ווי אַן אָנווייז אויף זיין געשטאַלט און אויף דעם קערנדל אין זיין גייס־טיקן שטייגן —

כשרונות זיינע פאַר זעלבסט־אַנטוויקלונג דורך אַ שעפערישן חזיונ׳ישן מוח מיט אַ שאַרפקייט אין געפיל ביים אורטיילן וואָס איז עכט און וואָס אָפּ־נאַרעריש, אַ פלינקייט משיג־צו־זיין דאָס אינערלעכע פון יעטווידער דער־שיינונג, וואָס צילט צו אים, און אימפּעטיקע ענערגיע צו באַשליסן וואָס צו טאָן אין אַ געגעבענעם מאָמענט, און אויסצוקלייבן גיך דעם וועג דערצו.

די דובינסקי־בילדלעכקייט —

...פון זיין אַרומוואָגלען צופוס אויף די וויסטע סטעזשקעס אין רוסישן סיביר ווי אַ יונגינקער, אַנטלאָפענער פּאָליטישער אַרעסטאַנט, מחמת זיין יינגלשער רעוואָלוציאָנערישקייט צווישן די דלותדיקע ברויט־בעקערס דורכן יידיש־סאָציאַליסטישן „בונד״ אין דער פּוילישער שטאָט לאָדזש... ביז זיין אַריינשפּרייזן ווי אַ בכבודיקער בן־בית אין אייראָפּעאישע פּרעמיער־און מי־ניסטאָרן־קאַבינעטן, און אין אַמעריקעס ווייסן הויז־זאַלן מיט פיר פּרעזי־דענטן... און קיינמאָל ניט, און אין ערגעץ ניט, אַן אָפּגעטראָטענער פון זיינע יוגנט־טרוימען; דווקא זיי אומעטום מיטגענומען...

...פון זיין אַריינהיצן זיך אין היציקע פּלפּול־פּאָלעמיקעס איבער אַ טעאָרעטישן פּינטל וועגן סאָציאַליזם אין דער ווייטער צוקונפט בעת אסיפות־לעך פון חברים ערגעץ אין קעלערדיקע קאַפע־רעסטאָראַנדלעך ביי ניו־יאָר־קער איסט־סיידער טענעמענט־הייזער... ביזן אַרויפשטייגן צו ערשט־קלאַסי־קער אָנפירונג מיט סאָציאַל־פּאָליטישע אידייען ביי אַמעריקעס פאַרצווייגטן יוניאָניזם, וואָס געשיכטע־פאָרשערס זעען אין אים דעם דערפירער צו רעאַ־ליטעט די בראַנדייס־פילאָזאָפיע און דעם גאָמפּערס־חלום...

...דערצו זיין וואונדערלעך שפּאַנען, מיטנעמענדיק אַמעריקעס אַרבע־טער־באַוועגונג צו די סאַמע שפּיצן פון פּאָליטישן און סאָציאַלן ליבעראַליזם, און צו די אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַלן מיט אָפּשיין אויף אַלע קאָנטינענטן אין אַ פאַרמעסט קעגן צוויי־קעפּיקן שלאַנג קאָמוניזם־פאַשיזם...

...און זיין דערגרייכן, ווי אַ פּירוש אויף אַלע זיינע טואונגען, די פאַר־כאַפּנדיקע ברכות פון אָנפירנדיקע פאַרלאַמענטאַריער אין מערב־אייראָפּע,

קאָנגרעס־און סענאַט־פירער אין די שטאַטן, פינף אַמעריקאַנער אוניווערזי־טעטן, קאָמיסיעסביים פעלקער־בונד (יו־ען), בירגער־געזעלשאַפטן אין גייסט פון אַמעריקעס קולטור־און אמונה־פלוראַליזם, און סיי פונעם דורותדיקן מוס־טער ביי אַמעריקעס פרייען אינטעלעקטואַליזם, דזשאָן דיואי, באַגלייט פון אַ צאָל ווערק פון אַמעריקעס סאָציאָלאָגן, סיי פונעם וואַטיקאַן אין רוים, ווי אַ דערמונטערונג פון דער וועלטס קריסטלעכקייט צו אים, דוד דובינסקי, דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייד פון אַמעריקע, וועלכער שפּאַנט אַזוי עלעגאַנט מיט אַ ניכטערן מוח, מאָראַלן קוראַזש און יידישער פּאַלקסטימלעכקייט, צו וועלט־ברודערשאַפט און פעלקער־פרייהייט, צומאָל אַפילו איינער אַליין ווי דער שוועבנדיקער איינזאַמער אָדלער... אָבער מיט דער טוגנט צוצוגרייטן זיין יורש לואיס סטאָלבערג פאַר בייע שעפערישקייטן...

און די נחום כאַנין־געשטאַלט.

אויך ער מיט יונג־בחורשער רעוואָלוציאָנערישקייט, און מיט קורסן אין צאַרישע טורמעס און סיביר־פאַרשיקונג; און אויך ער אַן אויסגעוואַרעמטער פונעם אידייען־רייכן יידישן יוניאָניזם מיטן צוגאָב, די פייערן ביים אַרבע־טער־רינג. נאָר אים האָט נשמה־אויפלויכט דערפירט צו געפינען זיך אַן אָרט ביים באַרג פון יידיש־גייסטיקער הויכקייט, וואָס מ'האָט אין אים אָנ־געהויבן זען אַ דורותדיקע פאַרקערפּערונג פונעם יידיש־עטישן סאָציאַליזם מיט אַן אומגאַנג ווי אַ וועכטער אין די גיטער פון דער יידישער קולטור, וואו נשמות רעדן זיך דורך מיטן פּאַטאָס פון לשון יידיש, און וואָס דערמיט איז ער אַ צירונג־רינג אין אַ זעלטענעם געפלעכט פון אַכט מנהיגים, געבענטשט מיט קולטור, כח־השכל און טאַלענט.

אַכט מנהיגים, זין פון דער באַשיידענער קירזשנער־אָרגאַניזאַציע, וואָס אין איר איז סימבאָלישער המשך פון אומגעקומענעם קליינעם שטעטל אין אַלע קאַנטן פון מזרח־אייראָפּע.

דווקא דאָס קליינע שטעטל האָט געלייטערט און דערהויבן מפורסמדיקע רבנים, וועלט־באַוואונדערטע וויסנשאַפטלער און באַרימטהייטן ביי ליטעראַ־טור. און דווקא די נומעריש קליינע הוט־און היטל־מאַכערס־יוניאָן האָט כמעט איינציייטיק אַרויסגעפירט פון איר סביבה אַכט געשטאַלטן, יעדער מיט איי־גענעם אָפּשטראַל ווייט אַריבער אירע גרענעצן.

די אַכט —

דעם שטילן בעל־מוסר און בעל־מידות אין יוניאָן־פירונג, מאַקס צוקער־

מאַן; דעם סכאָלאַסטיקער אין יוניאָן־טעאָלאָגיע אַרום דין־תורהס אויף אינ־דוסטריעלע פעלדער, מאַקס זאַריצקי; דעם סטראַטעג מיט סאָציאַלע פראַ־גראַמען ביים ניו־יאָרקער פּאָליטישן ליבעראַליזם, ממש אַ נאַציאָנאַלע דער־שיינונג, אַלעקס ראָזן; דעם טאַלאַנטפולן, סאַטיריש־סטיליסטישן, צוויי־שפּראַכיקן פּובליציסט (יידיש און ענגליש) ביים יוניאָן־זשורנאַליזם און ביי סאָציאַל־פּאָליטישער אָפּשאַצונג, יעקב רייך (דזשעי ס. ריטש); דעם באַשיי־דענעם יחיד במינו, וואָס מיט זיין פערזענלעכער נאמנות אין געזעלשאַפט־לעכע שליחותן כאַראַקטעריזירט ער די אייגנאַרט פון דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג, אַן אייגענעם פּלוראַליזם, ייד און גוי, אַמעריקאַניזם און וועלטלעכקייט, און די וואַריאַציעס אין ציל און וועג אינעם יידיש גופא — י. ה. גאָלדבערג; דעם ברייטהאַרציקן מכניס־אורח ביים צונויפברענגען אַמע־ריקעס אינטעלעקטואַלן מיט די קולטור־אינסטיטוציעס „רענד־סקול", „טע־מימענט", „לייבאָר היסטאָרי" און „ניו לידער", וואָס רעפלעקטירט אויפטו פון יידן־סאָציאַליסטן, בען יאָזעפּסאָן; דעם חסידיש־פאָלקישן דורש־טוב ביי קאָנפערענץ־טישן צונויפצופירן כלערליי געזעלשאַפטלעכע כוחות מיט דער ראָמאַנטיק פונעם דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישן ציוניזם, לואיס סיגאַל; און דעם צד־שכנגד זיינעם, ניט אין שטרייט, נאָר מיט שאלות־ותשובות אין גייסט פון „דן לכף זכות" — כאַנין.

אינאיינעם אַ מוסטער פון מענטש־עשירות אין די טיפענישן פון יידישן יוניאָניזם.

זיינען זיי צווייערליי טראַקטן, דוד דובינסקיס וועלט־וועג און נחום כאַ־נינס יידיש פראָמענאַד, דאָך אַן איינהייט. אויף ביידנס דרכים הילכן אָפּ עכאָס פון די זעלביקע קאַפּיטלעך געשיכטע. בונד־עכאָס פון איבער די ימים און ווידערקול פונעם פראָצעס ביים אויספורעמען אַמעריקעס יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אָנהייב פון יאָרהונדערט מיט די צוויי געטרייעסטע נביאישע באַגלייטערס אירע, יידיש־סאָציאַליסטישער זשורנאַליזם און יידישע ליטעראַ־טור, ווען מיט אָנוויין און וואָרענונג, און ווען מיט שטראָף און טרייסט.

קאַפּיטל איז איינגעקייטלט אין קאַפּיטל, און צוויי פאָלקסטימלעכע גע־שטאַלטן פונעם נאָענטסטן יורשים־פּעריאָד נאָך דער „עם־עולם"־צייט, יוסף באַראָנדעס און מאַקס פיין, ווירקן ביז אין פיל ווייטערע יאָרן אַריין. איך בין מיט זיי פאַרחברט און צעשיידט און ווידער פאַרחברט. פאַראַן אַרום דעם תוכיקע מאָמענטן ביים אָרגאַניזירן די נייע אימיגראַציע. דער קרייז איז די

פּאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן. די אַטמאָספער איז אידייאישער שטרייט. סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם און יידיש־פאָלקישער נאַציאָנאַליזם ביי דער אָקאָרשט איינגעוואַנדערטער יוגנט (1907—1904). איך בין פון יאָר 1904. די גייסטיקע פרייהייט אין דער נייער וועלט רעגט געשפּאַנטקייט. מען קומט פּנים־אל־פּנים, צום ערשטן מאָל מיט דער אויפגעבליטער ניי־יידישער ליטעראַטור. עס ליכטיקט אויפן האַרצן. אַקעגנאיבער טשאַלענדזשט פיזישער הונגער. עס טרייבט צו זוכן מלאכה. דער „פאָרווערטס" און דער יונגער אַרבעטער־רינג זיינען וועגווייזערס. נאָר אָט ברענגט דער „פאָרווערטס" די בשורה וועגן דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. די אימיגראַציע שטייט אויפגעלויכטן. אַ קול פון איבער די ימים רופט־אויס אויך וועגן כוואַליעס פּאָגראָמען. מ'איז אויפ־געשוידערט. מען פילט פאַרשעמטקייט וואָס מ'איז אַוועק „אַזוי ווייט" פון דער היים. עס שטייגט־אויף די באַוועגונג מ'זאָל זאַמלען פאָנדן פאַר וואָפן אין זעלבסטשוץ. מען טיילט זיך מיטן ביסן. באַראַנדעס, הגם שוין ביים אָפּ־טרעטן פון אימיגראַנטישן יוניאָניזם, איז תמיד באַהאַרצט אָפּצורופן זיך מיט הילף אין אומגעוויינלעכע שאַפּ־און סטרייק־סיטואַציעס, און ער דערשיינט ווי אַ גרויסער פאָלקסמאַגנער פאַר די זעלבסטשוץ־פאָנדן ביי אַלע שיכטן. מאַקס פּיין, אין דער ראָל פון אַן עלטערן ברודער ביים אַקעגנקומען די יוגנט פון די נייע אימיגראַנטן־שטראָמען, שטעמפּלט אונדז אָפּ מיטן נאָמען „ישיבה־בחורשע און בונדישע אימיגראַציע". דערין איז רעאַליטעט. געשיכטע קען אונדז צוגלייכן צו דער „צווייטער עליה" אין ארץ־ישראל...

מיט אַ ביטערן אָנהייב און אויפלויכט ביים סוף נעמט דעמאָלט זיך אויס־שטעלן די גרויסע יידישע פאָלקס־דראַמע אונטער אַמעריקעס הימלען.

וואָכן־לאַנגע מאַסן־סטרייקס; שטורעם־קאַמפּן ביי די כלערליי שניידע־רייען; טויזנטער פאַמיליעס אין הונגער; מ'לעבט מיט צוגעטיילט ברויט; טויט־געשלעגן מיט דער אונטערוועלט; מאַסן־אַרעסטן דווקא ביי די שאַפּ־מיידלעך. יונגע יידישע טעכטער מיט ציכטיקע נשמות, זייער מיטגערייזטע צניעות פון די היימען — און אַן טאַטע־מאַמעס אין דער פרעמדער וועלט — געפינען זיך פאַרמשפטע אין פּאָליצייאישע תפיסות. עס גילטן וויסטע בלבולים אויף זייער מאָראַל. עס טראָגן זיך ווילדע העצעס: פאַרמשפטע, וואָס זיינען אין לאַנד ווייניקער פון דריי יאָר, זאָל מען אַרויפנעמען אויף שיפן און אַראָפּ־וואַרפן זיי אין די מדינות פון זייער אָפּשטאַם. עס ווערט ביטערקייט ביז יאוש. דער ציל איז דאָך אָבער אַ הייליקער. מ'פירט מלחמה פאַר מענטש־

לעכער חשיבות ביי אַרבעט. רעכט אויף שאַפּ־אָרגאַניזאַציע דורך יוניאָן. עס געהערט צו די גייסטיקע עשירותן פון אַמעריקעס פרייהייט. שטייט די אָר־גאַניזירטע אימיגראַציע מיט קעמפערישער ווערדע און שעפערישן ישוב־הדעת. עס נעמט ענדלעך צוויבערן אַמעריקעס דעמאָקראַטישע עפנטלעכקייט. קינדער פון אַלטן פאָלק ישראל ראַנגלען זיך אין הונגער כדי ניט צו ווערן פאַרוואַנדלט אין קנעכט אויף אַ פרייער ערד. און עס שיינט אויף ווי אַן אַלט־יידישער נס פאַר המשך הקיום דער געזעלשאַפטלעך־יוריסטישער „בראַנדייס־יוניאָניזם". אַנשטאָט באַלעבאַטישע תקיפות, וואָס צערייצט אַרבעטער־בונטן, זאָל מען איינשטעלן אַ סדר פון שאַפּ־דעמאָקראַטיע מיט אויפגעקלערטע קלאַס־גרענעצן און אַ סיסטעם פון דין־תורהס בעת קאָנפליקטן, און דערמיט רעאַ־ליזירן פרינציפּן פון סאָציאַלן צדק. די אומהיימלעכע מאַסן־סטרייקס קריגן תיקון, כאַראַקטער פון יצירהדיקע געשעענישן אין יידישן פאָלקסלעבן.

עס אַנטפּלעקן זיך ניי־יידישע פאָלקס־כוחות. באַגעגעניש פון קלאַס מיט קלאַס, באַגלייט פון יידישער פּראָמינענץ, שאַפט יידישע געמיינשאַפט. עס דערגייט צו אַ ליכטיקער איבערקערעניש אין יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. דער טערמין „יאַהודי" פאַרשווינדט, און עס באַווייזט זיך וואָס עס פאַרשאַפט גרויס נחת דעם יידישן געמיט: די לואיס בראַנדייס־דראַמע. זיין אַריינקומען אין ציוניזם מיט אַ נייעם נוסח און דאָס מיטנעמען די פּראָמינענטסטע שולע אין אַמעריקעס יוריספּרודענץ און אינטעלעקטואַלן פון אַנדערע קולטור־פעל־דער. עס איז השפעה פון יידישן מאַסן־אידעאַליזם פאַר סאָציאַלער דעמאָ־קראַטיע און סאָציאַלער גערעכטיקייט, און עס ברענגט אויפבלי ביי אַמערי־קאַנישער געמיינדע־יידישקייט. עס פאַרבלייבט ווי די וויכטיקסטע היסטאָרי־שע געשעעניש זינט די ערשטע צופלוסן פון יידן צו די ברעגן פון אַמעריקעס פרייער ערד.

ביים יוניאָניזם גופא, פּראַטאָקאָליסטיש מיט אויסגעפאָרשטע עקאָנאָמי־שע חשבונות און אויסגעמוסרטע הומאַניסטישע צילן, דערשיינט אַן אייגענע אינטעליגענץ. יוניאָניזם הערט־אויף צו זיין אַ וואָכעדיקע זאַך. דער ישיבה־לערנער פון די אַלטע היימלענדער ביי שאַפּ־אַרבעט אין דער נייער וועלט פרישט־אָפּ זיין נטיה צו פּלפּול. ער זוכט אי לאָגישן, אי מאָראַלן אויספיר פון יעדער לעגאַליסטישער פאָרמולע וואָס שייך קלאַס־באַציאונגען. ער האָט אַ חבר — דעם דיספּוטאַנט פון סאָציאַליסטישע כיתות. יוניאָן־פאַרזאַמלונגען קריגן צומאָל דעם אָנבליק פון סעמינאַרן מיט טעאָרעטישער פלוגתא. עס

פאַרמירן זיך צדדים לויט די אַרבעטער־פירער אין ווידעראַנאַנד: דזשאַן דייטש און אברהם ביזנאַ, בען שלעזינגער און מאָריס זיגמאַן, יעדער מיט אַנדערע וויזיאָנערישע וועגן צו אינדוסטריע־קאָנטראָל. אין אַ צונויפנעם לאָזט זיך עס אורטיילן ווי אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע פילאָזאָפיע, וואָס באַרייכערט די ידישע אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַן עלעמענט פון רעוויזיאָניזם אין יוניאָן־אָרטאָדאָקסיע.

דער רעוויזיאָניזם ווערט פאַרטיפט דורכן אויפקום פונעם סידני הילמאַן־שבט. בפירוש ווי אַ שבט פאַר זיך אַליין שטייט מענער־קליידער־שניידעריי איינגעזאַמלט אַרום דעם יונגען ישיבה־לערנער פון ליטווישן זאַגער מיטן חותם פון די היסטאָרישע „חכמי זאַגער". הילמאַן האָט זיך געשאַפן אַן אייגענע סביבה ביי זיין אָנקומען אין לאַנד. עס האָט זיך גענומען פון זיין לערנען אין די אָונטן די געדאַנקען־וועלט פון שיקאַגאָער גייסטיקע וועגווייזערס ביים אימיגראַנטן־קרייז אין „הול־הויז", אָנגעפירט פון דער הומאַניסטישער אשת־חיל דזשיין עדעמס. קאַלעדזש־אינטעליגענץ איז אים מקרב. דאָס ווערט אים שפּעטער אַ פּאָזיטיווער כח ביים בויען די אַמאַלגאַמייטעד.

הילמאַן וואַרפט־אום טראַדיציעס ביי יוניאָן־אויפגאַבן און יוניאָן־פירונג. דאָס איז ניט קיין חסר. דווקא ברכה. צונויפזאַמלען אַרום דער אַמאַלגאַמייטעד די וויכטיקסטע פאַבריקאַנטן און סוחרים מ'זאָל איינאיינעם דערהייבן קליידער־פאַבריקאַציע צו אַמעריקעס פונדאַמענטאַלע אינדוסטריען ווערט ביי אים אַן אידעאַל. זאָל דורותדיקער ביטול פון דער ידישער שניידעריי דער־גיין צו גרויס יחוס. און ער דערפירט די יוניאָן־אויפגאַבן צו פּראָיעקטן: באַנק־אינסטיטוציעס און הייזער־קאָאָפּעראַטיוון אין פאַרנעם פון גאַנצע קוואַר־טאַלן. און ער האָט זיך דערדינט וואָס אין ניו־יאָרקער בראָנקס איז פאַראַן אַ „הילמאַן־עוועניו", לעגאַליזירט פון דער שטאָט און פון פעדעראַלן פּאָסט־אַפּיס. און ס'איז אויפגעקומען אַנטפּלעקונג: די אַמאַלגאַמייטעד ווי אַ קולטור־לאַגער מיט אויסבליקן צו אַמעריקעס סאָציאַל־פּאָליטישער אינטעליגענץ, און ווי אַ „חברותא בפני עצמה", אַ סאָרט פּאַרטיי פאַר זיך אַליין.

נאָך צום וואונדער פון זיינע פריינט, און ביי דער אַמאַלגאַמייטעד גופא, דערזעט מען פאַר אַ צייט הילמאַנען אַ פאַרבלאָנדזשעטן אין דער „פעלאָו־טרעוולער"־מחנה ביים סאָוועטישן באָלשעוויזם. ס'איז אים ניט געווען מזל־דיק. הגם עס האָט אים געהאַט דערפירט צו הויכע שליחותן פון דער אַדמי־ניסטראַציע פון פּרעזידענט פרענקלין רוזוועלט, איז דערפון ניט געבליבן

קיין ברעקל השפעהדיקע ירושה אין דער מלא־חיים־געשיכטע פון זיין איי־גענער אַמאַלגאַמייטעד, בעת דער הילמאַן־יוניאָן־רעוויזיאָניזם איז דווקא גע־וואָרן אַמאַלגאַמייטעד־כאַראַקטער. און עס פאַרבלייבט היסטאָרישע רעאַלי־טעט. און עס שטרייכט אונטער די אַמאַלגאַמייטעד־אייגנשאַפט, איר אָפּזונ־דער און עצמאות אינעם אַל־אַמעריקאַנישן יוניאָניזם, הגם אינטים איינגע־שלאָסן אין דער אַל־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג (אין ליכט פון ידיש־שניידערשן פאָלקלאָר קען מען דערין זען אַ סאָרט גלגול פון דער שניידער־שער סעפּאַראַציע מיט אַן אייגענעם דאַוונען אין שניידערשע שולן אין דער אַלט־יידישער וועלט איבער די ימים)...

אַזאַ יוניאָן־דערשיינונג שאַפט געשפּאַנטקייט, און דריי שליחים פון דער אַמאַלגאַמייטעד געשיכטע, יעדער מיט אייגענע רעיונות און אייגענעם סטיל, האַלטן עס וואַך אויף אַמעריקעס קולטור־וועגן.

די דריי —

דער בעל־אחריות און בעל־מידות אויפן הילמאַן־שטול, דזשייקאָב פּאָ־טאָפּסקי, מיט אייגענער דראַמע, זיין אויפגאַנג פון שיקאַגער שאַפּ־מלאכה צו פּאַראַדנע אויפנאַמעס ביי זונטיק־פּאָרומס אין טעמפּלען און ביי קלאַסן אין האַרוואַרד אויפצוקלערן די וויסנשאַפטלעך־עקאָנאָמישע חשבונות, וואָס באַרעכ־טיקן דעם הומאַניזם פאַר כסדרדיקער קירצונג אין אַרבעט־צייט; דער באַ־רעדעוודיקער וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג, מיט זכרונות פון אייגענע קינדער־טעג אויף די קני פון זיין סאָציאַליסטישן פאָטער אין דער געשטיקטקייט פון סוועט־שאַפּ אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע און שיקאַגאָ, פרענק ראָזנבלום, וואָס אידייען־עקשנות לאָזט אים ניט שיידן זיך מיטן טראַדיציאָ־נעלן ראַדיקאַליזם; און דער אויסגעוואַקסענער אין יידישן קולטור־קרייז אויף די אַלט־אימיגראַנטישע ניו־יאָרקער גאַסן, דער „ענפעז טעריבל" (דאָס ניט־פאָלגנדיקע קינד) ביי דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, לואיס האַלאַנדער, אַ סימבאָל פון דער השפעה פון יידישער ליטעראַטור מיט איר דערהייבנדיקן גייסט פון סאָציאַלן אומרו, וואָס ער ברענגט עס אויך צו די אסיפות פון די מנהלים ביים קאָרנעל אוניווערזיטעט דורכן הויכן אַמט זיינעם ביי דער ליי־באָר־פעדעראַציע פון סטייט ניו־יאָרק.

רעוויזיאָניזם — אין מיינע קלערענישן רוף איך עס אָן: ליכטיקער, שע־פערישער יוניאָניזם — איז אַריין אויך אין דער יידישער מחנה ביי מלאכה אין דער בוי־אינדוסטריע, אויך ביי אייזן און בלעך און שלאָסעריי, און אין

די שפּייז־פּאַכן און באַדינונג, בפירוש אין מינדסטן אָפּטייל פון יידיש־אָרגאַ־ניזירטער אַרבעט אומעטום אין לאַנד. זייט־ביי־זייט מיט ניט־יידישער אַרבעט האָט אָבער געגאָלטן מאָראַלע אויסווירקונג פון די פּאַראייניקטע יידישע גע־ווערקשאַפטן מיט איר אָריגינעלן גרינדער, בערנאַרד ווינשטיין, פון דער „עם־עולם"־צייט, און זיין יינגערן קאָלעגע, מאָריס פיינסטאָן,ביידע מיט קענט־שאַפט איינצושטעלן יידיש־קריסטלעכע חברישקייט ביי שאַפּ־און יוניאָן־אָנפי־רונג. ס'איז אויפגעקומען אויך אַ ספּעציעלע שפּראַך־שולע, בילדערישע שפּראַך־ניואַנסן אינעם פּלפול ביי די דין־תורהדיקע טישן, וואָרט־שפּליטער און וואָרט־קאָמבינאַציעס אינעם פּאַרטייטש פון רעכט און פליכט פאַר אַר־בעטער און באַלעבאָס. ס'האָבן דערמיט גע'שמט די אַדוואָקאַטן דזשייקאָב פּענקין, שפּעטער שטאָט־ריכטער ביי פאַמיליע־פּראָבלעמען, לואיס וואַלדמאַן מיט זיין היסטאָרישער ראָל אין ניו־יאָרקער געזעצגעבונג; עלייעס ליבערמאַן, פּראָפעסאָר פון אַ צאָל ווערק איבערן יוריסטישן כאַראַקטער פונעם נייעם יו־ניאָניזם; אַ קאַפּיטל שפּעטער אויך עמיל שלעזינגער, אַמעריקאַניש־פּלפּולדי־קער זון פונעם ליטוויש־פּלפּולדיקן פאָטער, בען שלעזינגער; און מיט זיי אַלעמען די שפּראַך־פאַרפיינערס אינעם יוניאָן־קרייז גופא, אברהם שיפּ־לאַקאָף מיט לערערייִ און לעגיסלאַטור אין זיין קאַריערע, און אָסיפּ וואָ־לינסקי מיט בריטיש־מעלאָדישער אויסשפּראַך־נגינה, און שפּראַך־עשירות, וואָס דערוואָרבן האָט ער עס טאַקע אין ענגלאַנד אויף זיין וואַנדער־וועג קיין אַמעריקע. די אַל־אַמעריקאַנישע יוניאָן־וועלט האָט אין דעם אַלעמען געזען אויסדרוק פון יידישן פאָלקס־כאַראַקטער, וואָס אַי עס שאַפט גאַלאַנטן יוניאָ־ניזם, אַי עס ברענגט הצלחה, האָט זי עס באַגעגנט מיט באַוואונדער, און פאַרנומען זיך אויף די זעלבע וועגן, און עס האָט זיך איינגעשטעלט דער יידיש־היסטאָרישער בייטראַג אין דער דעמאָקראַטיזאַציע פון אַמעריקעס פאַבריק־וועלט.

קאַפּיטלעך פון יענעם פּעריאָד גייען דורך אין מיינע מעדיטאַציעס ווי פון אַ באַנייט יידיש פאָלק, אָן אויפגעלויכטענע יידישע אַרבעטער־געזעל־שאַפט; און איר קען־צייכן איז אַ צעעפנט האַרץ־און־מוח, וואָס נעמט־אויף און פאַרהאַלט אין זיך אומצעשיידט פירערליי אייגנטימלעכקייטן: די נאָבל־קייט פון אַמעריקעס קולטור, גלוסט איינצושאַפן זיך יידישע גייסט־קוואַלן אין דער אייגענער היים־סביבה, נשמהדיקע זאָרג איבערן גורל פון דער יידי־שער צעשפּרייטקייט אויף אַלע קאָנטינענטן, און געשפּאַנטקייט צום אָנהייב פון

סאָציאַליסטישן פּיאָנערנטום אין ארץ־ישׂראל מיט טרוים און קעמפערישקייט צו דערגרייכן די מדינה, די מלוכה, אַ נאָכקומען בענקשאַפטן, וואָס האָבן גע־פורעמט פאַרגאַנגענע און ניי־יידישע דורות.

און איך זע זיך אין מיינע טראַכטענישן ביי זעלטענע קאַפּיטלעך אַרבע־טער־רינג אויפן מיטלוועג פון זיין געשיכטע, צווישן דעם בראשית מיטן אָנ־פירנדיקן פריידענקער־פּובליציסט בנימין פייגענבוים ביז די היינטיקע בנימין געבינער־טעג. אַ לאַנגער דורכגאַנג אויף סאָציאַלע פעלדער, דווקא ביט פאַר־זייט פון נאַציאָנאַלע אָנפירעכצן. ערשט פון די ברענטשעס קומט מאַגנעטיזם. פאַראַן נאָך ביי זיי לאַנדסלייט־כאַראַקטער, סענטימענטן צום געדענקען די „אַלטע היים״, אָבער וואָרצלען זיינען דאָך שוין אַריין אין אַמעריקעס באָדן, און עס שפּילט שוין די אַמעריקאַנער היים־דראַמע מיט קינדער, דערצויגן אין די שאַרפקייטן פון אַמעריקעס אַנדערשקייטן, קריגן זייערע פאַרזאַמלונ־גען, וואָך־איין, וואָך־אויס, פרייטיק־צו־נאַכטס, אַטמאָספער פון אומרו צו אורטיילן מענטשן, אינסטיטוציעס, אידייען, פאַסירונגען אין שאַפ־לעבן. מען פירט דעבאַטעס. מען ציטירט שרייבערס. דער אַרבעטער־רינג קריגט אָנבליק פון פאָלקס־געריכטן, אַן אָרגאַניזירטע עפנטלעכע מיינונג פאַר געזעלשאַפט־לעכער מאָראַל. דעמאָלט איז אויך הויכער אויפשטייג פון פועלי־ציון מיטן יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, קומט־צו נייער קאָליר דורך צוויי־ערליי גרופּעס יידישע אינטעלעקטואַלן מיט סאָציאַליסטישן איינשטעל; און יום־טובדיקע ליבשאַפט צו דער שעפערישער יידישער ליטעראַטור איז דאָס לופט וואָס מען אָטעמט. און יידישער זשורנאַליזם דערגייט צו וואונדער־לעכע הויכקייטן. דער אַרבעטער־רינג קריגט אינהאַלט פון אַ ברייט־יידישער קולטור־געזעלשאַפט.

אין איראָפּע ווילדעוועט מלחמה (ערשטער וועלט־קריג); און אָט קומט דער קריג צו אַמעריקעס ברעגעס; און פייער־וועגט האַלטן אונדז צעשיידט פון אונדזער פאָלק איבער די ימים; שטעלן זיך איין ממש משיחישע באַוועגונגען דורכצורייסן די פייערן, אי מיט באַלדיקער הילף, אי מיט האָפענונגען, געצילט צו די נאָך־מלחמהדיקע וועלט־אַנטוויקלונגען. די רוסישע רעוואָלוציע דונערט אַריין אין דער וועלט. די באַלפור־דעקלאַראַציע ליכטיקט יידישע הערצער. אין מיינע קלערענישן וויקלט זיך אַריין די געזעלשאַפטלעכע „פאָר־ווערטס״־געשיכטע. פיר תקופות „פאָרווערטס״ לויט דער אינערלעכער אָנ־פירונג אין דער אייגענער אָרגאַניזאַציע, וואָס איר נאָענטסטע אומגעבונג

איז ביי די יידישע בירגער־אָפּטיילן פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ביים אַרבעטער־רינג און ביי דער יוניאָן־וועלט, וואָס שטרעקט זיך צו די ברייטקייטן פון אַמעריקאַנישער אַרומנעמיקייט.

די פיר תקופות — די בען שלעזינגער־צייט, די צווייערליי זמנים פון אַדאָלף העלד, די עפּאָכע וולאַדעק, דער אַלעקסאַנדער קאַהן־פּעריאָד — באַווירקט פון דער שטורמישער אַב. קאַהאַן־רעדאַקציע, פריער ביים באַגעגענען אין ליכטיקן אומרו די גרויסע אימיגראַנטן־שטראָמען, נאָכדעם אויף די שטורעם־כוואַליעס פון די צוויי וועלט־מלחמות מיט די באַגלייטנדיקע רעוואָלוציעס, און חורבן ביים סאָציאַליזם, און חורבן אויף חורבן ביי אונדזער פאָלק. און דער „פאָרווערטס״ איז דעמאָלט דער יידישער וועלט־אַדרעס פאַר אַרבעטער־באַוועגונגען ביי אַלע פעלקער; און דערין איז אונדזער פאָלקס־מגילה, אָט מיט זמירותדיקער דערהייבנקייט, אָט גאַנצע קהילות אין ברענענדיקע קברים, און אָט, ווידער — להכעיס יעדן אשמדאי — נייער אויפלעב.

און אין אויפשטייג איז אַ פינפטע תקופה, שוין מיט אַנפירערשאַפט פון אַמעריקעס געבוירן־דור, וואָס איר ראש־המדברים איז דניאל איפשין מיט טרוים און חשבון פאַר „פאָרווערטס״־באַנייאונג.

זע איך דאָ ניט קיין איינגעשטילטן קוואַל. איין דור נעמט פון צווייטן, אי מענטשן, אי אידייען. און איך זע די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג ווי אַן אַרויסשטראַל פון יידישער אייביקייט מיט אייביקייטן אויך פון כיתות, וואָס צומאָל פאַרגייען זיי צו ווילד־פרעמדע דרכים, אָבער ביים דערזען פעלשונג קומען זיי צוריק און ברענגען באַנייטע שעפערישע כוחות. דאָ שטעלט זיך אויס אַ מוסטער: דאָס אָפּוואַרפן קאָמוניזם און אַ נייע אויפזאַמלונג פון טאַלענטן־עקשנים, די טשאַרלס זימערמאַן־גרופּע (ישראל ברעסלאַו, יצחק סטענזאָר, לואיס נעלסאָן). די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג קריגט תמיד צוריק איר ניגון.

חשבון־הנפש אַרום מיינע דורכלעבענישן אויף די פעלדער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג דערגייט צו צווייערליי סופרים־דערגרייכונגען.ביידע זייענען זיי געבענטשטער המשך פונעם היסטאָרישן נשמה־בונד פון פיר דורות צוריק: יידיש פאָלק און אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג אין אַ געהייליקט קאָנווענט, אַן געשריפטס און אָן אָפּרייד, נאָר דורך נשמה־לשון, אַז מ׳וועט זיך זיין אין קעגנזייטיקער געטריישאַפט אין אַלע צייטן פון בייז, נויט, און בעתן דערגיין צו גדולה. ממש ווי מיסטיציזם, וואָס אויסגעשטעלט האָט זיך

עס ביי די סאַמע ערשטע טריט פון דער אָקאָרשט־אויפגעקומענער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און וואָס געווען זיינען דאָס אויך די ערשטע טעג פון דער צוגעשטראָמטער רוסיש־יידישער אימיגראַציע. בפירוש אַ וואונדערלעכע אויסנעמלעכקייט אין דער גאַנצער געשיכטע פון צוגעוואַנדערטע פעלקער צו אַמעריקעס ברעגעס. עס גילטן דערביי די נעמען סעמועל גאָמפּערס, אַב. קאַהאַן, דער פילאָזאָפישער עדוואַרד קינג און די פּאַראַייביקטע דיכטערין עמאַ לאַזאַרוס מיט איר איינגעמויערטער וועלט־פּאָעמע אין דער פרייהייט־סטאַטוע. ווערט דערפון געוויס דערציילט אויף די וויטערדיקע בלעטער, און דאָ איז בלויז אָנגעוויזן אויף די צוויי המשכ׳דיקע סופרים־דערגרייכונגען.

איינס אַן איינצל־אַקט, אָבער אויף דורות, און לגבי דער וועלט. די אַמע־ריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט פאַרנומען דעם רוף פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מ׳זאָל איינאיינעם אויספועלן אין סטייט־דעפּאַרטמענט און אין ווייסן הויז צו פאַרלייגן אַ בריק איבער די ימים אַרויסצוראַטעווען פון די שוין־צעפלאַקערטע נאַצי־גיהנומשע פייערן אין איראָפּע גרופּעס יידישע און ניט־יידישע קולטור־מענטשן, אויסגעפּרואווטע פּאָליטישע קעמפער קעגן נאַצי־קאָמוניזם, וואָס נאָכן צעשמעטערן די מערדערס פון פעלקער וועלן זיי דערשיינען אין זייערע הימלענדער איינצופּעסטיקן פון דאָס ניי דעמאָקראַ־טיע, פרייהייט, מאָראַל. ס׳האָבן זיך אָנגעציילט פיל הונדערטער: יידן און רוסן, דייטשן און עסטרייכער, איטאַליענער און בעלגיער, האָלענדער און פראַנצויזן. מ׳האָט עס דורכגעפירט. די אידייע וואָס איז געהאַט געקומען פונעם סאָציאַליסטישן פובליציסט און היסטאָריקער דוד שוב, די ענערגיע דעריין פון דוד דובינסקי און נחום כאַנין, דער פּרעסטיזש פון וויליאַם גרין און אמונה׳שער קאָנצענטרירן זיך מיט אינטעליגענץ און טאַקט פון ישעיה מינקאָף, ווי דער אָפיציעל־אויסגעקליבענער פאָרשטייער צום סטייט־דעפּאַרט־מענט פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג, איז דערמיט געוואָרן אויסגעשפּילט די הערלעכסטע דראַמע אין יענעם פּעריאָד פון דער פאַר׳חיה׳טער וועלט.

דאָס צווייטע, ווי המשך פון היסטאָרישן בונד, איז פיל מער. ניט אַן איינצל־אַקט, נאָר די אויף שטענדיק אויסגעפורעמטע דרייפאַכע משפחהדי־קייט צו באַוואָכן אין אַלע צייטן מיט ליבשאַפט און טאַט דעם צעפייניקטן גורל אונדזערן און דעם אויפלויכט פון מדינת ישראל.

— די דרייפאַכע משפחה־קייט

אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג;
יידישע אַרבעטער־באַוועגונג;
ישׂראלס הסתדרות.

איך קלער ווי די גליענדיקע צעוואַרעמטקייט ביים ניט־יידישן שותף האָט זיך אַ ווייז־געטאָן אין אונדזערע עלנטסטע טעג. און איך קלער וועגן די מאָמענטן ווען אויף דער זייט ביי אונדז האָט זיך איינגעשטעלט אַ שורה מיט „חסידי אומות העולם" אַרויסגעוואַקסן פון אַמעריקעס אַרבעטער־וועלט, מחמת זייער ערלעכן שימת־לב ביים הערן וואָס אונדז מאַטערט און ביים אויפנעמען אין שותפות אונדזער בעכער טרערן צי אין געיאָמער, צי אין אַ הייליקער פרייד, ווי עס וואָלט געווען זייערס.

די שורה „חסידי אומות העולם" — וויליאַם גרין, וואָס די קרוין האָט אים געגעבן חיים ווייצמאַן; מעטהיו וואָל, וואָס אַזוי האָט אים געזאָלבט חיים גרינבערג; און דזשאָרדזש מיני, וואָס ישׂראל׳ס הסתדרות האָט אים ברכהדיק איבערגעשיקט דורך משה שרת...

נו, פון אָט אַזעלכע שטראַלנדיקע דערשיינונגען מיט די מענטשלעכע ליכטער ביי זיי — די אַלע דאָ פאַרצייכנטע ווי אַ הקדמה און די אויף די ווייטערדיקע בלעטער, פון צוויי בענדער, וואָס אינאיינעם נעמען זיי אַרום ייד און וועלט אין פיר דורות — שטייען מיינע הימלען באַלויכטן. און אין מיטן פון די באַלויכטענישן לויכט צו מיר מיט איר אײדעלן חן מיין אייגענע לוסי — לוסי ראַבינס לאַנג — וועמענס אויטאָביאָגראַפיש ווערק „טומאָראָ איז ביוטיפול" (1948) האָלט פאַנאַנדערגעוויקלט די קאַנווע פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אַמעריקעס „איזמסן" מיטן טראָפּ אויפן משיחיזם ביי זיי. און דאָס ווערק איז דערפאַר אָנגענומען אין קאַלעדזש־ביבליאָטעקן פאַר סטודענטן אין אַרבעטער־געשיכטע ווי אַ קלאַסיש שילדערן דעם הומאַניזם אין אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג. און מיטן זעלביקן נשמהדיקן מאָטיוו — „דער מאָרגן איז שיין" — האָט זי גענומען אָפּשייד פון דער וועלט (יאַנואַר 25, 1962) איבערלאָזנדיק אין מיר אַן אומעט, וואָס הערט ניט אויף פליסטערן, אַז אומעט און איך בלייבן זיך איינס אין וואָך און אין חלום. און זייט־ביי־זייט מיט איר לויכטן די פּנימער פון מיין פאָטער און מוטער — עד, גאָט! די מוטער מיינע, פראַדע, די טאָכטער פון יאָשע־שלמה, מיט איר יאָמערדיקן אומקום ביים ליטווישן קאָמוניזם־נאַציזם אינאיינעם מיט אירע יינגסטע אייניקלעך, קינדער פון מיין שוועסטער עלקע און זייער פאָטער אברהם שיינדלינג, זיי אַלע איינס אין אַנדערן מיט

דער אַלטינקער מאַמע און באָבע אין גאָר הויכן עלטער, אין די נײַנציקער — דערשאָסן, און די קערפּערס פאַרוואָרפן.

איז, פירן זיי מיך די באַליכטנדיקע הימלען מײַנע, דורך געדיכטע שאָטנס פון אומעט און גרויל, צוריק צו יענעם ווײַט־ווײַטן טאָג ווען די גאַנצע זאַגאַ פון מײַן אינטימער וועלט האָט זיך אָנגעהויבן.

יענער טאָג מיט צונויפגעפּאַקטער דראַמע אויפן שול־הויף פון שקודער אַלט־שטאָט ביים עפענען די ניי־אויפגעבויטע שול מיטן זיידנס הענגלײַכטער און די 365 אָנגעצונדענע ליכט.

# 5

אַ כאַפּטע פון עזותדיקע קינדער האָבן מיר געקענט זײַן בעת מ׳האָט אונדז גענומען צום אַלט־שטאָטישן שול־הויף. מ׳האָט געהאַט דערוואַרט שטאַרקע דורכלעבענישן, און אַ ספּעציעלע ראָל האָט מען געהאַט אײַנגעטיילט אונדז, אויסגעקליבענע ייִנגלעך, ווער אין זיבן־אַכטן יאָר, האָבן מיר קאָמאַנדעוועט מיט ייִנגלשער גדלות. מיר האָבן דערצו געהאַט אין זיך וואָס דעמאָלט איז אין אַלע שקודער היימען געוואָרן וואָך פון־דאָס־ניי דער אָפּגעלאָפּענער אומגליק מיטן צדיק ר׳ מרדכי׳לע. און ס׳האָט נאָך געהאַט געלעבט דער זון זײַנער, איצע דער גלעזער, איז אָנגעגאַנגען אַ קינדערשער קריג ווער עס ווייסט בעסער ווי אַזוי עס איז געקומען צום אומגליק. צום שול־הויף האָבן זיך דערטראָגן ריחות פון אַרומיקע צייטיק־געוואָרענע סעדער מיט גרויסע עפּל און באַרנעס, און פון רייפע פעלדער מיט אָפּגעשניטענעם היי און פלאַקס און זאַנגען פון ווייץ, און די זיסינקע אַרבעסלעך אין זייערע גרינע שויטן. דער אייביקער שפּיל פון סוף־זומער מיטן ערב־האַרבסט, וואָס מאַכט ייִנגלשע גלוסטונגען פאַרשאַרפט מיט חוצפּה.

לויטן סדר פון טעג אין דער ייִדישער טראַדיציע, איז עס געווען יום־כיפּור קטן, דער לעצטער טאָג פון חודש אָב, ערב ראש־חודש אלול. נישטאָ קיין שטרענגע דינים פאַר יום־כיפּור קטן, ניט וואָס „מען מוז״, און ניט וואָס „מען טאָר נישט״. אַלץ איז מנהג. האָט שקוד געהאַט זיך אײַנגעפירט, אַז מ׳זאָל דורכן טאָג אָפּגעבן זיך מיט דער טראַדיציע „גניזה״, נעמען צו קבורה אויפן בית־עלמין די שיימעס.

שיימעס — אַרויסגעפאַלענע, צעריסענע בלעטער פון אַ וועלכן אַלטן ספר: אַ חומש, אַ סידור, אַ מחזור, אַ משניות, אָדער גמרא, צי אַ פסול׳ע מזוזה, און ווער רעדט שוין פון אַן אָפּגעשטאָרבענער ספר־תורה; און אַ מאַמעשע צאינה־וראינה און אַ תחינה, פאַנאַנדערגעפאַלענע בלעטלעך, צע־ווייקטע פון קלאָג־טרערן פון דורות, און אַפילו אַן אַלטן לוח, וואָס די אותיות קענען שוין מער ניט אָנווייזן אויף יאָרצייטן.

אינעם אָפּהיטן זיי און אינעם נעמען זיי צו קבורה ווי אַ מענטשלעכן מת, איז די קדושה מיט וואָס יידן באַציען זיך צו יעטווידן ספר, אַפילו איינצל־נע פסוקים, וואָס איבער זיי קען שוועבן תורה, אָדער תפילה, אָדער סתם נשמהדיקער געפיל. אַ גאַנץ יאָר האָט מען אין שקוד געהאַלטן די שיימעס פאַרהיטן אין אַ קאָרב, באַדעקט מיט אַן אַלטן פרוכת און אַלטע תפילין־זעקעלעך, הינטער אַ פאָרהאַנג אויף דער ווייבערשער שול; יום־כיפור־קטן פלעגט מען אין שטילער פאָרכטיקייט דאָס אַלץ נעמען צו קבורה, טאַקע מיט אַ לוויה.

זינט דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיטן צדיק רעב מרדכילע, איז מען אין שקודער אַלט־שטאָט עס נאָכגעקומען שוין מיט גאָר אַ פאַרטיפטער פאָרכטיקייט. און דורכגעפירט האָט עס דעם צדיקס זון, איצע דער גלעזער. ער האָט דערין אַריינגעטאָן יאָר־איין, יאָר־אויס, זיין בעטן מחילה ביים פאָ־טערס קבר. ער האָט זיך געהאַלטן שולדיק אין דעם וואָס עס האָט פאַסירט, פלעגט ער מיט געוויין זיך קלאַפּן אין האַרצן, און ממש שרייען מיט פסוקים פון ווידוי.

אַ פוסגייער איבער די דערפער מיט אַ קאַסטן גלאָז אויפן רוקן, פלעגט איצע כסדר פאַרפאַלן ווערן אויף לאַנגע וואָכן. ווייב און קינדער האָט ער ניט געהאַט. אַ מאַמע איז אויך ניט געווען. פלעגט ער זיך באַווייזן בלויז יום־טובים, בכדי דער אַלטער טאַטע זאָל יום־טוב ניט זיין אַליין. און דע־מאָלט פלעגט ער ברענגען דעם טאַטן, דעם צדיק, אָפּגעשפּאָרטע פאַרדינסטן, ער זאָל האָבן אויף אויסקומעניש ווען ער, דער זון, וועט ווידער זיך אָוועק־לאָזן צו די דערפער. נאָר אָט איז איצע פלוצלונג אַהיימגעקומען אין מיטן ווינטער און געבראַכט דעם טאַטן אַ מתנה, אַ ספר־תורה, איינגעוויקלט אין אַ סאַמעטענעם מענטעלע און איינגעבונדן אין פויערשע טיכלעך און פאַר־דעקט מיט דאָרפישע זעק.

מ׳האָט זיך געסודעט, אַז איצע דער גלעזער האָט די ספר־תורה געפו־

נען אין אַ דאָרפישער שטאָל ביי אַ פויערשער שטיבל אין די קאַנטן פון סאַלאַנט, און דער פויער האָט עס אים געגעבן אַלס באַצאָלטס פאַר אַריינ־שטעלן נייע שויבן אין טאָפלטע פענצטער פאַר די ווינטערדיקע טעג. דער פויער קען האָבן געהאַט די ספר־תורה ערגעץ געגנבעט, נאָר געזאָגט האָט ער, אַז ער האָט די יידישע הייליקייט געראַטעוועט פון אַ שרפה.

„ערגעץ" אַ שרפה...

רעב מרדכילע האָט דערמיט זיך געמאָלדן צום שקודער רב, רעב יחיאל־מיכל האַוושאַ. זיי האָבן ביידע טאָג־נאָך־טאָג איינגעגראָבן די אויגן אין יעדן אות פון דער ספר־תורה, און ביים סוף געפסקנט אַז אַלץ איז לויטן דין.

איינגעהילט די ספר־תורה אין אַ טלית, און אָפּגעהיטן פון יעדער אום־ריינקייט, האָט רעב מרדכילע געהאַלטן די געפונענע הייליקייט ביי זיך אין זיין שטיבל מיט דער גליקלעכקייט אין זיך וואָס ער האָט אַזאַ זכות צו זיין דער מכניס־אורח פאַר דער פאַרוואָגלטער רייניקייט און דער שקודער רב האָט געשריבן אַן אָנפרעגעניש צו די רבנים אין די זאַמוטער קהילות צי עס איז וואו געווען אַ שרפה, און עס פעלט אַ ספר־תורה. ענטפערס זיינען געקומען אַז מ'ווייסט ניט דערפון. האָט שקודער אַלט־שטאָט גענומען אויף זיך צו זיין די פאַרטרויטע וועכטערין ביז מ'וועט הערן ווייטער. און אין די טעג פון ערב פסח האָט דער צדיק רעב מרדכילע מיט אַ מנין יידן אַרום זיך געטראָגן די ספר־תורה צום אַלט־שטאָטישן בית־מדרש, וואָס אויף יענער זייט קלאַדקע איבערן שטראָמיקן טייכל, וואו דערביי, אַריבערן פאַרקן, איז נאָך געווען דער אַלטער בית־עלמין.

דריי מאָל אַ טאָג, ביים גיין צום בית־מדרש, פלעגט רעב מרדכילע זיך אָפּשטעלן אויף דער קלאַדקע באַוואונדערן דאָס טייכל, אַ פראַכט פון גאָטס באַשאַף. אין פרילינג שטראָמט עס מיט אַ געשריי, אַ רופן אין הויך געזאַנג; אַ גאַנצן זומער מורמלט עס ווי עס וואָלט געהאַט אַ האַרץ, און עס רעדט אין איינגענעם האַרצן אַריין; און אין די ווינטער־חדשים פרירט עס איין אַזוי גבורהדיק, אַז מען פאַרט דערויף מיט שליטנס — ביז דער בורא־עולם עפנט עס ווידער אויף און שיקט־אָן אַ נייעם פרילינג. איצט איז דער פרילינג גע־קומען מיט אַ קללה.

אויב די ספר־תורה איז טאָקע געווען אַ געראַטעוועטע פון פייער, איז זי איצט אומגעקומען אין וואַסער. דאָס טייכל האָט אַזוי אויפגעפלייצט פון דעם ערב־פסחדיקן צעגאַנגענעם אייז, אַז די קלאַדקע האָט איינגעבראָכן, און

רעב מרדכילע מיט דער ספר־תורה אין זיינע אַלטע אָרעמס, אויך ווער פונעם מנין יידן אַרום אים, זיינען אַריינגעפאַלן אינעם שטראָמיקן טייכל. ס'איז ניט געווען קיין צו־טיפער וואסער, אַז מ'זאָל, חלילה, דערטרונקען ווערן, אָבער די ספר־תורה איז געהאַט אַרויסגעפאַלן פונעם אַלטן צדיקס אָרעמס, און מ'האָט זי קוים דערכאַפּט אינגאַנצן אַן אויסגעווייקטע.

שקוד האָט גע'רעש'ט. מ'האָט דערין געזען אַ שלעכטן סימן. ס'איז געוואָרן אַ תענית. מ'האָט די ספר־תורה געטריקנט, סיי אויף דער זון, סיי ביי געמאַכטע פייערן, אָבער גאַנצע שורות אויף יעדער יריעה זיינען געווען איבערגעלאָפן און פאַרקלעקט, און ביים טריקענען האָט דאָס פאַרמעט ער־טערוויז געפּלאַצט, און ס'האָבן זיך געוויזן ריסן. מ'האָט געמוזט פסקענען, אַז די ספר־תורה איז פסול, און מ'האָט זי אַוועקגעלייגט אין גניזה.

רעב מרדכילע האָט דערפון געקרענקט אַ גאַנצן זומער. ער האָט אויס־געהויבט זיך לעצטן אָטעם ערב יום־כיפור־קטן. פאַרן סוף האָט ער צוגע־רופן איצען, זיין זון, און גענומען פון אים אַ שבועה, אַז ער וועט אים מיט־לייגן אין קבר די אומגעקומענע ספר־תורה. מיין זיידע יאָשע־שלמה איז גע־ווען דער עדות ביי דער שבועה. ס'זיינען פאַרבליבן רייד אויף יאָרן, אַז בעת איצע דער גלעזער האָט זיך געשטעלט זאָגן דעם ערשטן קדיש נאָכן טאַטן, האָט ער פריער, מיט זיין אויסשרייען אַ ווידוי פון די תפילות פון יום־כיפור־קטן, ממש צעריסן די הימלען...

בגדתי...

בזיתי תורה ולומדיה;

בזיתי צדיקים וישרים;

בזיתי ספרי קודש...

(איך האָב געפעלשט; איך האָב פאַרשעמט די תורה און

אירע לערנערס; צדיקים און גערעכטע לייט האָב איך

פאַרשעמט; הייליקע ספרים האָב איך פאַרשעמט...)

שקודער אַלט־שטאָט האָט עס געהערט איצען שרייען יאָר־נאָך־יאָר ביים טאַטנס יאָרצייטן.

און אינעם אָפּגאַנג פון יאָר־נאָך־יאָר האָט די שקודער אַלט־שטאָט גע־נומען פאַרלירן יעדן אָפּשיין פון אַ קהילה קדושה. ר' מרדכילעס צדקות האָט איר געהאַט געגעבן אַן אייגענע מדרגה.

געשפּייזט זיך מיטן ביסל פאַרדינסטן, וואָס איצע פלעגט אים איבער־

לאָזן, און וואָס דעריך איז געווען דעם זונס אָפּהיטן דאָס געבאָט פון „כבד את אביך", האָט רעב מרדכילע, אויס דאַנקבאַרקייט, אָפּגעשפּאָרט פון זיך צו קענען אויפקלייבן די ייִנגסטע ייִנגלעך פון די אָרעמסטע היימען איינצו־שטעלן אין שטיבל ביי זיך אַ חדר פאַר זיי, ער זאָל זיין זייער רבי צו לער־נען מיט זיי דעם „אלף־בית" און צו קענען „מאַכן אַ ברכה". פאַרהונגערטע קינדערלעך, אָבער „מאַכן אַ ברכה" מוז מען דאָך. און ער האָט זיך מיט זיי געטיילט דאָס אייגענע געקעכטס, וואָס ער אַליין פלעגט זיך צוגרייטן. רעב מרדכילע האָט קיינעם ניט צוגעלאָזן אים באַדינען. אַליין עפּעס איינגעקויפט און אָפּגעוואַשן, אַליין צעהאַקט דאָס האָלץ פאַר פייער צום קאָכן, אַליין אויפ־געשעפּט וואַסער פון ברונעם, אַליין געקאָכט, אַליין געריייניקט דאָס שטיבל און אַליין אויסגעוואַשן זיך אַ ריינע העמד אויף שבת.

און האָבן קצבים, נאָך זיין השגחה אין כשרות, אים צוגעבראַכט אַ מתנה, פרישע פלייש אויף שבת, וואָרים פון נעמען באַצאָלטס פאַר דער השגחה האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין, האָט ער זיי אָפּגעשיקט מיט דער מתנה צו די אָרעמסטע פון די אָרעמע היימען, כדי זיי אַליין, די קצבים, זאָלן האָבן די מצווה. און ערב־שבת און ערב־יום־טוב פלעגט דער צדיק זיך אַוועקלאָזן איבער די הייזער אין דער „נייער שטאָט" צו קריגן וויפל־ניט־איז פונעם שבת־יום־טובדיקן שפייז' פאַר קראַנקע אָרעמעלייט אין דער „אַלטער שטאָט". אויך ליכט אויף שבת, צי אויף יום־טוב, פלעגט ער בעטן און קריגן. און ער פלעגט דאָס אַלץ איבערלאָזן ביי די שוועלן פון די אָרעמע שטובן ווי אַ גע־שאַנק פון אליהו הנביא...

נאָך רעב מרדכילען איז אַזוינס מער ניט געווען.

אויף דעם בית־עלמין, וואָס איבערן טייכל ביים אַלטן בית־מדרש, האָט מען אָנגעהויבן פאַנאַנדערנעמען נאָך רעב מרדכילען.

דער אומגליק מיט דער איינגעבראָכענער קלאַדקע איז געווען אַ וואָרע־נונג פאַר דער חברה־קדישא אויסצופּועלן אַן אַנדער ריינעם אָרט, מ׳זאָל מער ניט דאַרפן טראָגן אַ מת איבערן טייכל, הגם די קלאַדקע וואָס האָט גע־פירט אויף צום שולהויף איז באַלד געוואָרן אויפגעריכט.

אויסצומיידן געוויינען אין שטאָט, האָט מען איבערגעטראָגן צום נייעם בית־עלמין קבר נאָך קבר, בערגלעך ערד מיט זייערע מצבות, אין די שטיל־קייטן פון די נעכט, באַלויכטן מיט לאַמטערנעס. דעם צדיקס קבר איז גע־האַט געבליבן ביזן טאָג מיטן עפענען די נייע שול. דער אָפּשייד מיטן קבר

וועט ווערן איינס מיטן אויפקום פון דעם נייעם בית־תפילה, און דעמאָלט וועט פאַרביידע נסיונות גאַנץ שקוד זיין איינגעזאַמלט אין פאַרפּרומטקייט.

דערפאַר טאַקע האָט מען צונויפגענומען אונדז, די אויסגעקליבענע ייִנג־לעך. מירן האָבן צו טאָן מיט דרייערליי מצוות. מירן שטיין אַרום צדיקס קבר און נאָכזאָגן פסוקים תהלים און דעם תנ״ך־קאַפּיטל יחזקאל מיט דער זעאונג פונעם טאָל מיט טויטע ביינער; מירן גיין ביי דער לוויה מיטן ערד און מצבה פונעם קבר אינאיינעם מיט דער אומגעקומענער ספר־תורה און די שיימעס פון דער גניזה; מירן נאָכדעם זיין צוריק אויפן שולהויף צו זינ־גען זמירות לכבוד דער ניי־געעפנטער שול.

עס האָבן זיך איינגעזאַמלט אַלט און יונג, טאַטעס און מאַמעס מיט יונג־וואַרג. דער רב האָוושאַ, וואָס די סביבה זיינע איז צומייסטנס געווען ביי דער „בייער שטאָט״, איז, פאַרשטייט זיך, אויך געקומען צו זיין אינעם געזעמל פון דער גאַנצער שקודער קהילה. מ׳איז געשטאַנען אויף דער לאָנקע צווישן צדיקס קבר און דער אָקאָרשט פאַרטיק־געוואָרענער שול, וואָס מ׳וועט זי באַלד עפענען נאָך מנחה פון יום־כיפור־קטן אין אַלטן בית־מדרש. אַ שע־רענגע פויערים זיינען געשטאַנען פון דער וויטנס און האָבן צוגעקוקט מיט רעספּעקט. עס זיינען אַרומגעפלויגן וואָראָבייטשיקעס, די שוועלבלעך מיט רויטע העלדזלעך. קוים איז די שול פאַרטיק געוואָרן, האָבן זיי זיך אַ לאָז־געטאָן צו נעמען בויען נעסטן אין דער הויך איבער די שול־פענצטער. איך האָב די פליענישן זייערע נאָכגעקוקט מיט אַן אויפציטערניש. ס׳האָט אין מיר געשפילט פון אונדזער פאַלקלאָר אין די חדר־מעשהס, אַז אַזעלכע שוועלבלעך זיינען געווען אַרום די פייערן ווען דער בית־המקדש האָט גע־ברענט, און דערפון נעמט זיך וואָס זייערע העלדזלעך זיינען רויט... ביי דער שול האָט נאָך אַרומגעהאָוועט דער זיידע מיינער, הגם שוין אָנגעטאָן אין זיינע שבתדיקע בגדים. נאָר יעדע ווײַלע איז ער ווי אויסגעוואַקסן ביי מיין זייט צווישן די ייִנגלעך ביים צדיקס קבר איך זאָל ניט זיין דערשראָקן.

ווען דער שליח־ציבור בערע־זוסע, האָט מיט זיין הייזעריקלעך ניגונ־דיקער שטים אויסגערופן דעם נביא יחזקאלס רייד וואָס גאָט האָט באַפוילן אַריינצוטאָן אָטעם אין די פאַרטריקנטע ביינער, און די טויטע ביינער וועלן ווערן לעבעדיק, דעמאָלט האָט איצע דער גלעזער אויפגעהויבן אַ לאָפּעטע ערד פון זיין טאַטנס קבר און אַלע אַרומשטייענדיקע זיינען ווי פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ פירכטערלעכער שפּאַנונג. ער, דער זון, גייט אויפגראָבן די

טויטעביינער פון זיין פאָטער. עס זיינען אַנגעפלויגן שוואַרצע קראָען מיט זייער אומהיימלעכן קראַ־קראַ. עס האָט זיך דערהערט אַ ווייבערשער געוויין. מיר, די צעשטעלטע קינדער, וועלכע האָבן נאָכגעזאָגט בערע־זוסען מיט זיין ניגון, און שוין מיט אַ פאַרטיפט קינדערשן ערנסט, האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געבליבן שטיל ווי שטום. מיר האָבן געקוקט אויף איצען מיט זיין פאַרכטיקער העלדישקייט. ניט געווען ביי אים קיין שום ציטער.

ביי מיר איז אַוועקגעפאַלן די גאַנצע ייִנגלשע גדלות, וואָס האָט געהאַט זיך אָנגעקליבן איבערן יחוס מיט מיין זיידע, יאָשע־שלמה. די ניי־אויפגעבויטע שול איז דאָך זיין אויפטועכץ, און טאַקע צוליב מיר. דעם זיידן פון מיין פאָטערס צד, יהודה־לייב, וואָס נאָך אים הייס איך, לויט מיין צווייטן נאָמען, האָב איך, ממילא, שוין קיינמאָל ניט געהאַט געזען. מיין מאַמע האָט אים אויך ניט געקענט. ער איז אַוועק פון דער וועלט נאָך איידער זיין ייִנגסטער זון, מאיר, איז פאַרקנסט געוואָרן צו יאָשע־שלמהס טאָכטער, פראַדע. איך געדענק דעם שווערן געפיל פון אַ הילפלאָזן עלנט, וואָס איז מיר פלוצלונג באַפאַלן ווען איצע דער גלעזער האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערגראָבן זיין פאָטערס קבר. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אָט וועלן פון אונטער דער ערד אַרויסקומען אויך ביינער פון אַנדערע מתים, און צווישן זיי די ביינער פון מיין אומגעזעענעם זיידן. און מיין טאַטע, דער זון זיינער, איז ביי דעם ניטאָ. ער איז אויף די קורלאַנדער וועגן מיט דאגות־חיונה. אין יענע מינוטן בין איך אַסך עלטער געוואָרן.

איינעם פאַרטונקלטן פאַרנאַכט, שוין נאָך דער לוויה פונעם צדיקס ערד מיט דער אומגעקומענער ספר־תורה, האָט מען געעפנט די טירן פון דער נייער שול אויפצונעמען אַ פאַרברידערטע שקוד פון דער „אַלטער" און „נייער" שטאָט. דאָס גאַנצע בילד דערפון שטייט מיר פאַר די אויגן. מ'האָט געזונגען „מזמור שיר חנוכת הבית" און „מה טובו אהליך יעקב" און פסוקים פון הלל. מ'האָט אַריינגעלאָזן ווייבער ווי שמחת־תורה צו הקפות. מ'האָט אָנגעצונדן ליכט און לאָמפּן. פון יעדן ווינקל האָט געשמעקט פרישקייט, נייקייט. מ'האָט אַריינגעטראָגן ספר־תורהס. מ'האָט זיי אַריינגענומען אינעם ניי־געשניצטן אָרון־קודש. מ'האָט געזונגען „זאת הברכה". מ'האָט געדאַוונט מעריב. דער רב האָט געזאָגט אַ דרשה. איך זע איך מיין זינען זיין גאַנצע געשטאַלט. אַ הויכן שטערן, געדיכטע ברעמען, ברייט־צעעפנטע אויגן, אַ לענגלעך און ברייטלעך צעשפרייטע באָרד, ברוין אין קאָליר, נאָר באַשפּרענקלט

מיט גרוי. ער האָט פאַרענדיקט די דרשה מיט דער ברכה „מי־שברך", דער בורא־עולם זאָל בענטשן די וואָס שטעלן־אויף שולן מתפלל־צו־זיין אין זיי, און די וואָס גיבן ליכט, די תפילות זאָלן לויכטן אין זיי. ס'איז געקומען דער גרויסער מאָמענט מיט מיין זיידן, דעם פאַרשמייעטן יום־טובדיקן יאָשע־שלמה.

אָנגעטאָן אין זיין קיטל און אין טלית זיינעם, האָט ער אַליין געלויכטן ווי אַ וויס ליכט. ער האָט מיך געהאַלטן נאָענט צו זיך, ממש ווי געטוליעט. ס'איז געווען דאָס העכסטע גליק אין זיין נשמה. דער רבונו־של־עולם האָט אים געגלויבט, געטרויט זיין הבטחה, און געלאָזט מיך לעבן. און ער האָט דערלעבט דורכצופירן וואָס ער האָט פאַרשפּראָכן מיט אַ שבועה. מ'האָט אים אַ רוף־געטאָן אָנצוצינדן די ליכט אין זיין אויסגעחלומטן הענגלייכטער, 365 ליכט.

דער הענגלייכטער איז געהאַט אַראָפּגעהאַנגען אויף פיר קייטן, אָבער מ'האָט געמוזט זיך שטעלן אויף אַ טיש צו קענען צוקומען צו אַלע שורות אַריינגעשטעלטע ליכט. עס איז געוואָרן ווי אַ פאַרגליווערטע שטילקייט ווען מ'האָט דערזען דעם אַלטן יאָשע־שלמה אין אַ קיטל און טלית, און מיט אַן אָנגעצונדן ליכט אין האַנט, אַרויפקלעטערן אויפן טיש אונטערן הענגלייכ־טער. דער גאַנצער עולם האָט עס נאָכגעקוקט. ס'האָט זיך געהערט אַ זמרל פון ווען. דער רב איז געשטאַנען נאָענט ביים טיש מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט שטיל געזאָגט אַ תפילה, עס זאָל, חלילה, ניט געשען קיין שלעכטס. דער זיידע האָט געצונדן ליכט נאָך ליכט, און ס'האָט אים די האַנט ניט געציטערט. ביים אַראָפּקומען פון טיש האָט ער זיך פאַרקוקט אויף אַלע אָנגעצונדענע ליכט, און צוגעטוליעט מיך צו זיך, און געזאָגט וואָרט נאָך וואָרט די ברכה „שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה" — און ער האָט אַ כליפּע געטאָן און שטיל זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

איך האָב דערזען פון דער ווייטנס די קליינגעוויקסיקע אַלטינקע באָבע רבקה מיט מיך מאַמען ביי איר זייט, און מיין שוועסטער עלאַ, צוויי יאָר עלטער פון מיר, דעמאָלט די יינגסטע פון טאַטע־מאַמעס פיר טעכטער. אַז דער זיידע האָט געוויינט, האָט אויך מיין מאַמע שטיל געוויינט, און אַז די מאַמע האָט געוויינט, האָב איך אויך געוויינט. און די ליכט האָבן געשיינט איבער אונדזערע טרערן.

שפּעטער האָט די מאַמע מיך גענומען איבערצונעכטיקן אין זיידנס שטוב

אין דער „אַלטער שטאָט". דער הימל איז שוין געווען דורכאויס באַזעצט מיט שטערן. גייענדיק אין דער אָוונט־פינצטערניש איבער דער קלאַדקע וואָס איבערן טייכל, האָב איך צוריקגעקוקט צו דער נייער שול. אַז גלייך דערביי איז אַמאָל געווען אַ בית־עלמין, און אַז דורכן זעלבן טאָג בין איך דאָרטן געווען ביים לעצטן קבר, איז שוין געווען אַרויס פון מיין זינען. דאָס איז דער גורל פון קברים. עס שוועבט אַרום זיי דער שר פון שכחה. די שול־פענצטער זיינען נאָך געווען באַלויכטן. דער גאַנצער הענגלייכטער מיט די 365 אָנגעצונדענע ליכט האָט געפינקלט דורך די פענצטער. אונטער דער קלאַדקע האָט דאָס שטראָמיקע טייכל געמורמלט זיינע נאַכט־תפילות. און אפשר האָט עס געמורמלט אַ פּאַראויסזאָג צו מיר, אַז מיין גאַנצער ווייטער־דיקער לעבנס־וועג וועט זיך ציען דורך ליכט, הגם מיט ניט־ווייניק טרערן...

# ערשטע טריט

## ביי די טויערן פון אַ נייער עפּאָכע

- היינריך היינע און תנ״ך
- דער העברייער ישראל שאַף
- אַ פאַרפינצטערטער שבועות
- נעמען פון דער גמרא
- אַ רביס מאָראַל

## 1



וין אין די יונג־יינגלשע טעג מיינע האָט מיין זינען אויפגענומען באַגריפן, אַז ערגעץ הינטער די שקודער טייכן און פעלדער שפּרייט זיך אַ ווייט־ווייטע וועלט מיט ימים און מדבריות, און אַ שלל לענדער און פעלקער, און בכדי צו קענען אַמאָל דערגיין צו גאָטס גרויסן באַשאַף אונטער די הימלען דאַרף מען פריער פון אַלץ זיך אויסטויגן אין לערנען.

אַוודאי בין איך דערמיט ניט געווען אַן אויסנאַם. די דעמאָלטיקע יידישע דערציאונג האָט אונדז געפירט דערצו. מאַמעס האָבן עס אַריינגעזונגען אין די וויגן פון זייערע עופעלעך. נאָכדעם האָט מען עס געהערט פון דער מאַמען ביים שבתדיקן ליכט־בענטשן. און עס איז דאָך אונדז אַקעגן־געקומען אויך פון סידור און פון חומש.

איבערה די קעפּלעך פון שקודער קינדער האָט דעמאָלט געפלאַטערט אַ קולטור־פּלוראַליזם — פינף לשונות.

די צוויי אייגענע: דאָס מאַמע־לשון יידיש פון וויג ביזן קבר, און דאָס לשון־קודש פון חדר און פון דאַווענען; פון לייענען קריאת־שמע און מאַכן אַ ברכה; פון זמירות ביי טאַטע־מאַמעס שבת־טיש.

און די דריי פרעמדע שפּראַכן —

דאָס זאַמוטער ליטוויש אין שטילן, כמעט סודותדיקן אומעט פון אַ גע־שטראָפטע, געפאַלן פאָלק אין מורא; רוסיש, די שפּראַך פון נאַטשאַלסטווע און ביי דער פּאָטשט: דייטש, וואָס האָט מיט געדראַנג זיך געטראָגן גרויס־וועלטיש איבער די פּרייסישע גרעניצן גלייך אין אונדזער שקוד אַריין.

יעדע פון די דריי פרעמד־שפּראַכן האָט געהאַט איר אייגענע מערכה. ליטוויש ווי אַ גויט־לשון אויף די פּויערישע מערק; יידישע קינדער האָבן קוים געהאַט געדולד אויף אויסלערנען זיך. צו רוסיש זיינען דערגאַנגען קינ־דער פון געציילטע משכילישע היימען; מ׳האָט געהאַט געלייענט אין העב־רעאישן בלאַט וועגן פיינקייטן אין דער רוסישער ליטעראַטור, האָט מען גע־שיקט יונגע טעכטער צו קרובים אין ריגע צו קענען אַריינקומען אין רוסישע מיידלעך־שולעס. דייטש האָט געהאַט אַ פיל־גרעסערע סאָציאַלע סביבה; עס איז געווען לייכטער צו באַנעמען, עס איז דאָך אַזוי „ענלעך״ צו יידיש...

אין מיין לערנען צוויי שעה אַ טאָג דייטש, לייענען און שרייבן, און אַרויסזאָגן דייטשע ווערטער אין עכט־דייטשער אויסשפּראַך האָט, דער עיקר, געהאַלטן מיך געשפּאַנט דער לערערינס רייד וועגן דעם דיכטער היינע.

רייד ווי פון אַ פאַרליבטער מיט פאַרפרומטע אויגן צום הימל —

...אַך ער וואַר, יאַ, זאָ ליב; אַך, ער איזט, יאַ, זאָ געטליך...

די לערערין, ראָזאַ יאַקאָב, מיט איר בלאָנדן קאָפּ האָר און הויכער פריזור, אַ צאַרט, בלאַס פּנים מיט ליכטיק־בלויע אויגן, און אַ געאיידלט אויפפירן זיך פון אַ געבילדעטער יונגער דאַמע, איז געהאַט געקומען אין שקוד מיט איר אַלטער מוטער פון דייטשע קאַנטן. ס׳האָט געמוזט זיין השפּעה פון די דייטשע גרעניצן, אָדער נאָענטקייט מיט קורלאַנד, וואָס איידער נאָך מ׳איז געהאַט אַריין אין איצטיקן יאָרהונדערט האָט מען געשיקט יינגלעך צו אַ לערערין. און מיר זיינען שוין געהאַט געווען תנ״ך־יינגלעך, און אַפילו געריכט זיך, אַז אָט וועלן מיר שוין אָנהייבן לערנען גמרא. שקוד קען דערמיט גילטן ווי אַ באַווייז אַז לעבנס־שטייגער אין קליינעם שטעטל איז ניט אומעטום און ניט אַלעמאָל געווען פון זעלבן שניט.

אירע רייד וועגן היינריך היינע פלעגט ראָזאַ יאַקאָב באַגלייטן מיט אַ

שטילן צוזינגען און אַ לייכטן צושפּילן אויפן קלאַוויר דעם דיכטערס „לאָ־רעליי״. דאָס ליד איז מיר אַריין אין די בלוטן. איך פלעג עס כסדר אונטער־ברומען אין זיך, און אין מיינע צערייצט־יינגלשע פאַנטאַזיעס האָב איך עס געהאַלטן ווי אַ סוד אין זינד. „לאָרעליי״ קען דאָך זיין די שד׳יכע לילית...

נאָר ערשט די באַרימטע פּאָעמע היינעס, „פּרינצעסין שבת״, איז דעמאָלט אַריין אין מיר ווי אַ דיבוק. עס איז מיר געוואָרן ווי אַ צווייטע „קריאת־שמע״...

פאַרן איינשלאָפן פלעג איך מיטן קאָפּ אין קישן נעמען איבערזאָגן אין זיך שורה נאָך שורה פון דער היינע־פּאָעמע, וואָס יאָרן־יאָרן שפּעטער איז זי אַריין אויך אין דער פּאָעזיע אויף יידיש דורך דער איבערדיכטונג פון חיים־נחמן ביאַליק און דורכן איינזאַמלען ביאַליקן אין דער פּאָעזיע אויף יידיש דורכן דיכטער י. י. שוואַרץ. אַ רגע אין מיין שטילן מורמלען אין קישן פלעג איך צוריקהאַלטן זיך מיט אַ פּחד וואָס איך גיי נאָכזאָגן אַזאַ היינע־שורה —

...אַ מכשפה פאַרוואַנדלט דעם פּרינץ,  
וועלכער הייסט ישראל, אין אַ  
שמוציקן הונט, אויסגעוואַלגערט  
אין אַלע מיסטן...

אָבער דערפאַר פלעג איך מיט אַן אויפגעהייטערטן שטאָלץ באַלד נעמען האַסטיק זאָגן אין זיך —

...פרייטיק פאַרנאַכט געשעט דאָס גרויסע וואונדער: אויס הונט, צוריק פּרינץ און ריין געצירט אין בגדי־כבוד, און קאָפּ און האַרץ דערהייבן, גייט דער פּרינץ ישראל אין גאָטס הויז, און אים קומט אַקעגן די פּרינצעסין שבת, און ער זינגט צו איר לכה דודי לקראת כלה...

אפשר געהערט עס צום דיכטערס עולם־הבא, אַליין האָט דאָך דער קרענק־לעך־אָפּלאַכנדיקער היינריך היינע מיט שפּאָט אַפילו אויף זיין מכלומרשטן אַנטלויפן פון זיין פאָלק פאַרגעשריבן זיך אַ גאַר עלנטן טויט —

...קיינע גלאָקן ווערדן קלינגען,  
קיינע מעסע ווירד מאַן זאַגן...

און אָט האָט זיך באַוויזן אַ קליינשטעטלדיקער ייִנגל פון דער ליטע, און ער טראָגט זיך אַרום מיטן פּאָעטס לירישע ווערטער ביז אין דער מוסר־ישיבה

אַריין, און שפּעטער אויך אינעם יידישן ראַדיקאַליזם און אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע...

## 2

מיין רבי אין תנ״ך, באַגלייט מיטן ממש פּאַבלהאַפטן „מסלול״, דעם קאָמפּליצירטן, גייסטרייכן דקדוק פאַרן „נייעם לשון־קודש״, ווי מ׳האָט דעמאָלט אָנגערופן דאָס משכילישע העברעאיש, איז געווען ישראל שאַף.

ער, אונדזער שקודער צושטייער אין דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור פון יענעם פּעריאָד.

עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מען שוין טאַקע גענומען הערן וועגן זיין פּראָמינענץ אינעם העברעער־קרייז אין וואַרשע. ער האָט געהאַט געשמט מיט זיינע קורצינקע העברעאישע מעשהלעך פאַר קינדער און וואָס ער איז רעדאַקטאָר ביים קינדער־זשורנאַל „עולם קטן״; דערצו ווי איינער פון די מיט־רעדאַקטאָרן ביים היסטאָרישן בן־אַביגדורס זאַמל־ביכער „אַחיאָסף״ און אַ מיטקעמפער מ׳זאָל דעם לשון־קודש פון דער תורה און פון תפילה „פאַר־יונגן״ צו ווערן אויך די שפּראַך פון מאָדערנע וויסנשאַפטן, פילאָזאָפיע און בעלעטריסטיק, און אַפילו פּרוּוון זיין אַ היים־און גאַס־שפּראַך.

בעת ישראל שאַפס תנ״ך־לערעריי מיט אונדז אין אונדזער שקוד, איז נאָך געהאַט געווען די צייט פון דער דרייפוס־אַפּערע מיט די ערשטע אויפ־שפּראָצן פונעם נאָמען ד״ר טעאָדאָר הערצל. די יינגסטע קינדער פון די פאַר־וואָרפנסטע שטעטלעך אין דער ליטע האָבן מיט צעפּיערטע אייגעלעך נאָכגע־פאָלגט די רייד פון די טאַטעס וועגן דעם פּאַריזער אומגליק מיט קאַפּיטאַן דרייפוס און וועגן דער משיחישער דראַמע מיטן אויפשטיין פון ד״ר הערצלס ציוניזם.

ווי אָפּגעוואָרפענע פון דער גרויסער וועלט, וואָס מיר, יידישע קינדער, זיינען דעמאָלט געווען, האָבן מיר אָבער געהאַט אין אונדזערע יונגע בלוטן די קולטור פון דער אייגענער, דער יידישער וועלט. מיר האָבן פון תנ״ך געלערנט געאָגראַפיע פון לענדער און דעם גורל פון פעלקער, און וועגן מיליטער און מלחמות, און וועגן אונדזערע שונאים.

די דרייפוס־געשיכטע און ד״ר הערצלס אָפּרופן זיך מיטן ציוניזם האָט

ישראל שאַף אַריינגענומען, ווי פאַרגלייכעניש, אין זיינע תנ״ך־פאַרטייטשונ־גען; און גערעדט האָט ער מיט אַ געדיכטער שטים פון די טיפענישן פון זיין ברוסט, אָט מיט אימפּעטיקע שטראָף־רייד און אָט מיט אַ שטילן ניגון פון בעטעניש און קרעכץ. ס׳איז אונדז, די תלמידים זיינע, אויסגעקומען, אַז די נביאים אַליין רעדן צו אונדז.

ניט פון תנ״ך אַרויס, נאָר יעדער נביא שטייט ערגעץ געווענדט צו אונדז און מיר הערן זיין קול, איבערהויפּט די נביאים ישעיה, ירמיה, יחזקאל און עמוס...

מיטן פאַרטונקלטן פּנים זיינעם און געדיכט־שוואַרצע ברעמען איז אונ־דזער לערער אַליין געשטאַנען פאַר אונדז ווי אַ געקומענער פון די תנ״ך־לענדער, הגם מיר האָבן דאָך געקענט זיין גאַנצע משפּחה פון די בכבודיקע שקודער פאַמיליעס. מיר האָבן אים אין אַלץ געפאָלגט מיט דער גאַנצער פייערלעכקייט אין אונדזערע יונגינקע נשמות.

ישראל שאַף האָט מיט אונדז געגרינדעט אַ יונג־ייִנגלשן פאַראיין מיטן נאָמען „פּרחי ספר״. ס׳האָט באַטייט, ווי יונגע קינדער בליִען מיר אויף אַליין, און אויפּבלי איז אין דער שליחות וואָס ער טיילט אונדז איין. דורך אונדז וועט אויפשפּראָצן אַ נייע גייסטיקייט אין אונדזער שקוד. מירן פאַנאַנדער־טראָגן אין אויסגעקליבענע הייזער ספרים און העפטן מיטן נייעם לשון־קודש.

די העפטן האָבן באַשריבן דרייפוסן ביים משפּט און אויפן טייוולס־אינדזל. יעדע וואָך אַ נייע העפט. ישראל שאַף פלעגט זיי קריגן פון דער ווייטער וואַרשע, און מיר, די תלמידים, פלעגן זיך אַרויסלאָזן מיט זיי יעדן ערב־שבת צו די אויסגעקליבענע שטיבער, וואו ווער דאָרטן האָט געקענט זיך אַריינלאָזן אין העברעאישן לשון.

מ׳האָט גענומען די העפטן בלויז איבערצולייענען דורך דער וואָך פאַר אַ פּרייז פון עטלעכע קאָפּיקעס. איבערלייענען אַ גאַנץ בוך האָט געדויערט אָסך לענגער און ס׳האָט געקאָסט מער. איך געדענק דריי פון די אַרומגע־טראָגענע ביכער: אַברהם מאַפּוס „אהבת ציון״, קלמן שולמאַנס „דברי ימי עולם״, און „שירי בת־ציון״ פון מיכה־יוסף לעבענזאָן. מיר זיינען געוואָרן אַ לעבעדיקע ביבליאָטעק, און שטרענג־פרומע איז עס גאָרניט געווען צום האַרצן. ס׳האָט זיי פאַרדראָסן וואָס מיר רופן־אָן די ביכער „ספרים״. אַ ספר האָט הייליקן אָפּקלאַנג, בעת אונדזערע זיינען גאָר „מעשה־ביכלעך״, אָדער „לידלעך״. מ׳האָט אונדז, חלילה, ניט געשטערט. שקוד האָט ניט געהאַט אַ

וועלכע כעסדיקע פאַרפרומטקייט. פונעם רבס הויז — ר׳ יחיאל־מיכל האָוושאַ — האָט אַרויסגעשיינט ליכטיקייט פון לומדות מיט השפעה אויפצופירן זיך אין גוטער זיטלעכקייט, אָבער ניט קנאַישער בייז. נאָר אַ לץ צווישן די קרע־מער האָט אַ שפּיל געטאָן מיט אונדזער נאָמען „פרחי ספר״, און פון „פרחי״ איז ביי אים אַרויסגעקומען „פאַרכע״. מ׳האָט שטילערהייט געחוזקט אין די פרייטיקדיקע בייטאָגס: „די פרחי־פאַרכלעך גייען״...

פלוצלונג זיינען מיר פאַנאַנדערגעפאַלן. ישראל שאַף האָט געגומען פון אונדז אָפּשייד. ער איז אָפּגעפאָרן צום ליטעראַטור־צענטער אין וואַרשע. מיר איז איבערגעבליבן אַ פוסטקייט אין יונגן האַרצן.

מער ווי דריי צענדליק יאָר האָב איך געוואַרעמט אַ וואונטש, איך זאָל אים באַגעגענען ערגעץ אין דער גרויסער וועלט, און דעמאָלט אויך אַליין זיין אַריינגעציילט צווישן שרייבער. חלומען מעג מען דאָך. עס איז דערצו געקומען, און פנים־אל־פנים מיט אים בין איך געשטאַנען ווי אַ צעטרייסל־טער — וואָס דערפון וועט דערציילט ווערן...

## 3

די קרוין פון לערנען ביי ייִנגלעך אין די זאַמוטער שטעטלעך איז, פאַר־שטייט זיך, געווען דאָס גמרא־לערנען. אויך איך בין דערצו דערגאַנגען. עפּעס אַ קלייניקייט, לערנען גמרא? דער גרעסטער זכות איז עס געווען אין אַ שקודער היים ביים דערלעבן וואָס אַ קינד קען באַנעמען אַ בלאַט גמרא. דאָס קינד האָט דערמיט צוגעפירט די גאַנצע משפחה צו הויכן יחוס, מען ווערט דאָך אייגן מיט דער רייכסטער גייסטיקייט פון יידישער געניאַליטעט. מ׳איז ביי די פונדאַמענטן פון ציוויליזאַציע און מענטשלעכער מאָראַל. איך באַנוץ דאָ היינטיקע ווערטער; דעמאָלט האָט מען אַ זאָג־געטאָן אַן איינצל־וואָרט — לומדות.

געוויינלעך האָט מען דאָס גמרא־לערנען אָנגעהויבן מיטן „סדר נזיקין״ — די „דריי טויערן״ — בבא קמא, בבא מציעא, בבא בתרא — וואָס פירן אַריין אין דער געדאַנקען־וועלט פון געזעץ, דיסציפּלין, עטישע פּרינציפּן, רעספּעקט פאַר מענטשלעכער חשיבות, און פאַר יענעמס אייגנטום (הויז, פעלד, גאָרטן, בהמה, אויך מטלטלין). ס׳איז אַ צונויפנעם פון יורידישע קאָנ־

פליקטן, לאָגישע אַנאַליזן, פּלוגתאס, דעבאַטעס, דיאַלאָגן, אָפּפרעגענישן און אָפּענטפערס דורך פאַרגלייכענישן און אַרויסדרינגען פון אַ לייכטן ענין פאַר אַ שווערן, און פאַרקערט אויך, און אַלץ איז געשטעלט מיט אַן אינערלעכער פאַרבינדונג פון סיטואַציעס אין די געדיכטעגישן פון רעאַלן לעבן, אָפּגעזען פון צייט. אין די פריעסטע יאָרן זיינען יידישע קינדער פון מיין דור דערמיט צוגעבראַכט געוואָרן צו די טיפע קוואַלן פון רעכט און גערעכטיקייט, און צו הויכע לייטערס פון חכמה. און מיין דור האָט דאָך עס געהאַט איבערגע־נומען פון פריערדיקע דורות. יונג אין יאָרן מיט אַלטע מוחות איז געוואָרן יידישער שטייגער. איך בין דערגאַנגען צום גמרא־לערנען צוויי מאָל.

דאָס ערשטע מאָל ביי מאיר דעם גמרא־מלמד, וואָס אַזוי האָט ער געשמט אויך אין אַנדערע זאַמוטער שטעטלעך. פריער איז ער געהאַט געווען דער גמרא־רבי אין יעלאָק, קלענער פון שקוד, אָבער נאָענט צו טעלז, וואָס האָט באַטייט אַ העכערע מדרגה. טעלזער ישיבה, טעלזער השפּעה. און מאיר דער גמרא־מלמד האָט געשטאַמט פון טעלזער גמרא־לומדות. ער איז געווען אַ געהילף ביי די ראשי־ישיבה אין טעלז ווי אַ מדריך פאַר יונגע ניי־אָנגעקו־מענע ישיבה־לערנערס, וואָס זיי וועלן שוין לערנען אַליין, ניט אין אַ כיתה.

בעת אין שקוד, שוין אויף די עלטערע יאָרן, גרוי און אַן אָפּגעשוואַכטער, וואָס צומאָל נעמט אים אָפּ דער אָטעם, האָט מען נאָך אַלץ געמערקט דעם גרויסן תענוג וואָס ער האָט ביים צוברענגען יונגע מוחות צום דורותדיקן גמרא־לערנען. פּשוטע ליבשאַפט איז דערין געווען, סיי צום תלמיד, סיי צו די גמרא־ספרים, די כלערליי חידושי־תורה.

גאָר אַן אייגענעם דרך צום יונגן תלמידס מוח האָט ער געהאַט. ער האָט קודם אונדז אַריינגעפּירט אינעם לשון פון דער גמרא. מיר זעען דאָך אײן וואָס גמרא־לשון איז ניט תנ"ך־לשון, זאָלן מיר אויך געדענקען וויאַזוי די גמרא־פּסוקים שטייען אויסגעשטעלט, וואו דער אָנהייב און וואו דער סוף; און יעדן אויסדרוק מיטן יידיש־פאַרטייטש זאָלן מיר איבערזאָגן מיטן גמרא־ניגון עטלעכע מאָל, כדי דער זאַג און דער געדאַנק און דער ניגון זאָלן פאַר־בלייבן מיט אונדז אויף אַלעמאָל.

זיין דרך האָט אויך געצילט, אַז דאָס לערנען זאָל אונדז ניט ווערן מאָנאָ־טאָן. מיר האָבן טאָקע גענומען לערנען דעם ערשטן טייל פון „סדר־נזיקין" (בבא קמא), אָבער נאָכן אָפּלערנען אַ שעה־צוויי, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און זיך פאַרנומען מיט דערציילן אונדז מעשהס וועגן די שעפערס פון דער

גמרא. ווער איז אַ תנא און ווער אַן אַמורא, און וועגן די הונדערטער יאָרן צווישן זיי.

פאַר אַ מוסטער קען איך אָנגעבן לויט מיין געדענקען, וואָס אין די ספירה־טעג, ערב ל״ג בעומר, האָט ער אונדז געהאַלטן געשפּאַנט מיט דער געשיכטע פון רבי עקיבא און זיינע טויזנטער תלמידים. טאַקע די גאַנצע רבי עקיבא־זאַגאַ מיט זיין אויסוואַקסן פון אַ באַרוועסן פּאַסטעך צו זיין דער שטאָלץ פון דער תורה־און תלמוד־געשיכטע; אויך וועגן זיין כעסדיקן רייכן שווער, כלבא שבוע, ווען עס איז ניט אָנגעשטאַנען אַז דער פּאַסטעך זיינער זאָל ווערן זיינער אַן איידעם; און וועגן דער ראָמאַנטישקייט וואָס די טאָכטער פון כלבא שבוע, רחל, איז אַוועק פון דער רייכער היים, אָפּגעשאָרן אירע צעפּ און זיי פאַרקויפט אויפן מאַרק און מיטן געלט געשטיצט איר פאַרגעטערטן עקיבא, ער זאָל לערנען און לערנען — ביז ער איז געוואָרן דער תנא־העלד רבי־עקיבא — תנא־העלד און תנא־מאַרטירער.

אין מיטן פון אָט אַזאַ לערנען האָט אין אונדזער שקוד אַ קלאַפּ געטאָן אומגליק, און באַלד נאָכדעם, אומגליק אויף אומגליק.

געווען איז עס שוין אין די טעג פון ערב־שבועות. עס איז שוין געהאַט אָנגעשטאַנען די „שלשת־ימי־הגבלה״. עס איז געווען יום־טוב אין דער שטעטלשער לופט. אַ ליכטיקער הימל, די פעלדער און די סעדער איינגעטונקט אין גרינס און אין בלומען, דאָס גראָז פריש, דאָס לערנען איז אָנגעגאַנגען לייכט. מ׳האָט געלערנט האַלבע טעג. דאָס לערנען גופא האָט געהאַט אַ יום־טוב־כאַראַקטער, שבועותדיק. דער רבי האָט שוין געהאַט געטייטשט פאַר אונדז „מגילת־רות״, לויט גמרא־ספרים. מיין פאַנטאַזיע איז אין יענע מי־נוטן פאַרפלויגן צו די פעלדער פון בית־לחם, רות און בועז. מסתמא איז עס אויך געווען אין די פאַנטאַזיעס פון מיינע חדר־חברים. דער רבי, מיט אַ לויכטנדיקן פּנים, האָט זיך צערעדט וואָס פון רותן און בועזן איז אַרויס־געקומען דוד המלך, און פון דודן וועט אַרויסקומען משיח. און אָט נעמט שוין דער רבי פאַרטייטשן דעם שבועותדיקן „אקדמות״ וואָס איז אין גמרא־לשון. און ער זינגט דעם ניגון פון דער שבועות־פּאָעמע. לויט אונדזער קינדערשן באַנעם, קען משיח שוין טאַקע קומען, און אַלע צדיקים וועלן באַלד אַרויף דורך זיבן טרעפּ צו די גינגאָלדענע טראָנען אין גן־עדן, און זיי וועלן שיינען ווי די שטערן אין הימל. ער גיט אויך אַ זאָג, דער רבי, אַז אין יום־טוב שבועות ווערט אין הימל באַשטימט דער גורל פון פרוכט אויף ביימער, און

דערפאַר צירט מען אויס יידישע היימען אין גרינס פוןביימער־צווייגן. איך האָב געוואוסט, אַז מיינע צוויי שוועסטער, מערע און עלאַ, האָבן געפּועלט ביי דער מאַמען צו קענען גיין דעם נעקסטן פרימאָרגן צום טייך בראַסטעווע אָנרייסן דאָרטן ביי די געדיכטע ביימער צווייגלעך פאַר אונדזער יום־טוב־דיקער שטוב. איך האָב געקלערט, אַז איך וועל זיי זאָגן וואָס דאָס באַטייט.

און פּלוצלונג — אין חדר האָט זיך אַריינגעריסן שוידער־גייעס.

...בערנשטיינס יונגע טאָכטער איז דערטרונקען געוואָרן...

דער נאָמען בערנשטיין איז געווען אַ שקודער אינסטיטוציע: „בערנשטיינס מויער", וואָס ביים ראָג מאַרקפּלאַץ און סאַלאַנטער גאַס; בערנשטיין, די שטאַם־פאַמיליע פון די איצטיקע בערנשטיינס אין מדינת ישראל, אויך פונעם שרייבער לעאָן בערנשטיין, וועלכער האָט אָנגעשריבן פאַרן זאַמלבוך „ליטע" דעם רירנדיקן הספד אויף אונדזער שקודס אומקום בעתן חורבן דורכן ליטוויש־דייטשן נאַציזם־קאָמוניזם. די יונגע בערנשטיין־טאָכטער פון העכער דריי דורות פריער איז מיט איר צאַרט, ליכטיק, יונג געזיכט געווען אַ צוגאָב צום מפורסמדיקן משפחה־נאָמען. זי האָט געשמט אַלס „די שענסטע שקודער כלה־מיידל". מיטן צוואַרעמטן פרילינג אין זיך, ווי דער פרילינג איז שוין דעמאָלט געווען צעבליט אויף די פעלדער און סעדער, איז זי געגאַנגען אַליין צו זיין די ערשטע ביים טייך בראַסטעווע, וויט אַרויס פון די שקודער פעלדער, אָנצורייסן צווייגלעך גרינס פאַר שבועות און צו באָדן זיך אין פריען פרימאָרגן. דער טייך בראַסטעווע איז אָקאָרשט געהאַט אַרויס פון דער ווינטערדיקער פאַרפראָנקייט. אייז־קריעס האָבן זיך פאַנאַנדערגעריסן אין דער ערשטער וואַרעמקייט פון אָנקומענדיקן זומער. זי איז, אַפּנים, אַריין אין די טייך־שטראָמען. אַביסל שפּעטער אין טאָג האָבן פויערים זי געפונען אַ טויטע צווישן די אייז־קריעס. מיט אַזאַ גרויל האָט גאַנץ שקוד גענומען לויפן צו „בערנשטיינס מויער". אונדזער רבי האָט פאַנאַנדערגעלאָזן דעם חדר.

עס איז געוואָרן געאייל מיט דער לוויה. אָט קומט דאָך אָן דער יום־טוב שבועות. דער רבי האָט אונדז גערופן צו זיין מיט אים אין דער בערנשטיין־היים צו זאָגן תהלים. די דערטרונקענע איז שוין געלעגן אַ פאַרדעקטע אויף דער ערד מיט אָן אָנגעצונדן ליכט ביים קאָפּ. מיין מאַמע, ווי די טאָכטער פונעם אַלט־שקודער פאַטריאַרך, יאָשע־שלמה, איז געווען פאַרשריבן מיט אַנדערע ווייבער ביי דער חברה־קדישא דורכצופירן די מצווה פון טהרה און אָנטאָן אַ פּרוי תכריכים, וואָס מען פלעגט עס טאָן אין דער היים פון דער

פאַרשטאָרבענער. איך האָב נאָכדעם פיל מאָל געהערט די מאַמע דערציילן, אַז דער בלענדנדיק־שיינער קאָפּ האָר פון דער שיינער בערנשטיין־טאָכטער איז געוואָרן פאַרשטייפט ווי אַ קנויל דראָט, און אַפילו אויסגעזען ווי דראָט. שקודער קראָמען זיינען פאַרמאַכט געוואָרן, און גאַנץ שקוד איז געווען איינ־געזאַמלטביים בערנשטיין־מויער ווען מ׳האָט אַרויסגעטראָגן דעם ארון, און מיר, די חדר־יינגלעך, מיטן רבין פאַראויס, זיינען נאָכגעגאַנגען, זאָגנדיק פסוקים פון „מעבר־יבוק”. אונדז איז אָקעגן־געקומען אַ שטאָט־געוויין, בפרט מיט קולות פון די יונגע טעכטער פון שקוד. ס׳האָט געקלונגען דער גלאָק פונעם פויערשן קלויסטער אויס רעספעקט צו דער יידישער קהילה אין אבלות. מ׳האָט זיך אַוודאי ניט גערעכנט, אַז דער יום־טוב שבועות מיט זיין ליכטיקייט וועט פאַרפינצטערט ווערן פון נאָך אַ פלוצימדיקער אימה.

אויף מאָרגן נאָך דער לוויה, שוין שפּעט אינעם סאַמע־טאָג פון ערב־שבֿועות, איז נפטר געוואָרן אונדזער גמרא־רבי.

שקוד האָט שוין געהאַט ביי זיך אַ מת אָן קבורה אַ גאַנצן יום־טוב.

געדענק איך אַ צאָל כאַראַקטעריסטישע איינצלהייטן פון יענעם שקודער פאַרפינצטערטן שבועות, שטריכן פאַר אַ שטעטלשן כאַראַקטער־פּאָרטרעט.

איך געדענק מ׳האָט געהאַלטן דעם מת ביז איבערן יום־טוב אין דער טהרה־שטיבל, וואָס מ׳האָט עס געניצט בלויז פאַר מאַנסלייט־מתים און וואָס האָט זיך געפונען גלייך ביים טויער פון בית־עלמין אויף די וועגן צו די נאָענטסטע שטעטלעך דורביאַן, גאַרדזש און קרעטינגע, און אַז דריי פון דער חברה־קדישא — מיין זיידע יאָשע־שלמה צווישן זיי — זיינען דאָרט אָפּגעזעסן ביים מת מיט אַ ליכט צוקאָפּנס אַ גאַנצע תיקון־שבועות־נאַכט. אין יע־נער שבועות נאַכט האָט מיין פאָטער, צום ערשטן מאָל, מיטגענומען מיך אין שול צו זיין וואַך ביים תיקון־שבועות. אַנדערע טאַטעס האָבן עס אויך געטאָן מיט זייערע אויסגעוואַקסענע גמרא־יינגלעך. ס׳איז געווען אין כבוד פון אונדזער פאַרשטאָרבענעם רבין. דורך דער נאַכט מיט די תיקון־תפילות און זאָגענישן פון זוהר האָט דער בעל־תפילה, בערע־זוסע, געזאָגט אַ „קהילה־קדיש” און אַרויסגעוויינט אַן „אל מלא רחמים” פאַרביידע ערב־שבועות־דיקע מתים און דער גאַנצער מיטן־נאַכטיקער עולם האָט איז געוויין ווי מיט־געברומט. איך האָב ביי מיין טאַטן זעלטן געזען גרויסע טרערן און איך האָב זיך ווי צוגעטוליעט צו אים. איך האָב געוואוסט אַז דער זיידע זיצט אַ גאַנצע נאַכט אויפן בית־עלם ביי מיין טויטן רבין. ניט פחד איז אין מיר אַריין,

נאָר אַ יונג־יינגלשע אויסגעשעפּטקייט מיט אַ זאָגן־זיך, אַז טויט איז אַן אויס־געלאָשן ליכט, וואָס קיינער קען עס מער ניט אָנצינדן, אַפילו ניט גאָט אַליין...

אויף מאָרגן איז שוין דער שקודער שבועות־שפּאַציר ניט פאָרגעקומען. ווי אַ יערלעכער מנהג איז עס געווען דעם ערשטן טאָג שבועות פאַר מנחה, ווען די זון איז אין פולער יום־טובדיקער צעשטראַלטקייט, צו גיין אויף אַ שטאָט־שפּאַציר. דער גאַנג פלעגט זיין פון דער נייער שטאָט צו דער אַלטער ביז אַריבערן בריק מיטן געסל, פון וואַנען מ׳האָט שוין געקענט זען די קלאַד־קע, וואָס האָט געפירט צום אַלט־שקודער בית־מדרש, ווי מען וואָלט געהאַט אין זינען צו זאָגן דעם אַלטן בית־מדרש „אַ גוט יום־טוב״. עס האָט געהאַט דאָס אויסזען פון אַ פייערלעכן שטאָט־פּאַראַד. מ׳איז געגאַנגען אין מיטן גאַס. מאַן־און־ווייב, ווער זייט־ביי־זייט און ווער באַזונדער. אויך קינדער. יינגלעך מיטן טאַטן, מיידלעך מיט דער מאַמען. דער רב מיט באַלעבאַטיש־לומדישע לייט אַרום זיך פלעגן גיין פאָראויס. קיינער האָט עס ניט אויסגעשטעלט. אַזוי פלעגט עס ווערן. אינעם גאַנג פלעגט דער רב תמיד וואָס זאָגן, און זיינע לומדישע באַגלייטערס פלעגן אָנשטעלן די אויערן. דעם רבס זאָג האָט געקענט זיין וועגן דעם בורא־עולמס ממשלה אין דער נאַטור־פּראַכט, זיין באַשאַף לויט תקופות, וואָס טוען זיך בייטן, אָבער אַלעמאָל איז אָנגעצייכנט שיינקייט פאַרן טאָג פון מתן־תורה. און מען פלעגט נאָכדעם הערן ווערן איבערדער־ציילן דעם רבס רייד. ראָמאַנטישקייט האָט אויך ניט אויסגעפעלט. מ׳האָט בעתן שפּאַציר געקענט אורטיילן ווער פון די שקודער טעכטער חלומט שוין פון ווערן אַ כלה און ווער פון די בחורים חתנט זיך. אויסגעזאָגט דעם סוד האָט זייער קליידן זיך אינעם שענסטן. עס איז אָבער שטענדיק געווען אַ שפּאַציר אין לויטער יום־טוב־פּראַכט צום כבוד פון מתן־תורה. אינעם פאַר־פינצטערטן שבועות האָט מען דערפון זיך אָפּגעהאַלטן. עס האָט דורכגענומען יעדן איינציקן וואָס אין שטאָט איז דאָ אַ מת, וועלכער וואַרט אויף קבורה...

אַ מאָמענט פון גלייך נאָכן פינצטערן יום־טוב איז מיר אויף פאַרבליבן אין זכרון —

דורך דער נאַכט איז פון נאָענטסטן שטעטל יעלאָק אָנגעפאָרן דעם פאַר־שטאָרבענעם רבינס אַ זון, און געווען איז ער ניט קיין בן־תורה, נאָר גאָר אַ באַ־לעגאָלע. מ׳האָט אָבער גערעדט, אַז זיין פורמאַנישקייט איז אַ הייליקע אַרבעט. ער פירט יידן קיין קרעטינגע אַריבערצוכאַפּן זיך די גרעניץ פון דער צאַרי־שער מדינה צו קענען אָפּרייזן קיין אַמעריקע. נאָך דער קבורה פון פאָטער איז

דער זון געזעסן שבעה מיט דער מוטער און גלייך נאָכדעם אַוועקגענומען זי צו זיך אין זיין יעלאָקער היים, מיטנעמענדיק אַלע זאַכן פון חדרשן שטיבל, אויך די ספרים — אַ סך ספרים. מיר, די „פּאַריתומטע תלמידים״, ווי מ׳האָט אָנגעהויבן אונדז רופן (זעקס אין צאָל זיינען מיר געווען), האָבן געהאָלפן אים פאַרפּאַקן די ספרים. איך געדענק יענעם אומעט אין מיין יינגלשן געמיט און אַ שטומען פרעגן זיך: וואו וועלן די ספרים אַהינקומען?...

# 4

אַ זעלטענער שטעטלשער געפּיל האָט אַרומגענומען די פאַרבליבענע תלמידים אָן אַ רבין. מיר האָבן אויפגעהערט זיין ווי קינדער מיט אַן אייגענער היים. מיר זיינען געוואָרן ווי „שטאָט־קינדער״. עס איז אויסגעקומען ווי יעדער וויל עפּעס טאָן פאַר אונדזער ווייטערדיקן לערנען. מ׳האָט געדאַרפט איבערוואַרטן אַ גאַנצן זומער ביז מ׳וועט קענען ברענגען אַ צוגעפּאַסטן גמרא־רבין פון אַנדערשוואו. קען מען דאָך ניט לאָזן אָקאָרשט־דערגאַנגענע יינג־לעך צו גמרא־לערנען, זיי זאָלן דערווייל גאָרנישט לערנען. האָט מען אונדז איינגעשפּאַנט צו זיין יעדן פאַרנאַכט צווישן מנחה און מעריב אין קלויז ביי דער שול, זיצן רואיק און איינהערן זיך אין באַלעבאַטישן לערנען אַ בלאַט גמרא. דער רב פלעגט דאָרטן אויך זיין. עס איז אונדז געווען אַ פּעולה. ווע־מען פון די לומדישע באַלעבאַטים פלעגט צומאָל זיך פאַרגלוסטן אונדז פאַר־הערן צי מיר האָבן פאַרשטאַנען די גמרא־רייד, האָבן מיר זיך אָנגעשטרענגט צו באַגרייפן. עס האָט פאַר אונדז געמיינט ווי אַ פאַרמעסט מיט שאַרפע באַ־גערן דווקא אויסצונעמען. און אונדז איז צוגעקומען אויך אַ גאָר נייער סאָרט לערנען.

בכדי ניט צו זיין „ליידיקגייערס״ אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך אָפּגערופן אונדזער שקודער בעל־קורא, משה גרינוואַלד (זיין פּרנסה: אַ מעל־קרעמער): ער וועט צוויי שעה אַ טאָג לערנען מיט אונדז קריאת־התורה. עס וועט אונדז האַלטן דערהייבן אין רוחניות, און עס וועט אונדז זיין אַ הילף אין אונדזער ווייטערדיקן גמרא־לערנען. קיין שכר־לימוד וויל ער ניט. עס וועט אים ליב זיין דאָס צו טאָן. ער איז געווען אַן אַלמן און אָן קינדער, האָט ער געזוכט בייצוקומען זיין איינזאַמקייט דורך פאַרטאָן זיך וואָס מער אין זיין נשמהדיקן

תענוג וואָס קריאת־התורה האָט אים פאַרשאַפט. עס האָט אים ניט געאַרט וואָס ער וועט אַ פּאָר שעה אין טאָג האַלטן זיך געוועלב פאַרמאַכט.

קריאת־התורה — די נגינה, דער טראָפּ, די האַלב־זינגעוודיקייט, דער ניגון אַרויף און אַראָפּ, אָט מיט אַ קרעכץ און אָט אין אַ נחתדיקער פאַר־טראַכטונג, אָט לאַנגזאַם־דערציילעריש און אָט ווי מיט אַ שאַלן פון אַ שופר, אַזוי דורך אַלע סדרות פון „בראשית" ביז „וזאת הברכה" — איז פאַר אונדז געווען אַ לערנען חומש פון־דאָס־ניי, אָבער שוין מיט מער בינה און אַ טיפערן אַריינבליק. אַנגעגאַנגען איז דאָס לערנען אינעם צווייטן קלויז ביי דער שול. משה גרינוואַלד פלעגט מיט גרויס פאַרזיכט אַרויסנעמען פון ארון־קודש אַ ספר־תורה, אָפּוויקלען אין צאַרטקייט, און טייטלען צו אונדז, פסוק נאָך פסוק, מיטן גאַנצן ניגונדיקן טראָפּ און מיט אַ דייטלעכער אויפ־קלערונג. עס איז געווען ווי מיר וואָלטן געגומען הערן אַ געטלעכע צויבער־דערציילונג מיט גרויסער דראַמע און געזאַנג. און ערשט טאָקע די האַלב־זינגעוודיקייט פונעם טראָפּ איז אַריין טיף אין האַרצן.

מיט דער נגינה אין זיך בין איך אַרומגעגאַנגען די פּאָר זומערדיקע חדשים. אָנהייב חודש אלול איז אָנגעקומען אונדזער שוין דערוואַרטעטער נייער גמרא־רבי פון זאַגער, וואָס מיטן ברענגען אים האָט זיך פאַרנומען דער שקודער רב אין אַ דורכשרייבן זיך מיט אים און, פאַרשטייט זיך, גע־האַט די צושטימונג פון די טאַטעס פון די זעקס „פאַריתומטע תלמידים", און עס זיינען צוגעקומען צוויי נייע תלמידים.

זאַגער איז געווען אַ שיינענדיקער שטאָט־נאָמען צווישן די זאַמוטער שטעט אין דער ליטע. דער יחוס פון די היסטאָרישע „חכמי זאַגער" האָט אַריינגעשיינט אויך אין די וויטערדיקע זאַגערער פאַמיליעס, לומדים און משכילים. איז דאָך ר' ישראל סאַלאַנטער, דער גרינדער פון דער מוסר־באַוועגונג, אויך געווען אַ זאַגערער; און זיין זון, דער פראָפעסאָר אין מאַ־טעמאַטישע וויסנשאַפטן אין דייטשלאַנד, און אַפילו אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט אין זיינע יינגלשע יאָרן געלערנט אין זאַגערער בתי־מדרשים. אויך די ברידער מאַנדלשטאַם, די ערשטע צו איבערזעצן תנ"ך אין רוסיש, זיינען געווען זאַגערער. און די משפחה, וואָס אַ זון ביי איר איז געוואָרן דער שפּע־טערדיקער ליטעראַטור־קריטיקער בעל־מחשבות, איז אויפגעקומען אין זאַ־גער. און דער שפּעטערדיקער יידיש־שריפטשטעלער, יעקב דינעזאָן, איינ־טימסטער חבר פון י. ל. פרצן, האָט געשמט ווי אַ זאַגערער בן־עיר. און דער

באַרימטער טיי־מאַגנאַט אין גאַנץ רוסלאַנד און איבער די ימים, דער חובב־ציון און גרויסער העברעאישער מעצענאַט, וויסאָצקי, איז געווען אַ געבוירענער פון זאַגער און געלערנט אין אַלט־זאַגערער חדרים. און אַן ענלעכקייט איז אָנגעגאַנגען צווישן זאַגער און שקוד וואָס אויך אין זאַגער האָט מען אין פיל היימען דערצויגן קינדער מיט דער דייטשער שפּראַך, אַ השפעה פון קורלאַנד, און דער דיכטער־נאָמען היינריך היינע האָט געשפּילט אויך אין זאַגערער קינדערשע פאַנטאַזיעס. מיר האָבן זיך געגרויסט וואָס אונדזער בייער גמרא־רבי קומט פון זאַגער.

דער נאָמען זיינער — ר׳ לייבל (פאַמיליע־נאָמען: פייקין). ער איז געווען גרייט אַריבערצוטראָגן זיין לעבן פון זאַגער אין שקוד מחמת אַן עלנט איגעם געמיט פון דער רביצין, אַ מלומדת, וואָס מ׳פלעגט וועגן איר הערן אַז זי קען אַ לערן־טאָן אויסנווייניק אַסך בלעטער גמרא. דאָס עלנט איז איר געקומען דורכן פאַרלירן צוויי קינדער זייערע, אַ זון און אַ טאָכטער, אין אַן אָנפאַל פון אַ שווערער קראַנקייט אין אַלט־זאַגער. די רביצין האָט געהאַט אַ פאַר־יתומטן קרוב אין שקוד, דערצו, נעבעך, אַ בעל־מום, קורץ־געוויקסיק און פאַרהויקערט, אָבער אַן עילוי אין לערנען, אויך אַ גרויסער קענער אין העברעאיש און אין וויסנשאַפטן. ער האָט קוים געהאַט אויף אויסקומעניש דורך פּריוואַטער לערעריי. דער פאָטער זיינער (פאַמיליע־נאָמען: יאַפע) איז אַ צייט געווען אַ ראש־ישיבה אין זאַגער, האָט די פאַראומערטע קרובה געוואָלט אים מיט וויפיל־ניט־איז אַרויסהעלפן אין זיין שווערן לעבן. אַ זעלטענע גוטסקייט ביי ביידן; און עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס ר׳ לייבל האָט געהאַט געשריבן צום שקודער רב, אַז וועגן שכר־לימוד שטעלט ער ניט קיין תנאי. ער האָט אמונה, אַז אויף די וועגן פון לערנען תורה וועט עם ישראל קיינעם ניט באַוועלן.

דער זמן מיטן נייעם רבין האָט זיך אָנגעהויבן גלייך נאָך שמחת־תורה. ער איז אָבער געקומען אין חודש אלול בכדי צו באַקענען זיך דורך די ימים־נוראים מיטן כאַראַקטער פון דער שקודער עדה און צו פאַרהערן זיינע צו־קונפטיקע תלמידים — יעדן באַזונדער און אַלעמען צוזאַמען — און איינ־צושטעלן געהעריק די מיטגעבראַכטע זאַכן פון זאַגער, דער עיקרשט, די פיל ספרים, פולע שאַפעס און קאַסטנס מיט ספרים, אַ סך מער ווי אונדזער פריערדיקער רבי האָט געהאַט. דאָס חדר־שטיבל וואָס מ׳האָט צוגעגרייט פאַרן

נייעם רבין איז געווען דאָס זעלבע וואָס פריער, נאָר פריש געקאַלכט און גרונטאָוונע אויסגעוואַשן אין יעדן ווינקל.

איבעם אויפלעבן די זכרונות מיינע קלער איך מיט גליענדיקן באַוואונ־דער אויף דער דעמאָלטיקער יידישער טראַנספּאָרטאַציע פון שטעטל צו שטעטל, און מיט וויפיל הייליקן ציטער מ׳האָט געפירט ספרים. זאַמוטער יידישע שטעטלעך האָבן געהאַט אייגנס אַ גאַנצע באַלעגאָלעשע אינדוסטריע. ניט אומעטום האָט געקענט דערפאָרן אַ באַן. אַ לאַנגער וועג איז געווען פון זאַגער ביז שקוד, זאַמדיק בעת טרוקענע וועטערן און בלאָטיק בעת רעגנס. מ׳האָט גערדאַרפט פאָרן מיט פערד־און־וואָגן עטלעכע טעג און איבערשלאָפן אַ צוויי נעכט וואו אויף אַן אַכסניה. ר׳ לייבל און די רביצין האָבן זיך ניט פאַרלאָזן אויף די באַלעגאָלעס צו פאַרהיטן די ספרים. זיי זיינען אַליין מיט־געפאָרן, הגם ביידע שוין באַיאָרנטע מענטשן, און ס׳האָט זיי געקענט זיין שווער. טאָמער, חלילה, ווערט אַ רעגן, האָט מען די שאַפעס און קאַסטנס מיט די ספרים געהאַט איינגעדעקט אויך מיטן אייגענעם בעטגעוואַנט, קישנס, ליילעכער און קאָלדרעס, און דערויף זעק און ראָגאָזשעס. אָבער ווי לאָזט מען ספרים אויף פרעמדע הענט, און אַזעלכע וואָס האָלטן אַ בייטש? די באַלע־גאָלעס האָבן געוואוסט וועמען און וואָס זיי פירן, און זיי האָבן מיטגעציטערט.

יידן פירן ספרים פון שטאָט צו שטאָט — איך קלער וועגן מאַני לייבס באַהאַרצט, שפּילעוודיק „פאָלקסליד וועגן ווילנער יידן", וואָס דער דיכטער האָט געגעבן אינעם זאַמלבוך „ווילנע" (1935), ווי אַ מתנה אונדזערביידנס פריינט, דעם ביבליאָגראַף יעפים ישורין —

... אַזש פון ליטע, אַזש פון ווילנע
פירט דער ייד זיין סחורה;
תורה איז די בעסטע סחורה —
פירט דער ייד זיין תורה...

נעמט אַרויס ווילנע, שטעלט אַריין זאַגער; ס׳איז גלייך. ס׳איז איינס.

ר׳ לייבל איז געגאַנגען אויפן זעלבן דרך אין לערנען ווי עס האָט אָנ־געפירט אונדזער פאַרשטאָרבענער רבי. אַז מיך האָט אַ צינד געטאָן אַ גמרא־נאָמען, אַ תנא אָדער אַן אמורא, און איך בין אַריין אין פרעגענישן וועגן זיי, האָט ר׳ לייבל אָפּגעשטעלט דאָס לערנען, אַרויסגענומען פון זיין ספרים־שאַנק אַ גאָר אַנדער ספר, און זיך אַריינגעלאָזן אין אויפּבלעטערן וואָס מער וועגן זעלבן נאָמען, און דערביי האָט ער צוגעברומט דעם גמרא־ניגון —

... וואו איז רבן גמליאל, און וואו הלל הזקן?...

...און וואו איז בית־שמאי?...

...בית־שמאי און בית־הלל, וואָס איז דער באַטייט דערפון?...

...און רבי יוחנן... אוי, יוחנן...

...דער זון פון אַ שמיד און אַ יתום, אָן אַ פאָטער און אָן אַ מוטער, דער פאָטער איז אַוועק פון דער וועלט איידער דער זון איז געבוירן געוואָרן און די מוטער איז געשטאָרבן אין קימפעט מיט אים, וויאַזוי איז ער אויפֿגעוואַקסן און דערגאַנגען צו אַזאַ גרויסקייט אין לערנען?... אוי, יוחנן...

און אַ צווייטער יוחנן, און אַ דריטער און אַ פערטער...

...יוחנן הסנדלר און דער כהן־גדול יוחנן, און יוחנן בן־זכאי, און יוחנן מיט די אומגליקן וואָס צען זין זיינע זיינען געשטאָרבן פאַר זיינע אויגן...

זיי האָבן מיך אַלע גערייצט, די גמרא־נעמען, אויך וואָס צו הערן וועגן זייערע משפחות און וועגן די שטעט פון זייער געבוירן און פון זייער לערנען, צי וואו אין בבל, אָדער גליל, צי ירושלים און יבנה, אָדער סורא און נהרדעא, אָדער פומבדיתא. ערשט די שטעט־נעמען האָבן געצונדן די פאַנטאַזיע. שוין ביים פאַרהערן מיך האָט ר׳ לייבל איינגעזען אַז מיך ציט מער צו אגדה ווי צו הלכה, און ער איז געווען גוט צו מיר, ניט געמאַכט קיין פרואוו מיך אַוועקצונעמען דערפון, דווקא מיך געהאָלפן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין מיר אַ זין פאַר פאָרשן, אַ תאווה צו נישטערן, ממש ווי אַ יונג־יינגלשע שיכרות. אויך איצט האַלט עס אָן. קוק איך אַריין אין אַן ענציקלאָפּעדיע וועגן אַ באַשטימטן ענין, ווער איך פאַרשלעפּט צו אַנדערע ענינים. אַזוי אויך ביים זוכן אַ שורש פון אַ וואָרט. עס קומט מיר אַקעגן אַ גאַנצע משפחה פון ווערטער און עס ווילט זיך פאַרברענגען מיט זיי. און אַ יום־טובדיקער תענוג איז מיר ווען איך לאָז זיך אַריין אין די ספּערעס פון כלערליי מענטשן אויף מיין לעבנסוועג צו דערגיין פון וואַנען און פון וועמען זיי שטאַמען.

מיר איז ניט פרעמד די זכרונות־ליטעראַטור פון מיינע מיטצייטלער, וואָס דערין איז ביטערקייט צו זייערע מלמדים. איך קען דערויף קיין עדות ניט זיין. אַ רבין „מיט אַ קאַנטשיק" האָב איך קיינמאָל ניט געזען, אַחוץ אויף אַ מכלומרשטער קונסט־מאָלעריי, מיט וועלכער דער קינסטלער וויל זיך אַרויסשטעלן אַז ער האָט אַ זין פאַר יידיש פאָלקלאָר. עס איז אָבער געפעלשט, צוגעטראַכט.

געווען מאָמענטן ווען ר׳ לייבל פלעגט אַרויס פון געדולד איבער מיינע פרעגענישן אין מיטן לערנען. דעמאָלט פלעגט ער כעסדיק אָנשרייען, אַז איך „צעברעך דעם חדר". קוים פרעג איך וואָס, מוז ער דאָך מיר ענטפערן, און די אַנדערע קינדער קענען דערווייל ניט אָנגיין מיטן לערנען. אָבער דווקא אין אַזאַ טאָג פלעגט ער מיך פאַרהאַלטן אין חדר נאָכדעם ווי די אַנדערע קינדער זיינען שוין געהאַט אַהיימגעגאַנגען. ס׳איז ניט געווען קיין שטראָף. גראָד פאַרקערט. אַ גוטמוטיקייט צו דערוויסן זיך געניי וואָס עס עגבערט מיך און וואָס עס שטעלט מיך צופרידן. צומאָל איז אויסגעקומען אַז איך בין פאַרבליבן ביז אַ שפּעטער שעה אין ווינטערדיקן אָוונט, און איך געדענק ספּעציעל די שעה ווען אין חדר איז אַריינגעקומען דער פאַרהויקערטער לומדישער קרוב פון דער רביצין און עס איז באַלד געוואָרן אַ רייד אין לערנען צווישן אים און ר׳ לייבלען, און די רביצין האָט אַריינגערעדט. פון די רייד זייערע האָב איך דעמאָלט געהערט צום ערשטן מאָל דעם נאָמען רמב״ם. דער אָפּקלאַנג פון דעם נאָמען איז מיר געווען אויסטערליש. אין מיין דמיון איז מיר פאַרבליבן אַ זעלטענע בילדלעכקייט. די רביצין, קורצגעוויקסיק מיט אַ קליין פּנימל, און אי מיט אַ שייטל, אי מיט אַ קאָפּ־טיכל; און קורצגעוויקסיק דער פאַרהויקערטער קרוב; און ר׳ לייבל, דווקא הויך און פאַרמאָגערט, און הגם פאַרעלטערט, האָט אויף זיין הויכן שטערן געשפּילט אַ פרישקייט און די ברייט־צעעפנטע אויגן זיינע האָבן געהאַט אַ ליכטיקן קוק. דורך די צע־פייערטע רייד זייערע האָט אינעם גאַנצן חדר־שטיבל אַרומגעשוועבט אַ גייס־טיקע ליכטיקייט.

שוין אַריין אין אָוונט און איך בין נאָך אַלץ ניטאָ פון חדר, האָט די מאַמע געשיקט מיין שוועסטער מערע, פיר יאָר עלטער פון מיר, צו נעמען מיך אַהיים. מיין שוועסטער איז געקומען מיט אַן אָנגעצונדן לאַמטערנעלע און מיר האָבן געבראָדזשעט אינעם אָנגעפּאַלענעם שניי, און זי האָט מיר פאַרטרויט דעם „סוד" וואָס די מאַמע האָט אָנגעגרייט פאַר מיר פון מיינע שפּייז־ליב־שאַפטן, בולבענע קוגל, און מיר האָבן אונטערגעשפּרונגען מיט געלעכטערלעך.

נאָר איבער דעם אַלעמען איז מיר אין זכרון פאַרבליבן אַ סצענע, וואָס האָט אַנטפּלעקט ר׳ לייבלס מאַראַל.

אַ גאָר באַשיידן לעבן איז אָנגעגאַנגען ביי אים מיט דער רביצין. אַ גאַנצע וואָך, אַחוץ שבת, האָבן ביידע זיך באַנוגנט מיט די וואָלוועלסטע שפּייזן, לויטער מילכיקס. איך פלעג זיי תמיד זען עסן מילכיקע לאָקשן. איך האָב עס

דערציילט מיין מאַמען, און עס איז דערפון אַרויסגעקומען אַ פּורים־סצענע.

אַלע תלמידים האָבן געבראַכט דעם רבין אַ געוויינלעכן שלח־מנות. מיין מאַמע האָט פאַרטראַכט מער. זי האָט געקראָגן פון איר פאָטער, מיין זיידע יאָשע־שלמה, דעם הענדלער מיט עופות, אַ גרויסע, פעטע הון און זי האָט עס גענומען צום שוחט און אָפּגעפּליקט די פעדערן, עס געוואָשן און געזאַלצט, עס אָפּגעקאָכט מיט אַ פּורימדיקן קרעפּלעך־זופּ און בייגעלייגט אי אַ פאַרפל־צימעס מיט לעבערלעך — אַ שקודער שבת־מאכל — אי אייגן־געבאַקטע המן־טאַשן, און דער זיידע האָט מיר געהאָלפן עס טראָגן צום רבין אַלס דעם פּורימדיקן שלח־מנות. דער זיידע איז געבליבן שטיין אין דרויסן און איך האָב אַריינגענומען דעם טאָפּ געקאָכטע הון מיט אַלע געקעכטסן און געבעקסן אין חדר אַריין. דער רבי און די רביצין זיינען מיר אַקעגן־געקומען מיט אויפגעריסענע אויגן. דערזען וואָס עס איז, האָט דער רבי זיך צעשריען: ניין און ניין. מ׳טאָר נישט. מיין זיידע אין דרויסן האָט דערהערט דעם גע־רודער אין מיין רבינס שטוב, איז ער אַריינגעקומען. עס איז אָנגעגאַנגען אַ דיאַלאָג צווישן ר׳ לייבלען און מיין זיידן. דער תמצית דערפון: אויף איין זייט ר׳ לייבלס אָפּוואַרפן זיך פון דער מעגלעכער זינד צו נעמען עקסטרע מתנות פאַר זיין לערנען מיט מיר מער ווי מיט די אַנדערע תלמידים; און אויף דער צווייטער זייט מיין זיידנס צעדריקטקייט פון אַ באַליידיקטן, וואָס ר׳ לייבל באַשולדיקט אים אין וועלן געבן „שוחד" פאַר גוטסקייט צו מיר, און וואָס דערמיט שטייט ער, מיין זיידע, בתמונת יצר־הרע. די רביצין האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ שרייען אויפן רבין, וואָס זי האָט עס קיינמאָל ניט געטאָן. סטייטש, ער מאַכט דאָך אַ בלבול אויף אַזאַ טייערן ייד ווי יאָשע־שלמה. ר׳ לייבל האָט זיך איינגעשטילט און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן געלאָזן די רעביצין נעמען דעם גרויסן שלח־מנות — אָבער נאָך פּורים איז ער צו מיר געוואָרן אַסך קעלטער. זאָל עס אים זיין אַ באַוויז אין אייגענעם האַרצן, אַז ער נעמט ניט לייכט די מינדסטע יצר־הרעדיקע אָנרייצעניש, אַפילו ניט אַזאַ וואָס קען זיך בלויז אויסדוכטן יצר־הרעדיקס...

***

אַסך, אַסך יאָרן שפּעטער, שוין אונטער אַמעריקעס הימלען, האָב איך דערציילט פון דעם פּורימדיקן מאַראַל־אינצידענט דעם מפורסמדיקן אַרבע־טער־פירער סידני הילמאַן, אַ לאַנדסמאַן פון זאַגער; עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ר׳ לייבל איז געווען אַ קרוב פון זיין משפּחה, פון זיין מוטערס צד...

# אַ שטעטעלע — און אַ חלום

קרובים פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער. — קול־תורה און „עסן טעג״. — ר׳ לייזער שמש און זיין ווייב „שרה בת טובים״. — יאַנקע דער שוסטער און רחל זיין ווייב.

- אָפּשטראַל אין ווייטע יאָרן
- די פּאָעטן מאַני לייב און י. אַדלער
- אַ סצענע מיט אַב. קאַהאַן
- אַמעריקע און אַ מענטש ווי פון אַ חלום

## 1



יך האָב זיך געפונען אין דעם פּיצינקן שטעטעלע פּיקעלן, וואָס צווישן שקוד און טעלז און וואָס דערפאָרן אַהין האָט מען געקענט בלויז מיט פערד־און־וואָגן אויף פאַרבלאָטיקטע שטעגן. פּיקעלן, אַ יידיש פּינטעלע אין געדיכטער זאַמוט־פּויערישער קריסטלעכקייט צווישן ברייטע פעלדער פון פלאַקס, אַ ישובל מיט קורצינקע, ניט־ברוקירטע געסלעך, הילצערנע שטיבער ווי אַרויסגעוואַקסענע פון בלאָטע, און ביים צוקומען צו אַ שטוב נאָך אַ רעגן האָט מען געמוזט אַ שפּרונג טאָן, ווי איבער אַ גראָבן, צו פאַר־לייגטע ברעטלעך.

בלאָטע־בילדלעכקייט אין פּיקעלן האָט זיך איינגעשטעלט ערשט אויפן אויסגעשפּרייטן מאַרקפּלאַץ אַרום דעם ברונעם אין סאַמע מיטן שטעטל. אַ

מלחמה צווישן בלאָטע און זון. די בלאָטע האָט געהאַט אַן „עלאַי", די מול־טערס וואַסער ביים ברונעם אָנצוטרינקען פויערשע פערד. די פערד האָבן געזשליאָקעט וואַסער און ס'האָט זיך אַריבערגעגאָסן פון די פערדישע מיילער, וואָס האָט כסדר געבראַכט מער בלאָטע. און די זון האָט געאַט אַן „עלאַי", די ערב־שבתדיקע יידישע וואַסער־טרעגערס. זיי האָבן אָפּגעשטויסן די בלאָטע אום צוצוקומען צום ברונעם.

פיקעלן־בילדלעכקייט האָט זיך איינגעשטעלט אויך וואָס אויף אַ בערגל אַקעגן דעם מאַרקפּלאַץ, צווישן צוויי רייען ביימער, איז געשטאַנען אַ באַ'צלמ'־טער ליטוויש־פויערישער קלויסטער מיט אַ גלאָק, וואָס האָט ניט אויפגעהערט קלינגען מיט אַן אומעט אַ גאַנצן טאָג זונטיק; און אָנהייבן קלינגען פלעגט עס שוין שבת פאַרנאַכט, ווען אין יידישן געמיט איז אַן אייגענער אומעט וואָס דער שבת גייט אַוועק.

און אַן אַנדער בילדלעכקייט. הינטער יידישע שטיבער מיט געוועלבן צום מאַרקפּלאַץ, און אַקעגן דעם קלויסטער־גלאָק, איז געווען איינגעזאַמלט אַן אַלטער פויערשער קאַפּעל מיט געדיכט־צעשטעלטע צלמים ווי איינס אין אַנדערן. מ'האָט דעם קאַפּעל מער ניט גענוצט, אָבער וואו אויף אַ צלם האָט זיך געהאַט פאַרהאַלטן דאָס פּנים „פון דער מאַמען", און וואו דאָס געקריי־ציקטע פּנים „פון דעם זון".

נאָר דאָס אַלץ איז ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען דער עדה יידן אין פיקעלן. ניט די בלאָטעס, ניט די פויערישקייט. אַברהם אָבינוס אייניקלעך האָבן פאַר זיך אויסגעשטאַט אַ גערוימען, זויבערן שולהויף אי מיט אַ בית־מדרש און אַ קלויז דערביי, אי מיט אַ „קאַלטער" שול פאַר זומער, דערצו אַ שטיבל פאַר אַ שטעטלשן חדר, וואו עס האָבן געלערנט סיי קינדער מיט שכר־לימוד, סיי אָרעמע אָן שכר־לימוד. און אָפּגערוקט און אָפּגעצוימט איז געשטאַנען דער מרחץ. ריינלעכקייט איז דאָך יידישער שטייגער.

אַ יונגן רב האָט די פּיצינקע פיקעלן געהאַט פון די וואָלאָזשינער לומדים. אָנגעפירט דאָס יידישע פיקעלן האָט אָבער דער שמש ר' לייזער, אַ סך עלטער פונעם רב. ר' לייזער, שמש און למדן, דערצו מיטן יחוס ווי אַ קרוב און אויך אַ תלמיד פון ר' ישראל סאַלאַנטער (פאַמיליע־נאָמען: ליפּקין) און נאָכדעם, בעתן לערנען אין קאָוונע, אַ בן־בית ביי ר' יצחק אלחנן (פאַמיליע־נאָמען: ספּעקטאָר). דער רב אין פיקעלן פלעגט וועגן ר' לייזערן זאָגן: „נישטאָ בנמצא נאָך אַזאַ למדן". און מיט זייביידן האָט דאָס קליינינקע בלאָטיקע שטעטעלע

אין געדיכטער קריסטלעכקייט געחלומט אַ גרויסן, אַ ציכטיקן, יידישן חלום.

אין ליטווישן זאַמוט איז דעמאָלט געווען אַ צייט ווען יידן אין די מינדס־טע שטעטלעך האָבן געגאַרט נאָכטאָן טעלז מיט איר שוין באַרימטער ישיבה. האָט אויך פּיקעלן דערויף זיך פאַרמאָסטן און איך האָב געזאָלט דאָרט ווערן אַ „פּאָלנער ישיבה־בחור״ גלייך נאָך מיין בר־מצווה.

מיין שקודער רבי אין גמרא, ר׳ לייבל פון זאַגער, האָט מיט אַ וואַרעמ־קייט גע׳עצה׳ט מיין פאָטער, אַז וויבאַלד איך לאָז זיך ניט איינשפּאַנען אין דער חדרשער כיתה, איך כאַפּ אין לערנען, איך שפּרינג אַלעמען אַריבער, און זיך אַליין אויך, דאַרף מען קלערן וועגן שיקן מיך לערנען אין אַ ישיבה אין דער פרעמד, וואו איך וועל קענען לערנען אָן אַ כיתה, נאָר מיט אַ מדריך, וואָס איינער פון די ישיבה־לומדים וועט אַוודאי איינוויליקן צו זיין מיר אַ וועגווייזער וויאַזוי צו לערנען און וואוהין צו צילן. נאָך צו־יונג, ממילא נאָך צו־ווייניק אַריינגעלערנט, מ׳זאָל פּרואוון מיך שיקן קיין טעלז, איז געבליבן פּיקעלן, וואו איך וועל זיין פון די ערשטע, מיט וועמען אַ ישיבה וועט זיך אָנהייבן, און וואו מיין זיידע יאָשע־שלמה האָט געהאַט ווייטע קרובים.

נאָך דער ישיבה־חלום פון פּיקעלן איז גיך פאַרפלויגן. בסך־הכל זיינען מיר געווען דריי אָנגעקומענע לערנער פון דער פרעמד. די אַנדערע צוויי, אַסך עלטער פון מיר, טאַקע שוין חתן־בחורים. און נאָך עטלעכע וואָכן זיינען זיי אָפּגעפאָרן אַנדערשוואו.

ס׳האָט מיך הנאה געטאָן וואָס זיי זיינען אַוועק. זיי האָבן מיר כסדר פאַר־שאַפט האַרץ־קלעמעניש דורך פאַרשעמען מיך. זיי איז ניט אָנגעשטאַנען וואָס אין שטעטל האַלט מען אויך מיך פאַר אַ ישיבה־בחור, גלייך מיט זיי, בעת איך בין נאָך גאָר אַ ייִנגל. איך בין פאַרבליבן אויפן גאַנצן זמן, האַרבסט און ווינטער ביז פּסח־צייט. און פּיקעלן שווימט אַרום אין מיין זכרון ווי אַ מוס־טער פון גאָר אַ זעלטענער „קהילה־קדושה״.

ניט מיט אויסערלעכער פרומקייט, נאָר מיט אינערלעכער טהרה.

אַ הייליקע פראַכט איז געווען אין דער שטעטלשער נשמה, די טייערע יידישע פאָלקס־אייגנשאַפט, אַן אייביקער יידישער איפער צו טאָן אַ מצווה.

צוויי געשטאַלטן שטייען מיר אין זכרון ווי סימבאָלן דערפון. מיין מדריך אין לערנען, וואָס ער אַליין האָט זיך עס אונטערגענומען, מחמת ליבשאַפט צו לערנער, דער אַלטער לומדישער שמש ר׳ לייזער; און זייט־ביי־זייט מיט אים יאַנקע דער שוסטער, ביי וועמען איך בין איינגעשטאַנען ווי אַ קוואַרטיראַנט,

און טאַקע ר׳ לייזער האָט מיך געבראַכט צו יאַנקעס היים. דורךביידן האָב איך אויך אָנגעהויבן באַגרייפן וואָס פאַר אַ נייע צייט קומט אַקעגן מיין דור.

דער שמש ר׳ לייזער האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר ווי אַ גוטער מלאך גלייך ווי איך האָב זיך באַוויזן אין בית־מדרש אינעם פרימאָרגן נאָך מיין אָנקומען אין פּיקעלן. הויך אין וואוקס, נאָר מיט אַן איינגעבויגענער פּלייצע, מחמת הויך אויך אין יאָרן, דאָס גאַנצע פּנים פאַרוואַקסן אין גרוי און די אויגן פאַרשזמורעט אונטער לאַנגע געדיכטע ברעמען, האָט ער מיט אַ פריי־לעכער פריינטלעכקייט דערלאַנגט מיר אַ שלום־עליכם און באַלד מיך אַ רוף־געטאָן צו גיין מיט אים. ער גייט באַשטעלן פאַר מיר „טעג״.

איך בין דאָך פון דער פרעמד, און געקומען זיין אַ לערנער, וועל איך „עסן טעג״. יעדן טאָג ביי אַן אַנדער פאַמיליע, אַזוי וואָך נאָך וואָך פאַרן גאַנצן זמן. נו, דאַרף ער מיך נעמען צו די באַשטימטע הייזער און מיך פאַר־שטעלן.

און באַלד אין דער ערשטער שטוב, וואו ער האָט געמאָלדן דער באַלע־באָסטע, אָנוויזנדיק אויף מיר, אַז איך וועל קומען עסן ביי איר יעדן זונטיק, האָב איך געגומען איינזען וואָס פאַר אַ מענטש ר׳ לייזער איז. די באַלעבאָסטע האָט געפּרואווט איינוועגדן, אפשר זאָל איך קומען שבת. איר הויז איז שבת בעסער איינגעשטעלט. איר מאַן איז אין דער היים. ער פאַרגעסט די פלאַקס־פעלדער פון אַ גאַנצער וואָך. די היים איז אים אַ מנוחה און זי גרייט־צו געשמאַקע שבת־שפּייזן. ר׳ לייזער האָט באַלד אָפּגעענטפערט, אַז שבת איז שוין „פאַרנומען״. שבת וועל איך, מירצעשעם, עסן ביי אים...

מיר אַליין האָט ער עס נאָך ניט געהאַט געזאָגט, און מיט ר׳ לייזערס אַ זאָג, האָב איך איינגעזען, דינגט מען זיך ניט. מ׳האָט פאַר אים גרויס אָפּשיי. און וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ נענטער איז ער מיר געוואָרן, און איך האָב געהאַט אַ געפיל, אַז איך געפין זיך אין אַ זעלטענעם ליכט פון אַ זעל־טענעם ייד.

ער איז ניט קיין שמש פאַר פּרנסה. ביי אים איז דאָס אַ זכות. ער באַ־דינט אַ גאַנצע עדה יידן. און זיין באַדינען איז ניט דווקא אין האַלטן ריין דעם בית־מדרש און אין דורכפירן שליחותן פאַרן רב און פאַרן גבאַי. אַליין אַ למדן, פירט ער אָן מיטן לערנען אַ בלאַט גמרא טאָג נאָך טאָג, צווישן מנחה און מעריב, און צום לערנען קומען פאַרהאָרעוועטע קרעמער, פלאַקס־הענד־לער, טאָקערס פון געוואַנט, באַלעבאַטישע לייט פון פּיקעלן. און קומט וועד

מיט אַ כמורנעם פּנים פון זאָרג, האָלט עס אָן ביזן זעצן זיך ביים גמרא־טיש.
אויגן ווערן דעמאָלט אויפגעלויכטן. מען דערוואַרט גייסטיקע הנאה. אַ באַ־
לעבאַטישער לערנען אַ בלאַט גמרא איז דאָך אָנגעגאַנגען אויך אין שקוד,
אָבער ניט אויף אַזאַ שטייגער ווי ר׳ לייזער האָט עס אָנגעפירט אין פיקעלן.
זיינע מיט־לומדים האָבן תמיד אָנגעקוואָלן פון זיין דרך אין אַריינלאָזן זיך
גלייכצייטיק אי אין הלכה, אי אין אגדה, און אַרויסקומען מיט אַזויפיל שכל־
דיקס, וואָס מ׳קען עס מער ניט אָפּפרעגן.

דערצו האָט ר׳ לייזער אָנגעפירט דריי אָוונטן אַ וואָך, נאָכן מעריב־דאַוו־
נען, מיט אַ חברה משניות; און שבת בייטאָג האָט ער געלערנט מיט ניט קיין
לומדים „חיי־אָדם"; און שבת פאַרנאַכט איז ער פריער געווען דער פירזאָגער
ביים פרק, נאָכדעם ביים תהלים.

אַ שמש „של־מעלה" איז ער געווען, ר׳ לייזער.

און וואָס איז מיט אויסקומעניש אין פּשוטן לעבן? זיי האָבן געהאַט גע־
נוג, ר׳ לייזער מיט דער וויב, פונעם צוגעשיקטן געלט פון זייער זון אין
דרום־אַפריקע. דער זון איז געווען געטריי טאַטע־מאַמען אין זעלבן גייסט
וואָס פאָטער און מוטער האָבן געהאַט צווישן זיך, לויטער פרומע ליבשאַפטן.
דער זון האָט געוואוסט, אַז די מאַמע איז אַ שווערע חולנית, זי קען קוים
שטעלן אַ טראָט; און דער טאַטע, דער גרויסער עוסק בתורה וואָס ער איז,
און שמשות איז ביי אים אַ הייליקע עבודה, גיט גלייכצייטיק דער מוטער די
ליבהאַרציקסטע אויפפּאַסעניש, וואָס גאַנץ פיקעלן רעדט דערפון מיט באַ־
וואונדער, לאָזט ער ניט דורך, דער זון, קיין וואָך אָן אַ בריוול מיט געלט
פאַר טאַטע־מאַמען. און וואָס טוט דער זון אין אַפריקע? דער טאַטע האָט
מיט אים אַלעמאָל געלערנט פון אַלטע ספרים, וואָס אין פיל פון זיי רעדט
זיך וועגן גאַנצן באַטייט פון דימענטן, און וויאַזוי מען רייניקט זיי, און וויאַזוי
מען שלייפט זיי, און וואָס די צייכנס זיינען אַז זיי זיינען עכט, איז דער זון
געוואָרן אַ מומחה ביי די דימענט־גרובן אין אַפריקע און ער אַרבעט פאַר
אַ געזעלשאַפט פון ענגלאַנד. דער באַריידעוודיקער ר׳ לייזער דערציילט עס
אַלעמען מיט אַ פריילעכן שטאָלץ. אָנגעטאָן אַ זשופּיצע אויף אַ זשופּיצע
ביז אַריבער די שטיוול, די פאָלעס אויפגעהויבן ניט צו פאַרשלעפּן בלאָטע
אויף זיך, האָט ר׳ לייזער, אין זיין שפּאַנען צו באַשטעלן „טעג" פאַר מיר,
גערעדט מיט אַ געלעכטערל, אַז די וועלט איז אַ וועלט נאָר דערפאַר, ווייל
פיקעלן איז דאָ אויף דער וועלט. אַברהם אָבינו אַליין האָט דאָך געקענט שיקן

יידן קיין פיקעלן. יעדער ייד אין פיקעלן מאַכט יעדן טאָג אַ חשבון וועגן טאָן אַ מצווה. ממש הויז נאָך הויז אין פיקעלן האָט וועמען טאַקע אין דער ווײַ־טער אַפריקע, און בישקשה, מען פאַרלאָזט ניט טאַטע־מאַמען, מען פאַרגעסט ניט ווײַב און קינד, און אין די בריוו שטייט אָנגעשריבן, אַז מ׳זאָל פון צו־געשיקטן געלט געבן צדקה. גיט מען טאַקע אַ סך ליכט פאַרן בית־מדרש, ליכט אויף שבת, ליכט אויף יום־טוב און ליכט פאַר לערנער, און מ׳האָט עס אַ נאָמען געגעבן „אַפריקאַנער ליכט״. און עס פעלט ניט, חלילה, קיין האָלץ אויף ווינטער. ניט פאַרן אויוון אין בית־מדרש, ניט פאַרן חדר און אויך ניט פאַר אַ פאַראָרעמטער שטוב, און מען רופט עס טאַקע „אַפריקאַנער האָלץ״. און אַ דאַנק אַפריקע איז ניטאָ קיין הונגעריקער ייד אין פיקעלן. מען עסט „אַפריקאַנער ברויט״. און געבן „אַ טאָג״ אַ לערנער פון דער פרעמד איז דאָך פון די סאַמע־טײַערסטע מצוות; שטיצט מען אַ לערנער אין תורה, טוט מען דאָך אַרײַן אַ נײַעם כוח אין דער תורה גופא. איז ווען מ׳האָט געחלומט אויפצוזאַמלען אַ ישיבה אין פיקעלן, האָט מען צונויפגענומען די „אַפריקאַנער משפחות״ און זיי אַ נאָמען געגעבן „אַפריקאַנער תומכי־תורה״, צו פאַרזיכערן לערנער פון דער פרעמד מיט „עסן טעג״ בײַ זיי. ווער איך, דער שקודער יינגל, הייסט עס, עסן „אַפריקאַנער טעג״. און ר׳ לייזער שטעלט זיך אָפּ און שמייכלט און זאָגט מיר אָן, אַז בײַם אַרײַנקומען וואו אין אַ שטוב, דאַרף איך ניט שטיין ווי אַ שעמעוודיקער. די „אַפריקאַנער תומכי־תורה״ באַגרײַפן, אַז זיי דאַרפן דאַנקען וואָס אַ לערנער קומט צו זיי. ער ברענגט דאָך זיי אַרײַן אין שטוב דעם גאַנצן באַרג סיני...

אַזוי אַ גאַנצן מאָנאָלאָג האָט ר׳ לייזער אָפּגעזאָגט. און אין אַלע מײַנע ווייטערדיקע יאָרן פלעג איך אָפּט זאָגן זיך אַליין, אַז גאָרניט גערעכט איז מען אין אונדזער השכלה־ליטעראַטור, וואָס מ׳האָט דאָס „עסן טעג״ פאַר־אורטיילט ווי אַ בעטלערישן אײַנפיר פון אומבאַהאָלפענער אָרעמער בחור־שאַפט, אַן אומכבוד פאַר לומדות און לומדים. גערעכט איז געווען דער שמש ר׳ לייזער פון פיקעלן.

אין דער אמתן האָט אַ לערנערס „עסן טעג״ בכבודיקע קולטור־געשיכטע אין כלערליי מדינות, און אינעם פאַרנעם פון אונדזער אַמעריקע איז עס דערגאַנגען צו ממש אַ צווײַבערדיקער אַנטוויקלונג. די סיסטעם פון „סקאָלער־שיפּס״ (סטיפּענדיעס, תמיכה לתלמיד להוסיף ללמוד), און פון „גרענטס״ (מתנה אָדער קיצבה), פאַרצווייגט בײַ אַלע מינים קאָלעדזשעס, סעמינאַרן,

אַקאַדעמיעס און אוניווערזיטעטן, און בכלל אויף די פעלדער פון אַמעריקעס קולטור, איז ממש אַ צויבער־וועג פון פאַבריק־ און מסחר־פּראָפיטן צו לוי־טער גייסטיקע עשירותן, און עס איז אַ גילגול פון אונדזערע שטעטלשע „תומכי־תורה" און „עסן טעג".

און די סיסטעם האָט טאַקע אויפגעשפּראָצט אין יידישן גאָרטן.

מעצענאַטן ביי באַשטימטע קולטור־צווייגן האָט די פּאַראייניקטע שטאַטן, פאַרשטייט זיך, געהאַט אויך פריער. די קאַרנעגי־פאָנדן פאַר לערער און ביבליאָטעקן, די ראָקעפעלער־פאָנדן פאַר מעדיצינישן פאָרשן. אָבער דער פּיאָנעריש־קולטורעלער שריט פון דער דראַמאַטיש־מיליאָנערישער גוגענ־היים־משפּחה — אַ קאַפּיטל אַמעריקע דורך אַן אימיגראַנטישן פּאָטער פון דער שווייץ מיט זיבן אַמעריקאַנער זין — האָט שוין געצילט צו אַ פיל ברייטערער ערודיציע: ליטעראַטור, פעלקער־געשיכטע, געלערנטקייט וואָס פירט צו וועלט־מאָראַל, מענטשלעכער שלימות, כסדרדיקן גייסט־פּראָגרעס. איך בין געשטאַנען ביים אָנהייב דערפון דורכן זשורנאַליסטישן צונויפקום מיט איינעם פון די זיבן זין, סיימאָן גוגענהיים (אַ צאָל יאָרן יונייטעד סטייטס סענאַטאָר פון קאָלאָראַדאָ). בעת זיין אויפקלערן די פאָנד־צילן פון זיין פאַמיליע איז אויפגעקומען אַן אינטים־יידישער מאָמענט דורך מיין איינ־מעלדן זיך אַלס פאַרשטייער פון דער יידישער צייטונג „פאָרווערטס". דער נאָמען „דזשואיש דיילי פאָרוואַרד" האָט אַ לויכט־געטאָן דעם זון פון די גוגענהיימס צו באַמערקן באַלד, אַז איך, מסתמא, ווייס באַשטימט וואָס דאָס אַרויסהעלפן אַ לערנער מיט שטיצן אים אין זיין לעבן איז אין האַרצן פון אונדזערע פאָלקס־טראַדיציעס. און דערביי האָט ער אַלעמען עפּעס דערציילט וועגן אַ זיידן זיינעם אין דער שווייץ.

אַ היסטאָרישער עפּיזאָד ווי אַ געהויבן מעשהלע טאַקע וועגן „עסן טעג".

שווייץ האָט דעמאָלט געהייסן קאָנסטיטוציאָנעל אַ „קריסטלעך לאַנד". ס'האָט באַטייט די יידישע אמונה איז אויסערהאַלב געזעץ. פרומע, אַלטע יידן פון פוילן האָבן געצייגט דורך דער שווייץ קיין ירושלים און געבליבן דאָרטן „שטעקן". טערקיי האָט געהאַט זיך פאַרשוואָרן ניט לאָזן זיי צוקומען צו די גרענעצן פון ארץ־ישראל. אַמעריקע האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זיי. די שווייצאַרישע יידן האָבן פאַר זיי געקראָגן אויף דערווייל אַ שטוב אין די שווייצער בערג. זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט אַ בית־מדרש אַן ווענט און אַן אַ דאַך. זיי האָבן אָפּגערוימט אַ שטיק באַרג, געזעסן אויף שטיינער און גע־

לערנט. עס האָט זיך געטראָגן דער קול־תורה אין די הויכע שווייצער בערג, און וואָס העכער די בערג — אַלץ נענטער צו די הימלען. דער זיידע פון די גוגענהיימס האָט זיך איינגעשפּאַנט אויפצוקלייבן פּריינט, און ער און זיי האָבן געטראָגן געקעכטס צו די לערנער אין די בערג לויט באַשטימטע טעג, אין שטייגער פון „עסן טעג".

אויב קול־תורה אין די בערג, זאָל מען אויך „עסן טעג" אין די בערג. ביים הערן דערפון איז מיר ליב געוואָרן צו קלערן וועגן מיין „עסן טעג" אין פּיקעלן...

## 2

צום ליבסטן איז מיר געווען „מיין שבת" מיט ר׳ לייזערן. מיר איז ליב געווען די שטוב גופא. די באַשיידענע, ציכטיקע היים מיט אַלמערס ספרים, וואָס דער שמש־למדן האָט געהאַט זיך איינגעשאַפט איבעם גאַנג פון יאָרן און וואָס די קראַנקע ווייב פלעגט יעדן ערב־שבת זיך שטאַרקן אָפּצושטויבן זיי, בכדי ערשט די ספרים זאָלן דערשיינען דערפרישטע לכבוד שבת.

און ס׳איז מיר גאָר שטאַרק ליב געווען צוצוקוקן ווי אַזוי ר׳ לייזער באַדינט זי. ווי צעקרענקט זי איז געווען, פלעגט זי אין יענע מינוטן זיך ווייזן מיט אַ זעלטענעם שבתדיקן חן.

דער נאָמען אירער שרה, פלעגט ר׳ לייזער זי אָנרופן מיט אַ ליבלעכקייט „שרה בת־טובים" — אויפן נאָמען וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אויף די ווייבערשע תחינות, וועלכע מען פלעגט קריגן פון ווילנע בעת ביידע זיינען נאָך געווען אין זייערע יונגע חתן־כלה־יאָרן. ביים פּרייטיק־צו־נאַכטיקן טיש האָט זי אַמאָל אַ זאָג געטאָן, אַפּנים, איך, דער ייִנגלשער לערנער פון שקוד, זאָל עס אויך וויסן, אַז מיט איר איז אויסטערלישקייט. הגם זי קרענקט אַ גאַנצע וואָך, און צומאָל ווייִנט זי פון ווייטיק, ווערט איר אינגאַנצן אַנדערש ערב־שבת, וואָס דאָס נעמט זיך, מיינט זי, פון איר דערוואַרטן ר׳ לייזערס אַהיימקומען פון שול מיטן מונטערן רוף צו איר: „גוט שבת, שרה בת־טובים!..." און באַלד זיין זינגען דעם שבתדיקן „שלום עליכם מלאכי השלום"... וואָס זי זינגט עס מיט. אינעם ערשטן שבת מיינעם האָט ר׳ לייזער מיך אַ צופּ־געטאָן, אַז אויך איך זאָל עס מיטזינגען. איך בין געווען

שעמעוודיק, אָבער עס געטאָן, און אין די וויטערדיקע פרייטיק־צו־נאַכטן האָב איך עס שוין געטאָן גערן און דרייסט.

דאָס זינגען ר׳ לייזערס די שבתדיקע זמירות, געווענדט צו דער „כלה שבת״ — „אשת חיל מי ימצא״ און „מה יפית ומה נעמת״ — האָט די קראַנקע שרה געקענט אָננעמען, אַז דאָס איז אַלץ פאַר אירטוועגן, אַז אין זיבעצן פון איר לומדישן מאַן איז זי די „כלה שבת״. זי פלעגט דעמאָלט, מיטן שבתדיקן ווייסן קראַנגנדל אַרום האַלדז און דעם ווייס־זיידענעם שטערן־טיכל, אויס־קוקן ווי זי וואָלט דורך אַ כישוף פיל ייִנגער געוואָרן. איר געל־צעקנייטשטער פנים האָט געקראָגן אַ ראָזעוון קאָליר. און נאָך ר׳ לייזערס קידוש פלעגט זי אַפילו אַ סאַרווער טאָן ביים שבתדיקן טיש מיט די ליטוויש־שטעטלשע שבת־פּאַטראַוועס: געפילטע פיש אין שאַרפער געווירצטקייט, געקאָכטע פליש אין פעטן לאָקשן־זופּ, בייגעלייגט מיט געקאָכטע, געשטאָפּטע קישקע און אַ הייסן, זיס־זויערן פלוימען־צימעס, וואָס שכנטעס פלעגן אַלע פרייטיק איר אַרויס־העלפן אין צוגרייטן דעם שבת.

ביים פרואוון סאַרווערן פלעגט „שרה בת־טובים״ אויך אַריינרעדן אין איר מאַנס רייד וועגן די שבתדיקע זמירות און וועגן „שיר־השירים״ אין שייכות מיט שבת, ווען דאָס זאָל האָבן אויפגעקומען אין די ייִדישע הימען אויף גאָר דער וועלט און ווער עס זיינען געווען די מחברים פון די זמירות; און פון ביידן האָב איך צום ערשטן מאָל פיל געהערט וועגן „אַשכנזים״ און „ספרדים״. מיט אַ באַזונדערער מתיקות פלעגט ר׳ לייזער רעדן וועגן די אומגעזעענע, די איינגעהילטע אין געטלעכקייט, די פּאָעטיש־נסתרשע „שבת־געסט״, די „זיבן אושפיזין״. איך פלעג עס אויפנעמען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. דאָס אַריינרעדן פון „שרה בת־טובים״ האָט ר׳ לייזער קיינמאָל ניט איבער־געשלאָגן. ער האָט געהאַט איינגעזען, אַז דאָס וואָס זי קען אויך רעדן וועגן דעם צויבער פון שבת, „שבת כלה״ און „שבת מלכתא״, איז איר אַ גרויסע רפואה.

אַ מין תיקון פון דעם כישוף אין דעם דיכטער היינעס פּאָעמע „פּרינ־צעסין שבת״, וואָס האָט מיך געהאַלטן צעשראָקן־געשפּאַנט אין מיינע נאָך ייִנגערע יונג־ייִנגלשע טעג...

אויף מאָרגן, ביים עסן דאָס שבתדיקע טשאָלנט, איז ר׳ לייזערס שבת־טיש תמיד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רבי־און־תלמיד־עקסקורסיע. ר׳ לייזער פלעגט זיך אַריינלאָזן, און מיך מיטנעמען, אין מימראָס און סוגיאָס פון דער

גמרא און פון מדרשים, און דערביי זיך פאַרקירעווען צו שאלות־ותשובות צווישן באַרימטע רבנים. דער ציל זיינער פלעגט זיין צו פאַרהערן מיך אויף וויפיל איך האָב דורך דער וואָך געטאָן אַ פעולה, הגם ער האָט עס געדאַרפט וויסן.

טאָג נאָך טאָג פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף אַ שעה און צוויי זייט־ביי־זייט מיט מיר אין בית־מדרש און זוכן צו דערגיין וואָס פאַר אַ נייעס מיר איז אָקעגן־געקומען פון די בלעטער גמרא און צי איך האָב קשיות צו שטעלן, אָדער אפשר בין איך ביי אַ וועלכער סוגיא, וואָס מיר איז שווער צו באַנעמען. שבת אין זיין היים האָט ער קוים דערמאָנט וואָס איך האָב געלערנט דורך דער וואָך. שבת האָט ער מיך אַריינגעפירט אין דער גמרא „שבת" און אין מדרשים וועגן שבת; און תמיד האָט ער עס צוגעפירט צו קענען וואָס דער־צליין וועגן דער לומדות און די וויזיעס לגבי דער וועלט פון די צוויי גאונים אין זיין לעבנסצייט, וועמעס נעמען דאָס פאָלק אין די אידיליש־זאַמוטער שטעטלעך האָט אַרויסגערעדט מיט פאַרפרומטע ליפּן.

די צוויי —

קודם זיין קרוב ר' ישראל סאַלאַנטער, אויפזאַמלער פון מוסר און גרינדער פון דער מוסר־באַוועגונג; שפּעטער דער יינגערער ר' יצחק אלחנן, דער קאָוונער רב.

דער „סאַלאַנטער" (ניט קיין געבוירענער אין סאַלאַנט, נאָר אַן איידעם פון סאַלאַנט) האָט געהאַט דעם יונגן לייזער אויפן צעטל פון די „ראשונים" אָנצוהייבן מיט זיי אַ מוסר־ישיבה אין דעמאָלט־דייטשן מעמל. מ'האָט אויך געהאַט גערעדט אפשר זאָל די ישיבה זיין אין דייטשן קעניגסבערג. קיין ישיבה איז אָבער ניט געוואָרן אין ביידע שטעט. און ווי אַ קרוב האָט ר' לייזער געוואוסט פאַרוואָס. עס האָט געהאַט צו טאָן מיטן „סאַלאַנטערס" טראַגיזם, וואָס דער זון זיינער האָט אָפּגעשאָקלט פון זיך די השפעה פון פאָטער און אויסגעביטן יידישע לומדות אויף מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן. דער פאָטער האָט זיך אָפּגעקערט פון אים און דער זון האָט אין יענער צייט געלעבט אינעם קרייז פון די צוויי דייטשע שטעט.

יידישע קולטור־געשיכטע האַלט פאַרצייכנט ר' ישראלן ווי אַ געבוי־רענעם פון זאַגער. ר' לייזער האָט גערעדט וועגן אים ווי אַ געבוירענעם פון טעלז און ער האָט אינטים געוואוסט וועגן דעם צוזאַמענשטויס פון פאָטער און זון. אויך „שרה בת־טובים", ווי אַ טאָכטער פון זעלבן משפחה־בוים, האָט

עס אינטים געוואוסט. קרובים אין די זעלבע שטעטלעך האָבן געהאַלטן דווקא מיטן זון. ביידע, פאָטער און זון, זיינען געווען שטאַרק צעוויטיקט פונעם צוזאַמענשטויס. ר׳ לייזער האָט מיט אַ קרעכץ אַ זאָג־געטאָן, אַז מ׳פלעגט פרואוון רעדן וועגן דעם צום זון, פלעגט ער שווייגן, שווער שווייגן, מחמת אַ פאַרדריקט האַרץ; און אַז מ׳האָט געפּרואווט רעדן צום פאָטער, פלעגט ער שאָקלען מיטן קאָפּ אויף „ביין״, און די אויגן זיינע פלעגן ווערן פייכט...

ר׳ לייזער האָט פאַר מיר געבלעטערט דעם סאַלאַנטערס ספר־זשורנאַל „התבונה״ און דעם מוסר־ספר „חובת הלבבות״. ער האָט איינגעזען, אַז איך בין נאָך צו־יונג צו באַנעמען עס געהעריק, און דערפאַר אפשר אַריינפאַלן אין אַ מרה־שחורה. ער האָט בלויז געצילט עס זאָל מיך אָנצוויבערן צו לערנען עס אין אַ שפּעטערדיקער צייט.

אַסך גוטע ווערטער האָט ר׳ לייזער געהאַט וועגן ר׳ יצחק אלחנן. פלעגט אַ לערנער אַריינקומען צום קאָוונער רב אין זיין היים, פלעגט ער באַלד אויפ־פאַסן מ׳זאָל דעם גאַסט געבן אַ הייסע גלאָז טיי. און ער אַליין פלעגט גיין הין־און־צוריק אין זיין רבנישן חדר מיט אַ גלאָז טיי אין די הענט און רעדן וועגן דעם ידישן מצב אין דער וועלט. דער טויט־שאָטן פון זיין אָפּטרעטן פון דער וועלט האָט זיך גיך צעטראָגן פון שטעטל צו שטעטל און לומדישע יידן אומעטום האָבן זיך געזעצט שבעה. איך אַליין געדענק אַ סצענע אין מיין היים, אין מיין אַכטן יאָר. ווען די טויט־נייעס פון ר׳ יצחק־אלחנן איז דערלאָפן צו אונדז אין שקוד, איז מיין זיידע יאָשע־שלמה אַריין אין אונדזער שטוב מיט ממש אַ שטורמישער האַסטיקייט און אַ פאַרזאָג צו מיין מאַמען, זי זאָל באַלד פאַרדעקן אין טרויער דעם שפּיגל: דער קאָוונער רב איז גע־שטאָרבן און אַלע יידן זיינען אַבלים...

אין די שבתים ביי ר׳ לייזערן בין איך אַזויווי אַריבערגעוואַקסן מיינע יינגלשע יאָרן און דערשפּירט אַ פליכט אַקעגן־צוקומען זיין גוטסקייט צו מיר. טאָג נאָך טאָג איז ער דאָך מיר אַ מדריך אין לערנען, האָט מיין פאָטער אים געשריבן, אַז אַוודאי קומט אים שכר־לימוד; און ר׳ לייזער האָט אָפּגעענטפערט, אַז ער האָט גרויס הנאה ביים לערנען מיט מיר, קומט אים גאָרנישט; דאַרף איך אַוודאי וואָס טאָן אַז דער באַטייט זאָל זיין אַ דאַנק — בין איך געוואָרן ווי אַ שמש־יינגל אים אַרויסצוהעלפן.

איך האָב אָנגעהויבן גיין פאַר אים איבער די „אַפריקאַנער״ הייזער יעדן פרייטיק אין דער פרי צו קריגן שבת־ליכט פאַרן בית־מדרש, אויך ליכט

פאַר אַ גאַנצער וואָך לערנען אין די פאַרנאַכטן און די אָוונטן, און ליכט פאַרן שטעטלשן חדר וואָס אויפן שולהויף. און איך האָב אויפגעפּאַסט אַז דער „נר־תמיד״ זאָל ניט אויסגיין. און עס איז דאָך געווען ווינטער, האָב איך אַליין איינגעהייצט דעם בית־מדרש־אויוון פריטיק אין דער פרי, עס זאָל זיין וואַרעם ביי קבלת־שבת. און בייטאָג בין איך נאָכגעגאַנגען ר׳ לייזערן צו העלפן אים ביים שטויב וואָס האָט געקענט זיך אָנקלייבן אויפן עמוד ביים ארון־קודש און אויפן ארון־קודש גופא, און געהאָלפן אים אויך ביים איבערבייטן דאָס פרוכת און איבערטאָן די ספר־תורהס מיט שבתדיקע מענטעלעך.

נאָך אין היינטיקע טעג, ווען־נאָר און וואו־נאָר איך קום אַריין אין אַ בית־מדרש פון אַלטן סטיל, זע איך זיך אין די סצענעס ווען ר׳ לייזער פלעגט פרייטיק אַרויפקלעטערן אויף אַ טיש אויסצואווישן די צילינדערס אין די לאָמפּן, און איך פלעג שטיין אונטן צו באַוואַכן אים, ער זאָל, חלילה, ניט אַרונטערפאַלן, און ער פלעגט דעמאָלט אַראָפּרעדן צו מיר.

גאָר אַ נייער סאָרט רייד איז דאָס געווען. נביאישע אויפקלערונגען מיט וואָרענונג. געציילטע ווערטער מיט אַ שטילן פייער —

...ס׳קומט אַ נייע תקופה, זאָגט מען... אפשר...

...יידישע קינדער קענען באַדאַרפן אויפזוכן זיך נייע מדינות...

...אפשר מלכות ענגלאַנד, אפשר טאַקע אַפריקע, אפשר גאָר אַמעריקע...

און מיט אַ קרעכץ —

...אוי, טאַטע אין הימל, ווען וועט מען שוין דערלעבן שיבת־ציון?!...

אַ צושאָקלען מיטן קאָפּ איז דערביי געווען —

...דער עיקר איז, יידישע קינדער מוזן לערנען... אַלע מוזן לערנען... און וואָס טיפער... דער גאַנצער מוח זאָל זיין אינעם לערנען... ס׳גאַנצע האַרץ... מיט לערנען קען מען אַקעגן גיין אַ נייער תקופה, אַפילו מיט שונאים...

און אָט אַזוי־אָ, ר׳ לייזער אויפן טיש מיט אַ לאָמפּ־צילינדער און אַ ווייס האַנטעכל אין האַנט, און איך דערביי אונטן, פלעגט ער אין מיטן רעדן נעמען אונטערברומען אין גמרא־ניגון, און איך פלעג מיטברומען.

...עס איז דאָך ערב־שבת, וועט באַלד זיין אַ נייער שבת אויף דער וועלט...

אין איינעם אַזאַ פרייטיק האָט ר׳ לייזער זיך פאַנאַנדערגערעדט, אַז ווען ער שטעלט זיך אויפן טיש און פאַרקוקט זיך אויפן גאַנצן געדרוים פון בית־מדרש, קומט אים צום זיבען דער חלום, וואָס ער האָט געהאַט, און פיקעלן האָט מיטגעחלומט — מ׳זאָל איינזאַמלען דאָ אַ ישיבה — און דער חלום האָט זיך אויסגעפּוסטעוועט. און ווער איז שולדיק? טעלז און סלאָבאָדקע, זאַגער און פאָניעוועזש. זיי האָבן געהאַט אין זיבען זייערע אייגענע ישיבות, האָט מען דורך זיי ניט געקענט קריגן עטלעכע ראשי־ישיבה פאַר פיקעלן. און אַז מ׳האָט ניט געקענט לאָזן וויסן ווער די ראשי־ישיבה וועלן זיין, האָבן זיך ניט אָפּגערופן לערנער פון דער פרעמד. אַפילו יונגע לערנער פון פיקעלן גופא זיינען אַוועק לערנען אַנדערשוואו. איז אים אַ צער אין האַרצן, און אין דער היים וויל ער ניט רעדן דערפון. „שרה בת־טובים" וואָרנט אים, אַז פון ערגעצוויש קען פּלאַצן דאָס האַרץ. און ער האָט זיך אַליין איינגערעדט אַ בטחון. דער חלום איז אַוועק, קען דאָך דער חלום קומען פון־דאָס־ניי. די יידישע אומה איז דאָך אַרויס פון אַ חלום. זינט יעקבס חלום מיטן לייטער צום הימל האַלט די יידישע אומה אין איין חלומען. מען לערנט און מען חלומט...

# 3

אַריינגערעדט אין מיר וועגן אַ נייעם סדר אין דער וועלט האָט אין יענע טעג אויך יאַנקע דער שוסטער, ביי וועמען איך האָב געהאַט מיין געלעגער, און פון יאַנקעס רייד האָב איך דערשפּירט, אַז איך ווער אַנגעטרויט מיט אַ הייליקן סוד...

אַ גרויסע שטוב איז ביי יאַנקען געווען. גלייך ביים ערשטן פענצטער, ביי דער טיר, איז געשטאַנען יאַנקעס שוסטערשער וואַרשטאַט מיט אַ קליין בענקעלע פאַר אים צו זיצן און טאָן זיין מלאכה. הינטער דעם, אויף דער אַנדערער זייט, איז געווען איינגעמויערט אַ ברייטער ציגלנער אויוון, אָפּגעקאַלכט ווייס, אין וועלכן יאַנקעס ווייב, רחל, פלעגט אַ גאַנצע וואָך באַקן אויף באַ־שטעל לאַבנס ברויט, און פרייטיק חלה אויף שבת, און בעתן שטעטלשן מאַרק גרויסע בייגל פאַר פויערים. יאַנקע, ווידער, פלעגט אויפן אויוון טריקענען

האַריקן געוואַנט צונויפצונייען דערפון מיט דראַטווע ווינטערדיקע וואַליקעס פאַר פויערישע שטיוול. אַ שלאָף־באַנק אין דער זעלבער שטוב איז דורך די נעכט געווען מיין געלעגער. אַ טיר גלייך דערביי האָט געפירט צו אַ חדר וואו יאַנקע און רחל האָבן געלעבט זייער אינטימען לעבן מיט אַ צוויי־יאָריק טאָכטערל, לאהלע. דורך געשטיקטער לופט פונעם טריקענען די וואַלי־קעס פלעג איך אין די נעכט צומאָל אַריינפאַלן אין וויסטע חלומות און נעמען שרייען. יאַנקע פלעגט דעמאָלט באַלד אויסוואַקסן ביי מיין געלעגער און מיך פון די חלומות אַרויסנעמען.

יאַנקע און רחל, ביידע יונג, מיט אַ ליכטיקער ליבשאַפט צווישן זיך אַליין און מיט ליבשאַפט צו יעדן מענטש וועלכער איז צו זיי געקומען, זיינען זיי געווען שטאַרק אָנגענומען אין פּיקעלן. זייער איווון מיט וואַרעמקייט פון אַ גאַנצער וואָך געבעקס איז געוואָרן ווי אַ כישוף־גרוב פאַר אַריינשטעלן שבתדיקן טשאָלנט. פלעגן קומען מיטן טשאָלנט אויך שכנים פון וויטערע געסלעך. רחל האָט דורכן איווון אָפּגעשפּאָרט זיך יעדן פּרייטיק אַ היפּש ביסל מצוות. אויפן וואַנט ביים איווון איז געווען אָנגעהאָנגען אַ פּושקע פאַר „ר׳ מאיר בעל הנס ישיבה" אין ארץ־ישראל, און ביים ברענגען אַ טשאָלנט פון אַ באַלעבאַטישער היים האָט מען דאָרט אַריינגעוואָרפן מטבעות. אויך אַ מצווה־דיקן „קלאַסן־קאַמף" האָט רחל אָנגעפירט דורכן איווון. זי פלעגט אויסמוש־טירן איווון־פּאָזיציעס. מען מוז ניט נאָכגעבן באַלעבאַטישע היימען אַריינ־צושטעלן בלויז זייער טשאָלנט וואָס טיפער אין איווון, כדי עס זאָל אַרויס־קומען מער פאַרטריקנט, וואָס ערשט דערין איז דער אמתער תענוג־שבת פאַרן יידישן גומען. רחל האָט געשטעלט אַן אָרעמאַנס טשאָלנט זייט־ביי־זייט מיטן גבירס. עס דאַרף זיין „גלייכהייט" אויף דער וועלט...

יאַנקע אַליין האָט זיך צונויפגעזאַמלט מצוות אַ גאַנצע וואָך. ער האָט ניט גענומען באַצאָלט פאַר צונויפנייען צעריסענע שיכלעך פאַר אָרעמע קינ־דער. און ער האָט ניט געוואַרט ביז אַ מאַמע פון אַ אָרעמער היים וועט אים ברענגען צעריסענע קינדער־שיכלעך. ער פלעגט זיך באַווייזן אין שטעטלשן חדר אויפן שולהויף, באַקוקן די שיכלעך אָדער שטיוועלעך פון אָרעמע יינג־לעך, און האָט ער געפונען אַז מען דאַרף וואו צונייען אַ לאַטקעלע, אָדער אויסגלייכן אַ קנאַפּעלע, פלעגט ער אַ ווינק־טאָן צום רבין, אַז ער נעמט די יינגלעך צו זיך אין דער היים צו מאַכן זייערע שיכלעך גאַנץ. און יאַנקע פלעגט דערביי אַ שטיף־טאָן מיט די קינדער, זיי זאָלן אים אָננעמען פאַר אַ

גוטן פעטער; און בכדי ניט צו פאַרשעמען זיי מיט זייער אָרעמקייט, האָט עס געהייסן, אַז זייערע מאַמעס באַצאָלן יאַנקען. בעתן מאַרק־טאָג פלעגט יאַנקע זיך מרחם זיין אויך אויף פאַראָרעמטע פויערישע קינדער. איך האָב בייגע־וואוינט די זעלטענע סצענע, ווען דער ליטוויש־פויערישער גלח איז געקומען צו יאַנקען אין שטוב אַריין באַדאַנקען אים פאַר זיין פאָטערלעכקייט. זיי האָבן גערעדט דאָס ליטוויש־זאַמוטער לשון. און אַז דער גלח איז אַוועק האָט יאַנקע אַריינגעשמייכלט אין זיך, אָבער באַלד געזעצט זיך אויף זיין שוסטערשן בענקעלע ביים וואַרשטאַט און גענומען זינגען דאָס אומעטיקע לידל, וואָס איך האָב אים תמיד געהערט זינגען, און צומאָל מיט אַ צוזינגען פון זיין ווייב, רחל, ביים אויזון —

...דאָרט אין אַ ווינקל, אין נאַסן קעלער,
האַרט אויף דר׳ערד, אויף אַ ביסעלע שטרוי,
דאָרט ליגט אַ מאַן מיט — אוי — אַ ברוסטפעלער,
ער ליגט און קרעכצט און שרייט אוי־ווי...

אַן אַנגרייפנדיק־אומעטיק לידל, האָב איך יאַנקען אַ פרעג געטאָן פאַר־וואָס ער זינגט דאָס זעלבע לידל ווידער און ווידער. צוערשט האָט ער אָפּגע־ענטפערט מיט אַ געלעכטערל: „נו, און אַז דו זינגסט ביים לערנען טאָג נאָך טאָג דעם זעלבן גמרא־ניגון...“ און דעמאָלט האָט ער זיך אויך געלאָזט באַקענען.

ניט ער, יאַנקע, און ניט רחל זיינען אויסגעוואַקסענע פון פּיקעלן, זיי זיינען גאָר פון פּאָניעוועזש. נאַטשאַלסטווע האָט זיי פאַרשיקט קיין פּיקעלן. זיי זיינען דעמאָלט געווען חתן־כלה. זיי האָבן געהאַט זיך באַטייליקט אין אַ געהיימען שפּיל פון באַלמעלאָכעס און גימנאַזיסטן אין אַ פּאָניעוועזשער וואַלד. מ׳האָט פאַרגעשטעלט די ביטערע מערכה פון אַרבעטער און פון יידן אין דער צאַרישער מדינה. עס האָט ווער געמסורט, איז אין וואַלד אַנגעפאַלן פּאָליציי. מ׳האָט אַרעסטירט אַסך מענטשן, יאַנקע און רחל צווישן זיי. עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. עס איז דערגאַנגען צום גובערנאַטאָר אין קאָוונע. מ׳האָט אַרויפ־געלייגט שטראָפן. יאַנקע און רחל זיינען אָפּגעקומען מיט פאַרטריבן ווערן פון פּאָניעוועזש. פינף יאָר צייט מוזן זיי זיין אין „פאַרשיקונג“ אין אַ קליין שטעטל אין דער גובערניע. אַ זשאַנדאַר האָט זיי געמאָלדן דעם באַפעל, אַז מען פאַרשיקט זיי קיין פּיקעלן און אַז יעדן חודש מוזן זיי זיך מעלדן צו נאַטשאַלסטווע אין דער אויעזדנער שטאָט, טעלז. זיי האָבן דעמאָלט חתונה־

געהאַט. דאָס לידל וואָס ער זינגט, יאַנקע, האָבן זיי ביידע, ער און רחל, גע־זונגען אין יענעם שפּיל אין פּאָניעוועזשער וואַלד. נאָר וואָס דען, נאַטשאַלסט־ווע באַשטייט דאָך פון בולוואַנעס, לאַכט ער זיך אויס דערפון, יאַנקע. ער גיט זיך אַ בייג צו מיר ביים זאָגן עס. אַט גייט ער אַרום צווישן די פּויערים אין די מאַרק־טעג אין פּיקעלן צו פאַרקויפן זיי וואָליקעס און ער הערט מיתה־משונהדיקע קללות אויף נאַטשאַלסטווע, און ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ, אַז זיי זיינען גערעכט. אויך דער גלח ברענט מיט שנאה צו דער רוסישער פּאָליציי, וואָס אירע גזירות שטאַמען פון די וויטע מקומות, פון פּעטערבורג. וועט ער, יאַנקע, פּרוּוון עס אויסלעשן? זאָל עס ברענען. און עס קען גריילעך פּאַסירן, אַז פון פּיקעלן ביז פּעטערבורג זאָלן פּויערים אַזוי זיך אַ הייב־טאָן, אַז גאַנץ נאַטשאַלסטווע וועט פאַרוואָרפן ווערן צום טייוול. און דעמאָלט קען אַפילו געמאָלט זיין, אַז אויך דער קייסער וועט ערגעץ פאַרפאַלן ווערן. עס נעמט זיך ווייזן, וואָס מ׳זאָגט, אַ נייע צייט הייבט זיך אָן אין דער וועלט, און עס איז ניט קיין חלום. עס איז דערווייל נאָר אַ סוד...

יאַנקעס פּנים האָט אויפגעלויכטן. מיין יונג האַרץ האָט אויפגענומען זיינע רייד ווי ר׳ לייזערס ביים פּוצן די לאָמפּן אין בית־מדרש. און מיט ביידנס רייד קען איך, אייגנטלעך, ענדיקן מיין קאַפּיטל פּיקעלן. אָבער וואָס זאָג איך — „ענדיקן״? עס איז ניט דאָס צוגעפּאַסטע וואָרט. פּיקעלן איז מיר נאָכגע־גאַנגען אויף גאָר וויטע וועגן. און איך בעט: קום מיט מיר, ליבער לייענער. מירן אַריבערשפּרינגען צייט. מירן אָנטרעפן יאַנקען אַ צוואַנציק יאָר שפּע־טער, און מירן שפּירן אויף זיך אי אָפּשטראַל, אי שאָטנס, פון דווקא יאָ אַ חלום, נאָך אַ חלום, אַרום דער פּיצינקער פּיקעלן. אַ חלום וואָס שליסט־איין מענטשלעכע בענקעניש און וואָס דער פולער סוף דערפון איז צו מיר דער־גאַנגען העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער...

## 4

פרילינג, 1918. אַ טאָג אין ערשטן וועלט־קריג. איך בין דער „לייבאָר עדיטאָר״ (רעדאַקטאָר ביים באַהאַנדלען יוניאָן־פראַגן) אין „פאָרווערטס״. מיר זיינען אונטער אַ לאַסט פון שווערע פּראָבלעמען, זשורנאַליסטישע און געזעלשאַפטלעכע. פאָרמעל איז דער „פאָרווערטס״ דער אָרגאַן פון דער סאָ־

ציאַליסטישער פּאַרטיי. דער פּאַרטייס איינשטעל קעגן דער מלחמה מיט דער דעקלאַראַציע, אַז עס איז אַ „קאַפּיטאַליסטישער קריג", ווערט באַצייכנט פון אַן אַנגערייצטער עפנטלעכער מיינונג, אַז „עס איז הילף דעם שונא". דאָס רעפלעקטירט אויפן „פאָרווערטס". עס שאַפן זיך אומהיימלעכע קאָמפּליקאַציעס. שפּיגלדיקע אַמעריקאַנישע גייסטמענטשן ביי דער פּאַרטיי, שריפטשטעלער און פּאָליטישע עקספּערטן, זיינען אַוועק פון איר; ווער אויך פון דער סאָציאַליסטיש־יידישער אינטעליגענץ. געבליבן זיינען בלויז, אין דער גרעסטער צאָל, אימיגראַנטן מיט זייער סביבה אונטערן איינפלוס פון „פאָרווערטס". מען דרינגט דערפון, אַז יידיש לעבן ביי דער מזרח־איראָפּעאישער אימיגראַציע איז אַנטי־אַמעריקאַניש. עס צעטראָגט זיך אַ דערוואַרטונג אַז די מלחמה־אַדמיניסטראַציע אין לאַנד וועט דעם „פאָרווערטס" אָפּשטעלן. אונדזער שעף־רעדאַקטאָר, דער אימפּולסיווער אַב קאַהאַן, איז נערוועז. אַרום אים איז די דילעמע: זיין לעבנס־אַרבעט איז געצילט צו אַ באַנייט יידיש פאָלק דורך איינפלוסן פון אַמעריקעס ציוויליזאַציע און פרייהייט, און איצט נעמט גאָר הייסן, אַז דער „פאָרווערטס" מיט זיין סביבה איז איינגעשטעלט קעגן אַמעריקעס שטרעבונגען. ער אַליין איז קעגן דער פּאַרטייס אָפיציעלער פּאָזיציע אַז די מלחמה איז אַ „קאַפּיטאַליסטישע". עס צופּט אים צו פאַרמעסטן זיך אויפצוברעכן די פּאָזיציע, אָבער דעמאָלט קען דער „פאָרווערטס" פאַנאַנדערפאַלן, און זיין לעבנס־אַרבעט וועט ערשט ווערן צעשטערט. ער האַלט זיך אין די הענט ניט צו מאַכן אַן אומבאַרעכנטן שריט. דאָס אַלץ געהערט, פאַרשטייט זיך, צו אַ פיל־ברייטערן אָפּשאַץ פון דער קאַהאַן־פּערזענלעכקייט, וואָס צו דעם איז געווידמעט אַ ספּעציעלער קאַפּיטל אויף די ווייטערדיקע בלעטער. דאָ אילוסטריר איך דערמיט בלויז די דעמאָלטיקע פּראָבלעמען ביי דער „פאָרווערטס"־רעדאַקציע, וואָס די לאַסט דערפון פאַלט אויך אויפן יוניאָן־אָפּטייל אין דער צייטונג — און אַרום דעם איז אַ יידיש פאָלקס־פּראָבלעם.

יידישע אַרבעטער, בלעכערס און שלאָסערס, סטאָליאַרעס און פּאַרבערס, באַשעפטיקטע ביים ברוקלינער „ניוויי־יאַרד", מוזן טאָג־איין, טאָג־אויס, דורכגיין עקסטרע אויספאָרשונגען אַפילו אין שייכות מיט זייערע היימען. זיי זיינען אונטער פאַרדאַכט אין ניט־פּאַטריאָטיזם און מסוגל צו סאַבאָטאַזש. ס'איז ביטערע באַליידיקונג. זיי פּראָטעסטירן. זיי נעמען זיך אַדוואָקאַטן פאַר לעגאַלער באַשיצונג. עס שפּילן דערביי ראָלעס דער אַדוואָקאַט־סאָציאַליסט,

דזשייקאָב פענקין, און דער אַדוואָקאַט־ציוניסט, מאָריס ראָטענבערג. די פאַר־אייניקטע יידישע געווערקשאַפטן — דעמאָלט דער צענטער פון יידישן יוניאָניזם — שטרענגט זיך אָן צו מאַכן עס לייכטער. עס ווערט אַלץ שווערער. עס קומען אָן פאָדערונגען פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס מיט אַן אומגעהויערער מאַיאָריטעט ניט־יידישע מיטגלידער, ממילא מיט ניט־יידישער אָנפירונג, אַז אַלע מיטגלידער מוזן זיך האַלטן אינאיינעם ווי אַן אַל־אַמעריקאַנישע אָרגאַניזאַציע, אָנפירן די פאַרזאַמלונגען אויף ענגליש און צושטעלן פּראָטאָקאָלן אויף ענגליש. עס איז געווען געצילט צו די דייטשע מיטגלידער, אָבער עס האָט שווער אַ שלאָג געטאָן אונדזער יידיש. אונדזער לשון יידיש, האָט עס געמיינט, איז געשטעלט אונטער פאַרדאַכט ווי אַ לשון פון „פאַר־שווערער". עס האָט געגאָלטן די פּאָפּולערע, עם־הארצותדיקע קאָנצעפּציע, אַז יידיש איז אַ דייטשער דיאַלעקט, און דייטש האָט מען אין יענע טעג באַגעגנט ווי דעם „שונאס לשון". עס האָט אַפילו באַטייט, אַז מיר קענען ווערן פאָרמעל אָפּגעטריבן פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ פיינלעכער איבערברוך אין די סענטימענטן פון דער „אַמעריקען פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר" צו דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער אימיגראַציע, וואָס סעמועל גאָמפּערס, אויף איין זייט, און אַב קאַהאַן אויף דער צווייטער זייט האָבן געהאַט אַנטוויקלט.

ווי דער פאָרשטייער פון „פאָרווערטס" ביי דעם אַלעמען הייבט זיך אָן מיין יעדער טאָג און פאַרענדיקט זיך מיט מוח־צעשפּאָלטנדיקער זאָרג. און אין מיטן פון די אַלע קאָפּ־דרייענישן און האַרץ־צעדריקטקייט האָט זיך אין אַ פאַרנאַכט באַוויזן אין מיין רעדאַקציע־ווינקל דער הויך־געוויקסיקער, שלאַנקער און נאָך גאָר־יונגער, אָבער שוין געריממטער און געצערטלטער פּאָעט אין דער יידישער ליטעראַטור, מאַני לייב.

מיר האָבן ביידע געהאַט געקענט איינער דעם אַנדערן מיט קעגנזייטיקער פריינטלעכקייט. דעם דיכטערס חיונה איז געווען ביי מלאכה פון אַ קאַמאַשן־שטעפּער. אַ געוויסע צייט האָט ער געאַרבעט אין זעלבן שאַפּ מיט מיין ברודער מאַקס (מאָטל, אויפן נאָמען פונעם שקודער צדיק ר' מרדכילע). איך פלעג הערן פון מיין ברודער וואָס פאַר אַ ליבער שאַפּ־מענטש מאַני לייב איז. ביי יעדער שאַפּ־דערשיינונג מיט אַ וועלכער קריוודע פון באַלעבאָס קעגן וועמען ביי דער מאַשין, אין וואָס אויך מאַני לייב איז געוואָרן אַריינגעוויקלט, איז ער, דער דיכטער, באַלד אָפּגעטראָטן פון די אייגענע אינטערעסן אַבי יענער

זאָל קענען לייכטער אָקעגנקומען זיין נויט. עס פלעגט מיך תמיד גאָר שטאַרק פאַרדריסן אויף דער מערכה פון אונדזער ליטעראַטור, וואָס אַזאַ פּאָעט וואַלגערט זיך אין אַ שיך־פאַבריק, בעת ער געהערט צו אונדזער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע...

נאָך גאָר ווייט פון צו ווערן געדרוקט אין „פאָרווערטס״ מיט אַ ליד, אַ פּאָעמע, אַ באַלאַדע, אָדער אַ ליטעראַרישער איבערזעצונג, צי גאָר אַ שטייגער פון אַ וועלכער רעדאַקציע־אַרבעט, איז מאַני לייבס פּאָעטיש פעלד דעמאָלט געהאַט געווען ביי סאָציאַל־קולטורעלע וואָכנשריפטן, דער עיקרשט, „פרייע אַרבעטער שטימע״, און ביי ליטעראַרישע זאַמל־ביכער ווי אַ צונויפגעזאַמלט־קייט פון נייע שולעס אין יידישער דיכטונג. איך פלעג זיי נאָכפאָלגן אויס ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור, וואָס פלעגט מיך גייסטיק דערהייבן. אין זיין קומען צו מיר אין דער „פאָרווערטס״־רעדאַקציע איז ניט געווען אַ וועלכער ליטעראַרישער ציל, נאָר אַ שוסטערשער שאַפּ־עניק. ער האָט באַלד מיר אָנגעוויזן אויף אַ באַגלייטער זיינעם, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס.

עס האָט מיר אויסגעקוקט, אַז יענער שטייט ווי אין אַ וואונדער וואָס ער געפינט זיך אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס״, און אַז אַ שטריך אין זיין אויסזען איז מיר באַקענטלעך, הגם אָן וועלכן קלער, אַז איך דאַרף אים קענען.

אין שטילע, שעמעוודיקע ווערטער, וואָס אַזוי איז געווען מאַני לייבס שטייגער רעדן, האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז זיין באַגלייטער האָט אַ טענה צום „פאָרווערטס״ און צו מיר. זיין נאָמען איז דזשעק פּאַרעסטער. איך האָב געוואוסט, אַז אַזאַ נאָמען איז פאַראַן ביי דער „א. וו. וו.״ (אינדאַסטריעל וואָרקערס אָוו דהי וואָרלד). איך הער ווייטער מאַני לייבס רייד. דזשעק פּאַ־רעסטער איז געקומען אָרגאַניזירן ניו יאָרקער שיך־אַרבעטער. איך טרעף ריכטיק. ער קומט פון דער א.וו.וו.: זיין נאָמען איז געווען ביי ענלעכע אַקטיוויטעטן אין ניו־ענגלאַנד און אין מיטל־וועסט. עטלעכע יאָר פריער איז ער אויך געווען אויסגעקליבן פונעם א.וו.וו.־סטראַטעג „ביל״ הייוואוד אַרויס־צורופן און אָנצופירן געזעלשאַפטלעכן פראָטעסט אין שטעט פון דער ווייטער וועסט —

ניט צו דערלאָזן דורכפירן די טויט־שטראָף איבער דעם שוועדישן „וואָבלי״־פּאָעט דזשאָו היל (יאָזעף הילסטראָם), אויף וועמען מ׳האָט געהאַט

אַרויפגעוואָרפן אַ בילבול אין מאָרד בעת אַ סטרייק פון קופּער־מיינערס אין שטאַט יוטאַ; און לויטן דעמאָלטיקן געזעץ אין יוטאַ האָט דער קרבן אַליין געדאַרפט זיך אויסקלייבן וואָס פאַר אַ שטייגער טויט־שטראָף עס זאָל זיין, תליה אָדער ווערן דערשאָסן.

אַמעריקע האָט דערמיט גע׳רעש׳ט.

דזשאָו היל האָט געענטפערט דעם ריכטער און דעם תליון, אַז ער לאָזט עס איבער צו זיי, כדי עס זאָל זיי זיין אויפן געוויסן, אויב זיי ווייסן וואָס געוויסן מיינט.

אַזעלכע קרומקייטן זיינען פאָרגעקומען ביים משפט, אַז פּרעזידענט וואוד־ראָו ווילסאָן האָט עפנטלעך אַפּעלירט צום גאָווערנאָר פון יוטאַ ניט דורכ־צופירן די טויט־שטראָף. דער שוועדישער קעניג, ווידער, האָט געבעטן איינ־זעעניש פאַרן מאַרטירער־פּאָעט, אַ זון פון זיין פאָלק, באַגלייט מיט אַ פּאַר־שלאָג פון זיין רעגירונג, אים צוריקשיקן צו זיין היימלאַנד, שוועדן. און הגם דאָך אַ טרובאַדור מיט אַרבעטער־געזאַנגען פאַר דער א.וו.וו. אין אָפּאָזיציע צו איר, האָט ערשט די „אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר" מיט סעמועל גאָמפּערס בראש געמאָנט פאַר אים לעבן און פרייהייט. דזשעק פאָרעסטער האָט אָרגאַניזירט גרויסע גאַסן־פאַרזאַמלונגען אין די שטעט ביי דער גרעניץ פון יוטאַ. די דזשאָו היל־אַפערע איז פאַרבליבן אַ וואונד אין אַמעריקעס אַרבעטער־געשיכטע.

איצט איז ער געקומען, דזשעק פאָרעסטער, צונויפנעמען אַן אָפּאָזיציע־יוניאָן קעגן דער אַלטער שטיוול־און־שיך־אָרגאַניזאַציע אויפן סמך וואָס ביי איר „הערשט שנאה" צו אימיגראַנטישע שוסטערס. אמת איז עס ניט געווען, אָבער אַזוי האָט געגאָלטן די א.וו.וו.־פּראָפּאַגאַנדע. דזשעק פאָרעסטער איז דערמיט געגאַנגען צום שאַפ וואו מאַני לייב האָט געאַרבעט. דזשעק פאָרעס־טער האָט געהאַט צוגעשיקט „פּובליסיטי" צום „פאָרווערטס" פאַר שוסטערשע פאַרזאַמלונגען אָן זיין נאָמען, און האָט וואו געהערט, אַז איך וואַרף עס אָפּ. דער „פאָרווערטס" איז קעגן דערמונטערן אָפּאָזיציע־יוניאָנס און איך באַשיץ דעם איינשטעל, בין איך, הייסט עס, אַ „צענזאָר". ס׳טייטש, איך, וואָס פאַראַדיר אַליין מיט ראַדיקאַליזם... ער האָט זיך געלאָזט איינרעדן פון מאַני לייב צו גיין מיט אים דירעקט צו מיר. מאַני לייב האָט אים אַ רוף־געטאָן צו מיין רעדאַקציע־טיש — און אומגעריכט איז באַלד געוואָרן אַ פּאַר־כאַפּנדיקע סצענע.

גלייך ביים אָנהיב פון אונדזער שמועס מיט קעגנזייטיקע פּרעגענישן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דזשעק פאַרעסטער איז יאַנקע דער שוסטער פון פּאָניעוועזש און פּיקעלן, און ער, ווידער, האָט באַלד דערקענט מיך, דעם יינגל־לערנער פון שקוד, וואָס האָט לאָזשירט ביי אים.

מיר האָבן ביידע זיך אַרומגענומען אין אַ באַהאַרצטער פריינטשאַפט.

... דער פאַמיליע־נאָמען אין פּיקעלן — פּאַרטשעווסקי ; אין אַמעריקע — פאַרעסטער ?...

... אַזוי איז עס געוואָרן אין באָסטאָן...

ער איז אָבער דער זעלבער יאַנקע פון פּאָניעוועזשער וואַלד און פון דער שוסטערשער שטוב מיטן אויוון פאַר טשאָלנט אין פּיקעלן.

איך האָב אים דערמאָנט דאָס לידל וואָס ער פלעגט תמיד זינגען —

...דאָרט אין אַ ווינקל

אין אַ נאַסן קעלער...

ער האָט עס אַ זונג־געטאָן מיט פאַרבענקטע אויגן, האָב איך געפּרוּוואווט אונטערהעלפן.

דער סעקרעטאַר ביי דער „פּאָרווערטס״־רעדאַקציע איז דעמאָלט געווען דער לירישער פּאָעט י. אַדלער, באַוואוסט מער פאַר זיין הומאָר מיטן פּסעוודאָנים ב. קאָווּנער. ער האָט בייגעוואוינט די גאַנצע סצענע, האָט ער שטיפעריש אויסגעשריען —

... אונזער לייבאַר־עדיטאָר איז גאָר אַ משורר ביי שוסטערשע חזנים!...

פון זיין רעדאַקציע־צימער, דעמאָלט אויפן צענטן שטאָק „פאָרווערטס״־געביידע, איז אַרויסגעקומען אונדזער שעף־רעדאַקטאָר, אַב. קאַהאַן, מיט זיין קאָפּ האָר צעשויבערט. דערהערט וואָס עס גייט־אָן, איז ער באַשטאַנען איך זאָל באַלד זיך אַוועקזעצן אָנשרייבן אַן אַרטיקל מיט אַלע איינצלהייטן. איך האָב זיך צוריקגעהאַלטן. אין מיין נאַאיוּוקייט האָט מיך געעגבערט : פאַרוואָס זיך איבערנעמען אין אונדזער „פאָרווערטס״ וואָס אַ ליטוויש־יידישער אימיגראַנט פון אַ שטעטעלע מיטן נאָמען פּיקעלן איז אַ „טראָבל־מאַכער״ אין אַמעריקאַנער יוניאָנס ?...

דערווייל איז אַב. קאַהאַן אַריין אין אַ דיסקוסיע מיט מאַני לייבן וועגן פּאָעזיע אין לידער און פּאָעזיע אין נאָוועלן. זיי האָבן גערעדט אי רוסיש, אי יידיש. פון די רייד האָבן אָפּגעקלונגען די רוסישע דיכטער־נעמען נעקראַסאָוו און לערמאַנטאָוו, און די נאָוועליסטן־נעמען דאָסטאָיעווסקי און טאָל־

סטאַר. אויך נעמען פון דער יידישער ליטעראַטור: לעסין און יהואש, פרץ און שלום אַש און אַברהם רייזען. מאַני לייב האָט שטאַרק געהאַלטן פון רייזענס לידער, און קאַהאַן האָט געטענהט, אַז אין רייזענס קורצע סקיצן איז פאַראַן מער פּאָעזיע אין עטלעכע שורות ווי אין אַ גאַנצן באַנד לידער. אויך אין לידער פון אַנדערע פּאָעטן. „איר זייט אַן אויסנאַם״ — האָט קאַהאַן אַ זאָג־געטאָן מאַני לייבן. ער האָט זיך גערויטלט, מאַני לייב. י. אַדלער האָט אונ־טערגעהאַלטן די דיסקוסיע מיט באַמערקונגען און הומאָר וועגן „לידער אָן גראַמען און גראַמען אָן לידער״. מ׳האָט אינגאַנצן פאַרגעסן די מלחמה־ און רעוואָלוציע־אַטמאָספער, וואָס האָט אין יענע טעג זיך געהאַט צונויפגעפרעסט אין דער „פאָרווערטס״־רעדאַקציע.

אָן אַ זייט אָבער האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטילער שמועס צווישן מיר און מיין גאַסט, דזשעק פאָרעסטער־יאַנקע. און ערשט דעמאָלט האָט זיך אויפ־געוויקלט פאַר מיר אַ טיף־מענטשלעכע יאַנקע־דראַמע, וואָס אינאיינעם מיט דעם שטעטעלע פּיקעלן פאַרדינט זי אַן אָנגעזען אָרט סיי אין יידישן פאָלק־לאָר פון אונדזער לעבנס־צייט, סיי אינעם פאָלקלאָר פון אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג.

איך האָב אים געפרעגט וועגן רחל, זיין וויב, און וועגן זייער קינד, לאה־לע. ער האָט אָפּגעענטפערט מער מיט אויפגעריסענע אויגן און אַ טרער אין זיי, ווי מיט לשון.ביידע זיינען זיי אַוועק פון דער וועלט. פריער דאָס קינד; צוויי יאָר שפּעטער די מאַמע, אויס בענקעניש נאָכן קינד. רחל פלעגט אויפ־שטיין נאַכט נאָך נאַכט, אין מיטן נאַכט, אין שטילן געוויין.

ממילא ער, יאַנקע, מיט איר.

ווען רחל אַליין האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער וועלט, איז דעמאָלט אַנט־שטאַנען דער 1905טער יאָר מיט די בונטן אין צאַרישן רוסלאַנד, וואָס מען רופט עס אָן „די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע״. עס האָט אָנגעשלאָגן שטעט־לעך און דערפער אויך אין ליטווישן זאַמוט, אויך אין דער קליינער פּיקעלן. פּאָליציי איז אָנגעקומען פון אַנדערע פונקטן אין דער גובערניע. מען האָט נאָך געהאַלטן יאַנקען „אויפן אויג״, הגם זיין פינף־יאָריקע פאַרשיקונג פון פּאָניעוועזש איז שוין געהאַט אַריבער. בעת דער מהומה איז זי געשטאָרבן, רחל, און ביי איר לוויה האָט מען יאַנקען אַרעסטירט.

ביי דער לוויה גופא? יאָ, אויפן בית־עלמין אין פּיקעלן, גלייך ווי מען האָט צוגעטראָגן רחלס ארון צום קבר. יאַנקע האָט קוים געהאַט אָנגעקוקט

דעם קבר, נאָר געזען, אַז עס איז זייט־ביי־זייט מיטן קבר פון זייער לאהלען.

דעם נעקסטן פרימאָרגן האָט מען געזאָלט אָפּשיקן יאַנקען אין אַ טורמע אַנדערשוואו, אָבער מיט דער הילף פונעם גלח אין פּיקעלן, ביידע אין פריינט־שאַפט, איז אים מעגלעך געוואָרן צו אַנטלויפן אין דער זעלבער נאַכט איבער־געטאָן אין פויערשע קליידער.

עס האָט אים געצופּט אין האַרצן אַריבערצוכאַפּן זיך פריער צום בית־עלמין, אָנצוקוקן די צוויי קברים זיינע. ער האָט זיך אַריינגעלאָזן צווישן די ביינאַכטיקע מצבות ווי נאָך אַ בית־עולם־שאָטן. ער איז פון דאָרטן אַוועק מיט אַ שבועה אין זיין שטילן געיאָמער, אַז אַמאָל וועט ער קומען צוריק, און אַריבערנעמען רחלען מיטן קינד וואו־נאָר זיין גורל וועט אים האָבן פאַר־טראָגן ערגעץ אין מנוחה...

מיט אַ פויערשער פור דורך דער נאַכט קיין מאָזשייק, פון דאָרטן אויף אַ פראַכט־וואַגאָן מיט דער באַן קיין שאַוול, דאַן מיט ידישע באַלעגאָלעס קיין קרעטינגע, אַריבערגעגנבעט זיך די גרעניץ צו דייטשלאַנד, פאַרהאַלטן זיך אין מעמל דורכצושרייבן זיך מיט רחלס אַ ברודער אין באָסטאָן, און יאַנקע איז דערגאַנגען צו דער נייער וועלט.

די שבועה האָט מיטגערייזט. איך הער פון אים, אַז דאָס האַלט זיינע בלוטן אין אומרו. ער מוז עס אויסחלומען ביז פולער פאַרווירקלעכונג. זיין נאָענט־שאַפט מיט רחלס ברודער האָט עס נאָך מער פאַרעקשנט אין אים. זיין אומרו האָט אים אויך דערפירט צו ממש וואונדערלעכעס. ער, דער קליינשטעטלשער שוסטער, האָט זיך דערוואָרבן אַמעריקאַנער אינטעליגענץ אויף אַ שטייגער וואָס טאַקע נאָר אין אַמעריקע קען עס געמאָלט זיין.

אין זיינע ערשטע יאָרן אין באָסטאָן האָט יאַנקע יעדן טאָג גלייך נאָך דער אַרבעט זיך אַוועקגעלאָזן צו לערנען ענגליש אין די אָוונט־קלאַסן ביים צענטער פאַר ידישע אימיגראַנטן, וואָס די צוויי באָסטאָנער ידישע פייעלין־ברידער, גבירים און קולטור־מענטשן, האָבן געהאַט איינגעשטעלט ווי אַ צדקה־זאַך אויף אַ הויכער מדרגה. אָנגעפירט האָט עס דער רומעניש־ידישער האַרוואַרד־פּראָפעסאָר מייער בלומפעלד. ער האָט יאַנקען מקרב געווען. וויכ־טיקע קאַלעדזש־לייט פלעגן קומען אַהין האַלטן לעקציעס. יאַנקע האָט ביי יענע לעקציעס געלערנט ביידע זאַכן, אי שפּראַך־פיינקייט, אי אַמעריקעס פרייהייטס־געשיכטע. ער האָט אַפילו באַוויזן צו ווערן אַ קענער אינעם „אַבאַ־לישאַניסטן" קאַפּיטל (באַוועגונג צו פאַרטרייבן נעגער־קנעכטשאַפט פאַרן

בירגער־קריג) מיט דער ראָל דערביי פון די היסטאָרישע ניו־ענגלאַנדער דיכטער. אין יאַנקעס דעמאָלטיקן לערנען האָט אויך אַריינגעשפּילט זיין אומרו מיט דער שבועה. געלערנטקייט וועט פאַר אים עפענען אַ וועג צו זיין ציל. דעמאָלט האָט ער עס אַנגענומען דעם נאָמען „פאָרעסטער". עס באַטייט דאָך איינער אין שייכות מיט וואַלד, און אין יאַנקעס געמיט איז עס געוואָרן אַן אָנדענק־נאָמען — רחל מיט אים ווי אַרעסטירטע אינעם פּאָניעווזשער וואַלד.

יאַנקע איז פאַר מיר געשטאַנען אַליין ווי אַ מענטש פון אַ חלום. ער, יאַנקע דער קליינשטעטלדיקער שוסטער, אַן אויסגעוואַקסענע געשטאַלט מיט קענטשאַפט אין אַמעריקעס קלאַסישער דיכטונג...

דורכן אומרו זיינעם איז ער אייגנטלעך אַריין אויך אין דער א.וו.וו.־באַוועגונג. עלנט אין דער נשמה קען וועמען דערדריקן ביז פּאַראַליז, און וועמען עס טרייבט, און מען דערלויפט וואו בליגדערהייט.

ער האָט מיר פאַרטרויט, אַז ער וועט זיך ניט אויפהאַלטן לאַנג אין ניו־יאָרק. ער איז אויפן וועג אינאיינעם מיט אַ גרופּע צום באָלשעוויזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד — העלפן בויען די נייע וועלט מיט סאָציאַליזם...

איז ער באָלשעוויסטיש ?

ער וועט דאָרטן זיין, וועט ער אורטיילן. קודם איז זיין ציל — די קברים אין פּיקעלן. קוים וועט ער זיין אויף רוסישער ערד, וועט מען אים העלפן אַריינקומען אין ליטע. זי איז אַ זעלבשטשטענדיק לאַנד, ליטע, אָבער פאַראַן דאָרטן מענטשן פון „דריטן אינטערנאַציאָנאַל". ער וועט דערגיין קיין פּיקעלן. ער וועט צוגרייטן אַלץ, וואָס קען אים זיין נויטיק צו קריגן די קברים. ער וועט זיי אויסקויפן. און וועט ער איינזען, אַז דער באָלשעוויזם קען אים ווערן זיין ווייטערדיק לעבן, וועט ער נעמען די קברים צו דער שטאָט וואו־נאָר עס וועט ווערן זיין היים. טאָמער ניט, קומט ער צוריק קיין אַמעריקע און נעמט די קברים מיט זיך. ער איז אַ בירגער — „בירגער פאָרעסטער"...

...אַרומרייזן מיט קברים — ווי אַזוי ?...

...בלויז אַ פּאָר לאָפּעטעס ערד און וויפיל־ניט־איז פאַרבליבענע ביי־נער, אפשר אַ גאַנצער שאַרבן...

...אַ ווילד־פאַנטאַסטישער חלום... האָב איך באַמערקט.

...ביי מיר אַ הייליקע ווירקלעכקייט... האָט ער אָפּגעענטפערט.

איך האָב אים ניט געוואָלט וויי־טאָן, דאָך האָב איך געזאָגט —

...לאָמיר זיך אויסגלייכן, הייליק — יאָ, אָבער חלום, אַ הייליקער חלום, ניט ווירקלעכקייט...

ער האָט מיר אָנגעקוקט מיט אַ צעשראָקענעם בליק.

ביים פאַרלאָזן די „פאָרווערטס״־רעדאַקציע האָט ער מיט אַ וואַרעמען רעספּעקט זיך אַ וועגד־געטאָן צו קאַהאַנען. קאַהאַן האָט ניט געהערט אונדזער גאַנצן שמועס, האָט ער אים בלויז אַ זאָג געטאָן —

...אייער באָסטאָנער ענגליש האָט אַרויסגעשלאָגן פון אייך דעם גאַנצן „ליטוואַק״, איז צו וואָס דאַרפט איר דעם א.וו.וו.־ראַדיקאַליזם?...

ניט מאַני לייב, ניט איך, האָבן אים ווען ווידער געזען. און צומאָל אין וויטערדיקע יאָרן פלעגט מאַני לייב מיר אַ פרעג טאָן —

...וואָס פאַרט האָט געקענט ווערן פון אונדזער יאַנקען — דזשעק פאָ־רעסטער?...

טיילוויז איז עס מיר אָקעגן־געקומען פערציק יאָר שפּעטער (1958) אין סאַן פראַנציסקאָ ביי אַ גרופּע פון אַמאָליקע אַנאַרכיסטישע ענטוזיאַסטן פאַר דער א.וו.וו. און פאַר „ביל״ הייוואוד. צווי פון זיי זיינען געווען מיט דזשעק פאָרעסטער אין דער זעלבער גרופּע אויף דער רייזע צו אורטיילן דעם באָל־שעוויזם. ער האָט פאַר זיי באַקלאָגט זיין גורל, וואָס קיינער אין לענינגראַד העלפט אים ניט אַריינצוקומען דורך אַ וועלכן וועג קיין ליטע. מען שטערט אים גאָר. מען האָט אין זינען „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערישקייט״. זיי האָבן אים מער ערגעץ ניט געזען. און דער אויספיר ביי די מיטרייזנדיקע איז געווען —

...נו, מען ווייסט דאָך, אַז די רעוואָלוציע־חיה באָלשעוויזם האָט אויפ־געפרעסן מיליאָנען פון אירע אייגענע קינדער...

מאַני לייב איז שוין געהאַט אַריין אין די אייביקייטן, איך זאָל אים קענען איבערגעבן דעם לעצטן גרוס. בעת זיינע אָנפרעגענישן וועגן יאַנקען, פלעגט דער דיכטער באַמערקן וואָס אָפּטמאָל ביים פאַרקלערן זיך איבער אַ געדאַנק, אַ געפיל, אַ בילד פאַר אַ ליד וועגן אַרבעטער־חלומות, אָדער אַרבעטער־פּראָטעסט, דערשיינט פלוצים אין זיין זינען — יאַנקע מיט זיין לערנען די ניו־ענגלאַנדער דיכטער און יאַנקע מיטן מאַרטירער־פּאָעט דזשאָו היל.

האָט ער זיך אייגנטלעך דערוואָרבן זיין שכר, יאַנקע דער שוסטער פון פּאָניעוועזשער וואַלד און פון פאַרריכטן אָרעמע קינדער־שיכלעך אין פּיקעלן. דורך מאַני לייבן איז ער אַריין אינעם געמיט פון דער יידישער פּאָעזיע...

# אין סלוצקער מוסר־ישיבה

## דורותדיקע דראַמע

ערב סלוצק. — דער משולח. — אַ חתונה אָן חתן-כלה. — אָפּשטראַל פון דער היסטאָריש-רבנישער פיימער-משפּחה. — אומגעריכטער אָנטרעפן דעם באַרימטן רידב״ז. — דראַמע: זיין אַמעריקאַנישער פּראָפעסאָר-אייניקל. — יאַנקל פּאַט ביי סלוצקער מוסר-ספרים. — די פּערזענלעכקייט ר׳ איסר זלמן מעלצער און זיין וואונדערלעכער וועג אַלס ראש-ישיבה. — מוסרניקעס אָן אויסערלעכער פרומקייט. — פּראַכט-בילדער ביים לערנען. — צויבער אין די משמר-נעכט. — מוסר-סצענעס שבת פאַרנאַכט. — „תמיכה״ און „נר של שבת״. — בערל דער סטאָליער און דער „תניא״. — הרב ריינעס און ר׳ חיימקע בריסקער. — ביאַליקס „אין שחיטה-שטאָט״ און אחד-העמ׳ס „על פרשת דרכים״. — י. ד. בערקאָוויטש און דר. מאיר וואַקסמאַן. — יאָסל דער שמיד ביי „חצות״. — דער ישיבה-תענית. — אהרן סינגאַלאָווסקי און „בני יהודה״. — פועלי ציון און „וואַלטאָוועס״. — בונדיסטן פון דער פרעמד אין סלוצקער טורמע. — דער דאָקטאָר שילדקרויט און בינוש מיכאַלעוויטש. — דרייסיק יאָר שפּעטער מיט יצחק בן-צבי און ר׳ איסר זלמנס ירושלימער היים. — די מינוט ווען ער דערקענט מיין קול פון סלוצקער לערנען. — איך פּאָר זוכן סלוצקער נשמה יתירה אין סטאַלין-לאַנד און געפין שטאַלן מיט מיליטערישע פערד. — דער „בעזבאָזשניק״ און „סלוצק של מעלה״.

### 1



עתן שרייבן לויטן זכרון לאָז איך זיך אַריין אין דיאַלאָגן מיט זיך אַליין צי געדענק איך ריכטיק. מיין געמיט קומט מיר צו־הילף אי צו אויסמיידן גוזמא, אי נישט אונטער־צושאַצן. ס׳גאַנצע לעבן מיינס זינט סלוצק, ביים אָנהייב פון יאָרהונדערט, רופן זיך אָפּ אין מיר טראַכטענישן וועגן דער סלוצקער מוסר־ישיבה מיט איר סביבה אין שטאָט. בילדלעכקייטן, וואָס איך האָב זיי אָנגענומען פאַר גייסטיקער פּראַכט אין אַלט־יידישן שטייגער און אויפשטראַלן פון נייעסן, וואָס איך האָב ביי זיי געשפּירט נייעם יידישן

צויבער, האָבן איבערגעלאָזן איינדרוקן, וואָס דער „שר פון שכחה״ קען זיי ניט אַרויסנעמען פון מיר. איך דאַרף דערציילן אויך וועגן ערב סלוצק. אַ זעלטענע סצענע האָט דעמאָלט זיך איינגעשטעלט אין מיין היים, ממש ווי אַ פאַנטאַסטישע פאָלקס־מעשה.

מחמת שוואַך אין געזונט נאָך מיין קאַפּיטל פּיקעלן, בין איך פאַרבליבן אַ גאַנצן זומער אין דער היים. איך פלעג אָפּזיצן טאָג נאָך טאָג אין שקודער בית־מדרש און נישטערן אין ספרים. איך פלעג זיך צוכאַפּן אויך צום בית־מדרש אין אַלט־שקוד. ביידע בתי־מדרשים האָבן געהאַט הויכע אַלמערס מיט אָנגעזאַמלטע חידושי־תורה. יעדער אַרומפאַרנדיקער אַלטינקער רב מיט אַן אייגענעם חיבור האָט תמיד געהאַט אַ פּעלד אין ליטווישן זאַמוט, אויך אין שקוד. אַ ספר, וואָס מ׳האָט געהאַט געהערט פון שקודער רב אַז עס האָט אומ־געוויינלעכן באַטייט, האָט מען געקויפט, לכתחילה, אַריינצוגעבן עס ווי אַ מתנה אין בית־מדרשדיקן ספרים־שראַנק. מיין זיידע יאָשע־שלמה האָט דער־מיט זיך אויסגעצייכנט אויף אַן אייגענעם שטייגער. ער פלעגט קויפן יעדן רבנישן ספר, וואָס איז דערגאַנגען קיין שקוד, און ער פלעגט באַלד אַריינ־שרייבן אין שער־בלאַט די נעמען פון זיינע קינדער איבער די ימים, און אַריינשטעלן עס אינעם אַלט־שקודער ספרים־אַלמער מיטן אָנשרייב דערויף —

...זאָל רוען אויף מיינע קינדער די אייביקייט פונעם ספר, וואָס איז דערגאַנגען צו שקוד, וואו זייערע וויגן זיינען גע־שטאַנען...

הגם נאָך יינגלש, אָבער שוין אויסגעוואַקסן אין זיך צו קענען באַנעמען דעם תוכן פון אַ ספר, האָב איך זיך אויסגעקליבן אַ צאָל ספרים, וואָס זיי זאָלן מיר ווערן אייגן, און איך האָב דעם גאַנצן זומער געהאַט וואָס צו נישטערן. און פּלוצלונג, אין אַ מיטן־וואָך בייטאָג, איז אין שקודער בית־מדרש דער־שינען אַ פרעמד געשטאַלט.

אַפּנים, ער האָט זיך געהאַט זיינע אייגענע דרכים וואָס דורך אַן אָנמעלדן זיך בייטאָג אין בית־מדרש, קען ער אָנטרעפן באַלעבאַטישע לערנערס. גע־פונען האָט ער בלויז מיך, אַ יינגל מיט עטלעכע געעפנטע ספרים אויפן טיש. אַ נייער פּנים, אַן אורח, אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ געדיכט־שוואַרצער באָרד און שוואַרצע ברעמען און זעלטן־גרויסע שוואַרצע אויגן, און אויך זיין אָנטועכץ שוואַרץ, האָב איך זיך אויפגעשטעלט אין וואונדער. ער איז צו מיר צוגעקומען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און אַ זאָג געטאָן שלום־

עליכם ווי צו אַ דערוואַקסענעם. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די צעעפנטע ספרים און אַ פרעג געטאָן —

...וואָס אַזוינס לערנט אַ בחורל?...

אפשר אויס תמימות, און אפשר דווקא אויסצופּיינען זיך, האָב איך אָפּ־געענטפערט —

...עס צופּט מיך צו קענען פאַרשטיין וואָס מלכות־שמים וועט טאָן באַחרית־הימים...

ניט מער און ניט ווייניקער. ווי אַזוי די ווערטער זיינען געקומען צו מיר, געדענק איך ניט. איך האָב מסתמא געהאַט עפּעס געזען וועגן דעם אין ניש־טערן אַ ספר.

...אָט־דאָס אַלץ וויל אַ בחורל דערגיין איינער אַליין?...

אפשר האָט ער אין זיך געשמייכלט, און אפשר איז אין אים אויפגעקומען אַ צעשראָקענע רחמנותדיקייט אויף מיר. איך קען אפשר זיין אַן אומהיימלעכער יינגל פאַרדרייט אין טשודנע חלומות. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט זייט־ביי־זייט מיט מיר און מיט אַ וואַרעמער קרובהשאַפט גענומען אויספרעגן וועגן מיין היים, מיין משפחה, מיין פאָטער, מיינע זיידעס און אַ זאָג־געטאָן —

וויבאַלד איך קוק אַריין אין אַזעלכע ספרים, וואָס ער זעט דאָ אויפן טיש, באַדאַרף מען מיך שיקן צו אַ מוסר־ישיבה.

דהיינו?...

סלוצק!...

און ער האָט אָנגעגעבן ווער ער איז.

זיין נאָמען — ירוחם טראָפּ. ער איז דערגאַנגען קיין שקוד ווי אַ משולח, געשיקט פון דער הנהגה פון דער סלאָבאָדקער ישיבה. די סלוצקער ישיבה איז אַ צווייג פון דער סלאָבאָדקער. אַ נייע ישיבה, אויפגעקומען קוים אַ פיר יאָר צוריק. ניטאָ דערווייל קיין מעגלעכקייט זי זאָל זיך איינשטעלן מיט אייגענע משולחים, האָט מען אים פאַרבעטן ער זאָל אַרומפאָרן אין די זאַמוטער שטעטלעך. נייך, ניט צו קריגן באַלד נדבות, נאָר בלויז אויסצוגעפינען צי מען קען איינשטעלן אַ נעץ פון תומכי־תורה פאַר דער ווייטער סלוצק. אין ביידע ישיבות לערנט מען דאָך דאָס מוסר פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער. און די זאַמוטער שטעטלעך, אויך שטעט אין דערבייאיקן דייטשלאַנד, מעמל און קעניגסבערג, זיינען דאָך „די מדינה פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער". ווייס איך ווער ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז?...

איך האָב דערמאָנט פּיקעלן און ר׳ לייזערן, קרוב פון ר׳ ישראל סאַלאַנ־טער; און דער משולח האָט, אַפּנים, געוואוסט וועגן ר׳ לייזערן; ער האָט אַ זאָג געטאָן —

...נו, אַוודאי, נאָך ר׳ לייזערן קומט סלוצק...

דער שטאָט־נאָמען סלוצק האָט מיר אַריינגעקלונגען אין האַרצן. פיל מאָל האָב איך געהאַט געהערט פון מיין פאָטער וועגן דער באַרימטער סלוצקער רבנישער פיימער־משפחה. דער היסטאָרישער סלוצקער ר׳ יאָסעלע פיימער האָט געשטאַמט פון שקוד, און מיין פאָטערס פאָטער איז געהאַט אַרויסגעקומען פון זעלבן משפחה־גזע. ביי מיין דערמאָנען עס צום משולח, האָט ער ווידער אַ זאָג־געטאָן —

...געהערסטו דאָך אַוודאי צו סלוצק...

איך האָב דעם משולח צונויפגעפירט מיט מיין זיידן. דער זיידע האָט אים גענומען צום רב. אויך צום זיידן האָט דער משולח גערעדט, אַז מען דאַרף מיך שיקן קיין סלוצק. און געווען איז עס אין די טעג ווען די מאַמע מיינע האָט געהאַלטן אין צוגרייטן אַן אויסטערלישן היים־יום־טוב, און מיין פאָטער איז אַהיימגעקומען פון זיינע קורלאַנדער אַרומפאָרענישן מיטצוהעלפן. אין אונזער שטוב האָט זיך איינגעשטעלט די זעלטענע סצענע — אַ חתונה אָן חתן־כלה...

מיין עלטסטע שוועסטער, שרה, האָט אַ דריי יאָר פריער געהאַט אָפּגערייזט קיין גלאַזגאָ, סקאָטלאַנד, די ערשטע סטאַנציע אויף די וועגן פון שקודער עמיגראַציע. זי איז דאָרטן געוואָרן אַ כלה פאַר אַ שקודער בחור (פאַמיליע־נאָמען: מינעמאַן), און עס איז אָנגעשטאַנען דער טאָג פון זייער חתונה. זי האָט געהאַט צוגעשיקט אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך מיט איר חתן אין זייערע גלאַזגאָער צוגעגרייטע חתונה־קליידער. די כלה אין אַ ווייסער חופּה־קלייד און אַ לאַנגן, ווייסן שלייער. די מאַמע, מיט אַ יום־טובדיק צעפלאַמטן פּנים און פאַרטרערטע אויגן, האָט אויסגעריכט אַ שמחה אין אונזער שטוב פאַרן זעלבן טאָג ווען די חופּה וועט פאָרקומען איבער די ימים אין גלאַזגאָ. די ערשטע טאָכטער גייט חתונה־האָבן, איז דער מאַמעס האַרץ געווען פול מיט טרערנדיקער ליבשאַפט, מאַמעשן צער, וואָס איבער דער צעשיידקייט דורך ימים, און רוסיש־צאַרישע גזירות ביי גרעניצן, קען זי ניט פירן די טאָכטער צו דער חופּה. זי האָט געבאַקן, געקאָכט, געפּרעגלט און געבראָטן. זי האָט זיך אַריינגעלאָזן אין אַ צעפייערטן אימפּעט צו מאַכן די שמחה וואָס גערניכ־

טער. אַלץ איז געווען אי רעאַל, אי סימבאָליש. זי האָט געפּרעגלט טייגלעך, געבראָטן הינער (דער זיידע איז דאָך געווען אַ סוחר מיט עופות). זי האָט געבאַקן קיכלעך און טאָרטן, און אַ גרויסן חתן־כלה־לעקאַך. זי האָט גע־שטעלט אייגענעם וויין. זי האָט אַפילו אויסגעבאַקן אַ גרויסע געפלאָכטענע קיטקע, וואָס שקודער מאַמעס פלעגן דערמיט טאַנצן ביים פירן אַ כלה־טאָכטער צו דער חופּה, הגם זי האָט ניט געהאַט אין זיבען צו טאַנצן. אַ חופּה אויפ־צופליייסנס האָט מען ניט געשטעלט. אַ פּוסטע חופּה וואָלט געווען צו־אימה־דיק. אַנשטאָט אַ חופּה, האָט מען אַוועקגעשטעלט אין מיטן טיש די פאָטאָ־גראַפיע פון חתן־כלה, און פאַר אַ שטומער פאָטאָגראַפיע טאַנצט מען ניט. מיין שוועסטער עלאַ, די פערטע טאָכטער, האָט די פאָטאָגראַפיע באַצירט מיט פרילינגס־בלימעלעך. עס איז אויסגעפאַלן גלייך נאָך שבועות. מיר זיי־נען געווען אָנגעטאָן יום־טובדיק. מ'האָט איינגעלאַדן ווייטע ווי נאָענטע מחו־תנים, אויך שכנים. דער זיידע האָט געבראַכט אויך דעם משולח. דער רב איז אַריינגעקומען זאָגן מזל־טוב. דער בעל־תפילה, בערע־זוסע, האָט גע־זונגען חופּה־זמרלעך, און ווער עס האָט מיטגעזונגען. מ'האָט שוין געהאַט גערעדט, אַז אויך מיין שוועסטער מערע וועט דעם אייגענעם זומער אָפּרייזן קיין גלאַזגאָ. מ'האָט דערמאָנט וואָס מסתמא וועל איך אַוועקפאָרן צו דער ישיבה אין דער ווייטער סלוצק, אַ מהלך פון כמעט דריי מעת־לעת מיט דער באַן פון פּרעקעלן, נאָענטסטע קורלאַנדער באַן־סטאַנציע צו שקוד, מיט אַן אַריבערגיין צו אַן אַנדער באַן אין ווילנע, האָט די מאַמע זיך צעוויינט —

...אַלע מיינע פייגעלעך פליען אַוועק פון מיר...

דער משולח האָט אי געטרייסט, אי געזאָגט מוסר.

טרייסט —

...שיקט מען אַוועק אַ יונגע טאָכטער איבער די ימים, איז זי געגליכן צו דער טויב פון נחס תיבה נאָכן מבול...

...די מבול־וואַסערן אָפּגעפאַלן, קומט די טויב ניט צוריק, נאָר נעמט זיך אויפשטעלן וואו אַ נייעם נעסט...

...אַזוי ווערן געבוירן נייע היימען ביי אונדזער פאָלק...

דער מוסר, ווידער, האָט געקענט זיין געצילט צו מיר —

...אַ זון, וואָס איז מסוגל צו זיין אַ לערנער, האָט דעם זכות, ממילא דעם חוב, צו דערגיין ביז סמיכה, און ערשט דעמאָלט בעמען לערנען...

...סמיכה איז ניט דווקא אַ טיר צו רבנות... אין עיקר איז עס גאָר

אַ שליחות צו זיין אַ מדריך און לערנען מידות מיטן פאָלק... און אים איז אָנגעטרויט די גרויסקייט פון אַ יורש מיט גרייט זיין אויף קידוש־השם, ווי אין די צייטן פון די „עשרת הרוגי־מלכות״, וואָס פאַר געבן און נעמען סמיכה איז געקומען טויט אויף דער גאַנצער שטאָט... און פאַרשוועכט ווער אַזאַ קדושה, זינדיקט ער קעגן די פאָטערס און די מוטערס פון אַלע יידישע דור־רות...

די מוסר־ווערטער האָבן איבערגעלאָזן אַ פירכטלעכן אָפּקלאַנג. איך בין געשטאַנען ווי אַ פאַרציטערטער. די חתונה אָן חתן־כלה האָט אָנגעהאַלטן ביזן שבת אַריין. געסט זיינען געקומען „אויף ברכה״. דער משולח איז געוואָרן איינגן מיט אונדזער היים. מיין פאָטער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן, אַז נאָכן זומער זאָל איך טאַקע פאָרן קיין סלוצק, האָט דער משולח אונדז ווי צוגעגרייט וואָס און ווער איך וועל אין סלוצק אָנטרעפן.

אויפלויכט איז געהאַט אַריין אין אונדזער שטוב דורך זיינע רייד וועגן דער פיימער־משפחה, אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעשטעלט אויך טראַגישעס וועגן אַן אויסגעריסן בוים פונעם רבנישן משפחה־גאָרטן.

געשיינט ווי איינער פון די ערשטע גרויסע רבנים פון דער היסטאָרישער וואָלאָזשינער ישיבה, האָט סלוצק געהאַט זיך גע׳יחוסט מיטן שקודער ר׳ יאָסעלע פיימער. ער האָט געשמט איבער ווייטע מדינה־גרעניצן, אַזש קיין ירושלים און בבל דורך רבנישע שאלות־ותשובות, אָבער אין דער רבנישער היים ביי אים איז אָנגעגאַנגען אַ צערדיק לעבן איבערן עלטסטן זון, ישראל, מיט זיין הונגעריקער נשמה, וואָס האָט כסדר געזוכט נייע גייסטיקע פעלדער.

בעת דער פאָטער איז נאָכגעגאַנגען דעם ווילנער גאונס שיטה קעגן חסידות און אַפילו זיך באַטייליקט אין די מלחמות קעגן חסידים, האָט דער זון דווקא זיך אַ קער געטאָן צו דער חסידישער וועלט. ער איז אַוועק פון דער היים און אַריין אין חסידישע לאַגערן אין אַנדערע שטעט. און אַז ער האָט אויך פון זיי זיך אָפּגעשיידט, איז ער אַריין אין די משכילים־קרייזן אין דייטשלאַנד. ער האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשן לשון־קודשדיקע ווערטער און תלמודישע אויסדרוקן, וואָס האָט אים געפירט אַרומצורייזן צו גרויסע אייראָפּעאישע ביבליאָטעקן, אויך אין רוים, און ער האָט פיל געשריבן אין דייטשע און העברעאישע השכלה־זשורנאַלן. ער האָט אויך איבערגעזעצט פילאָזאָפישע ווערק, דייטשע אויף העברעאיש און העברעאישע אויף דייטש. אויך צו היסטאָריאָגראַפיע האָט ער זיך גענומען, און איבערגעזעצט דעם

„יוסיפון", וואָס דערפון האָט מען געדרונגען, אַז ער שפּרייט קעגנערשאַפט צו יידישע ספרים, און ממילא אַפּיקורסות. בכדי מען זאָל עס ניט אויפוואַרפן דעם פאָטער, האָט ער געענדערט זיין משפחה־נאָמען פון „פּיימער" אויף „בעהמער", און ס'האָט געהייסן, אַז ער גיט זיך אָן אַלס אַ געבוירענער פון דער דייטש־עסטרייכישער פּראָווינץ בעהמען. אין דער רבנישער וועלט האָט מען אָבער געוואוסט, אַז ער איז דער זון פון ר' יאָסעלע פּיימער פון שקוד און סלוצק; און ס'האָט דעמאָלט אויך צירקולירט אַרום אים אַ געשיכטע וועגן זיין גטן זיך מיט זיין פרוי, און אַז רבנים האָבן פריער געהאַט צו פּסקענען צי ער איז אַראָפּ פון זינען, אָדער געוואָרן אַן אַפּיקורס און אַלץ וואָס ער טוט איז להכעיס דער פרומער יידישקייט. צער האָט דעם פאָטער איינגעבראָכן. דער פאָטער האָט געהאַט געזען אין אים גרויסע, ליכטיקע כשרונות, וואָס ער גיט זיי אָבער אַוועק אויף אַ פאַלשער וועלט. שוין אַריין אין די הויכע יאָרן, האָט דער פאָטער אים געשריבן אַ רירנדיקן בריוו ער זאָל קומען צוריק אַהיים, סיידן ער וויל הערן פון דער וויטנס, אַז דער טאַטע איז אַוועק פון דער וועלט מיט אַ צעפּייניקט האַרץ. דער זון איז צוריקגעקומען, אָבער אַ פאַראיינזאַמטער, אַ פאַרמרה־שחורהטער און ער איז אַליין געשטאָרבן. ניט אין חרטה, נאָר אין בענקעניש נאָך אומקלאָרע ציילן. דעם פאָטערס וואונד אין האַרצן האָט זיך ניט געהיילט. אַ זון מיט גייסט און מיט גרויס טאַלענט, און אויף צו ווידמען עס צו לומדות אין יידישער טראַדיציע האָט ער ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג. און אָט שטייט ער גאָר, דער פאָטער, ביים זונס קבר צו זאָגן נאָך אים קדיש...

איך האָב אַריינגערעדט אין דעם משולחס רייד —

...ענלעך דאָך צום גורל פון ר' ישראל סאַלאַנטער און זיין זון...

דער משולח האָט מיך אָנגעקוקט: פון וואַנען ווייס איך דעם סאַלאַנטערס גורל? איך האָב אָנגעגעבן דעם קוואַל: ר' לייזער פון פיקעלן. ער, אַ קרוב, ווייסט גענוי.

...די משונהדיקייט וואָס צוויי גאונישע פאָטערס אין לומדות, און שלי־מותדיקע אין יראה, און ביידע זיינען זיי פון זעלבן דור מיט אָפּשטאַם פון זעלבן ליטווישן זאַמוט, און ביידע האָבן געהאַט ענלעכע פאָטער־און־זון־דראַמעס...

נאָר אויפגערודער אַרום דער פּיימער־משפחה האָט ניט געפעלט אויך אין אַ שפּעטערדיקן דור. ר' יאָסעלעס ייִנגערער זון ר' מאיר, האָט יאָרן

שפעטער געפּועלט ביי דער סלוצקער קהילה אַז מ׳זאָל ברענגען דעם רידב״ז צו זיין דער סלוצקער רב, און גלייך נאָכדעם איז צווישן זיי געוואָרן אַזאַ מחלוקה, וואָס האָט געהאַלטן צערייצט מיט שפּאַנונג די גאַנצע רבנישע וועלט אין רוסלאַנד און וואָס וועגן דעם וועל איך נאָך מסתמא הערן ווען איך וועל שוין זיין אין דער ישיבה. דער משולח, ירוחם טראָפּ, זאָגט עס מיר, און ער גיט גלייך אויך אַ פאַרזאָג —

...האָב אָקאָרשט אין זינען וואָס פאַר אַ ראש־ישיבה דו וועסט אָנ־טרעפן... דעם גאון און בעל־מוסר ר׳ איסר־זלמן מעלצער... און ווען אַזוינס וואָלט פּאַסירט אין די צייטן פון די תנאים, וואָס עס האָט געטראָפן מיט ר׳ זלמנען און אַלע זייניקע, וואָלט אַזאַ געשיכטע פאַרשריבן געוואָרן אין דער גמרא...

...עס איז דאָך אַ גאָר פיינע זאַך... מוסר פאַר סלאָבאָדקע איז גע־קומען דורך אַלעקסאָט... געוווען דאָרטן אַ באַלעבאַטישער ייד, שרגא פראַנק, מיט אַן אייגן הויז און אַן אייבערשטיבל, און אונטן אַ קראָם... ווען ר׳ ישראל סאַלאַנטער פלעגט קומען אין קאָוונע צו פירן וויכוחים מיט סלאָבאָדקער לומדים וועגן איינפירן לערנען מוסר, האָט מען עס געמוזט טאָן בסוד־סודות ...געווען ביטערע קעגנער... האָט שרגא פראַנק געגעבן דעם סאַלאַנטער דאָס אייבערשטיבל, עס זאָל אים זיין אי אַ היים, אי אַ באַשיצט בית־מדרשל פאַר מוסר, אויפצונעמען שטילערהייט זיינע תלמידים, אַליין גרויסע לומ־דים... דערפאַר האָט דער באַלעבאַטישער קרעמער זוכה־געווען, אַז זיינע פיר טעכטער זאָלן חתונה־האָבן מיט לומדישע יונגעלייט, וואָס זיינען געוואָרן ראשי־ישיבות... ר׳ איסר־זלמן מעלצער איז איינער פון זיי, צו ווע‌מען אויך די דריי שוואָגערס באַציען זיך מיט גרויס יראת־הכבוד פאַר זיין העכערקייט אין גאונות... ער ווערט אויך רב אין סלוצק, אי רב, אי ראש־ישיבה... און די אשת־חיל זיינע, די רביצין, הינדע־ביילע, איז אַליין אַ באַוואוסטע מלומדת, טאָקע אַ גאָר גרויסע קענערקע אין גמרא... אַ משפחה פון פיר ראשי־ישיבות, וואָס דורך זיי קומט־אויף אַ גאָלדענער שלשלת פון מוסר־ישיבות — אַ משפחה־מלוכה אין לומדות...

(אויפן ישיבה־„ראָמאַן״ פון שרגא פראַנקס פיר טעכטער וויזט־אָן אין אַ מחיהדיקן ישיבה־יידיש דער שריפטשטעלער פּסח מאַרקוס אין זיין „מדרש קאָוונע״, געדרוקט אינעם גרויסן זאַמל־בוך „ליטע״).

## 2

נאָך אַ לאַנגער רייזע מיט דער באַן דורך ווילנע קיין באַראַנאָוויטש, און פון דאָרטן מיטן דילעזשאַנס, האָב איך אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט דערזען די שטאָט סלוצק דורך אַ טומאַן, וואָס איז געהאַנגען ווי אַ ווייסער שלייער פון דיבינקע זילבער־פעדעמלעך. עס זיינען ווי אַקעגן־געקומען צעוואָרפענע פייערלעך, אַרויסגעפינקלט פון גאַס־לאַמטערנעס, און פלעמלעך פון שטוב־לאָמפן, אַרויסגעשיינט דורך פענצטער. די אויסטערלישע פאַנאָראַמע האָט אין מיין יונגן נשמה־פאַרנעם איבערגעלאָזן דעם איינדרוק פון אַ זעלטענעם אויפלויכט, אַ מיסטישע צעשטראַלטקייט, אַ סימבאָליש נעץ פון פייער־פונקען פון סלוצקער אַלטן יחוס אין לומדות, אַן איינדרוק, וואָס איז מיר פאַרבליבן ווי אַ פיבער אין האַרצן אויף אַלע וויטערדיקע יאָרן.

די דילעזשאַנס־רייזע האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. עס איז קוים געווען נאָך שמחת־תורה, און אויפן וועג האָט שוין געשנייט; אי געשנייט, אי גערעגנט. פאַזע וועג האָבן זיך געשלעפּט צופוס פאַרפּעלצטע פויערים און פויערטעס מיט אַ גאַנץ אַנדערן אויסקוק ווי ביי די פויערים אין ליטווישן זאַמוט. ביי יעדן אָפּשטעל פון דילעזשאַנס האָט אַ הייך־געוויקסיקער באַבאָרדעטער שומר אַרום די פּאַסאַזשירן דערמאָנט מיר מיט אַ פריינטלעך־ברומענדיקן קול —

...ברודערל, היט דיין קערבל זאַכן... און טאָמער ציט־אויס אַ פויערל זיינע לאַפּעס אַ כאַפּ־צו־טאָן, גיב אַ רוף, און מירן ביידע אים אַ זעץ־טאָן אין די אויגן...

עס איז מיר געווען ניט קיין היימלעכע באַוואָרעניש.

דער דילעזשאַנס האָט מיך צוגעבראַכט צו אַן אַכסניה אין מיטן שטאָט. עס האָבן דאָרטן געוואַרט אויף מיר צוויי ישיבה־לערנער, משה גלאַגאָ און אַברהמל פּאַט, ביידע שוין אין צווייטן יאָר אין דער ישיבה, ממילא עלטער פון מיר. משה גלאַגאָ, אַ זון פון מיין פּאָטערס אַ פריינט אין דער קורלאַנדישער ליבאָו. ער האָט געוואוסט פון מיין קומען. אַברהמל פּאַט, אַ ביאַליסטאָקער, אַ חבר פון משה גלאַגאָ, אי ביים לערנען, אי וואָס זיי וואוינען אויף איין „סטאַנציע" (דירה פאַר ישיבה־לערנער, צומאָל דריי און פיר אין זעלבן חדר). זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז כ'וועל זיין זייערער אַ „סטאַנציע"־חבר, נאָר איך דאַרף וואַרטן אַ טאָג. זיי וועלן קומען מאָרגן מיך נעמען אַהין און מיך אַריינ־

פירן אויך אין דער ישיבה. די דירה געפינט זיך אויף אַ געסל גלייך ביי דער ישיבה. זיי האָבן מיך אויסגעהערט וואָס איך וויים וועגן סלוצק, וועגן דער פיימער־משפחה, וועגן דעם רידב״ז, וועגן דעם ראש־ישיבה ר׳ איסר־זלמן מעלצער און אַז איך האָב אַ בריוו פון מיין פאָטער צו דער פיימער־משפחה און אַ בריוו פון דעם משולח, ירוחם טראָפּ, צום ראש־ישיבה. איך, ווידער, הער פון זיי, אַז סלוצק האָט נאָך איצט אויך אַ רב מיטן נאָמען פיימער — ר׳ יאָסעלע פיימער דער צווייטער — אַן איניקל פונעם היסטאָרישן ר׳ יאָסעלע פון שקוד — און אַז סלוצק האָט אַסך שולן, און אַז גלייך ביי דער אַכסניה, וואו איך געפין זיך, איז דער שולהויף. און פאַראַן אויך אַנדערע שולן, אויף דער זאַרעצער גאַס, און אויף דער קאַפּאַשקער גאַס; און אויף דער זעלבער קאַפּאַשקער גאַס איז דאָ אַ ציוניסטישע ביבליאָטעק. און ביים שולהויף איז דאָ אַ חסידים־שטיבל, און אַ שניידערשע, און אַ קצבישע, און אַ שמידישע; און אַז אין דער ישיבה לערנען אַ פּאָר הונדערט אַנגעפּאַרענע בחורים פון אַלע קאַנטן אין רוסלאַנד, אַפילו פון פּעטערבורג און פון קאַווקאַז. און פאַראַן אין סלוצק אַ גימנאַזיע, ביי וועלכער עס „דרייען זיך אַרום" יידישע בחורימלעך פון כלערליי שטעטלעך. זיי גאַרן נאָך גימנאַזיע־בילדונג, און מען נעמט זיי ניט אָן. דער ביאַליסטאָקער אברהמל פּאָט רעדט אויך וועגן זיינעם אַ יינגערן ברודער, יאַנקעלע, וועלכער לערנט אין דער ישיבה, נאָר אין אַ טאָג־צוויי פאָרט ער אָפּ, ענטוועדער קיין סלאָבאָדקע, אָדער צוריק אַהיים.

מיט אַ פרייען טאָג צו וואַרטן ביז מען וועט מיך נעמען צו דער „סטאַנציע" און צו דער ישיבה, האָב איך זיך דערפרעגט ווי אַזוי צו דערגיין צו דער רבנישע פיימער־פאַמיליע. איך האָב זיך געריכט צו זיין אין דער אָט־מאָספער פון לומדישער פייערלעכקייט, וואָס האָט געגעבן די פיימערס אַ וועלט־נאָמען. מיר איז אָקעגן־געקומען אַזוינס, וואָס האָט מיר פאַרדראָסן אויף מיין איילענישט צו גיין אַהין. מ׳האָט מיך אויפגענומען מיט אַ וואַרעמען אינטערעס, אָבער דער רב איז ניט געווען אין דער היים. איך האָב געזען אַ סך ספרים, אָבער דאָס איז דאָך מיר ניט געווען קיין נייעס. איך האָב ניט געפונען די פּאַסיקע ווערטער צו ריידן. שפּעטער, ווען איך בין שוין געהאַט געווען אַ תושב אין דער ישיבה, פלעג איך הערן, אַז עס איז שוין שקיעה־צייט ביי דער פיימער־משפחה, ערב אָפּגאַנג אין דער געשיכטע און עס שפּירט זיך ביי איר דער אידעלער טראַגיזם, וואָס ליגט תמיד צווישן „דור הולך" און „דור בא"...

אין יענע טעג האָט אין סלוצק נאָך געהאַט געשטראַלט די תפארתדיקע פּראָמינענץ פונעם רידב״ז. ער איז געהאַט געוואָרן דער שטאָט־יחוס. אומע־טום אין אַנדערע שטעט, וואו מ׳האָט גערעדט וועגן אים, האָט מען אים גע־רופן „דער סלוצקער רב״. און אין דעם ערשטן טאָג מיינעם אין סלוצק — בין איך דערגאַנגען צו אים אומגעריכט.

מיין לוסט אַריינצוקוקן אין בית־מדרש הגדול און אין דער קאַלטער שול דערביי, האָט מיך אַוועקגעפירט צום שולהויף. איך האָב דערזען אַן אימפּאָ־זאַנטע געשטאַלט. קודם, דאָס אָנטועכץ. אַ יום־טובדיק־סאַמעטענע, לאַנגע קאַפּאָטע, אויפגעגנייט ווי אַ כאַלאַט און באַצירט מיט פורפור־פעדעם און אַ גאָלד־געוועבעכץ. אויפן קאָפּ אַ שטריימל. דער אויסזען: די באָרד ווי צע־שויבערט. דערצו מיט אַ גרויס אָפן ספר אין האַנט, די אויגן איינגעגראָבן אין ספר. און ער שטייט ביי דעם לעגענדאַרן, פעלדזיקן שטיין אויפן שולהויף, ביי וועלכן סלוצקער דורות שטעלן חופּות.

איך האָב געפרואווט טרעפן צי איז עס ניט אָקאָרשט דער רידב״ז. איך האָב אַ פרעג־געטאָן ביי אַ פאַרבייגייענדיקער מוטערלעכער פרוי, מיט אַ קערבל געקויפטע זאַכן אויפן מאַרק. זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ —

...עס איז מיר טאַקע אַ מזלדיקער טאָג וואָס איך זע דעם גרויסן רב אונדזערן ווי ער שטייט מיט אַן אָפן ספר דאָ ביי דעם הייליקן שטיין...

איך האָב זיך געשטעלט קוקן מיט נייגיר. ער האָט, אַפּנים, דערשפּירט עמעצער קוקט אים נאָך, האָט ער פאַרמאַכט דעם ספר און מיך צוגערופן. ער האָט געוואָלט וויסן ווער איך בין. טאַקע ניט מער ווי אַ יונג בחורל, אָבער וויבאַלד איך בין געקומען לערנען אין דער ישיבה פון אַזוי ווייט ווי שקוד, האָט ער צו מיר גערעדט ווי צו אַ דערוואַקסענעם. און ער האָט געקענט האָבן אַ שווער געמיט, וואָס אים וועט זיין לייכטער אַראָפּצורייידן זיך פון האַרצן דווקא פאַר אַ ייִנגל פון דער פרעמד.

ווערטער, וואָס ער האָט זיי אַרויסגערעדט ווי ער וואָלט זיך באַקלאָגט אויף עלנט, זיינען פאַרבליבן אין מיין זכרון. אַ צוויי יאָר צייט איז ער ניט געווען אין סלוצק; ער איז געהאַט געווען אָפּגערייזט אין אַמעריקע צו קריגן הילף אָפּצודרוקן זיינע ספרים, באַזונדערס זיין פירוש אויפן תלמוד ירושלמי. איצט האָט ער ניט וואָס צו טאָן אין סלוצק. מען פאַרבעט אים אַפילו ניט צו האַלטן אַ דרשה, אָדער זאָגן אַ שיעור אין דער ישיבה, וואָס ער האָט זי געגרינדעט. מען מיינט ניט, חלילה, אים וויי־צו־טאָן; מען שרעקט זיך פאַר

זיינע שאַרפע רייד. און דער „סלוצקער רב״, טוט ער אַ זאָג וועגן זיך, מזח ריידן שאַרפע רייד. דורך סלוצק זעט ער ווי אַזוי יידן טרייבן זיך אַליין צום גיהנום, מוז ער וואָרענען. דער נאָמען „סלוצקער רב״ טוט זיך דאָך ניט אָפּ פון אים. אין אַמעריקע האָט ער גאָר קיין אַנדער נאָמען ניט געהאַט. רייזט ער אָפּ אינגיכן צוריק קיין אַמעריקע, און פון דאָרטן וועט ער לאָזן הערן פון זיך וואָס וועט גרייכן אויך סלוצק...

באָר ער גייט איבער צו מער לייכטע רייד. איך בין דאָך אַ יונגער אורח, ווייזט ער אָן אויפן פעלדזיקן שטיין, ביי וועלכן מיר שטייען. מען זאָגט, עס איז אַ „הייליקער שטיין״, נו, זאָגט מען... עס איז אַ טאָפּעלע געשיכטע. ערשטנס, וואָס דער בעל־שם־טוב זאָל אַמאָל האָבן געקומען אין סלוצק, און געשטעלט זיך וואָרטן ביים שטיין די סלוצקער יידן זאָלן זיך לאָזן צו אים, און ער וועט זיי אַריינפירן אין חסידישן שטייגער, און זיי זיינען נישט גע־קומען, האָט ער אַ ברוגזער אַ זאָג־געטאָן —

...סלוצק וועט קיינמאָל ניט ווערן אַ חסידישע שטאָט...

און אַזוי איז עס דאָך טאַקע; שטייט דער שטיין, הייסט עס, ווי „אַן עדות״ וואָס דער בעל־שם־טוב איז ביי אים געשטאַנען...

צווייטנס, בעמט מען דעם שטיין אַריין אין דער וואונדער־מעשה מיט רפאל־יאָסלען, וואָס איז אַ גאָר פיינע מעשה ווי אַזוי אַן אָרעמאַן, אַ חצי־שניידער, וועלכער האָט ניט געקענט האַלטן אַ נאָדל־פאָדעם אין האַנט, און דאַוונען אין אַ סידור האָט ער ערשט ניט געקענט, האָט פון ווייב און קינד זיך באַהאַלטן דאָ אין וותיקים־שטיבל, און אַליין אָנגעהויבן לערנען, און ער איז דערגאַנגען צו גמרא, און ער איז געוואָרן אַ למדן, ממש אַ גאון און... און אַז ער איז נפטר געוואָרן, האָט מען אָפּגעהאַקט אַ שטיק שטיין פאַר אַ מצבה אויף זיין קבר...

איז עס טאַקע אַ ליבע מעשה צו נעמען פאַר אַ משל... סלוצק האָט דאָך טאַקע אַ היפּשע צאָל באַלמעלאָכעס, וועלכע זיינען לומדים; און פאַראַן אין סלוצק באַלעגאָלעס, וואָס מיטן בייטש־שטעקל אונטערן אָרעם קומען זיי אַריין אין דער ישיבה הערן אַ שיעור...

אַ שמייכל שפּילט אַרום די אויגן פונעם רידב״ז. עס האָט געקענט מיינען, ער לאָזט איבער צו מיר אַליין צו אורטיילן די רייד זיינע וועגן רפאל־יאָסלען און דעם שטיין, צי זיי זיינען וואָר אָדער פאָלקלאָר. ער עפנט־אויף דעם ספר אויף זיינע הענט, און טוט אַ זאָג —

...דאָ איז וואָר...

ער טוט אויך אַ ווייז —

...אָט זעסט דאָך, ס'איז דער „ירושלמי" און טאַקע מיטן „קרבן העדה" און אויך אַנדערע מפרשים... וועסטו אַמאָל זען אַ „ירושלמי" אויך מיטן „פירוש רידב"ז"... זייט־ביי־זייט דאָ מיטן גמרא־לשון, אַן עמודל פון רידב"ז...

ס'איז געהאַט געוועזן זיינס אַ לעבנס־חלום צו דערגרייכן עס.

אין מיטן ריידן נעמט ער זיך גיין צו די טירן פון בית־מדרש הגדול, און ער נעמט מיך אונטערן אָרעם צו גיין מיט אים. איך קלער מיט אַ יום־טוב־דיקייט אין זיך וועגן מיין גוטן מזל אָנצוטרעפן אומגעריכט די באַרימטע רבנישע פּערזענלעכקייט גלייך אין מיין ערשטן טאָג אין סלוצק; און איך בין שטאָלץ מיט זיינע רייד צו מיר וואָס אים איז אויפן האַרצן, און וואָס זיין שטרעבן איז. אין שפּעטערדיקע טעג אין דער ישיבה האָט מיך תמיד גע־וואונדערט וואָס איך הער וועגן אים ווי פון אַ פאַרביסענעם כעסן, און וואָס אַרויסגעוויזן האָט ער עס אין זיין שטרייט מיטן פיימער־צד אין שטאָט, ר' מאיר פיימער, און אַז ער קען נאָך אפשר פּרוואון פאַרפירן אַזאַ מחלוקת אויך מיט ר' איסר־זלמן מעלצער...

יענער שטרייט — אין תוך אַ פילאָזאָפישע פלוגתא, דער אַלטער ריב פון בית־שמאי און בית־הלל. דער רידב"ז איז בית־שמאידיק, און אפשר שטימט עס מיט זיין כאַראַקטער: שטרענג, האַרט, שווער, אַגרעסיוו, הגם צו אַ פרעמדן בחורל קען ער דערשיינען וואַרעם־האַרציק; בעת ר' מאיר פיימער איז געהאַט געוועזן בית־הללדיק: לייכט, ווייך, קיינמאָל ניט מיט אַ וועלכער קריגס־לוסט, תמיד פשרהדיק, ניט מיט שטראָפן, נאָר מיט גוטע רייד אַרויסרופן גוטע מעשים.

נאָר אויפנעמען אַן ענלעכע מחלוקת מיט ר' איסר־זלמן מעלצער האָט דער רידב"ז שוין קיין צייט ניט געהאַט. ער איז אין יענע טעג שוין געהאַט אַרויף אויף זיין רייזע־וועג צוריק קיין אַמעריקע. פּאַר אַ קריגער אין מלחמת־מצווה איז דאָך אָבער די גאַנצע וועלט אַ גלייכער שלאַכטפעלד. האָט די סלוצ־קער מערכה זיינע מיטגערייזט מיט אים אין דער ווייטער נייער וועלט. און איך דאַרף טאַקע שוין דאָ דערציילן וועגן דעם רידב"ז אין אַמעריקע, וואָרים ערשט די אַמעריקאַנער אַנטוויקלונגען אַרום אים שטעלן־אויס אַ זעלטענע

גייסט־דראַמע פון דער סלוצקער מוסר־ישיבה, וואָס מיר איז באַשערט צו קענען זי וויפיל־ניט־איז פון דער נאָענט.

אַ צוזאַמענפּאַר פון אָרטאָדאָקסישע קהילות, פאַרזאַמלט אין פילאַדעלפיע, האָט געקרוינט דעם רידב״ז אַלס „זקן־הרבנים״. ס׳האָט באַטייט: דער באַרימטער סלוצקער רב איז געקומען אַריינבערענגען סדר אין יידישן הויז אין דער נייער וועלט, און מען דאַרף גיין אין זיינע טריט אין הלכה. אָבער באַלד זיינען אָנגעשטאַנען שטורמישע טעג קעגן אים. די זעלביקע קהילות האָבן זיך אָפּגעוואָרפן פון זיינע חומרות. ער האָט אויסגעפּרואווט רבנות אין שיקאַגאָ, האָט ערשט דאָרטן זיך צעפלאַקערט אַ מלחמה קעגן דער שטרענגקייט, וואָס ער האָט געפאָדערט. זיינע שיקאַגער קעגנערס האָבן אַפילו ניט געהאַנדלט לגבי אים ווי לומדישע בעלי־פּלוגתא, נאָר גאָר דערשינען ווי נוטרים. זיי האָבן אַפילו ניט געשוינט זיין עמפּינדלעכקייט פון אַ שעפערישן תלמיד־חכם. זיי האָבן אים אויפגעוואָרפן, אַז ער מאַכט אָנשטעלן פון אַ מקובל און אַ גרויסן קענער אין זוהר, כדי מען זאָל אומעטום אים באַגעגענען מיט באַזונדערן יראת־הכבוד. זיי האָבן געפּרואווט אויך וואַרפן אויף אים בזיון, אַז ער האָט בכיוון צונויפגעשטעלט די ראשי־תיבות „ר־י־ד־ב־ז״ פון זיין נאָמען ר׳ יעקב דוד בן זאב, כדי עס זאָל זיין ענלעך צו די ראשי־תיבות פון „ר־ד־ב־ז״ פון ר׳ דוד בן זמרה, דער רבי פון אר״י הקדוש, מען זאָל מיינען ער, דער סלוצקער רב, האָט אַ שייכות מיט די היסטאָרישע בעלי־קבלה אין צפת און ירושלים. ער איז אָפּגעטראָטן פון שיקאַגער רבנות מיט פאַראַכטונג צו אַזעלכע קעגנערס, און האָט זיך דערשפּירט מער איבעריק ווי עס איז געווען זיין גורל אין זיינע לעצטע סלוצקער טעג. אים איז פאַרגעשטאַנען נאָך מער פּייגלעכס. אַ וויזיע, וואָס האָט אים געפירט פון שטאָט צו שטאָט מיט אַ ציל אויפצוזאַמלען אין אַמעריקע אַ ישיבה כמו ליטע, כמו סלוצק, האָט ניט געפונען קיין שום אָפּקלאַנג. ער האָט זיך דערזען אין אַ שטומער פוסטקייט. ער האָט באַשלאָסן ער נעמט אָפּשייד פון גאַנצן גלות, ער וועט אָפּרייזן קיין ארץ־ישראל.

און ווידער האָט דער גורל מיך צוגעבראַכט מיט אים אין אַ מאָמענט פון זיין עלנט אין אַן אומגעריכטער אָנטרעפעניש אויף אַן אויסטערלישן אָרט.

עס איז דאָס יאָר 1905. עס איז ניו־יאָרק מיט איר איסט בראָדוויי. טאָג נאָך טאָג קומען דאָ אָן טויזנטער יידישע קינדער פון רוסלאַנד, פיל פון די ישיבות פון ליטע. עס פלאָטערן דאָ אַרום די חלומות פון מיין סלוצקער ישיבה־דור. און ווי אין אַ כישוף־מעשהלע דערזע איך ווידער דעם רידב״ז.

און ער איז אָנגעטאָן אינעם זעלבן טראַכט, אין זיין יום־טובדיקער סאַמעטענער קאַפּאָטע, געצירט מיט פּורפּור־און־גאָלד־פּעדעם, און מיטן פוטערן שטריימל און מיט אַ געעפנט גרויסן ספר אין האַנט, די אויגן איינגעגראָבן אין ספר, און ער שטייט ביים סואַרד־פּאַרק, צווישן איסט בראָדוויי און העסטער סטריט, ווי ער איז געשטאַנען ביים פעלדזיקן שטיין אויפן סלוצקער שולהויף.

איך האָב געמיינט איך חלום. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און זיך פאָרגעשטעלט, דערמאָנענדיק סלוצק. ער האָט מיך דערקענט, און ער האָט ווייטער גערעדט שניידנדיקע ווערטער. ערשט אין אַמעריקע איז ער אַן איבעריקער. די גרויסע נייע וועלט איז אַ גרויסער נייער גלות. היינט־מאָרגן וועט ער, דער עלנטער, צערייצטער, סלוצקער קעמפער, נעמען אָפּשייד פון גלות... ער וועט איינשטעלן אַ ישיבה אין דער היסטאָרישער קבלה־שטאָט צפת...

ניט פאַראויסגעזען האָט ער, אַז דווקא אינעם „גלות־אַמעריקע" וועט אויפשטייגן זיינס אַן אייניקל — פּראָפעסאָר מילטאָן ר. קאָנוויטץ ביים קאָרנעל אוניווערזיטעט — ווי אַ מורה־דרך אין אַמעריקעס הלכה, אינעם קאָנסטיטוציאָנעלן געזעץ אַרום פּראָבלעמען ביי פעלקערלעכע מינאָריטעטן, און אין דער פילאָזאָפיע אַרום סאָציאַלער גערעכטיקייט מיטן טראָפּ אויף געזעלשאַפטלעכע פליכטן און אַרבעטער־רעכט, און דערצו ווי אַ שעפערישער מתורגמן ביי קולטור און פרייהייט און אין גייסט פון קולטור־פּלוראַליזם, פאַרשטייט זיך, אויך יידישע רוחניות, טראַדיציאָנעל און מאָדערן.

און דאָס געהערט שוין דרייפאַך צו סלוצקער ישיבה־דראַמע, אי דורכן זיידן, אי דורכן פּראָפעסאָרס פאָטער, הרב יוסף קאָנוויטץ, אי דורכן פּראָפעסאָרישן אייניקל.

דער פאָטער איז געהאַט געווען פון די פערצן סלאָבאָדקער ישיבה־לייט, מיט וועמען דער רידב"ז האָט איינגעשטעלט די סלוצקער מוסר־ישיבה. עס איז געוואָרן אַ שידוך. דער לערנער יוסף קאָנוויטץ פון דער ליטע איז געוואָרן אי אַ מוסמך, אי אַן איידעם ביים רידב"ז. פינף יאָר שפּעטער, ביים יאָר 1906, האָבן שווער און איידעם טאַקע איינגעזאַמלט אַ מוסר־ישיבה אין צפת. אַ צענדליק יאָר שפּעטער, דער רידב"ז שוין אָפּגעשיידט פון דער וועלט, האָט הרב יוסף קאָנוויטץ אויפגענומען רבנות אין אַמעריקע. דעם פּראָפעסאָרס אַמעריקאַנער סטודענטן־יאָרן זיינען אָפּגעגאַנגען, ניט אין אַ צעשייד מיט דער געדאַנקען־וועלט פון זיידן און פאָטער, נאָר דווקא אין באַנייאונג.

און דערמיט איז ער געשטיגן; און אין די ביכער און עסייען זיינע איז פֿאַראַן גלגול פֿון סלוצקער ישיבה־מאָטיוו, סלוצקער מוסר־מחשבה, אויך סלוצקער בית־שמאי־און־בית־הלל־פּלוגתא, וואָס באַלייכט אַמעריקעס קאָנסטיטוציאָנע־לע פֿרייהייטן און אַמעריקעס פּאָלקס־דערפֿאַרונג, ווי אַ קאָלעגע אין דער פֿילאָזאָפֿיע פֿון אַמעריקעס דענקערס, דזשאָן דואי, האָראַס מ. קאַלען און סידני הוק.

און אויך אים, דעם רידב״ז־אייניקל, דעם פּראָפֿעסאָר קאָנוויטץ, האָב איך אָנגעטראָפֿן אומגעריכט אויף אַן אויסטערליש אָרט, אינעם סאָציאַליס־טיש־אָנגעפֿירטן „טעמימענט״ אין די פּענסילווייניער בערג. אים איז שטאַרק ליב געווען צו שמועסן טאָג נאָך טאָג וואָס אַלט־יידישע גייסט־עשירותן טראָגן זיך אַריבער צו אַמעריקעס חזיונות און רעיונות. פֿאַראַן דאָך ביי דעם גאָר גרויסע קולטור־דראַמע, אי יידישע, אי אַמעריקאַנישע. עס איז געוואָרן צווישן אונדז אַ פֿריינטשאַפֿט. ער האָט אָנגעהויבן לייענען דעם זונטיק־„פֿאָרווערטס״, וואָס דעמאָלט בין איך געווען דער „זונטיק־רעדאַקטאָר״. די דעמאָלטיקע סעריעס שילדערונגען פֿון באַרימטע כאַיצאַליסטישע משפּחות אין אייראָפּע, געשריבן פֿון אויטאָריטעטן, האָבן אים פֿאַרשאַפֿט גרויס תענוג. נאָך היינט־צו־טאָג שיקן מיר זיך גוטע ווינטשעוואַניעס דורך אונדזערביידנס פֿריינט לואיס האַלאַנדער, פֿאַרשטייער פֿון ניו־יאָרקער „סטייט לייבאָר״־פֿעדעראַציע ביי דער פֿאַקולטעטן־פֿאַרוואַלטונג פֿון קאָרנעל אוניווערזיטעט...

## 3

ביי מיין אַריבערטרעטן די שוועל פֿון דער ישיבה, נאָך מיין אומגעריכ־טער באַגעגעניש מיטן רידב״ז, איז מיר אַקעגן־געקומען אַ סצענע, וואָס האָט פֿאַר אַ ווײַלע מיר פֿאַרשאַפֿט האַרץ־קלעמעניש, און באַלד דערנאָך אַ פֿריינט פֿאַר אַלע שפּעטערדיקע יאָרן.

די ישיבה האָט געהויזט אויף אַסטראָווע, צווישן גערטנער און לאָנקעס, און האָט אויסגעזען ווי אַ וועלט פֿאַר זיך, אויסערהאַלב דער שטאָט, מיט אָנגעפֿאָרענע לערנערס פֿון גרויסע שטעט און קליינע שטעטלעך, אַפֿילו פֿון גאָר ווייטע מקומות. משה גלאַגאָ און אַברהמל פֿאַט האָבן צוערשט מיך גע־נומען צו זייער „סטאַנציע״, וואו עס איז געוואָרן אָרט אויך פֿאַר מיר, און

באַלד מיך צוגעבראַכט צו דער ישיבה. עס איז געווען שפּעט פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב. צו אונדז איז צוגעקומען אַ קורץ־געוויקסיק בחורל אין אַ לאַנגן אויבערמאַנטל ביז די קנעכלעך. אַברהמל האָט אים פאַרגעשטעלט —

...מיין ברודער יאַנקעלע...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן דער באַוואוסטער יעקב פּאַט, שרייבער און רעדנער, לערער און טוער ביים „בונד" און ביי קולטור־באַוועגונגען אין פּוילן און ביי דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

מוסר־לערנערס האָבן זיך געקליבן צום מוסר־שטיבל אין דער ישיבה צו הערן ר׳ איסר־זלמנס אַ שיעור אין מוסר, ביי וועלכן מען פרעגט ניט קיין קשיות. מען הערט אים, און מען בלייבט נאָכדעם שטיל אין אייגענע מחשבות. אַלע האָבן זיך געלאָזן אַהין. מיך האָט דער ישיבה־שמש צוריק־געהאַלטן. איך האָב נאָך ניט קיין כתב, אַז מ׳האָט מיך אָנגענומען אין דער ישיבה. סתם אַ בחורל קען מען צום מוסר־טיש ניט צולאָזן. ער האָט אַפילו ווי אָנגעשריען אויף מיר. איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרשעמטער, אַ פאַר־קלעמטער. איך האָב ניט געקענט דערכאַפּן וואו עס זיינען אַהינגעקומען מיינע צוויי עלטערע „סטאַנציע"־חברים. מיין אָקאָרשט באַקאַנטער יאַנקל פּאַט האָט דערזען מיין אומבאַהאָלפענעם צער, האָט ער זיך אַ שטעל־געטאָן ביי מיין זייט מיט אַ זעלטענער חברשאַפט —

...איכ׳ל דאָ בלייבן מיט דיר... איכ׳ל דיר ווייזן די ישיבה־ספרים...

ער האָט מיך צוגעבראַכט צו די ספרים־אַלמערס מיט ביידערליי גמרות, תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי, און מער ווי איין ש״ס; און בענדער לויט די באַזונדערע סדרים און חלקים און פּרקים; און מסכתאָס און מכילתאס און מידרשים; און באַזונדערע בענדער פון יעדן סדר, און משנה און הלכה און אגדה באַזונדער; דערצו די חידושי־תורה פון די „אחרונים"; שולחן־ערוך און יורה־דעה, און חושן־משפט; און די ספרים פון דעם ש״ך און דעם ט״ז; ממש אַ וועלט מיט גייסט. ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ טיש, מיין נייער פריינט יאַנקל פּאַט, און אָנגעוויזן אויף איבערשטע שייבלעך אין אַ ספרים־שראַנק —

...אָט־דאָ איז דער רמב״ם, וואָס אָן דערלויבעניש טאָר מען ניט אַריינ־קוקן... עמעצער ערב סמיכה מעג יאָ... און אָט איז דער כוזרי, און דאָ דער זוהר... ניט, חלילה, זיך צורירן...

און ער איז אַריבער צו אַנדערע שאַפעס, שוין מיט קליינע ספרימלעך —

...נאָכן טאָג לערנען, פאַרנאַכט, קען מען דאָ נעמען וואָס מען וויל, און זיך פאַרטיפן אין שטילקייט...

ער האָט אַרויסגענומען אַ „חובת הלבבות" —

...אַז מען לייענט עס בלחש, נעמט מען אַריין אין זיך, און עס בלייבט... אָט איז דער חשבון־הנפש; אַסך פסוקים דאַרף מען לייענען און באַלד אי־בערלייענען... און אָט איז דער קו־הישר, עס איז אַ ספר־ל פאַרן פאָלק... און דער „מסילת ישרים", ניט צו לייענען, נאָר צו לערנען... און ווער רעדט שוין פונעם „שני לוחות הברית"?...

עס האָט געקענט זיין דעם יונגן יעקב פאַטס ערשטער פּרואוו אָפּצושאַצן ליטעראַטור.

ביים דערזען ר' איסר־זלמנס אַרויסקומען פון מוסר־שטיבל, האָט דער ביאַליסטאָקער יאַנקל פאַט זיך אַ לאָז־געטאָן צו אים. איך בין אים נאָכגעגאַנ־גען מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ. ביים שלום־עליכם צו מיר האָט דער ראש־ישיבה אַ פרעג־געטאָן צי איך בין געווען ביים שיעור. ביים הערן, אַז דער שמש האָט ניט געלאָזן, האָט ר' איסר־זלמנס מינע געוויזן שטאַרקע אומצופרידנקייט —

...מען דאַרף שוין גאָר צושטעלן אַ כתב צו קענען הערן מוסר?...

און צום ביאַליסטאָקער יאַנקל פאַט פאַר זיין פאַרבלייבן מיט מיר —

...מקבל־פּנים זיין אַ נייעם יונגן לערנער איז אַ גרויסע מידה...

ס'גאַנצע געזיכט, יאַנקל פאַטס, האָט אויפגעלויכטן.

איך האָב דערלאַנגט ר' איסר־זלמן דעם בריוו פונעם משולח, ירוחם טראַפּ. ער האָט עס אַריינגעלייגט אין קעשענע און באַמערקט: מיר'ן עס לייע־נען אינאיינעם מאָרגן בייטאָג אין זיין היים.

עס איז מיר געווען אַ גרויסע איבערלעבעניש אינעם רבנישן און ראש־ישיבהשן חדר־מיוחד אין דער היים פון ר' איסר־זלמן מעלצער, דעמאָלט ביים שאָסיי אינעם געגנט פון אָסטראָווע. ער האָט געלייענט אין דער הייך דעם משולחס בריוו אין העברעאיש, וואָס דעמאָלט האָט מען עס, פאַרשטייט זיך, אָנגערופן „לשון־קודש". און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי עטלעכע שורות און פאַרקנייטשט דעם שטערן. ס'האָט אים געלאָזט וויסן, אַז איך וועל, אָן ספק, זיין אַ מתמיד, אַז איך האָב אַ גוטע תפיסה, אַז איך הער זיך איין מיט גרויס דרך־ארץ אין רייד פון עלטערע, און איך בין גענייגט צו מוסר מחמת השפּעה פון ר' לייזער פון פיקעלן; נאָר עס איז ביי מיר אַ טבע אַרייַנ־צולאָזן זיך אין פאַרטראַכטענישן, פאַנטאַזיעס, מעדיטאַציעס, און בין מסוגל

איינצוריידן זיך זאָגן, וואָס דאָס האָט זיך געקענט נעמען פון תמיד זיין אַן אַליין־לערנער, און פון די ליבשאַפטן מיינע צו אַגדה; אָבער עס איז צו האָפן, אַז דער „דרך־ההבנה״ אין דער ישיבה און חברותא מיט אַנדערע ישיבה־לייט וועט עס איינשטילן אין מיר, און איך וועל זיין אַ גוטער תלמיד.

ר׳ איסר־זלמן האָט באַמערקט —

...דמיון איז ניט קיין חסרון, אָבער הבנה איז אַ מעלה, און אַ מוז...

ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין לאַנגע אויספרעגענישן, און ער האָט פּי־לאָזאָפירט ווי צו זיך אַליין וועגן נשמה, רוח און נפש, וואָס ציגנדן־אַן פאַנטאַזיעס אין מוח און בענקשאַפטן אין האַרצן.

די רביצין, די מלומדת, איז אַריינגעקומען מיט צוויי גלעזער הייסע טיי און אַ טעצעלע זאַפט, און מיט אַ מוטערלעכן זאָג —

...אַ יונגער לערנער איז געקומען פון מרחקים, באַדאַרף מען אים געבן כיבוד...

ביידע, דער ראש־ישיבה, איר לעבנס־חבר, און איך, מיט אַ דערוואַרטן צו ווערן זיינס אַ תלמיד, האָבן זיך אויפגעשטעלט אין איר כבוד וועגן. ר׳ איסר־זלמן האָט אויף מיר אָנגעוויזן, אַז ר׳ לייזער פון פּיקעלן איז געווען מיינס אַ מדריך, האָט די רבנית זיך נאָכגעפרעגט אויפן געזונט פון „שרה בת־טובים״. אַפּנים, רבנישע און ראש־ישיבהשע, און בכלל לומדישע משפחות האָבן תמיד געוואוסט איינס פון אַנדערן.

איך בין שפּעטער אַרויס פון ר׳ איסר־זלמנס היים מיט אַ געשטאַרקט האַרץ. מיט דער פייערלעכקייט אין זיך האָב איך גענומען זוכן דעם ביאַליס־טאָקער יאַנקל פּאָט צו באַדאַנקען אים פאַר זיין חברישקייט צו מיר ביזן דערזען אונדזער ראש־ישיבה. ווען זיין ברודער אַברהמל האָט מיר געזאָגט, „יאַנקעלע״ איז דעם זעלבן טאָג אָפּגעפאָרן צוריק אַהיים, איז אין מיר פאַר־בליבן אַ בענקענדיקע טראַכטעניש וועגן אים, וואָס פלעגט זיך אָפּרופן אַפילו אין ווייטערדיקע יאָרן.

ר׳ איסר־זלמנס וואַרעמקייט האָט, פאַרשטייט זיך, געשטאַרקט יעדן ביי־צוגעקומענעם ישיבה־לערנער. אַ זעלטענער גייסטיקער חן האָט געשטראַלט פון אים. איך האָב עס געשפּירט טאָג נאָך טאָג אינעם אָנגאַנג פון דער ישיבה. עס איז געווען אַ באַשערטקייט ער זאָל זיין דער מורה־דרך פון אַ גאַנצן דור יידישע קינדער, וואָס ווערן נאָכדעם צעשפּרייט איבער אַלע ימים און אין אַלע אידייען־וועלטן.

דורכן גייסטיקן חן זיינעם האָט זיך אויסגעפורעמט דער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון דער סלוצקער ישיבה, און עס זיינען טאַקע אָנגעקומען לער־נערס אַפילו פון שטעט, וועלכע האָבן געהאַט אייגענע און מער־היסטאָרישע ישיבות. געוויינלעך גייען מיט ישיבה־לערנערס די בעמען פון זייערע שטעט, האָבן אָפּגעקלונגען נעמען פון אַזויפיל ישובים, ווי אין סלוצק וואָלט זיך געזאַמלט דער גאַנצער יונג־יידישער דור. די ישיבה איז דורך דעם געוואָרן אַ גייסטיקער כוח אין שטאָט.

דריי געבענטשטע אַטריבוטן האָט פאַרמאָגט ר׳ איסר־זלמנס גייסטיקער חן.

ערשטנס, ליבשאַפט. פשוטע ליבשאַפט צום גאַנצן דור יונגע יידישע זין, ווי מען האָט ליב אייגענע קינדער. ליבשאַפט מיט זאָרג, אַז זיי זאָל קיין שלעכטס ניט געשען. ליבשאַפט מיט תפילהדיקער שפּאַנונג, אַז מ׳זאָל פון זיי דערלעבן נחת. היינט ווער רעדט שוין פון דער ליבשאַפט צום לערנען גופא. ר׳ איסר־זלמן פלעגט זאָגן —

... לערנט מען, האָט מען אַרום זיך די שכינה; און מיטן ניגון ביים לערנען זינגט מען אַריין אין יידישן האַרצן נייע כוחות; איז לערנען אַ זכות, און קענען מקבל־זיין דעם זכות, איז ערשט אַ זכות; קען דען זיין אַ גרעסע־רער תענוג? ...

צווייטנס, אמונה. אַ זעלטענער גלויבן אין דער פסיכישער גבורה פון דעם בחור ביי דער גמרא. מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן. ער וועט די היי־ליקע טראַדיציעס ניט אָפּוואַרפן. נייערט וועט ער זיי באַשיצן אַפילו מיטן לעבן. קוים איז ער דערגאַנגען צו דער ישיבה, דאַרף מען ניט שטיין איבער זיין קאָפּ מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין און כסדר אים וואָרענען מיט שטראָפן וואָס יאָ צו לערנען און וואָס ניט. אויך ניט וואָס שייך אויפפירונג, מאָראַל. מען מעג אים אָנגעטרויען אַריינצוקוקן אין יעטווידן ספר. ער וועט אַליין אויסקלייבן וואָס איז עכט און וואָס ניט. עס איז אַ זינד אים חושד־צו־זיין, אַז ער קען צילן צו אַ פאַרקרומטן לעבנס־וועג. ר׳ איסר־זלמן האָט אָפּגעשאַפט דעם פאַרבאָט אויף אַריינצוקוקן אין רמב״ם און אין זוהר און אין כוזרי, וואָס מ׳האָט עס איבערגענומען פון סלאָבאָדקע. ר׳ איסר־זלמן איז געווען דער גרויסער סניגור אין הויז פון יידישער לומדות. געווען ביי אים ענלעכס וואָס ביים „בערדיטשעווער״...

דריטנס, די עניוות זיינע. די מידה פון באַשיידנקייט. ממש אַ הייליקע

זעלבסט־פאַרלייקענונג, כדי צו זיין מיט זיך אַליין אַ רוף צו לומדים ניט אויפצופירן זיך ווי גרויס־האַלטערס.

אַ וואָרט זיינס —

...דער וואָס קען לערנען און דער וואָס וויל קענען, זיינען גלייכע יחסנים...

די דריי כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן זיינען געוואָרן איינס מיט דער ישיבהס נשמה, איז דער פּראָצעס פון שטייגונג פון סלוצקער מוסר געגאַנגען ניט אויף די שטעגן פון מוסר־ישיבות אַנדערש־וואו.

געווען זיינען אין דער ישיבה דרייערליי שיכטן לערנערס. ווער שוין מיט סמיכה, אָדער ערב סמיכה; ווער טיף אין הלכה און אַגדה מיט אַלע מפרשים, און זיי צילן ניט צו סמיכה, עס איז ביי זיי אַ לערנען לשמה, ווייל דאָס לערנען גופא איז אַ ציל; און ווער אָקאָרשט רייף געוואָרענע אין גמרא־לערנען אָן אַ רבין אַרום זיך, וואָס זאָל אים טייטלען און פאַרטייטשן, און אַריינפירן אין רש״י און תוספות.

אינאיינעם אַ יונגע וועלט, וואָס שווימט אַרום אין אַ ים פון רוחניות.

איך האָב זיך צוגעקוקט צום סדר פון אַלעמענס לערנען.

ניט איינגעטיילט אין כיתות, לערנט יעדער פאַר זיך; און ניט אַלע לערנען די זעלבע מסכתא. יעדער איז פאַרטיפט אין זיין אויסדערוויילטן טייל פון די סדרים אין דער גמרא, און יעדער האָט זיין אייגענעם ניגון, וואָס אין דעם טוט ער אַריין זיין גאַנצן גייסטיקן כוח, זיין גאַנץ האַרץ. זיין געדאַנקען־וועלט בליצט און זינגט. און אָן אַ דירעקציע פון וועמען דערשיינט מען איינ־איינעם ווי מען וואָלט געווען אַן איינגעמושטירטער כאָר פון די הימלען, סיי מיט פילאָזאָפישע דיאַלאָגן, סיי מיט געזאַנג, ווער ברומענדיק ווייך, און ווער שאַרף און האַרט. און דערביי גילט וואָס יעדער איז אַ גייסטיקע קראַפט פאַרן צווייטן דורך „דאָס ריידן אין לערנען״. עס איז אַ מעכטיק בילד פון געדאַנק און דראַמע.

די ישיבה שטייט ניט אויף אַן אָרט. די לערנערס שפּאַצירן צווישן די שטענדערס און אַרום דער בימה, און איינער פּרואווט איבערגעבן דעם צווייטן די סוגיא וואָס ער לערנט. און ניט דווקא גלייכע מיט גלייכע שפּאַצירן אין חברשאַפט צו „ריידן אין לערנען״. אַן עלטערער גייט מיט אַ יינגערן, דער מופלג מיטן מתחיל, מיטן אָנהייבער. עס פליען קשיות. עס שוועבן ענטפערס. דער למדן צילט צו שלייפן זיין מוח דורך אָפּענטפערן די נאַאיווע פראַגעס

פון דעם נייעם לערנער, און דער נייער פלייסט זיך אויסצונעמען ביים למדן. עס איז אַ פּאַרמעסט, וואָס דערין קען, אפשר, זיך איינהערן ווער אין די הע־כערע וועלטן...

נאָר פּאַרמעסט ווערט ערשט ביי ר׳ איסר־זלמנס שיעור איבער אַן ענין פון הלכה, צומאָל אויך ביים פּאַרטייטשן אַגדה. אַרום הלכה ווערט אַן אַלגע־מיינע שלאַכט מיט טשאַלענדזשעס, אַרויספאָדערונג צו פלוגתא וואָס ווערט אַלץ שאַרפער. איידער נאָך דער ראש־ישיבה קומט צו אַ פונקט אין זיינע אויספירן, פרעגט מען אים אָפּ אין מיטן פון זיין ריידן. און פּרואווט ער ענט־פערן, שלאָגט אים איבער ווער אַן אַנדערער. עס ווערט אַ געפעכט צווישן די פרעגערס אַליין. עס פלאַקערט מיט „קל־וחומרס" און „צד־השווהס". ווער עס בייסט מיט סאַטירע, און ווער עס חוזקט מיט איראָניע, און ווער עס זינגט אויס זיינע פרעגענישן. ר׳ איסר־זלמן שלאָגט אָפּ אַלעמען, און גלייכט אויס; און וואָס מער צערייצט מען ווערט, אַלץ ליבער איז דאָס אים. עס איז דאָך געפעכט צו דערגרונטעוועןן זיך צו די אמתן אין דער תורה, איז די שכינה אין דער ישיבה...

און עס קומט דאָס לערנען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, די משמורים.

געגאַרט האָט סלוצק נאָכצופאָלגן די טראַדיציע פון וואָלאָזשין, אַז דער קול פון תורה זאָל קיינמאָל זיך ניט אָפּטאָן פון דער ישיבה, אַז וועמענס אַ לערנען זאָל אָנהאַלטן אויך אין די נעכט, אַלע פיר־און־צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. צו אַזאַ מדריגה איז סלוצק ניט דערגאַנגען. מ׳האָט אָבער אָנגעהויבן מיט אין משמור, מיט דער נאַכט פון דאָנערשטיק ביזן פרימאָרגן פון ערב־שבת, אַזוי יעדע וואָך, און מען איז דערגאַנגען צו דריי משמורים, אַ נאַכט איבער אַ נאַכט. און ס׳האָט געגאָלטן אַ חשבון: אָנגעהויבן מיט מוצאי־שבת־נאַכט, דאַן מאָנטיק־נאַכט און מיטוואָך־נאַכט; און די וואָך שפעטער אויסגעשטעלט אַנדערש: זונטיק, דינסטיק און דאָנערשטיק. ניט די גאַנצע ישיבה האָט אַזוי געלערנט דורך די נעכט, נאָר איינצלנע. דריי זיינען מיר געווען, און צומאָל פלעגט צוקומען אַ פערטער און אַ פינפטער. מיינע צוויי שטענדיקע חברים דערין — יוסף דער באָברויסקער, אַ קרוב פונעם היסטאָריש־באַוואוסטן בערל קאַצענעלסאָן, פון די גייסטיקע פאָטערס ביים גרינדן די אַרבעטער־הסתדרות אין ארץ־ישראל, און אויב איך האָב קיין טעות ניט, זיינס אַ שפּע־טערדיקער מיטרייזער צום יידישן לאַנד; און שלמה פון כאַלופעניץ, אַ יונ־

גינקער זון פונעם שול־שמש אין שטעטל כאַלופּעניק, אַ ייִנגל־חבר פונעם שפּעטער באַוואוסטן בונדישן אָנפירער אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַווע־גונג אין אַמעריקע, נחום כאַנין; און איך פלעג טאַקע הערן פון אים ביז זיינע לעצטע טעג ווי ער, כאַנין, פלעגט מקנא־זיין שלמהן וואָס ער קען פאַר־געסן הונגער דורך אַריינטאָן זיך אין לערנען. האָבן מיר זאַלבעדריט געלערנט דריי נעכט, וואָך־איין, וואָך־אויס, סיי זומער, סיי ווינטער, און ווער ס׳האָט אַזאַ משמור אַליין ניט דורכגעלעבט, דער האָט קיין אייגן־גייסטיקע דער־הייבנקייט ניט דורכגעלעבט.

די נאַכט איז פאַרטיפט. מיר זיינען אַליין אין דער ישיבה. יעדער שטייט אַריבערגעבויגן איבערן שטענדער מיט זיין גמרא. עס ברענען בלויז די ליכט וואָס די דריי לערנער דאַרפן האָבן. יעדער זינגט זיין ניגון ביי דער ברייטער אויפגעמישטער גמרא מיט דער אָנגעצונדענער ליכט דערביי; און דער ניגון איז אַזוי וויינענדיק, פול מיט קומער, ווי די שכינה אַליין וויינט ערגעץ, און עס צעפאַלט זיך אין די שאָטנס ווייטער פונעם נאַכט־לערנערס שטענדער. און ווערט מען אַנטשוויגן, הערט מען זיך אויך צו צו דעם ניגון פון צווייטן און דריטן חבר.

עס איז זומער. די נאַכט שטיקט און עס ווערט לייכטער. דאָס ליכט צאַנקט. עס לעשן זיך אויס די שטערן. אָט ווערט פאַרטאָג די ישיבה־פענצטער שטיי־ען אָפן. ס׳קומט אַריין אַ קיל ווינטל. מען שפּירט, אַז ביים פענצטער אין דרויסן סודן זיך גרעזלעך. זיי האָבן געהאַט אַ נאַכט רו, און באַלד וועט אויף זיי שמייכלען די זון און זיי וועלן שמייכלען צוריק. אָבער אין האַרצן פון דעם לערנער איז קיין שמייכל ניטאָ. אַ בענקשאַפט נאָגט. אַ טרויערשאַפט דופט: זיי וואָך, ייִדישער בחור; דיין ניגון מוז אייביק זיך וויגן מיט אַ טרער פאַר דער שכינה.

ווינטער איז דאָס בילד נאָך מער צויבערדיק. די נשמה ביי אַ משמור אין די לאַנגע ווינטער־נעכט איז אָט אין פלאַטער און צעגליט, און אָט ווי איינגעקאָרטשעט. די ישיבה מיט אַ שיין דורך די פענצטער פון עטלעכע ליכט שטייט אין אַ געדיכטן שניי. דער שניי הערט ניט אויף. דער ווינט קלאַפּט אין די פענצטער. עס איז קוים וואַרעם אין דער ישיבה, הגם מיר הייצן דעם אויוון און מיר טוליען זיך ביים אויוון. דער ניגון פון לערנען ווערט ביי אונדז אַלץ העכער, וויל פאַרטויבן די פייפעריי פון נאַכטיקן שנייאיקן ווינט. די זאַווערוכע מיטן פראָסטיקן שניי וויקלט די וועלט אין ווייסע תכריכים. עס איז אַ רעש

ערגעץ אין די הימלען, טוליעט מען זיך צו דער גמרא אין פּחד און אַרויסרוף, און דער ניגון בעט זיך און פאָדערט, מען וויל וויסן —

...תנו רבנן!...

ס'איז יידיש לערנען אין פולער מאַיעסטעט.

און מאַיעסטעט האָט אַ קרוין, און די קרוין איז מוסר.

אָן אַבסאָלוטער מוז פאַר יעדן אַריינצולאָזן זיך אין מוסר איז ניט געווען. האָט ווער געוואָלט אָוועקשטיין פון זייטיקן מוסר־שטיבל אין דער ישיבה־געביידע, וואו מוסר־לערנערס פאַרזאַמלען זיך יעדן בין־השמשות, איז מען געבליבן לערנען ביי דער אייגענער מסכתא. דאָס מוסר־שטיבל איז אָבער תמיד געווען איבערפולט. בעת ר' איסר־זלמן פלעגט זיך שטעלן זאָגן אַ שיעור אין מוסר, פלעגט ער אָנטאָן זיין טלית. עס פלעגט באַלד ווערן אַ גאַנץ באַזונדערע שטימונג. מען פלעגט דערשפּירן, אַז עס גייט זיין אַ העכערער לערנען. און האָט עמעצער אַריינגעטאָן אינעם ניגוןביים געוויינלעכן לערנען אַלע זיינע חלומות, האָט ער דאָס געטאָן אויף אַ הונדערטפאַכיקן שטייגער ביים מוסר, סיי אין זיין שווייגן, סיי אין אויפנעמען אַ מוסר־מאַמר, וואָס רופט צו תשובה. אַ פּסוק רייסט זיך אַרויס פון וועמענס האַרצן, וואָס צעשלאָגט אַלעמענס שווייגן, און דער פּסוק ווערט איבערגעזאָגט נאָך אַמאָל און ווידער־אַמאָל, און אַלץ העכער, ביז עס ווערט ווי אַ שטיק פייער אין די בלוטן.

נאָר צומייסטנס פלעגט אַזוינס אויפקומען בעת די מוסר־סצענעס אין די זומערדיקע שבת־פאַרנאַכטן.

עס פלעגן זיך אָנטפּלעקן מעכטיקע פּאָעטישע בילדער. דער יידישער זומער ברענגט דאָך אונדז תמיד וואָכן מיט אומעט־מחשבות. עס רעדט צו אונדז גרויל פון אונדזער פאָלקס־געשיכטע. די ספירה־טעג, די דריי וואָכן, שבעה־עשר בתמוז, די טעג ביז אַריבער תשעה־באָב, דער חודש אלול. די יידישע נשמה איז דעמאָלט אַ געצעלט פון טרויער. מוסר ווערט געדיכט מיט עצבות. און אין דער איידלקייט פון עצבות איז פאַראַן שיינקייט, דער חן פון אַן אויפגעציטערט האַרץ. פלעגט מען צוערשט זיך צונויפקומען שבת פאַר־נאַכט ביי די טירן פון דער ישיבה, און פון דאָרטן זיך אָוועקלאָזן אויף אַ שבת־פאַרנאַכטיקן שפּאַציר. איידל־פיין אָנגעטאָן פלעגן די לערנערס זיין אַ גאַנצע וואָך, און אַוודאי שבת. עס איז געווען ווי אַ געבאָט, אַז וויבאַלד מוסרניקעס טראָגן אַ ניי ליכט פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע, דאַרפן זיי זיך ניט ווייזן דווקא מיט אַן אויסערלעכער פרומקייט. סלוצקער מוסרניקעס

האָבן ניט געטראָגן קיין לאַנגע קאַפּאָטעס. מען האָט ביי קיינעם ניט געזען אַרויסהענגען ציצית. מ׳האָט אויך קוים געזען לאַנגע פּאות. ווען די ישיבה־לייט פלעגן זיך אַרויסלאָזן אויף זייער שבת־פאַרנאַכטיקן שפּאַציר, די מייסטע יונג און פריש, און אַלע אָנגעטאָן מיט ענלעכע שוואַרצע קאַפּעלושן מיט ברייטע ראַנדן, פלעגן סלוצקער יידן אויף די גאַסן שטעלן זיך קוקן מיט גרויס דרך־ארץ. דער שפּאַציר פלעגט זיין פון אַסטראָווע צו דער ברייטער גאַס, און פון דאָרטן צום שאָסיי און ר׳ איסר־זלמנס היים. מען פלעגט גיין ניט בלויז פּאָרוויַיז, אָפט אַפילו פיר און זעקס אין אַ שורה. ס׳איז געווען ממש אַ מאַרש אין שיינקייט אַרויסצובאַגלייטן דעם שבת, און עס פלעגט זיך אויס־ווייזן אַז אַפילו די אונטערגייענדיקע זון פון שבת־פאַרנאַכט שפּילט מיט. אַן אַנדער הימל און אַן אַנדער לופט. מען פלעגט דערגיין צו ר׳ איסר־זלמנס היים מיט יראת־הכבוד. און ער פלעגט באַלד אַרויסקומען צו פאַרנעמען זיך צו דער שבתדיקער מוסר־שטוב, וואָס איז אויך געווען אויף אַסטראָווע, נאָר ניט ביי דער ישיבה גופא. מיר פלעגן אים באַגלייטן אַהין. און ערשט אין דער מוסר־שטוב פלעגט זיך איינשטעלן אַן אַטמאָספער ווי פון אַ מגילת־אש, ווי אַ פלאַמע פון מוסר־פייער וואָלט עס געהאַט אָנגעצייכנט.

דער מוסר־ניגון דאָרטן פלעגט זיך אָנהויבן אין אַ שטיל געברומערייַ ווי פון אַ פאַרחלשטער טויב, און ווערן אַלץ העכער ביז געשרייען. טענות און ווידויס פון יעדן איינציקן צו זיין אייגענעם האַרצן און צום אב־הרחמים. מיטן פּנים צו דער וואַנט פלעגט ווער אַפילו אויסברעכן אין געוויינען. ווער עס האָט געכליפּעט אין זיך, און ווער מיט אַ יאָמער. און געקומען איז דאָס ניט מחמת געוויסע פּסוקים פון מוסר. יעדער האָט געהאַט זיין אייגענעם נוסח לויט דער אייגענער זאָרג און דעם אייגענעם קלעם. און אַז עס איז געוואָרן גאָר פינצטער, פלעגט ר׳ איסר־זלמן אומקערן זיין פּנים צו אַלעמען פון דער וואַנט אַוועק, און דעמאָלט האָט מען געוואוסט אַז ער גייט וואָס זאָגן וועגן זיינס אַ פאַרטראַכטונג אין מוסר.

יעדן שבת פאַרנאַכט פלעגט ער אויפקלערן אַן אַנדער פּרט פון דער מוסר־פילאָזאָפיע, באַגלייט פון דיכטערישער התרוממות בעתן ציטירן ווֶעמען פון די בעלי־קבלה, אָדער פון די גרינדערס פון מוסר. ס׳האָט געקענט זיין אַ סאָרט דערציילונג פון וואונדערלעכער עטיק און אַ באַהעפטן זיך מיט געטלעכקייט. און ס׳האָט געקענט זיין אַ פאַאַנאַנדערנעמען אַ פּסוק פון אַ סליחה, אַ תפילה, אַ קינה, אָדער אַ ווידוי. נשמות אַנטפלעקן זיך ; דער מענטש

מאַכט זיך נישטיק צווישן דאָס ברעקעלע ערד אונטער זיין טראַט און דאָס פינטל הימל איבער זיין קאָפּ. ר׳ איסר־זלמן פלעגט כסדר בויען בריקן צווישן קבלה און מוסר, און שפּאַצירן אויף זיי מיט אַ גייסטיקער עלעגאַנץ.

איך געדענק ניט די גענויע מוסר־שורות פון יענע שבת־פאַרנאַכטן; איך געדענק יאָ זייער אינהאַלט. אָנגעהויבן האָבן זיי זיך מיט די ווערטער —

...גאָט, וואָס איז דער מענטש?... ער איז דאָך נאָר פליישׁ און בלוט ...אַ שאָטן וואָס פאַרפליט די מינוט... גאָט וואָס איז דער מענטש?... ער איז דאָך נאָר ערד, נאָר שטויב...

יאָרן שפּעטער האָב איך געפונען אויך די דאָזיקע שורות אין יידיש אין דער י. י. שוואַרץ־איבערדיכטונג פון אַ סליחה פון ר׳ שלמה אבן־גבירול.

די ישיבה־תלמידים האָבן שבת נאָך שבת געפילט, אַז זיי זיינען באַ־רייכערט געוואָרן מיט געדאַנק־בילדער אין זיך. דעמאָלט פלעגט מען דאַוונען מעריב, און אַריינגעמען דעם —

...אַל תירא עבדי יעקב...

און ר׳ איסר־זלמן פלעגט מאַכן הבדלה און פאַרענדיקן מיט —

...אליהו הנביא, אליהו השתבי,
אליהו הגלעדי, במהרה יבא
אלינו עם משיח בן דוד...

און מען איז מיט ריינע הערצער געגאַנגען אָנהויבן אַ נייע וואָך פון לערנען; און מיר, די מתמידים פון די משמורים, אויך לערנען אין די שטילקייטן פון נאַכט.

# 4

אַ ליכטיקייט פון ברודערשער התקרבות האָט דעמאָלט (1902־4) געהאַט דורכגענומען די ישיבה, ממש ווי אַ נשמה־פלאַם פון אַ „קהל חברים״. אַזאַ גייסט איז קודם אַריין אין די צוויי אָרגאַניזאַציעס פונעם ישיבה־לערנערס לעבן, וואָס איינע האָט געהייסן „תמיכה״, און די צווייטע מיטן מער אָנ־רייצנדיקן נאָמען „נר־של־שבת״.

ווי ביי די מוסר־ישיבות אַנדערש־וואו האָט אויך סלוצק געהאַט דעם איינפיר, אַז די ישיבה־לייט זאָלן ניט זיין אָנגעוויזן אויף „עסן טעג״. ס׳האָט

געהייבן דעם ישיבה־מאַנס כבוד. ער דאַרף ניט הייסן „אָרעם־בחור". פאַר־אָרעמטע זיינען דאָך אָבער געווען, און טאַקע אין ניט קיין קליינער צאָל, וואָס האָבן ניט געקענט דערוואַרטן צוגעשיקטעס פון זייערע היימען אַחוץ אַ פעקעלע טיי, אָדער אַ זעקעלע צוקער. האָט די ישיבה איינגעשטעלט אַ „תמיכה"־וועג.

דער גאַנצער געלט־חשבון פונעם ישיבה־בחורס לעבן האָט זיך געדרייט אַרום קאָפּיקעס. געציילטע קאָפּיקעס פאַר דירה־געלט, און אויף צו האָבן ריינע וועש, און געציילטע קאָפּיקעס פאַר אַ טאָג עסן. פיר בחורים אין איין צימער, האָט יעדנס דירה־געלט באַטראָפן ניט מער ווי אַ דרייסיק קאָפּיקעס אַ וואָך. די באַלעבאָסטעס פון אַזעלכע דירות, אַליין פאַראָרעמטע ביז אַ ביטערן דלות, פלעגן אויך קאָכן פאַר זייערע ישיבה־איינוואוינערס. אינעם עסן דורכן טאָג האָט אַרויסגעהאָלפן דער געדיכטער סלוצקער „קרופּניק" מיט אַריינגע־וואָרפענע שטיקלעך פלייש־פּעטס (אָן פלייש). מיטן ברויט דערביי איז מען באַלד געוואָרן זאַט. אויך אַן אַנדער סלוצקער אכילה האָט געגאָלטן: רעטעך מיט שמאַלץ. ווייטער האָט מען געלעבט אויף ברויט מיט טיי.

דער היסטאָריקער און עסייאיסט אין אָפּשאַצן געזעלשאַפטלעכע אויפ־פירונג, אַברהם מענעס, האָט אין זיינס אַן אַרבעט וועגן ישיבות אין דער ליטע אויסגעשטעלט אַ חשבון פון די קאָפּיקעס, וואָס אַ ישיבה־לערנער אין וואָלאָזשין האָט געדאַרפט פאַר אַ טאָג עסן — פון צען ביז פופצן קאָפּיקעס. אין סלוצק האָט מען „אַזויפיל ניט" געדאַרפט. ברויט פאַר אַ גאַנצער וואָך איז געקומען דורכן „תמיכה"־וועג.

און „תמיכה"־וועג אינעם פאַרנעם פון יידישן לערנען איז פון אונדזערע פערלדיקע פאָלקס־שטריכן. דאָס ברויט איז ניט געווען דורכאויס געקויפטע. עס איז געוואָרן ווי אַ מנהג ביי די סלוצקער בעקערס: בעת מען פאַרנעמט זיך, למשל, צו באַקן אַ פופציק לאַבנס ברויט פאַרן מאַרק, באַקט מען אויס נאָך פינף לאַבנס, און מען ברענגט עס צו דער „תמיכה". אַ סאָרט מעשר. דער מנהג איז אַפילו אַריין אין שטיבער, וואו מוטערס האָבן געהאָלפן אין דער פרנסה פאַרן הויזגעזינד מיטן באַקן ביסלעך ברויט צו פאַרקויפן אויפן מאַרק אין מיטן שטאָט ביים שאָסיי. אויך פון אַזאַ שטוב איז אַ מאָס ברויט געגאַנגען צו דער „תמיכה". אַ שטוב אַזאַ איז פאַר מיר פאַרבליבן אינטים צו געדענקען אין אַלע ווייטערדיקע יאָרן. די שטוב איז געווען באַוואוסט ביי אַלע ישיבה־לייט. מ'האָט זי אָנגערופן: „ביי שרה די בעקערקע". דער פאַ־

מיליע־נאָמען: זאַטורענסקי. דער פאָטער איז געווען אַ קאַלכער און אַ טאָפּע־צירער. ביי זיי איז געווען מיין „סטאַנציע" די גאַנצע צייט פון מיין לערנען אין דער ישיבה. שרה די בעקערקע, מוטער פון עטלעכע יונגינקע טעכטער־לעך און אַ קראַנק יינגל, האָט אויך געקאָכט דאָס עסן פאַר אירע ישיבה־קוואַרטיראַנטן, און אויך געוואַשן זייער וועש, און געבאַקן ביסלעך ברויט פאַרן מאַרק און אַ מאָס אויך פון איר ברויט פלעגט גיין צו דער „תמיכה". און זי פלעגט עס אָפּשיקן מיט אַזאַ שטיל־האַרציקער פרומקייט, אַז ווען עס זאָל, חלילה, ווערן אַ ספק אין די הימלען צי מען זאָל זי האַלטן אין גן־עדן, באַט איך זיך אָן צו שטיין אין דער לאַנגער שורה פון עדות פאַר איר...

איכ׳ל שוין בעטן גן־עדן אויך פאַר די סלוצקער פאַראַרעמטע אלמנות, וואָס זייער פרנסה איז געווען צו זיין קנעטערקעס ביי די דייזשעס ברויט אין בעקערייען, און זיי פלעגן קריגן דריי־פיר קאָפּיקעס פאַר אַ דייזשע, און פאַרן גיין אַהיים פלעגן זיי זאָגן דעם באַלעבאָס, אַז זיי וועלן פאַר די דאָזיקע קאָ־פּיקעס קנעטן נאָך אַ דייזשע, אויב ער פאַרזיכערט, אַז אַ טייל פון דעם ברויט וועט גיין פאַר דער ישיבה...

ווען מיר האָבן געהערט דערפון אין דער ישיבה, האָבן לערנערס אַליין אויך אָנגעהויבן באַטייליקן זיך אין דער „תמיכה". ישיבה־לייט פון פאַרמעג־לעכע היימען האָבן אַ טייל פונעם צוגעשיקט געלט פאַר זיך אָפּגעגעבן צום „תמיכה"־פאָנד. און עס איז געווען מתן־בסתר: זאָל אין דער ישיבה ניט ווערן אַ וועלכע קלאַס־געשפּאַנטקייט. און אַרום דעם האָט זיך אויך באַוויזן די היסטאָרישע ראָל פון יונגע טעכטער ביים דערמונטערן ישיבה־לערנער. עס איז געקומען פון ווייטע וועלטן. יידיש פאָלקס־גורל: וואַנדערן. ישיבה־לייט פלעגן אָפט קריגן פון פאַרזייזטע, פאַרהאָרעוועטע שוועסטער אין ענג־לאַנד, אין אַמעריקע, צומאָל יינגער פון דעם ישיבה־לערנער, אַ בריוועלע מיט געלט: זאָל דער ברודער גוט לערנען און פאַרשאַפן טאַטע־מאַמען גרויס נחת. און אַזעלכע ישיבה־לייט פלעגן אָפּענטפערן דער ליבער שוועס־טער, וואָס אין דעם דאַנק פלעגט זיין אָן אָנווייז אַז אַ טייל פון דער מתנה גייט צו דער „תמיכה", און וואָס אַזוינס „תמיכה" באַטייט. סלוצקער „תמיכה"־צילן האָבן זיך געטראָגן איבער די יידישע וואַנדער־וועגן.

נו, „תמיכה" האָט געהאַט צו טאָן מיט וואָך־אויסקומעניש; שבת האָט זיך אויסגעשטעלט אַנדערש. שבת די פרינצעסין, די כלה, די גאַנצע יידישע שיינקייט.

שבת דאַרף מען זיין ביי אַ באַלעבאַטיש־געדעקטן טיש, מיט קידוש, מיט וויין, מיט חלה, מיט שבתדיקן זופּן־פלייש. און מען דאַרף זינגען מיט ווען זמירות, און טאַקע זינגען און זאָגן שיר־השירים, און עס פּאַרטייטשן אין גייסט פון דיכטונג, אַגדה און מדרשים. און מען דאַרף זיין אָנגעטאָן שבתדיק און טאַקע זיין אין אַ שבת־יום־טובדיקער געזעלשאַפט. ישיבה־לייט האָבן פאַרטראַכט דעם „נר־של־שבת" —

שבת־ליכט, שבת־לאָמפּ...

דער ציל: פאַראינטערעסירן פאַמיליעס אין שטאָט, ביי וועמען אַ ישיבה־לערנער זאָל זיין אַן אורח אויף שבת אַ גאַנץ זמן. „עסן טעג" — ניט; שבת — יאָ. און אויפן סמך וואָס ניט דווקא דער פרעמדער לערנער דאַרף עס, נאָר אויך די היים פון דעם מכניס־אורח. מען דאַרף שפּירן ביים שבת־טיש גייסטיקע ליכטיקייט, און דער ישיבה־מאַן איז דער פאָרשטייער פון דער יידישער גייסט־וועלט.

„נר של שבת" איז אויפגעקומען אין מיין צייט. די ישיבה־אָנפירונג האָט דערמיט ניט געהאַט צו טאָן. ר' איסר־זלמן מעלצער האָט אָבער שטאַרק געהאַלטן פון דער אידייע. דער שעפער דערפון איז געווען דער טעלזער משה שאַפּיראַ. טעלז האָט אַליין געהאַט אַ גרויסע ישיבה; ער איז אָבער געקומען לערנען אין סלוצק. און עס איז שוין געווען ערב זיין סמיכה, איז מיט אים געגאַנגען פרעסטיזש. אין געשטאַלט אַ פאַרטרוימטער, שיינער בחור, גרויסע, רונדע, טונקעלע אויגן און אַ ליכטיק פּנים, און תמיד עלעגאַנט געקליידט. און אַ גרויסן פריינט האָט ער געהאַט אין שטאָט, דעם זעלטענעם פאָלקס־מענטש ביי אַלע קלאַסן, דעם מעדיצין־דאָקטאָר, ליאָווע שילדקרויט. אים האָט מען געקענט אין יעטווידער היים, און ער האָט געוואוסט דעם כאַראַקטער פון יעדער באַלעבאַטיש הויז. ער האָט געמאַכט די פאַרבינדונגען מיט פאַ־מיליעס, און משה שאַפּיראַ האָט געהאַט אַרום זיך אַ ישיבה־גרופּע צוצוקלייבן דעם פאַסיקן ישיבה־מאַן פאַר אַ וועלכער היים, לויט די אָנווייזן פון ד"ר שילדקרויט. מ'האָט מיר איינגעטיילט דעם כבוד צו זיין דער „סעקרעטאַר" ביי דעם „נר־של־שבת". ס'האָט געמיינט צו האַלטן פאַרצייכנט די נעמען פון די ישיבה־לייט און די נעמען פון די פאַמיליעס אין שטאָט. ביידע, ווידער, ד"ר שילדקרויט און משה שאַפּיראַ, פלעגן צונויפפירן דעם צוגעקליבענעם מיט דער היים וואו ער וועט זיין ווי אַ שבתדיקער תורה־משולח. ווער פון אַזעלכע ישיבה־לייט האָט נאָכדעם יעדן פרייטיק זיך צוגעגרייט דורך אַריינ־

קוקן אין ספרים וואָס פאַר אַ תורה־ענין, אָדער אַ פּאָעטיש־רייצנדיקע גמרא־מעשהלע, ער זאָל ברענגען צום שבת־טיש, ניט אין גאווה־אָנשטעל, נאָר אין לייכטן, נאַטירלעכן שמועס.

ס'איז געוואָרן אַ זעלטענער אויפטו, דורך פיל צענדליקער ישיבה־לער־נערס האָט מען אין אַזויפיל סלוצקער שטיבער גערעדט שבת וועגן דברים העומדים ברומו של עולם, און דווקא אין גבירישע, האַלב־רוסיפיצירטע הייזער פון סוחרישן קרייז. דערצו האָט אַ ספּעציעלער אומשטאַנד אין שטאָט גע־געבן דעם איינפיר אַ היסטאָרישן כאַראַקטער.

די אַכט־קלאַסיקע גימנאַזיע האָט געבראַכט אין שטאָט אַ טרוימערישע יוגנט מיטן אויסקוק, ענטוועדער אויף קאַריערעס דורך גימנאַזיסטישער ביל־דונג, אָדער צו דערגיין צו דער ספערע פון רוסישער אינטעליגענץ, פאַרטאָן אין ליטעראַטור און רעוואָלוציאָנערן אידעאַליזם, וואָס האָט געלויכטן מיט אַ שטילער הייליקייט אַרום ידישע היימען. דערין איז דער טראַגישער קאַ־פּיטל אין צאַרישן גלות פון אומבאַהאָלפענעם אָנשטרענגען זיך בייצוקומען די ווילדע רשעותן פון דער גימנאַזיע־נאַטשאַלסטווע, וואָס מ'האָט עס אָנגע־האַלטן מיט אַן עקשנות; און די תמונה פון סלוצק איז דעמאָלט געהאַט גע־וואָרן פון אַן איינזאַמלונג אי פון אַ ישיבה־יוגנט, אי אַ סטודענטישע. די שבתדיקע באַגעגענישן פון ביידע מחנות אין באַלעבאַטישע סלוצקער הייזער האָבן אויסגעברייטערט דאָס פעלד פון ידיש־גייסטיקן לעבן אין שטאָט. און עס האָט זיך גענומען ווייזן אַ באַזונדערער דרך־ארץ פאַרן ישיבה־בחור אַפילו אין אַ דערוויטערטן קרייז. עס איז אָפּגעפאַלן די פאַלשקייט אַז איינער, וועל־כער פאַרטוט זיך אין ידישער לומדות, איז אַ „ווילדע בריאה"; אַז ער האָט ניט קיין זין פאַר מאָדערנער ציוויליזאַציע און וועלטלעכער קולטור; אַז ער איז אַ בטלן, און געהערט גאָר צום „אַלטערטום". מ'האָט אַפילו איינגעזען, אַז ערשט פון ידישער לומדות קומען אַרויס פרייע וועלט־אידייען.

## 5

מיינע אייגענע שבתים זיינען אַ צייט לאַנג אָפּגעגאַנגען גראָד אין אַ פאָלקסטימלעך־חסידישער הויז. דער פאָטער — בעל־ דער חסיד (פאַמיליע־נאָמען: סיימאָן). די מלאכה זיינע: סטאָליערײ, אויסהובלען מעבל, שוועלן

פאַר טירן, ראַמען פאַר פענצטער, אי אַליין ביי דער אַרבעט, אי מיט געהילפֿן. אַ קינסטלער אין דער מלאכה, און אַרטיסטיש אויך אין זיין חסידות. חסידיש געזאַנג, חסידיש טאַנץ, און ביים אויפנעמען און איבערדערציילן חסידישע מעשהס, האָט אַזוינס זיך געוויזן אויך ביי זיין אָנפירן דעם שבת־טיש מיט זיין אשת־חיל, פריידל, און די יונגינקע קינדער זיינע, און מיט מיר, דעם ישיבה־אורח. ביידע נאָך אין די ייִנגערע יאָרן, אפשר אין די דרייסיקער, האָט מען געשפירט דאָס חסידות אין שטוב, נישט דורך אַ פאַרדבקהטער צדקות, ווי דורך אַ התעוררותדיקער חדווה. יעדע ווילע ביים שבת־טיש, דער עיקר פרייטיק־צו־נאַכטס, גלייך נאָכן קידוש, האָט געבראַכט אַ נייע געשפּאַנטקייט. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַ מנוחהדיקער שטילקייט. אַחוץ דעם זינגען זמירות, וואָס קינדער און מאַמע האָבן מיטגעזונגען, האָט מען געהערט באַר דעם פאָטערס קול און מיינס אין שמועסן וועגן חסידות, וואָס ער האָט גע־האַט געהערט אַ גאַנצע וואָך אין חסידישן שטיבל. איין זמר, ביים סאַמע־סוף פון דער שבת־סעודה, גלייך נאָכן בענטשן, האָט בערל חסיד געזונגען אַליין אַ זעלטענעם אומעט־ניגון, אַ שטילן ניגון אין בענקעניש. ניט קיין ווערטער, בלויז אַ ניגון, וואָס דער בעל־שם־טוב זאָל עס האָבן גאָר שטאַרק ליב געהאַט. דער בעל־שם־טוב זאָל אַפילו האָבן געהאַט געבעטן פאַר זיין פטירה, אַז מען זאָל עס זינגען פאַר אים. איך קען ניט, פאַרשטייט זיך, איבערגעבן דעם ניגון אין שריפט. מען דאַרף עס הערן; און אַז מען האָט עס געהערט, האָט מען ניט געוואָלט עס זאָל זיך ענדיקן (אינעם ווערק „ר׳ ישראל בעל־שם־טוב״ פונעם חסידיש־פאַרליבטן שריפטשטעלער מנשה אונגער, זייבען אָפגעדרוקט די געזאַנג־נאָטן פונעם זמר).

אַ „חב״דניק״ — לויט די ראשי־תיבות פון ח׳כמה, ב׳ינה, ד׳עת — איז בערל חסיד געהאַט געווען אַ ברענענדיק־פאַרקאַכטער אינעם ספר „תניא״, פונעם היסטאָרישן ר׳ שניאור־זלמן ליאַדיער. אויפן שבת־טיש, גלייך ביי דער געפלאָכטענער שבת־חלה, פאַרדעקט מיט אַן אויסגעהאַפטן וויס־זיידע־נעם טישטעכל מיט די אויסגענייטע ווערטער „שבת־קודש״ און „בעל־שם״, און דערביי די קאַראַפינע וויין פאַר קידוש, איז תמיד אויך געווען צוגע־גרייט, ביי זיין רעכטער האַנט, דער ספר „תניא״. דער הייליקסטער ספר ביי חסידים־„חבדניקעס״, וואָס האָט אויפגעשטעלט די סיסטעמאַטישע שיטה פון חסידות מיטן מאָטיוו, אַז דער עיקר פון אַלע עיקרים אין ייִדישקייט איז די כוונה פון האַרצן. בערל חסיד האָט תמיד געוואָלט האָבן דעם „תניא״ ביי זיך.

צווישן איין שבת־געריכט און אַ צווייטן פלעגט בערל חסיד אַ בלעטער־טאָן דעם „תניא", אויפכאַפּן אַ פּסוק, און נעמען רעדן צו מיר מיט אַ מתיקות וואָס עס זאָגט זיך אינעם פּסוק; נאָר באַלד פלעגט ער זיך פאַרגיין אין דער דראַמאַטישער בילבול־געשיכטע, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן מיטן מחבר פון „תניא". די היסטאָרישע מסירה אויף אים ביי דער צאַרישער הויף־פּאָליציי אין פּעטערבורג און זיין איינגעזעצט ווערן אין „פּעטראָפּאַוולאָווסקאַיאַ קרעפּאַסט" ווי אַ „געפערלעכער רעוואָלוציאָנער". און די מוסרים זאָלן האָבן געווען תלמידים פון ווילנער גאון, וועלכע האָבן געפירט שאַרפע מלחמות מיט די „חבדניקעס", און וויאַזוי ער איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן, דער מחבר פון „תניא" — ווי דאָס אַלץ, פון אַכצנטן יאָרהונדערט, וואָלט האָבן געשען „אָט נעכטן"...

דאָס גאַנצע סלוצקער חסידים־שטיבל האָט געהאַלטן אין איין ריידן וועגן דעם היסטאָרישן מחבר פון „תניא". אַפּנים, ס'האָט געהאַט צו טאָן דערמיט וואָס חסידות איז סלוצק איז געבליבן שטעקן אין שטיבל, ניט געשפּרייט זיך אין שטאָט. די שטיבל־חסידים האָבן זיך געקוויקט מיט די מעשהס פון די ערשטע חסידיש־מתנגדישע מלחמות. און איינמאָל בעתן רעדן וועגן דעם ביים שבת־טיש האָט בערל חסיד אַ פלאַקער געטאָן מיט אַן אויסגעשריי —

...גוואַלד־געשריען, דער תניא אין טורמע! עס איז דאָך אַ חילול־השם, אַ חילול־השם!...

זיין גאַנץ געזיכט איז געווען געווענדעט צו מיר, ווי איך, דער מתנגדישער ישיבה־בחורל פון שקוד, פון העכער אַ הונדערט יאָר שפּעטער, וואָלט געהאַט אַ מיטשולד אין דעם אַלעמען.

אָבער פאָרט דאָך אַ גוטמוטיקער און אַ בעל־הלצה אויך, האָט ער מיט אַ לייכטן שמייכל באַלד אויך אַ זאָג געטאָן —

...אין גן־עדן זיצט דער בעל־שם, ניט דער ווילנער גאון, דאָס בין איך זיכער...

אַ שווייגעדיקער, וואָס מען וואָלט געקענט מיינען, אַז איך שטים־איין מיט בערל חסידס רייד, בין איך ביים שבת־טיש ניט געזעסן. פלעגט וואָס פון זיינע רייד מיך אַ צופּ־טאָן, פלעג איך אַריינוואַרפן אַ קשיה, אָדער אַ באַמערקונג, וואָס אים איז ניט לייכט געווען צו ענטפערן. פריידל, די מוטער פון הויז, האָט אַרויסגעוויזן צופרידנקייט. זאָל דער בעל־מוח אירער מוזן זיך

ראַנגלען פאַר דעם וואָס ער זאָגט. ער אַליין פלעגט אויך זיין צופרידן, אָן דעם וואָלט דאָך ניט געווען קיין תורהדיקע דראָמע ביים שבת־טיש...

דער „תניא" זאָל אים זיין אין זינען, איז ביי בערל חסיד ניט געווען דווקא אַ שבתדיקע זאַך. אין מיטן וואָך פלעגט ער דורכן טאָג האַלטן דעם „תניא" אויף אַ זויבערער, אויסגעשניצטער פּאָליצקע, פאַרצויגן מיט אַ פּרוכתל, אַקעגן־איבער דער הובלעריי אין דער סטאָליאַרנע, וואָס איז געווען ווי אַ ברייטע סוכה און אַ פירהויז צו דער שטוב. איז אים בעת דער אַרבעט געקומען צום זינען וואָס נשמהדיקס, האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס הובלען, געוואַשן די הענט, גענומען דעם „תניא"־ספר פון דער פּאָליצקע, אַ בלעטער־געטאָן און אַריינגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, פאַרמאַכט עס, באַרירט די טאָוולען מיט די ליפּן, צוריקגעשטעלט עס הינטערן פּרוכתל, און אין אַ געשטאַרטקייט אַריינגעלאָזן זיך צוריק אין דער אַרבעט מיט אַ התלהבות־דיקן געזאַנג פונעם בעל־שמס ניגונים.

און פריילעך האָט ער גערופן די געהילפן זיינע —

...איי, חברה, העלפט מיט!...

דווקא ניט קיין חסידים, און זיי האָבן מיטגעזונגען. אויך דער פּויער, אין זיין באַדינען די סטאָליאַרנע, האָט זיך אויסגעלערנט מיטזינגען חסידיש.

פאַראַן דאָך כלערליי בעל־שם־ניגונים, אויך דעם תניאס אַ ניגון, און זמרלעך פון שפּעטערע חסידישע דורות, התלהבותדיקע און שטילע, פאַר־טראַכטע. די ווענט פון בערל חסידס סטאָליאַרנע האָבן אַריינגענומען אין זיך אַלע מינים חסידישע געזאַנגען.

מיינע „תניא"־שבתים זיינען פאַרטיפט געוואָרן דורך אַ ניי געשטאַלט אין דער ישיבה, און אַ גייסטיקן תענוג האָבן זיי מיר פאַרשאַפט, אָבער אַרויס דערפון איז אויך אַ צרה. איך האָב פּלוצלונג דערשפּירט ווי איבער מיר וואָלט געהאַנגען אַ מין ישיבה־משפט מיט שטרענגע מוסר־רייד פון ר' איסר־זלמן מעלצער. ס'האָט מיר איבערגעלאָזן אַ גריזשעניש אין האַרצן. מיין יראת־הכבוד פאַר ר' איסר־זלמנען איז דאָך געווען, און אויך געבליבן, בלב ונפש.

דער אינצידענט איז כאַראַקטעריסטיש.

אַ גבירישער חסיד, אַ וואַלד־סוחר פון קאַברין, איז געקומען אין סלוצק צו פאַרבינדן געשעפט. ער האָט געהאַט פאַרשפּראָכן דעם קאָברינער רבין, ער וועט אים ברענגען גענויע ידיעות ווי עס האַלט מיט סלוצקער חסידות.

דער קאַברינער רבי האָט אים אָנגעטרויט מיטצונעמען זיין תינוק, אַ בן־זקונים, אַ בחורל אין זעכצנטן יאָר, ער זאָל אַ קוק טאָן אויף יידן אין נאָך אַ שטאָט אויף גאָטס ערד, אַחוץ קאָברין. דער תינוק איז שוין געהאַט געווען גוט אָריינ־געלערנט אין גמרא, אויך אין חסידישע ספרים. דער אייגענער טאַטע האָט מיט אים געלערנט. באַגלייט פונעם טאַטנס גבירישן פריינט, האָט דער קאָברינער תינוק באַזוכט די ישיבה. ס׳איז זיי ביידן געפעלן. אַזויפיל בחורים לערנען מיט התלהבות און געזאַנג. אין תוך ניטאָ קיין עצבות, נאָר בענקשאַפט און יראה, און אַ קול צו די הימלען. דער בן־זקונים פון קאָברינער רבין איז פאַרבליבן לערנען אין סלוצק. דער נגידישער פּאַטראָן האָט אים באַזעצט אין אַ גערוימער דירה און באַשטעלט פאַר אים גוטע אויפפּאַסונג. מיטן אויסזען זיינעם האָט דער יונגער זון פון אַ חסידישן רבין באַלד געקראָגן אויפמערק־זאַמקייט. ער איז געווען דער איינציקער באַ׳פּאה׳טער יונגער לערנער, און דער איינציקער אָנגעטאָן אין אַ כאַלאַטל מיט אַ גאַרטל אַרום די היפּטן, און אַ שטריימל, און לאַנגע, ווייסן זאָקן. די פאות שוואַרץ, די אויגן שוואַרץ, אָבער אַ צעשטראַלט געזיכט מיט פריש־יונגער ליכטיקייט. און דאָס שוואַרץ, זיידן אָנטועכץ מיט אַ ווייס־ווייכן העמד־קראַגן, אַרויסגעשטעקט ביים האַלדז און אַרום נאַקן. מ׳האָט אים נאָכגעקוקט אויף יעדן טראָט אין דעם פאַרנעם פון דער ישיבה. געווען דערביי אַ וואַרעמקייט.

זיין פּאָפּולאַריטעט האָט אָבער גענומען זיך לעשן, און ר׳ איסר־זלמן האָט געהאַט פיל צו טאָן מיט אים. מ׳האָט אַפילו גערעדט, אַז אונדזער ראש־ישיבה קען האָבן פאַרדרוס וואָס ער האָט צוגעשטימט אים אויפצונעמען פאַר אַ ישיבה־תלמיד. מ׳האָט געזען ווי ר׳ איסר־זלמן נעמט אים דורכן טאָג צו זיך אין מוסר־שטיבל, וואָס האָט געקענט מיינען, אַז דאָרטן גייט־אָן אַ האַרבער שמועס, און אפשר אויך וואַרענונג. דער קאָברינער האָט טאַקע אַרויסגעוויזן התמדה אין לערנען, אָבער אַן אומרואיקער, פלעגט ער אין מיטן לערנען פּלוצ־לונג אָפּטרעטן פון זיין שטענדער און זיך אַרומקלאַפּן צו פיל עלטערע לער־נער מיט ממש אויסטערלישע קשיאָס, אָן וועלכע שייכותן צו זיין לערנען.

אַפילו קשיאָס מיט כאַראַקטער פון אָפּנייג —

...וואָס איז דער חילוק פון אַ חפשי, אַ כופר, און אַן אַפּיקורס?...

אויך —

...איז קבלה גערעכט מיטן זאָגן, אַז דער אייבערשטער האָט אויסגע־

קליבן דווקא רחל און לאה, זיי זאָלן זיין אויך בעמען פאַר דער שכינה?...
פאַרוואָס ניט אַלע אמהות?...

אָדער —

...צו וואָס די דרייערליי ליבשאַפטן: אהבת השם, אהבת ישראל און אהבת תורה?... וואָלט ניט געווען גענוג אהבת השם, וואָס איז כולל אויך די אַנדערע צוויי?... עס שטייט דאָך געשריבן, אַז דער מלך עליון רופט־אָן די תורה „טאָכטער מיינע״, און עס שטייט געשריבן „ישראל ואורייתא חד הוא״, זיינען זיי דאָך אַלע אינאיינעם אַ ליבשאַפט, „אחד״!...

לערנערס, פאַרטאָן אין זייערע מסכתאָס, האָבן זיך באַקלאָגט: דער קאָב־רינער שלאָגט זיי איבער די מחשבות ביים לערנען. פלוצלונג קומט ער צו, וואַרפט זיך אָן מיט זיינע משונהדיקע קשיאָס, און זאָגט אַפילו ניט „זייט מוחל״. אַפנים, עס איז דערגאַנגען צו ר׳ איסר־זלמנען. נאָר ר׳ איסר־זלמן האָט אין קיין איין פאַל ניט וואָס געטאָן, אָדער וואָס געזאָגט ווענען, אַז דערפון זאָל אַרויסקומען לשון־הרע אויף עמעצן. רופט ער אַ לערנער צו זיך אין מוסר־שטיבל, איז עס אַן ענין צו פאַרבלייבן צווישן אים און דעם גערופענעם. עס איז אַ שטריך פון ר׳ איסר־זלמנס נאָבלקייט.

אין דער ישיבה איז אָבער געוואָרן אַ נאָכקוקעניש אויפן קאָברינער ווי אויף אַן אָנשיקעניש, און איך בין דווקא געוואָרן פאַרחברט מיט אים. מיר זיינען געווען ישיבה־שכנים מיט אונדזערע שטענדערס, איינס לעבן אַנדערן. עטלעכע מאָל האָט ער זיך באַוויזן אין די משמר־נעכט און ער האָט מיר פאַר־טרויט זיין „סוד״, אַ יוגנט־חלום, אַ מוח־און־נשמה־שטרעבן, וואָס זיין פאָטער העלפט אים דעריןן, ער זאָל אויפקלייבן געדאַנקען פון כלערליי ספרים, און שלייפן אייגענע, וואָס זאָלן אים זיין אַ הילף אין קומענדיקע יאָרן אָנצושרייבן אַ גרויסן ספר מיט באַוויזן, אַז די דריי פילאָזאָפישע דרכים אין אונדזער קולטור־געשיכטע — קבלה, חסידות און מוסר — זיינען, אין תוך, ניט קיין היפוך, נאָר דווקא המשך, אַ היסטאָרישע שלשלת. אי חסידות, אי מוסר פאַר־רופן זיך אויף די פּאָעטישע אוצרות וואָס אַרום די בעלי־קבלה. איך האָב אָנגעהויבן קומען צום קאָברינער אויף זיין דירה שבת בייטאָג אַריינצוקוקן אין די ספרים, וואָס זיין פאָטער פלעגט אים כסדר שיקן, און וואָס אין דער ישיבה זיינען זיי ניט געווען. דער צויבער, וואָס האָט אַרומגעפלאָטערט אין די אָפּגעדרוקטע מחשבות אין יענע ספרים, האָט מיך דערהייבן צו עקסטאַז.

דורך איין שבת אַזאַ האָב איך עס פלוצלונג זיך איינגעפונען אונטער ר׳ איסר־זלמנס אַ האַרבן משפט איבער מיר.

איך בין דאָך געווען אַ שבתדיקער בן־בית ביי בערל חסיד, אָבער דאָס חסידים־שטיבל האָב איך ניט געהאַט באַזוכט. אויך דעם קאָברינער האָט ניט געצויגן אַהין. נאָר אָט זיינען מיר דאָרטן יאָ דערגאַנגען, הגם עס האָט גע־מיינט אַז מירן אויספעלן ביים שבת־פאַרנאַכטיקן ישיבה־שפּאַציר צו ר׳ איסר־זלמנען און ביים שבת־פאַרנאַכטיקן מוסר. מיר האָבן אָנגעטראָפן דעם ריקוד אין שטיבל ביים אַרויסבאַגלייטן דעם שבת. מ׳האָט געטאַנצט אין אַ ראָד. די קעפּ פאַרריסן, די פּאָלעס צעפלויגן, הענט אויף פּלייצעס ווי אַ געפלאָכטענע קייט, און יעדע ווילע מיט אַן אויסגעשריי, דאָ איינער, דאָ אַ צווייטער —

...אוי, טאַטע אין הימל...

...רבונא דעלמא...

...שבת שבשמים...

...אב הרחמים...

בערל, מיין שבתדיקער מכניס־אורח, האָט אונדז דערזען, האָט ער אין מיטן טאַנצן מיך אַ שלעפּ־געטאָן פאַר דער פּלייצע, איך זאָל אויך אַריין אינעם טאַנץ. אַן אַנדערער האָט אַ כאַפּ־געטאָן דעם קאָברינער. מיר זיינען ביידע אַריין אין דעם טאַנץ־געדריי אָן אַ וועג זיך אַרויסצודרייען. דעם קאָברינער תינוק האָט עס אפשר געפּאַסט. ער, מיטן זיידן כאַלאַטל און גאַרטל און שטריימל, און די ווייסע זאָקן זיינע. און ער האָט טאַקע געקענט דעם ריקוד פון זיין טאַטנס סביבה אין קאָברין. איך אָבער, דער מתנגד, בין געווען אַ קאַליקע אינעם חסידישן טאַנץ. איך האָב געשלעפּט די פיס, אַנשטאָט געהייבן. אָדער די פיס האָבן מיך געשלעפּט. איך האָב זיך דערפילט באַנאַרישט. עס איז מיר געוואָרן פריקרע. איך האָב זיך פאַרגעוואָרפן: פאַרוואָס האָב איך ניט געהאַט גענוג קוראַזש ניט צו לאָזן זיך אַריינשלעפּן אינעם טאַנץ? מיין גאַנצע התלהבות מיט דער פּאָעזיע אין די חסידישע ספרים האָט זיך ווי אַ לעש־געטאָן. עס איז מיר געוואָרן ביטער אויפן האַרצן. און עס איז מיר געוואָרן נאָך ערגער.

ר׳ איסר־זלמנס שטראָף־רייד אַ צוויי טעג שפּעטער האָבן מיך דורכגע־נומען ביזן דערשפּירן אין זיך טרערן.

ניט געהאַט מיך געזען, ניט אינעם שבת־שפּאַציר, און ניט ביים מוסר, האָט ר׳ איסר־זלמן זיך נאָכגעפרעגט צי בין איך, חלילה, ניט בקו־הבריאות.

אַוודאי פאַטערלעך. ער האָט אָבער דאַן געהערט פון וועמען, אַז דער קאַבריי־נער האָט געפועלט ביים שקודער צו גיין אין חסידים־שטיבל מיטצומאַכן דעם שבת־פאַרנאַכטיקן ריקודל, האָט עס ממש אים פאַרכאַפּט דער אָטעם. נאָר וועגן דעם גופא האָט ר׳ איסר־זלמן קוים וואָס גערעדט צו מיר אינעם ישיבהשן מוסר־שטיבל. בלויז אַ זאָג־געטאָן מיט אַ קרעכץ און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן —

...פאַרשוועכט דעם כבוד פון דער ישיבה...

אַרויסגעזאָגט עס שטיל, און מיט אַ צערדיקער ווייכקייט, און ניט אַנקור־קנדיק מיך, ווי ער גאָר וואָלט געוועזן אַ פאַרשעמטער וואָס אַ תלמיד זיינער האָט פאַרשוועכט דעם כבוד פון דער ישיבה, האָט מיך ווי אַ שניט־געטאָן אין אַלע ביינער.

מיר זיינען אַריין אין אַ שווערן שוויגן.

ביים אויפהויבן זיין קאָפּ האָט ער דערזען ביי מיר טרערן. ער האָט, אַפּנים, דערשפּירט אַז מיין חרטה איז ערלעך. ער האָט גענומען רעדן, אַז אין עיקר וויל ער מיר וואָרענען וואָס שייך מיין אָנגאַנג אין לערנען. איך בין טאַקע אַ מתמיד, און מיינע משמר־נעכט זיינען עדות, און ער זעט־איין איך לערן לשמה. איך ציל ניט צו ווערן אַ מוסמך, הגם סמיכה איז כתר־תורה. דאָס לערנען גופא איז מיר ליב. און ער ווייסט, אַז איך בין שוין כמעט פאַרטיק מיטן „סדר נזיקין״, און בלעטער שוין אין ווייטערע סדרים. ער נעמט עס פון מיינע פרעגענישן בעת ער זאָגט זיין שיעור. ער באַגרייפט מיין שוואַכקייט, די ליבשאַפטן מיינע צו דער אגדה, וואָס שטייט הינטער דער הלכה, און הגם הלכה, מיט די פלוגתאס אַרום איר, איז וויכטיקער, שטערט ער מיך ניט. ער האַלט אַז יעדער לערנער איז מחויב קודם נאָכגיין זיין אייגענעם נפש, אויב נאָר אין זיין טבע איז פאַראַן גייסטיקע וואָג און טהרה. אָבער איך לאָז זיך דאָך אַריין אין גאָר זייטיקע ספרים, וואָס האָבן ניט צו טאָן מיט מיין עיקר לערנען. דהיינו: מיין נישטערן חסידות, דעם „תניא״. די ישיבה באַשטרייט ניט חסידות. עס געהערט צו יידישער מחשבה, הגם ניט מיט אַלץ. ניט מיט די גבירישע הויפן אַרום רביים; און ניט מיט שפּרייטן גלויבן אין פאָלק אַז די רביים רעדן „פּערזענלעך״ צום רבונו־של־עולם — יעדער ייד קען רעדן, און רעדט, צום רבונו־של־עולם; און ניט מיט דער סיסטעם פון צדיקים בירושה, וואָס טאַטעס גיבן איבער זייער חסידישע אָנפירונג צו די זין זייערע — אמונה איז ניט כמו חפצים, אָדער מסחר.

און איך בין דאָך ערשט אין יונג־בחורשאַפט, דאַרף קודם שטאַרקן זיך אין כאַראַקטער צו קענען קלייבן און איבערקלייבן און באַשליסן וואָס צו טאָן און וואָס ניט. דער ישיבה־סדר איז אַ תרופה און אַ וועג — דאַרף איך גיין אין די ישיבה־טריט. איך טאָר זיך ניט לאָזן באַהערשן פון אַ שפּיל אין פסוקים אָן אַ פאַרטיפן זיך. און ר׳ איסר־זלמן האָט אין די רייד זיינע גענוצט אַן אויסדרוק פון אָפּשרעק. עס קען האָבן אַריין אין מיר אַ „שטן המשחית״, וואָס עס מיינט, איך אַליין צעשטער אין זיך מיין טבע אינעם צילן צו אַ הויכן מעמד אין מחשבה און אין רוח, און איך אַליין דאַרף קענען מיט איינגעזאַמל־טער גייסטיקער גבורה דעם „שטן המשחית״ פאַרטרייבן...

די צוויי וואָרנונגען: ר׳ איסר־זלמנס — וועגן פאַרשוועכן דעם כבוד פון דער ישיבה און וועגן „שטן המשחית״ — האָבן מיך געפּלאָגט וואָכן־לאַנג, געפּלאָגט און געבראַכט היילונג און ליכט...

# 6

מאָמענטן פון שטאָט און ישיבה זיינען מיר פאַרבליבן אין זכרון אין פולער וואַכזאַמקייט, און זיי דאַרפן, מיין איך, פאַרצייכנט ווערן פאַר די פנקסים פון אונדזער דור.

איין מאָמענט — גלייך נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם (1903).

מען האָט אין דער סלוצקער ישיבה דורכגעפירט אַ קדיש־זאָגן נאָך די דערהרגעטע אין דעם פּאָגראָם. ס׳האָט געהאַט כאַראַקטער פון פּראָטעסט קעגן גאַנצן גלות, וואָס איז דורות געווען אַרויפגעוואָרפן אויפן ייד אין צאַרישן רוסלאַנד. מ׳האָט געוואוסט אין שטאָט, אַז אַזאַ טאָג גייט זיין אין דער ישיבה, זיינען געקומען אויך סטודענטן פון אַרום דער גימנאַזיע. אַ זעלטענע סצענע האָט זיך אויפגעוויקלט: אַ שטאָטישער אַדוואָקאַט האָט זיך געשטעלט אויף די טרעפּלעך ביים ארון־קודש און דערציילט איינצלהייטן פונעם פּאָגראָם, און ווי די גאַנצע וועלט קלינגט מיט זיי. ער האָט גערעדט אי רוסיש, אי יידיש, און פאַרענדיקט מיט תפילה־ווערטער אויף לשון־קודש. איינער פון די ישיבה־לערנערס האָט געזאָגט קדיש, און אַ צווייטער האָט פאַרגעטראָגן חיים־נחמן ביאַליקס פּאָעמע „אין שחיטה־שטאָט״. די פּאָעמע איז געווען אָפּגעדרוקט אין אַ קליין ביכעלע, וואָס איז דערגאַנגען קיין סלוצק ווי אַ

געהיימע שריפט. ביים קדיש־זאָגן, מיטן „אל מלא רחמים" ביים סוף, האָט אויסגעבראָכן אַ יאָמערלעכער געוויין. ביי ביאַליקס פּאָעמע איז מען גע־שטאַנען ווי פאַרגליווערט מיט אויפגעריסענע אויגן און פאַרשטשעמעטע ציין.

אַ צווייטער מאָמענט — שפּעטער אין זומער.

ווידער אַן אומפאַרגעסלעכע סצענע.

דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל איז געקומען אין רוסלאַנד פאַר דיפּלאָמאַטישע שמועסן מיטן צאַרס פּרעמיער־מיניסטער פּלעווע וועגן ציוניזם. אין ווילנע, אויף יענער היסטאָרישער רייזע, האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז עמעצער האָט אים דערשאָסן. וויאַזוי דער קלאַנג האָט באַלד זיך דערטראָגן קיין סלוצק איז אַ פאַרבליבענע רעטעניש. כמעט די גאַנצע שטאָט מיט יידן איז פּאַקטיש באַלד געווען אַרום דעם פּאָסט־אַמט אויף דער ברייטער גאַס. יידן פלעגן דאָרט קומען הערן וועלט־נייעס יעדן טאָג. עס האָט געגאָלטן אַן איינרעדעניש אַז ביים פּאָסט־אַמט הערט מען אַלץ. זיינען יידן איצט געלאָפן אַהין אין אַ מיטן־טאָג צו הערן וועגן דאָקטאָר הערצל. מען האָט איבערגע־לאָזן קראָמען; באַלמעלאָכעס זיינען אַוועק פון דער אַרבעט; ישיבה־לייט האָבן אָפּגעשטעלט דאָס לערנען.

און אַ דריטער מאָמענט — רירנדיקע פאָלקישקייט.

אַ „קול־קורא" איז דערגאַנגען קיין סלוצק, אַז אין דער דערבייאיקער שטאָט באָברויסק איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, און גאַנצע גאַסן זיינען אַוועק מיטן פייער. סלוצק האָט זיך אַ הייב־געטאָן מיט הילף. מ'האָט געזאַמלט לאַבנס ברויט, נשרפים זאָלן ניט פאַרהונגערט ווערן; מ'האָט געזאַמלט קליי־דער און בעטגעוואַנט פאַר די וואָס זיינען געבליבן אַן היימען. די ישיבה־לייט האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבער דער שטאָט דאָס אַלץ צו קריגן. סלוצקער פורמאַנעס האָבן אויסגעשטעלט זייערע פערד־און־וואָגנס ביי דער ברייטער גאַס אין מיטן שטאָט. יעדער וואָגן איז באַלד געוואָרן איבערפולט, און די פורמאַנעס האָבן נאָכדעם זיך אַוועקגעלאָזן, אַ וואָגן נאָך אַ וואָגן, צום שאָסיי קיין באָברויסק. דאָס איז געווען די פורמאַנישע צדקה פאַר די געליטענע. און ווען די פורן האָבן זיך גענומען רירן, זיינען די ישיבה־לייט נאָכגעגאַנ־גען און האָבן געזונגען פסוקים פון תהלים. די פורמאַנעס זיינען שליחי־מצוה, זאָל זיי ניט געשען קיין שלעכטס אויפן וועג. פון אַלע הייזער איז מען אַרויסגעקומען מיטצולעבן מיט דער פּראָצעסיע.

נאָך מאָמענטן. פאַרלויפערס פון שפּעטערדיקע דורכלעבענישן פון אונ־

דזער דור אויף גאָר דער וועלט, אי מיט ביטערע גלותן אין צער און צאָרן, אי מיט נייע ליכטיקייטן פון האָפענונג אויף גאולה.

אַזעלכע מאָמענטן האָבן געגומען זיך ווייזן גלייך אין מיין ערשטן ישיבה־יאָר. ס'האָבן זיך דערטראָגן עכאָס פונעם היסטאָרישן צוזאַמענפאָר פון רוס־לאַנדישע ציוניסטן (1902) אין מינסק. ס'האָט דאָרטן אויפגעפלאַקערט די פלוגתא: דר. הערצל־אחד העם; פּאָליטישער, אָדער קולטור־ציוניזם. און אחד־העם, דער פילאָזאָף ביים יידישן רענעסאַנס, אי אין פאָלק, אי ביי אנשי־רוח, איז געווען באַטייליקט אינעם מינסקער קאָנגרעס. זיין נאָמען אין די עכאָס האָט אַרויסגערופן ישיבה־שפּאַנונג. די עכאָס האָבן געבראַכט נאָך באַרימט־קייטן, ווען מען פון העברעאישן שרייבערטום, און ווען מען פון דער רוסישער „גרויסוועלטישקייט". עס איז געשטיגן נייגיר. מ'זעט דעם אויפקום פון אַ נייעם תפארתדיקער גדלות, ניט דווקא פון דער רבנים־וועלט, אַרויפצוקוקן מיט ערפורכט. יונגע רבנים האָבן אויך געלאָזט הערן פון זיך. זיי זיינען געקומען פון דער מזרחי־באַוועגונג, וואָס געשאַפן זי האָט דער דעמאָלט שוין־פאַרטראָגענער צו אייביקייטן, ר' שמואל מאָהילעווער, פון ביאַליסטאָק, און איבערגענומען די אָנפירונג האָט הרב יצחק־יעקב ריינעס פון לידע. אויך ער האָט געהאַט זיין גרויסע ראָל ביים מינסקער קאָנגרעס. מ'האָט דאַן געהערט אַז דר. הערצל רעדט וועגן אים מיט געהייבענעם רעספּעקט, האָט הרב ריינעס געהאַט מיט זיך חיבת־עם.

ווער פון יענעם קאָנגרעס ביים חלום מיט ציון האָבן אויפן וועג צוריק צו זייערע היימען זיך אַ ווייז־געטאָן ווי געסט אין סלוצק. געהערט וועגן דער נייער יידישער יוגנט, וואָס זאַמלט זיך אין סלוצק מחמת דער ישיבה און דער גימנאַזיע — און דער ציוניזם גופא איז דאָך געווען „יונג" — איז מען געוואָרן געשפּאַנט אָנצוקוקן און אורטיילן. ־וואָכן זיינען פאַרביי מיט כמעט יעדן טאָג אַ גאַסט אין דער ישיבה. איך געדענק באַזונדערס דאָס דער־שיינען טאָקע פון הרב ריינעס מיטן גרויסן עולם, וואָס איז געקומען אים הערן אין דער סלוצקער גרויסער שול, און מיט אַלע ישיבה־לערנערס אינעם עולם.

צו אונדז פון דער ישיבה האָט הרב ריינעס געגליט דורך די ספרים זיינע, וואָס האָבן געצילט צו אַ נייעם דרך אין תלמודישן לערנען. מ'האָט עס אָנגערופן „הגיון" (לאָגיק). מיר האָבן געפּלפּולט צווישן זיך צי „הגיון" שליסט־איין „הבנה", וואָס דערמיט איז אונדזער ראש־ישיבה, ר' איסר־זלמן,

געווען פון די בעלי־מוח אין דער ישיבה־וועלט. די פרימסטע פון דער ישיבה האָבן געקוקט אויף הרב ריינעסן מיט אויפגעריסענע אויגן פון פיי־ערלעכער פאַרערונג, הגם די דרויסנדיקע אָרטאָדאָקסיע, די מתנגדישע ווי די חסידישע, האָט געקוקט אויף אים קרום. עס איז אויך געווען זיינס אַ ציל צו באַנייען די ישיבה־וועלט מיט לערנען וויסנשאַפטן ווי אַ צוגאָב צום תלמוד. ער האָט דאָך אָבער געשמ׳ט מיט דער קרוין פון אַ גדול בתורה וואָס די לומ־דישע וועלט האָט אים געגעבן, און דאָס איז אין סלוצק געשטאַנען העכער פון אַלע חשבונות. און אים איז בייגעשטאַנען אונדזערס אַן אייגן ישיבה־יחוס. ער און ר׳ איסר־זלמן האָבן מיט זייער גאונות אין תלמודישער לומדות אַרויס־געשטאַמט פון וואָלאָזשין...

גאָר אַן אַנדער ישיבה־גאַסט האָט אויך זיך באַוויזן אין יענע טעג.
אפשר פון אַ וועלט „נאָך העכער"...
נעם און שרייב אַ פּאָעמע, אַ באַלאַדע.
אַ סצענע —

אַן אַלטינקער רבי. ווי אַלט? חשבון פון אָנגעציילטע יאָרן קען דערגיין צו פופציק. דאָך, אין אויסקוק אַזוי פאַרעלטערט, וואָס ווייזט, אַז אים קען זיין שווער צו טראָגן די יאָרן. קליין אין וואוקס, און ווי צוזאַמענגעפאַלן. און דאָס פּנים — אַ קליין פּנימל, און פאַרוואָקסן. די שפּיציקע באָרד און צעפלויגענע פאות, און די ברעמען ביזן שטערן אַרויף, און דער גאַנצער קאָפּ האָר אין אַ ניט־ערדישער ווייסקייט, וואָס קען זיך שוין ציען צו עולם־הבא. די אויגן אָבער בליצן נאָך. זיי קוקן אַריבער דיברילן מיט פונקען פייער. אים פירט אַ תלמיד זיינער. לויטן חשבון צען יאָר ייִנגער, אָבער אין אויסקוק אויך שוין פאַרעלטערט, נאָר אַנדערש. באָרד און פאות און געדיכטע ברע־מען, ווי צונויפגעוואָקסן איינס אין אַנדערן, כמעט גרוי. ביידנס אויסזען, ממש אַ דורותדיקער סימן־מובהק וויאַזוי אין צאַרישן גלות פלעגט זיקנה אָנפאַלן אויף געאיידלטע תלמידי־חכמים, מחמת זאָרג פאַר דער אומה, הגם אין יאָרן נאָך יונג. אין וואוקס איז דער תלמיד פיל העכער, מוז ער ביים פירן דעם אַלטינקן רבין אונטערן אָרעם גיין איינגעבויגן. זייער אַריינקומען אין דער ישיבה שטעלט־אָפּ דאָס גאַנצע לערנען. מען בלייבט שטיל. דער ניגון פון „תנו רבנן" איז אַריין אין דער שווייגעניש אַרום דעם פאַר׳חברטן גאַנג פון רבי און תלמיד, וואָס פאַר זיי גופא קען גילטן דער ניגון — זיי זיינען די „רבנן"... מען הערט ניט וואָס זיי רעדן אין דער שטילקייט צווישן

זיך. דער תלמיד בייגט די אויערן צו הערן דעם רבין, און דער רבי סוד׳עט אים. מען קוקט זיי נאָך. אַלע לערנערס שטייען אויפגעשטעלט. די אַטמאָ־ספער איז לויטער געשפּאַנטע ערפוכט, ווי אַ מאָמענט אין קדושה.

...ווער איז ער, דער אַלטינקער רבי?...

...ער איז ר׳ חיימקע בריסקער („חיימקע״, דער ליבלינג־נאָמען פאַר אים אין דער רבנישער וועלט אין שייכות מיט וואָלאָזשין. משפחה־נאָמען: סאָלאָווייטשיק)...

...און דער תלמיד, וואָס פירט אים, ווער איז?

...ער איז אונדזער ראש־ישיבה, ר׳ איסר־זלמן...

דער אַלטינקער איז אַ גאַסט אין סלוצק אויפן וועג אַהיים פון אַ צוזאַמענ־פאָר ערגעץ אין ליטע פון די „מחזיקי הדת״. עס גילט די דורותדיקע מורא וואָס נייע צייטן קענען אומברענגען די אמונה, און עס גילט די נאַאיווקייט, אַז מען קען עס פאַרהיטן דורך רייד ביי אסיפות. די נייע ווינטן מיט ציוניזם און סאָציאַליזם ברענגען גרויס פחד אין רבנישן הויז אַריין. ביי ר׳ חיימקען איז, אַפּנים, געווען אַ צעשראָקענער באַגער, אַ נערוועזע תשוקה לדעת, אַ קוק־צו־טאָן וואָס עס גייט־אָן אין דער ישיבה „עץ־חיים״ אין סלוצק מיט זיינס אַ וואָלאָזשינער תלמיד אַלס דער ראש־ישיבה.

דערביי זאָלן האָבן געווען מחשבות ביי ר׳ חיימקען וואָס הרב ריינעס איז דאָך אויך אַ וואָלאָזשינער, און ער גייט אויף אייגענע וועגן...

און נאָך מער —

אויף וויפיל זאָל ער, דער אַלטינקער רבי, שוין האָבן געקענט הערן וואָס צוויי וואָלאָזשינער תלמידים, און טאַקע פון זיין צייט, זיינען אינגאַנצן אַוועק פון דער ישיבה־וועלט, און זיי פאַרנעמען זיך אויף אַ דרך צו ווערן דיכטער פון נייע פּיוטים אין דער נייער יידישער רוחניות — חיים־נחמן ביאַליק און אברהם וואַלט, וואָס אין אַמעריקע איז דער נאָמען געוואָרן ליע־סין... און אויב עס קומט אַריין אין זייער לעבן אַ וועלכע זינד קעגן רבנישע דינים, איז עס דאָך אויך געווען דער פאַל מיט די שאַפערס פון די פּיוטים אין דער שפּאַנישער תקופה, און דווקא יענע פּיוטים זייערע זיינען געוואָרן הייליקע תפילות, און צדיק און פאָלק זאָגן און זינגען זיי אין די הייליקע טעג...

ר׳ איסר־זלמן פירט־צו דעם אַלטינקן רבין זיינעם צום ישיבה־ווינקל ביים ארון־קודש, וואו ער אַליין שטייט ביים זאָגן אַ שיעור אין גמרא. אַלע

פון דער ישיבה זאַמלען זיך צונויף אַרום זיי. ר׳ חיימקע זאָגט אַ שיעור אין „הבנה" און אין „חיזוק הדת". קיינער פרעגט ניט אָפּ זיינע רייד מחמת גרויס כבוד פאַרן רבין פון רבנים און ראש־ישיבות. דער עיקר איז דאָ די צעוואַ־רעמטע פיינקייט, די צניעותדיקע, באַהאַרצטע צאַרטקייט אין אַ תלמידס אויפנעמען אַן אַלטינקן רבין בעת ער, דער תלמיד אַליין, עלטערט זיך שוין מיט הונדערטער און הונדערטער אייגענע תלמידים ביז זייער דערגיין צו סמיכה — און העכער אויך...

# 7

דורך די געסט פון מינסקער קאָנגרעס איז ביי מיר אַנטשטאַנען אַ לוסט צו פאַרשטיין אַלע כיתות אין ציוניזם. איך בין ניט געווען דער איינציקער. אין ישיבה גופא איז געוואָרן ווי אַ פאַרזאָג, אַז קיינער פאַרנעמט זיך ניט דערמיט — ניט, חלילה, ווייל עס קען זיין אַ „טריפה זאַך", נאָר בכדי עס זאָל ניט זיין קיין שטער אין לערנען — פונדעסטוועגן האָבן מיר אָן אַ וועלכן צוריקהאַלט געזוכט אויפקלערונג אין דער ציוניסטישער ביבליאָטעק אין שטאָט. מ׳האָט דאָרטן געקענט קריגן ליטעראַרישע זאַמלביכער אין העב־רעאיש און יידיש, און טאָקע דעם זשורנאַל „השלוח", וואָס האָט דעמאָלט געדרוקט אחד־העמ׳ס „על פרשת דרכים". און נאָכדעם האָט מען שוין גע־קענט הערן ביי ישיבה־לערנערס אויף זייערע סטאַנציעס און אויף שפּאַצירן זייערע וועגן אחד־העם אין פאַרגלייך מיט אַנדערע יידישע דענקערס. מ׳האָט געפּרוּווט דרינגען פון אחד־העמס פסוקים וועגן די אייגנשאַפטן וואָס מאַכן אונדז פאַר אַן „עם־סגולה" און וועגן די כוחות פאַר „קיום־האומה". די פּאָ־פּולערסטע „השלוח"־שרייבערס זיינען דעמאָלט געווען דר. יוסף קלויזנער און דר. שמעון בערנפעלד. קלויזנער מיט מאמרים אַרום יידישער געשיכטע און בערנפעלד אַרום פּאָפּולערע וויסנשאַפטן. אוודאי האָבן מיר אַלץ געלייענט מיט אַ פאַרטיפטן ערנסט, אָבער שטיפערישער שפּיל האָט אויך ניט געפעלט. עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ ישיבה־חוזק אַרום שרייבערס, וועלכע האָבן זיך געגרויסט מיט דעם ראשי־תיבותדיקן טיטל „דר." וואָס האָט געמיינט צו זאָגן אַז דער מחבר איז אַ דאָקטאָר־פילאָזאָף. דער ישיבה־בחורישער חוזק האָט עס געטייטשט אַנדערש — אַז דר. באַטייט ניט „דאָקטער רייש", נאָר „דלות ראש", אָרעמקייט אין קאָפּ...

פאַר מיר האָט די ביבליאָטעק זיך אַנטפּלעקט אויך ווי אַ נייער אַדרעס אין שטאָט, וואו עס זאַמלען זיך אי לערערס פאַר „דוברי שפת עבר", מ'זאָל רעדן צווישן זיך העברעאיש, אי פאַרליבטע אין דעם, וואָס עס שפּראָצט־אויף אַ געדאַנקרייכע פּאָעטישע ליטעראַטור אין מאַמע־לשון, יידיש — מענדעלע, שלום־עליכם, י. ל. פּרץ, שלום אַש, אברהם רייזען, און ביאַליק אויך מיט זיי — און ס'האָט דאָרטן אויפגעשיינט דער יונגינקער סלוצקער ערב־שריי־בער, וואָס איז טאַקע דעמאָלט באַלד אַריין אין באַרימטקייט — י. ד. בער־קאָוויטש.

ער, דער שפּעטערישער שריפטשטעלער אין אונדזערעביידע לשונות, העברעאיש און יידיש, נאָוועליסט און דראַמאַטורג, און שפּראַך־אויסשלייפער ביי ביידע ליטעראַטורן, און איבערשאַפער פון יידישן שלום־עליכם אין אַ העברעאישן. אַ וואַרעמע ביבליאָטעק־פריינטשאַפט איז ביי אונדז געוואָרן. ער — באַרעדעוודיק; איך — זיין אויפמערקזאַמסטער צוהערער. ער האָט אָנגעהויבן באַווייזן זיך אין דער ישיבה אַריינצוקוקן פון־דאָס־ניי אין תלמודישע אגדות און אין די נסיונות, וואָס שטעקן הינטער די תנאימשע פלוגתאס, וואָס מיט זיי וועט ער שטאַרקן די אייגענע שפּעטערישע כוחות ביים וועבן ליטע־ראַרישע דערציילונגען. אַ יונג טונקל פּנים, גרויסע רונדע אויגן מיט אַ שטילן קלוגן שמייכל אין זיי, און תמיד אָנגעטאָן אין פינקטלעכער זויבער־קייט, האָבן ישיבה־לייט אים געשעצט, אי פאַר זיין אויסקוק און זיין פאַר־האַלטן זיך צו מענטשן, אי וואָס מ'האָט שוין דעמאָלט גערעדט וועגן אים, אַז אינגיכן וועט מען דערהערן, אַז ער איז אַריין אין דער העברעאישער לי־טעראַטור. ער האָט אונדז אויך באַזוכט אין אַ משמר־נאַכט. אונדזער נאַכט־לערנען איז אָנגעגאַנגען, און ער האָט שטילערהייט געבלעטערט אין מוסר־ספרים, און יעדע ווילע וואָס פאַרצייכנט. אין די רייד זיינע ביים צערעדן זיך מיט אונדז אין פריען פרימאָרגן האָט ער אונדז אָנגעוויזן וואָס ער האָט געזוכט און געפונען. זיינע מחשבות דערגייען תמיד צו די סתירות אין דער מענטשלעכער נשמה, און מוסר צויבערט דערמיט. עס איז טאַקע געוואָרן ווי אַ הויפּט־מאָטיוו אין זיינע בעלעטריסטישע שאַפונגען. די ישיבה מיט אירע מוסר־ספרים האָט אים געדינט ווי אַ ליטעראַטור־לאַבאָראַטאָריע. און ווען ער האָט פאַרלאָזן סלוצק, און מ'האָט פון דערווייטנס דערהערט וועגן זיין ליטעראַרישער גדולה, זיין פאַראַדנעם אַריינקומען אין דער העברעאישער ליטעראַטור מיט זיין דערציילונג „מאַשקעלע חזיר" דורכן ליטעראַטור־קאָנ־

קורס פון דער נייער טעגלעכער צייטונג „הצופה", אַנדערש ווי דער „המליץ" און אפילו ווי נחום סאָקאָלאָוו „הצפירה" — איז ביי ישיבה־לייט געווען יום־טוב ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ חלק אין דעם.

און דערפון איז געבליבן היסטאָרישעס.

עס האָבן זיך געעפנט די טויערן פון דער ניי־צייטיקער יידישער ליטע־ראַטור פאַר ישיבה־לערנערס אַריינצושפּאַצירן אין אירע גערטנער און מיט־וואַקסן מיט אַלץ וואָס בליט דאָרטן, און ווי אַ צונויפגעזאַמלטער לייענער־קרייז ווערן אַ מיטשאַפנדיקער גייסט־כח ביים דענקער און דיכטער, עסייאיסט און נאָוועליסט...

נאָך אַ דערשיינונג האָט זיך אַ וויַיז־געטאָן, און איז פאַרבליבן היסטאָריש. סלוצקער ישיבה־סמיכה האָט זיך אַריבערגעטראָגן די ימים, און אויפ־געעפנט דעם וואונדערלעכן וועג צו אַמעריקאַנער קאָלעדזש־דיפּלאָמעס. די ערשטע טריט פון מוסר־רבנות צו שטיין באַהאַפטן מיט פריי־פילאָזאָפישע שיטות. די אָנהייב־פרשה אין דער ברייט־פאַרצוויַיגטער אַמעריקאַניש־יידי־שער קולטור, וואָס מיר האָבן אין די איצטיקע טעג.

געבענטשט מיט אַ געמיט פאַר התמדה און מיט אַ חריפותדיקן מח, איז דער סלוצקער ישיבה־לערנער, מאיר וואַקסמאַן, דערגאַנגען צו נעמען סמיכה אין זיין אַכצנטן יאָר. ער האָט דערמיט געשמ'ט, און ניט איין יונגער לער־נער איז אים מקנא־געווען אין זיין גדולה. עס איז אָבער געווען כשרע קנאת־סופרים. איך געדענק דעם פאַרנאַכט ווען ער איז אַריינגעקומען אין דער ישיבה געזעגענען זיך פאַר זיין אָפּרייזן קיין אַמעריקע, די זעלטענע וואַרעמ־קייט אַרום אים פון די ישיבה־לייט און משגיחים, און פון אונדזער ראש־ישיבה, ר' איסר־זלמן מעלצער. וואָס פאַר אַן אויסקוק דער יונגער מוסמך האָט געהאַט אויף אַמעריקע ווייס איך ניט. איך קען אָבער פאַרצייכענען אויך אַזאַ מאָמענט מיט אים אַ צוויי יאָר שפּעטער —

אַ פרימאָרגן אין מיינע ערשטע בלאָנדזשענישן אין ניו־יאָרק, אין טעג פון פיזישן און גייסטיקן הונגער; בענקענישן, ממש ווי האַרץ־ווייטיקן, דער־פירן מיך צו דער „ישיבה" אויף הענרי סטריט, ניו־יאָרקער איסט־סייד, מיטן נאָמען „עץ־חיים". דער זעלביקער נאָמען, וואָס ביי דער סלוצקער ישיבה. אפשר טאַקע דערפאַר האָט מיך געצויגן אַהין. אָבער אַ ביטערע אַנטוישונג קומט אָקעגן. די „ישיבה" געפינט זיך אין אַ „פלעט" אויפן ערשטן „פלאָר" אין אַ „טענעמענט־הויז". איך גיי דווקא אַריין. איך טרעף אָן אַן איינציקן

לערנער. טאָקע מער קיינעם ניט. איך דערקען אים. ער איז דער סלוצקער, מפורסמדיקער, יונגער מוסמך, מאיר וואַקסמאַן. ער דערקענט מיך אויך. די רייד אונדזערע קומען אַרויס פון אַן עלנט געמיט ביי אים ווי ביי מיר. דער עלנט פון אונדזער אימיגראַציע.

נאָר עלנטקייט קען ווערן אַ שטויס־קראַפט אויך צו שעפערישקייט, און די סלוצקער סמיכה קריגט איר תיקון. איך הער, אַ פּאָר יאָר שפּעטער, וועגן מאיר וואַקסמאַנס גראַדויִרן מיט די העכסטע אויסצייכענונגען אַלס אַ „ראַבאַי פאַר ראַבאַיס״, און ער שטעלט זיך ניט אָפּ ביי דעם. איך לייען שפּעטער אין קאַלעדזש־בולעטינען וועגן זיין דערגרייכן אין קאָלאָמביאַ־אוניווערזיטעט אַ „מעסטער אָוו אַרטס דיגרי״; און נאָך שפּעטער, ווידער אין קאָלאָמביאַ, אַ דיפּלאָמע אַלס דאָקטאָר־פילאָזאָף. ער ווערט נאָכדעם דער אָנפירנדיקער פּראָ־פעסאָר אין „בית מדרש לתורה״ אין שיקאַגאָ מיטן ציל: אַנטוויקלען פאַר אַמעריקע לומדות אין דער אַל־אומפאַסנדיקער יידישער קולטור.

זיין קולטור־מעמד שטייגט נאָך העכער דורך זיין פעדער אין די דריי לשונות: ענגליש, העברעאיש, יידיש. דורך ענגליש פירט ער אַריין אין אַמעריקעס קולטור זעקס בענדער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור זינט דעם אָפּשלוס פון תנ״ך ביז אין דער מאָדערנער יידישער דיכטונג אַריין. זיי שליסן־איין ש״ס און פוסקים, קבלה און רבנישע שאלות־ותשובות פון אַלע תקופות, חסידות און מוסר און השכלה, און דעם אויפבלי פון דער לי־טעראַטור אין יידיש. זיי ווערן טעקסט־ביכער פאַר סטודענטן. דערצו ווערק מיט געקליבענע כתבים, עסייען און אַנאַליזן פון יידישער מחשבה און יידי־שער עטיק.

סלוצקער מוסר און סמיכה זיינען געוואָרן קולטור־טויערן אויף אַמערי־קעס קולטור־וועגן...

# 8

...האָט דאָ וואָס אָפּגעטאָן דער שר של טומאה?...

...סמאל׳ס אַ להכעיס?...

...נאָר דער בעל־דבר האָט געקענט זיין אַ שליח פון יעדן פון די שדימשע מינים...

איך דאַרף ניט, איך טאָר ניט דורכלאָזן דאָס שלעכטס, וואָס איז אָפּגע־לאָפן אין דער ישיבה. אין ליכט פון וויטערדיקן דור האָט די מעשה־רעה געהאַט כאַראַקטעריסטישעס פון אַ וואָרנונג וואָס עס קען זיך פאַרלויפן אין דער מחנה פון אונדזער קולטור. אַ נאָמען פון ווּעמען פון די אָפּשפּעטערס און בייז־טוערס, וואָס האָבן דאָס שלעכטס אָפּגעטאָן, וועל איך ניט דערמאָנען. זאָל עס פאַרבלייבן ווי אַ רעטעניש, בכדי ניט צו פאַרשאַפן בושה קינדער, אָדער אייניקלעך.

אַ שפּראָץ אויף טאָג, ערב פּסח־צייט, האָט אין אונדזערס אַ משמר־נאַכט זיך באַוויזן אַ צעשראָקענער דער גרויסער פריינט אונדזערער, יאָסל דער שמיד, וואָס די קוזשנע זיינע האָט מען געקענט זען דורך די מזרח־פענצטער פון דער ישיבה. מיר, די משמר־לערנערס, האָבן אין די נעכט תמיד געזען ווען יאָסל שמיד שטייט־אויף אָפּצוריכטן חצות. מ׳האָט געזען עס ווערט ליכטיק אין אַ פענצטער פון יאָסלס שטיבל ביי דער קוזשנע, און צומאָל אויך אַ פייערל פון דער קוזשנע גופא. יאָסל פלעגט צומאָל אָפּריכטן חצות ביי אַן אָנגעצונדן ליכט אין דער קוזשנע. פאַרקערט, ווידער, דורך די פינטעלעך ליכטיקייט אין די בייגאַכטיקע ישיבה־פענצטער האָט יאָסל געוואוסט אַז אונ־דזער נאַכט־לערנען גייט־אָן, און ער האָט דערפון געהאַט גרויס תענוג. אַ זעלטן כאַראַקטער האָט ער פאַרמאָגט, יאָסל דער שמיד. זיין חצות און אונ־דזערע משמר־נעכט האָבן געשאַפן נאָענטקייט צווישן אונדז. מיר האָבן אים תמיד געזען אויפגעלייגט פון אַ פאַרטיפטן נחת־רוח.

ליבהאַרציקייט איז ביי אים געווען צו דער גאַנצער ישיבה. מ׳פלעגט אים הערן זאָגן, אַז ער איז געבענטשט מיט אַ שר אין הימל, וואָס גיט אַכטונג אויף זיין גורל צו זיין אַ שכן ביי דער ישיבה. אויף אונדז, די בייגאַכטיקע לערנערס, האָט ער געקוקט ווי מיר וואָלטן געווען שלוחים פון די העכערע וועלטן. אין ווינטערדיקע נעכט מיט זאַווערוכעס פלעגט יאָסל דער שמיד, נאָכן חצות, אַריינלאָזן זיך צו אונדז מיט אָנגעהאַקטע שייטלעך האָלץ אין די אָרעמס, טאָמער באַדאַרף מען בעסער באַהייצן די ישיבה. און האָבן מיר אָפּגעשטעלט דאָס לערנען צו העלפן אים, האָט ער באַלד אונדז געשיקט צוריק צו די שטענדערס מיט דער געעפנטער גמרא —

...שטערט איך ניט, מיינע ליבע ברידערלעך... לערנט, לערנט... אייער ניגון איז מיר גוט פאַר די ביינער...

מ׳פלעגט הערן אין דער ישיבה, אַז בשעת יאָסל האָט צו טאָן מיטן בלאָז־

זאַק אין דער קוזשנע צו האַלטן הייך דאָס פייער אינעם קוזשנע־אויוון, ברומט ער דעם גמרא־ניגון.

ער אַליין פלעגט צומאָל חוזקן פון זיך —

...איך בין אַ גרויסער למדן, אָבער בלויז מיטן ניגון...

יאָסל האָט וואויל געוואוסט פירוש־המילות פונעם טעגלעכן דאַווענען, און פון דער שבתדיקער קריאה, אויך פון שבת־פאַרנאַכטיקן תהלים־זאָגן. און אים איז גאָר שטאַרק וואויל געווען וואָס ער ווייסט דעם זין פון תיקון־חצות. דאָך האָט ער געקוקט אויף זיך אַליין ווי אויף אַ פּראָסטאַק. ער פלעגט זיך עס אַליין פאָרוואַרפן, און אויך זיך פאַרענטפערן —

...די שווערע מלאכה פון אַ שמיד, דאָס האָבן צו טאָן מיט האַמערן אייזן אין פייער, דאָס הייבן פערדישע פיס און באַשלאָגן זיי מיט פּאָדקאָוועס, דאָס אָנשפּאַרן גאַנצע וועגענער צו דער ברוסט ביים איינפעסטיקן רעדער אין שמי־רעכצן מיט דזשעגעכץ — דערפון זעצט זיך אָפּ גבורהדיקע פּראָסטקייט סיי אין גוף, סיי אין זינען...

נאָר איינזאַמער אלמן וואָס ער איז געווען, אויך אָן קינדער, איז די שכנות זיינע מיט דער ישיבה אים געוואָרן משפּחהדיק, און שוין גלייך ביים צוקומען צו די טירן פון דער ישיבה פלעגט ביי אים ווערן אַ הייטערדיק געמיט. אין ישיבה־לשון פלעגן מיר אים אָנרופן —

...לב טוב יאָסל...

און אָט האָבן מיר, אַ שפּראָץ־אויף־טאָג, פלוצים אים דערזען אַ צעשראָ־קענעם און פאַרכעסטן. זיין שווער פּנים מיט דער קורצער באָרד האָט זיך ווי געוואָרפן אין נערוועאישקייט, און גערעדט האָט ער מיט אַן אימפּעט, וואָס אין די ערשטע רגעס האָבן מיר קוים דערכאַפּט וואָס ער וויל אונדז אָנזאָגן.

בלויז צוויי ווערטער זיינען אונדז געווען קלאָר —

...קליינינקע ספרימלעך...

מיר האָבן געוואוסט ער קען מיינען די מוסר־ספרים. ענדלעך הערן מיר באַשטימטעס.

אַ פויערישער פאַרפאַלק איז אָקאָרשט דערפאָרן צו דער קוזשנע און אים אויפגעוועקט. מ׳דאַרף פּאָדקאָוועס פאַרן פערד, אָבער פאַראַן אויך וואָס אים איבערצוגעבן, און דאָס איז וועגן אַ פאַרשוועכטער הייליקייט. ער איז אַרויס פון שטיבל אָנקוקן. זיי האָבן אים געוויזן. זיי האָבן געפונען אין זומפּיקן טייכל ביים שאָסיי אַ גאַנצע צאָל דורכגעווייקטע און פאַרבלאָטיקטע „ביכע־

לעך" וואָס עס שיינט, אַז יידן „מאַליטוועז" אין זיי. ער איז געוואָרן אויפגע־ציטערט, יאָסל. טאַקע מוסר־ספרימלעך. אוודאי אַ פּאָר צענדליק. זיינען זיי פון דער ישיבה?... ער איז געקומען אונדז רופן, אויך מיר זאָלן אָנקוקן.

די פויערשע פור איז באַלד אויך צוגעפאָרן צו די טירן פון דער ישיבה. מיר דערזעען די דורכגעווייקטע פאַרבלאָטיקטע ספרים אַז זיי געהערן זיך אָן מיט דער מוסר־שטוב, וואו מיר קומען אין די שבת־פאַרנאַכטן מיטן ראש־ישיבה אונדזערן. מיר פּרוּוון זיי אַריינגעמען אין די הענט, זיינען זיי אָבער אַזוי צעווייקט, אַז זיי פאַלן פאַנאַנדער. מיר הערן זיך איין וואָס דאָס פויערשע פאָרפאָלק האַלט אין איין דערציילן יאָסלען. עס איז זיי געוואָרן גרויס וואונ־דער ביים צוקומען מיטן פערד־און־וואָגן צום זומפּיקן טייכל. אין טייכל איז אָנגעגאַנגען אַ כריפּעניש, אַ שרייעניש, אַ זעגעניש אין דער לופט אַריין, אַ טומלעריי פון זשאַבעס. אַ פול טייכל מיט זשאַבעס, און עס איז דאָך נאָך צו־פרי פאַר אַזויפיל זשאַבעס אָנצוזאַמלען זיך. ס'איז דאָך ערשט ערב פרילינג. עס איז אַ לבנה־נאַכט און וואַרעם, זיינען זיי אַראָפּ פון פור, דאָס פאָרפאָלק, אַריינצוקוקן אין זומפּיקן טייכל. זיי האָבן דערזען די „ביכלעך" און די זשאַבעס שפּרינגען אויף זיי...

מיט גרויס פאַרזיכט האָבן מיר די ספרימלעך פאָרט אַראָפּגענומען פון דער פויערשער פור און זיי אַריינגענומען אין דער ישיבה. מיר האָבן זיי אויסגעלייגט אויף לאַנגע בענק ביי דער טיר פון דער ישיבה. יאָסל דער שמיד האָט גענומען דאָס פויערשע פאָרפאָלק צו דער קוזשנע אויפצוריכטן פאַר זיי די פערדישע פּאַדקאָוועס, וואָס דאָס וועט זיי זיין אַ מתנה פאַרן ברענ־גען די „הייליקע ביכלעך" פון טייכל. מיר, די לערנערס, זיינען אַוועק צו דער מוסר־שטוב. מיר האָבן געפונען האַלב־פּוסטע פּאָליצעס. ווער האָט דאָ אָפּגעטאָן די טמאהדיקע זאַך — וואַרפן מוסר־ספרים אין אַ זומפּ, עס זאָלן קריכן אויף זיי ווערים?...

אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין ווי נאָר אַ נאָכשלעפּעניש פון דער אַוואַנטורע, וואָס דריי אין דער ישיבה מיט צעקרענקטע נאַטורן פון מזיקים האָבן געפּרוּווט אָפּשפּילן, און עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. זיי האָבן מיט אַ פאַרביסענער רשעות געררייצט שטילערהייט מ'זאָל דערקלערן אַ בונט קעגן לערנען מוסר, הגם דאָס מוסר־לערנען איז ניט געווען קיין ישיבה־צוואַנג. די דריי האָבן שוין געהאַלטן ביים אָפּפאָרן פון דער ישיבה, טאַקע

דעמזעלבן פרימאָרגן. זייער חרפּהדיקער וואַנדאַליזם איז, אַפּנים, פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ לעצטער אַקט פון אַ חסר־דעהדיקער מיאוסער נקמה...

דער טאָג אין דער ישיבה האָט זיך אָנגעהויבן מיט מהומה, און אָט איז מען אַריין אין מעדיטאַציעס. ווער עס איז אַריינגעקומען האָט באַלד ביי דער טיר געפרעגט און געטענהט, און אַ וואָרף־געטאָן אַ קללה, און זיך פאַרקליבן צום אייגענעם שטענדער צו לערנען, אָבער ניט געקענט; און מ׳איז געגאַנגען נאָך אַמאָל אַ קוק־טאָן אויף די בענק מיט די פאַרבלאָטיקטע ספרים, און מ׳איז אַריין אין אַ שווערער שוויגעניש. ר׳ איסר־זלמנס אַריינקומען האָט מען אויפגענומען מיט אַ פאַרציטערט האַרץ. וואָס וועט ער זאָגן? וואָס וועט ער טאָן? ר׳ איסר־זלמן איז פאַרבייגעגאַנגען די בענק עטלעכע מאָל און ווײַלעוויז זיך אָפּגעשטעלט און געווישט די אויגן.

ס׳האָבן זיך געהערט אויסרופן פון וועמען, האַרבע ווערטער —

...לעסטערערס פון קדושה...

...מנובלים ביים שר של טומאה...

...פאַרשטעלטע סמאַל׳ס...

...וואַרפן אויף זיי אַ חרם, ווער און וואו זיי זאָלן ניט זיין...

...אַלע קללות פון דער תוכחה...

ר׳ איסר־זלמן האָט זיך געהאַלטן אין די כוחות. ער האָט זיך דערשאַרט צום ווינקל ביים ארון־קודש, זיין געוויינלעך אָרט ביים זאָגן אַ שיעור. די ישיבה האָט זיך איינגעזאַמלט אַרום אים. ער האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ אויף „ניין״ —

...ניט קיין חרם, ניט קיין קללות, ניט קיין רייד אין לשון פון מלשינות, מען טאָר עס ניט...

...דער אומגליק איז דאָ — אָבער ניטאָ קיין עדות...

...ראיה לדבר איז ניטאָ...

...דרישה וחקירה?... ניין, מיר משפּטן ניט קיינעם...

...דער אומגליק איז אפשר מיין שולד... ניט געטאָן גענוג פאַר חיזוק־הדת... פאַרלאָזט זיך צופיל אויף דרך־ארץ...

און ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ, ר׳ איסר־זלמן, ביים ברעג פון ארון־קודש און זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קול.

די גאַנצע ישיבה איז געשטאַנען ווי אין אַ פאַרגליווערטער שטילקייט. ממש שטום.

ס׳האָט זיך דערהערט נאָך אַ קול אין געיאָמער. יאָסל דער שמיד איז געשטאַנען ביי דער טיר, זיין עלנבויגן צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, און מיטן פּנים צו דער וואַנט, און געברומט אין טרערן.

דורכן טאָג האָט מען געהערט אַז ר׳ איסר־זלמן גייט אַריין אין אַ תענית. עס האָט זיך באַלד געטראָגן פון שטענדער צו שטענדער —

...אַלע וועלן פאַסטן... פון די היינטיקע ערשטע שטערן ביז די ערשטע שטערן מאָרגן...

און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן —

...אויף קיין אופן ניט רעדן דערפון צו וועמען אין שטאָט... אַ חרפה־דיקע ישיבה־זאַך, מוז די ישיבה אַליין עס אָפּטאָן פון זיך מיט אַ ישיבה־תענית...

און עס איז אַזוי געווען. אַלע זיינען אַ גאַנצן טאָג געווען אין דער ישיבה, און ר׳ איסר־זלמן מיט אַלעמען. און אַלע האָבן געפאַסט. און די אומגע־בראַכטע מוסר־ספרים האָט מען פאַרדעקט מיט אַלטע טליתים צו פאַרנעמען זיי אין גניזה ביז קבורה. און מ׳האָט אויפגעבלעטערט אין דער גמרא אומע־טיקעס, אַ לערנען אין עצבות איבער אומגעבראַכטע הייליקייטן. און מ׳האָט מער געטראַכט ביי דער אָפענער גמרא ווי וואָס אַרויסגעזאָגט. און האָט ווער, מחמת אַ יאָרצייט, געזאָגט קדיש ביים ישיבה־דאַווענען, האָבן אַלע שטילער־הייט מיטגעזאָגט, ווי עס וואָלט געווען אַ קדיש נאָך די אומגעבראַכטע מוסר־ספרים. און דער ארון־קודש אין דער ישיבה איז אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען אָפן. ס׳האָט באַטייט: זאָל די תורה זען און הערן ווי אַ דור אירער נעמט־אויף פאַרשוועכטע קדושה...

## 9

דורך די סלוצקער משמר־נעכט איז אויך אַ שעפערישע געזעלשאַפטלעכע קראַפט אַריין אין אונדזער דור.

צופאַל, אָבער מיט צוויבערלעכן אינהאַלט.

אַ סלוצקער ווינטער־נאַכט. שניי, פראָסט, ווינט. מיר זיינען אין אַ משמר, און בלויז צוויי לערנערס. מיין חבר איז שלמה דער כאַלופעניצער. מיר לערנען מיטן זעלבן גמרא־ניגון, אָבער אַנדערש. מיין חבר, קליינגעוויק־סיק און אַ פאַרמאָגערטער, לערנט אויף אַ הייכן, ביט־ברומענדיקן, נאָר שאַרף־

שניידנדיקן קול, ממש ווי קינדערשע אויסגעשרייען אין אַן עלנט, בעטענישן צו די הימלען. עס האָבן זיך דערהערט טריט ביי דער ישיבה־טיר, און באַלד איז פאַר אונדז אויסגעוואַקסן אַ יונגער הייכער בחור, אָנגעטאָן אין אַ גרויסן סטודענטן־מאַנטל מיט בלאַנקע קנעפּ און אַ באַשליק איבער די פּלייצעס, און אַ הייכן גרוי־באַראַנקענעם הוט. מען האָט געקענט מיינען ער איז אַ יונגער מיליטערישער אָפיציר. מיר האָבן אויפגעהערט לערנען. דער גאַסט האָט זיך פאַרגעשטעלט. עס קומט אים אויס פאַרבייצוגיין. ער וואוינט אַ פּופצן מינוט גאַנג ווייטער. ער האָט געהערט דאָס קול פון לערנען אַזוי שפּעט, און אין אַזאַ נאַכט, האָט ער געוואָלט אַ קוק־טאָן. קען ער רעדן מיט אונדז? זיין נאָמען איז אהרן סינגאַלאָווסקי.

דער צוקונפטיקער דאָקטאָר סינגאַלאָווסקי, טאַלאַנטפולער וואָרט־פירער ביי יידיש־סאָציאַליסטישע פאָלקס־גרופּעס, ביים אינטערנאַציאָנאַלן „אָרט", כלל־טוער פער עקסעלענץ ביים אייראָפּעאישן יידנטום ביז אַריבער דעם חורבן און דעם אויפקום פון מדינת ישראל, מיט אַ גאַר אַנדער יידישן מצב אין דער וועלט.

עס גייען די דיאַלאָגן צווישן אים און אונדז. ער איז אַ פרעמדער אין סלוצק. אַן אַנגעפאַרענער פון פּינסק מיט אַ האָפענונג אַריינצוקומען אין דער גימנאַזיע. ער צילט צום העכסטן קלאַס, אָבער דערווייל שטייט ער אין דרויסן. וואָס מיר, מיין חבר און איך, טוען, דאָס זעט ער. איז וואָס לערנען מיר? און וואָס איז מוסר? און ווער זיינען געווען די גרויסע תלמודישע פילאָזאָפן? און ווער די גאונים? און ווער די בעלי־קבלה? ער האָט געהערט ביים סלוצקער השכלה־קרייז וועגן גרויסע עשירותן אין דער תלמודישער ליטעראַטור, איינגעשלאָסן קבלה, וואָס געהערן צו דער רעליגיעזער געשיכטע פון „וייטן אַלטערטום", און מאָדערנע יידן פאַרנעמען זיך קוים דערמיט. אונדז איז אויסגעקומען, אַז דער אהרן סינגאַלאָווסקי צילט מיר זאָלן באַ־גרייפן, אַז אונדזער לערנען שטימט ניט מיט אונדזער יונגן לעבן. מיר ווערן אָבער ניט נתפעל. ישיבה־לערנערס, אפילו פון די יינגסטע, האָבן גיך אַנט־וויקלט אין זיך גייסטיקן קוראַזש פאַר קעגן־טשאַלענדזש אָפּצוענטפערן ווע־מענס רייד אין צוייפל.

מיט גאווה רעכענען מיר אויס פאַר אונדזער גאַסט פערזענלעכקייטן פון דער גמרא מיט זייער פאַרטיפטער מענטשלעכקייט און זייער ראָל אין דער יידישער פאָלקס־געשיכטע, וואָס וועט ביי קיין דור קיינמאָל ניט פאַרגעסן

ווערן. מיר נעמען זיך איבער וואָס פיל פון זיי זיינען געווען פאַראָרעמטע באַלמעלאָכעס און דאָך מיט גייסטיקער דערהייבנקייט. דער און יענער תנא, דער און יענער אמורא, דער און יענער מקובל. זיי זיינען געווען שמידן, שוסטערס, האָלץ־העקערס, רייפן־באַשלאָגערס אויף טונען, אויספלעכטערס פון קערב, צוניפנייערס פון זעק, אָפּראַמערס פון מיסטן און שרצימלעך אַרום פרוכט־ביימער אין סעדער, און גלייכצייטיק גדולים אין לומדות און תפילה־דיקע פּאָעטן. עס צויבערט אונדזער גאַסט די געשטאַלט פון דעם מקובל ר׳ שלמה אַלקאַבאַץ, דער דיכטער פון דער קבלת־שבת־פּאָעמע „לכה דודי״, וואָס אַלע דורות ביים ייִדישן פאָלק זינגען עס אין די פרייטיק־צו־נאַכטן אין די שולן און טעמפּלען אויף גאָר דער וועלט. אונדזער ראש־ישיבה, ר׳ איסר־זלמן, האָט גראָד אין יענע טעג, בעת אַ שיעור אין מוסר, געטייטש פאַר אונדז, אַז היסטאָריש איז דער דיכטער פון „לכה דודי״ פון די אבות ביים מוסר, סיי מיט זיינע געדאַנקען ווי אַרויסגעזאָגט אין זיינע תפילהדיקע ספרים, סיי מיט זיין מאָראַליש לעבן בעת אַרומוואַנדערן פון קהילה צו קהילה אין דער ייִדישער וועלט פון זיין צייט ביזן פאַרבלייבן אין דער מקובלים־שטאָט צפת, סיי לויט די וואונדערלעכע אגדות אַרום אים ביזן סאַמע סוף פון זיין לעבן.

דער גאַסט־סטודענט סינגאַלאָווסקי זיצט ווי אַ געפאַנגענער אין שפּאַנונג. ער איז מיט אונדז ביז עס נעמט טאָגן. ער קומט אַ צווייטן און אַ דריטן מאָל. מיר ווערן פאַרחברט, שלמה און איך פון דער ישיבה, און סינגאַלאָווסקי פון דער „דרויסנדיקער״ וועלט. און דאָ ווילט זיך מיר פאַרצייכענען קדיש־ווערטער וועגן מיין ישיבה־חבר שלמה.

לויט סינגאַלאָווסקיס געניויעם וויסן, ווי ער האָט עס מיר דערציילט יאָרן שפּעטער, איז שלמה דערשאָסן געוואָרן אין מינסקער טורמע אינעם ערשטן יאָר פון באָלשעוויזם. וויי צו די דעמאָלטיקע מינסקער יעווסעקישע העלדן. ביי זיי איז שלמה, דער אויסגעהאָדעוועטער אין הונגער, ביי אַ טאַטן אַ שול־שמש אין כאָלופּעניצער הונגער, און געשטילט זיין הונגער האָט סיי דער ייִנגל, סיי דער בחור, שלמה, מיט פאַרטיפן זיך אין לערנען — ביי זיי, די מינסקער יעווסעקן, איז ער געשטאַנען אויפן צעטל פון „באַשיצערס״ פון דער צאַרישער „ייִדישער״ בורזשואַזיע... באַווייזן דערויף? „זיין לערנען און זיין איינשטעלן זיך פאַר סלוצקער מוסר״... נעמען עס מיט הוכא־וטלולא? שורות פון דער תוכחה פאַסן זיך דאָ בעסער.

סינגאַלאָווסקי און איך זיינען פאַרבליבן אין באַהאַרצטע פריינטשאַפטן

אפילו בעת צעשיידט. ער אַן אויסגעשטודירטער אַדוואָקאַט אין אייראָפּע, און מיט אינטעליגענץ און עלעגאַנץ אויף פּלאַטפאָרמעס צו געפינען באַשייד אין יידישע פאָלקס־פּראָבלעמען, און איך אַ פאַרטאָגענער אין אַמעריקעס אַרבע־טער־באַוועגונג און אַ דערגאַנגענער צום יידישן זשורנאַליזם. בעת אַרומ־רייזנישן מיינע אין אייראָפּע, און זיין אָפטן קומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן מיר תמיד דורכגעלעבט פון־דאָס־ניי אין אינטימע שמועסן די סלוצקער טעג אונדזערע אין ליכטיקן חלום.

אין דעמאָלטיקן סלוצק האָט סינגאַלאָווסקי איינגעשטעלט אַ געזעלשאַפט פון סטודענטן און ישיבה־לערנערס. שלמה און איך האָבן אים געהאָלפן דורך פאַראינטערעסירן אונזערע חברים לערנערס, עלטערע פון אונדז און ווער פון זיי אמתע יודעי ספר. דער נאָמען איז געוואָרן „בני יהודה״. דער ציל: אַ צונויפקום יעדן שבת בייטאָג אין היימען מיט סטודענטישע קינדער פאַר דיסקוסיע וועגן דעם באַטייט פון פילאָזאָפישע זאָגענישן אין מוסר, אויך וועגן גמרא־געשטאַלטן אַלס פּאָליטישע קעמפערס, רעוואָלוציאָנערן, און וועגן היס־טאָרישע ספרי־מדרש אין פאַרגלייך מיט צייטלעכער ליטעראַטור אין ליכט פון נייע וועלט־אידייען.

באַלד ביים אָנהייב האָבן די צוזאַמענקונפטן אַריינגעפירט „בני יהודה״ אין אַ נאָענטשאַפט מיטן ישיבהשן „גר של שבת״. עס האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ ניי ליכט אין תורהדיקן סלוצק. אַ זעלטענער צונויפנעם פון יונגע מוחות, וואָס שפּרינגען אַריבער דורות, און עס לויכטן אויף פאַנטאַזיעס, און עס שטעלן זיך אויס אי ענלעכקייטן, אי קאָנטראַסטן.

כאַראַקטעריסטישעס —

אַ שבת־בייטאָג־פּלוגתא וועגן דעם כמעט פאַר׳חרמ׳טן תנא אלישע בן אבויה מיטן צונאָמען „אחר״, און דעם פילאָזאָף ברוך שפּינאָזאַ מיט צוויי מאָל אַן אויסגערופענעם חרם אויף אים; און דעם דיכטער היינריך היינע, וועמען אַ כעסדיקער קטיגור אין דער דיסקוסיע האָט אָנגערופן „פּאָעט־מטורף״...

נישקשה פון אַ שפּרינגען.

אַ פּערזענלעכער מאָמענט קומט דאָ אַריין.

איך האָב ניט געהאַט די העזה אפילו בלויז צו פרעגן עפּעס וועגן דעם שפּי־נאָזאַ־גורל. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געהערט דעם נאָמען שפּינאָזאַ, און וויפיל־ניט־איז פון דער גרויסער דראַמע אַרום אים. אָבער דער זאָג וועגן היינריך היינע האָט מיך אויפגערייצט אָנצונעמען זיך פאַרן כבוד

פון דעם דיכטער פון „פרינצעסין שבת". ער איז דאָך אַריין אין מיין געמיט בעת די פריעסטע יונג־יינגלשע טעג. די רייד מיינע האָבן אַרויסגערופן וואונדער דווקא ביים סטודענטן־צד אין „בני יהודה". אַ מוסרניק רעדט גוטס וועגן אַ „משומד" ?...

אַ שטים האָט זיך אויך געהערט וואָס אין די תלמודיש־היסטאָרישע טעג מיט אלישע בן אבויה איז מען ביי יידישער לומדות געווען מער גענייגט צו סבלנות ווי עס איז געוואָרן דער שטייגער אין די שפּעטערדיקע דורות. אַ באַווייז איז טאַקע די גמרא מיט אירע פרייע פלוגתאס. אַן אַנדער שטים האָט זיך ווי אַריינגעריסן צום גוטן וועגן אברהם מאַפּו'ס „עיט צבוע" ווי אַ „הייליק ספרל" ביי אַ געוויסן סאָרט פאַרפּאָלגטע משכילים אין קליינינקע שטעטלעך מיט פולע שטיבער אָבערגלויבישקייט. „עיט צבוע", דאָס אָפּשילדערן ממש אַלע רבנים ווי זיי וואָלטן געווען ווילדע משוגעים, אָדער גאָר שווינדלערס. איך האָב עס געלייענט אין די זעלבע „בני יהודה"־טעג אין דער ביבליאָטעק, און עס האָט מיך געהייבן אין פּראָטעסט. איך האָב עס אַרויסגעזאָגט ביים „בני יהודה"־צונויפקום פון העכער דריי צענדליק באַטייליקטע אין דער גרויסער היים פונעם אַדוואָקאַט ראַטנער. איך האָב זיך פאַרמאָסטן צונישט־צו־מאַכן דאָס גאַנצע „עיט צבוע". איך האָב גענוצט דאָס וואָרט „מלשינות". איך האָב אין אימפּעט געוואָרפן טשאַלענדזשעס צום היסטאָרישן מחבר מיט אָנווייזן אויף די פיל רבנים, וואָס איך האָב זיי שוין גוט געקענט, און אויף אַלע מיינע רביים, און טאַקע אויף אונדזער ראש־ישיבה, ר' איסר־זלמן, וואָס זיין פּער־זענלעכקייט איז לויטער מאָראַל, און זיין ישיבה־אָנפירונג איז אַ מוסטער־וועג איינצופלאַנצן ליבשאַפט צו יידישער לומדות, און צום תוך פון די מוסר־אידייען אַז יעדער איינציקער איז מחוייב צו האַלטן ריין די אייגענע נשמה.

ווי דער אָנפירער ביים צונויפקום האָט מיין שוין־פאַרחברטער סינגאַ־לאָווסקי מיר צוגעטיילט שבחים פאַרן שטייגער פון מיין רעדן. ער האָט עס אָנגערופן „רעדע"... איך אַליין האָב ניט געוואוסט אַז איך „האַלט אַ רעדע"... איך האָב אַרויסגעזאָגט וואָס מיר איז געווען אויפן זינען. מ'איז געזעסן שטיל. מ'האָט נאָכדעם אַפּלאָדירט. דאָס גופא איז מיר געווען אַ נייעס. מיר איז געוואָרן הייס אין אַלע גלידער. עס איז טאַקע געווען מיין ערשטע רעדע...

דריי שבתים וועקן זיך אויף אין מיין זכרון, וואָס ביי זיי איז אָנגעגאַנגען אַ „בני יהודה"־דיסקוסיע וועגן די דריי כיתות אין אונדזער ווייטער פאָלקס־

געשיכטע — פּרושים, צדוקים און צנועים — אין פאַרגלייך מיט די כיתות פון אונדזערע טעג.

אויסטערלישע געשיכטע־בלעטער, וואָס אויף זיי געפינט מען דעם אויפ־שפּראָץ פון די סעקטעס ערב־קריסטלעכקייט.

ס׳האָט מיך געררייצט צו וויסן מער.

און אַן אַנדער רייץ צו באַנעמען די כיתות וואָס אַרום אונדז.

מ׳האָט גערעדט על־פּי־סוד. שטיל און שטילער —

...רעוואָלוציע און סאָציאַליזם; ביאת־משיח דורך נייע דרכים; „בונד" און הערש לעקערט אין ווילנע; פּועלי־ציון, נוסח מינסק; „וואָלטאָוועצעס" (אויפן דיכטער־נאָמען אברהם וואַלט־ליעסין)); בריקן צו אייגענער גאולה און יידישע בריקן צו וועלט־גאולה; דער אַרבעטער־קלאַס, דער פּראָלע־טאַריאַט, דער פאַרהאָרעוועטער בעל־מלאכה, ער שפּאַנט פאָראויס, די שכינה פירט אים...

עס טראָגן זיך נייע ווערטער ווי אויף פליגל, און זיי זאָגן־אָן אַז אויך ביי דער סלוצקער יוגנט קומען־אויף די אַלע כיתות. סודותדיקע רייד ביי בחורים און מיידלעך אויף די שבת־פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן.

אַ שאַרפער אָנרייץ ווערט מיר אין געמיט. מוסרניקעס און צוגלייך באַ־נייער פון דער וועלט האָבן זייערע אייגענע שבת־פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן.

„בני יהודה" אין יענע שבתים איז געווען איינגעזאַמלט אין דער „סינ־גאַלאָווסקי־דירה". אַ גרויס הויז מיט רחבותדיקע אַלקערס און קאַמערן צווישן סעדער מיט ברייט־פאַרצווייגטע פרוכט־ביימער ווי אַ טייל פון אַ געדיכטן וואַלד. עס איז ווינטער. די צווייגן העגנגען אויסגעשטרעקטע אין ווייסער געפרוירנקייט. די באַלעבאָסטע איז אַן אלמנה, סינגאַלאָווסקיס אַ קרובה. הויך אין וואוקס מיט אַ געקאַרבט געזיכט פון עלטער און אַ חן פון פאַרעלטערטער איידלקייט אין אומעט. זי רעדט שטיל און רעדט צו אַלעמען רוסיש. דער איינדרוק איז פון אַ צונויפקום פון געסט ביי אַ פאַראײנזאַמטער פריצטע אין אַ רוסישער וואַלד־פּאַלאַטע.

סינגאַלאָווסקי פאַרטרויט מיך די סודותדיקע איינזאַמקייט פון זיין קרובה. ס׳איז אַ געשיכטע פון אַ צוואַנציק יאָר פריער. אַ גבירישע טאָכטער פון מאָהילעוו. געשטודירט אין פּעטערבורג. חתונה־געהאַט מיט אַ מינסקער רע־וואָלוציאָנער. ער ווערט אַרעסטירט גלייך נאָך דער חתונה, און פאַרשיקט אויף פינף יאָר אין סלוצקער טורמע מיט אַ וואָרנונג, אַז אויב ער וועט ניט

אויספאָלגן די טורמע־פּאָליציי, וועט ער פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. די עלטערן באַגרייפן דער טאָכטערס צער. דער פאָטער קויפט פאַר איר דאָס גרויסע הויז אין מיטן די סעדער ביי סלוצקער אָסטראָווע, זאָל זי זיין אין טעג־לעכער נאָענטשאַפט מיט דער טורמע, אַריינבערענגען אים געזונטע שפּייז, אויך דערלויבטע ביכער, אפילו צייטונגען, און אויספועלן זי זאָל ווען־ניט־ווען אים קענען זען. אינעם צווייטן טורמע־יאָר — אַ גייער קלאַפּ. טויט אין טורמע. „נאַטירלעכער" טויט. דער מת ווערט אירער. זי פאַרלייגט אים אין אַן אָפּ־געצוימטן קבר אונטער אַ פּרוכט־בוים ביים הויז. זי איז ביים קבר יעדן פרימאָרגן. אין פרילינג פלאַנצט זי כסדר פרישע בלימעלעך; זומער גיט זי אַכטונג; האַרבסט פאַרטוליעט זי דעם קבר מיט אַראָפּגעפאַלענע בלעטער פון די ביימער; ווינטער נעמט זי אַראָפּ דעם שניי; און יעדן טאָג לאָזט זי איבער שטילע טרערן ביז אויף מאָרגן...

וויסנדיק דערפון, בין איך שוין ביים „בני יהודה"־צונויפקום אין אַ פאַרשאַרפטער געשפּאַנטקייט, און קוק נאָך יעדן איינציקנס אַריינקומען. עס ווייזן זיך צוויי סטודענטקעס פון די העכערע קלאַסן אין דער שטאָטישער מיידלעך־גימנאַזיע. ביידע פונעם קרייז פּראָמינענטע פאַמיליעס, און פון די פרייע לערערינס פאַר טעכטער אין אָרעמע שטיבער. באַלד קומט־אָן אויך דער מעדיצינישער פעלקס־דאָקטאָר, ליאָוואַ שילדקרויט, וועמען סלוצקער פרומע מאַמעס רופן־אָן „אליהו הנביא", מחמת זיין טאָן גוטס אומעטום וואו עס פאַלט־אָן שלעכטס. אַפּנים, די רוסיפיצירטע באַלעבאָסטע, אַזויווי איר קרוב אהרן סינגאַלאָווסקי, האָט דערוואַרט דעם דאָקטאָר און די צוויי גימנאַ־זיסטינס. זי האָט זיי באַלד אַריבערגענומען אין אַן אַנדער אַלקער. מיט זייער באַווייזן זיך האָט, ווי פּלוצים, זיך אויפגעוויקלט אַ זעלטענע שטאָט־סיטואַציע; און „בני יהודה", באַזונדערס די פון דער ישיבה, האָבן פאַרנומען אַ רוף, וואָס איז ממש אַריין אין אונדזערע בלוטן. עס איז געקומען ווי אַ סיגנאַל וועגן דעם נאָענטסטן גורל אונדזערן.

ניט אַ וועלכן אַריינפיר אין אַ דיסקוסיע האָבן מיר געהערט פונעם דאָק־טאָר שילדקרויט; בלויז אַן אָנמעלדן וועגן זיך און די צוויי סטודענטינס. ער גלויבט, „בני יהודה" דאַרף עס וויסן. ער האָט אַ פּאָר טעג פריער אָפּגערעדט מיט דער שטילער, ליבהאַרציקער באַלעבאָסטע צוצוגרייטן געקאָכטן שפּייז און געבעקס ווי פאַר אַ גאַנצער משפחה, און ער האָט אויסגעקליבן צוויי גימ־נאַזיסטינס, אויפן סמך פון זייער אינטעליגענץ, פאַרטיפטער מענטשלעכקייט,

און דער פּראָמינענץ פון זייערע עלטערן — און די עלטערן האָבן איינגעשטימט — צו העלפן נעמען דאָס געקעכטס צו דער סלוצקער טורמע. מ׳האָט געבראַכט אַהין זעכצן פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, יידישע רעוואָלוציאָנערן, בחורים און מיידלעך פון אַנדערע מקומות אין מינסקער גובערניע. געבראַכט האָט מען זיי אויפן רוסישן טורמע־שטייגער דורך עטאַפּ, ווער פון זיי געשמידט אין קייטן, און אַלע געטריבן צופוס אונטערן סטראַשנדיקן וואַך פון זשאַנדאַרן. ווי אַ מעדיצין־דאָקטאָר, האָט ער זיינע וועגן אַריינצוקוקן אין די סודותדיקייטן פון דער סלוצקער טורמע און צוצוקומען צו יידישע אַרעסטאַנטן. לויט ווי מ׳האָט זיי פאַרמשפּט אין אַ מינסקער געריכט, געהערן זיי צו דער געהיימער „בונד״־פּאַרטיי. די סלוצקער קרעפּאָסט־טורמע איז פון די שווערסטע תּפיסות אין צאַרישן רוסלאַנד, אָבער פּאַמיליעס, אָדער קרובים, איז דערלויבט צו ברענגען אַהין פּעקלעך עסנוואַרג. ער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט באַלעבאַטישע פּאַמיליעס אין שטאָט. ער וועט ביי זיי קריגן היימישע שפּייז, און ער וועט עס טראָגן אין טורמע אַריין. עס געהערט צו דער מצווה „פּדיון־שבויים״, און דערפון וועט צוקומען נאָך אַ שטריך פאַרן סלוצקער כאַראַקטער פון אַ „עיר־ואם בישראל״, אַ שטאָט אַ מאַמע. איינער פון די זעכצן רעוואָלוציאָנערן־אַרעסטאַנטן איז אַ גאַר וויכטיקער מענטש, אַ שרייבער, אַ רעדנער, אַן אַרומוואַנדערנדיקער לערער פון שטעטל צו שטעטל אַריינצוברענגען אין פאַרפינצטערטע, פאַראַרעמטע שטיבער ליכטיק גייסט...

דעם נאָמען האָט ער ניט דערמאָנט, דער דאָקטאָר שילדקרויט. ער האָט זיך אַ ווענד־געטאָן צו אונדז פון דער ישיבה מיטן זאָג —

...מען שפּירט, עס קען איינגיכן אָנקומען אומרו, אפילו אַ שטורעם, אויך פאַגראָמען... אָט ווי דער פאַל אין קישינעוו און אין האָמעל... מען דאַרף זיך צוגרייטן וויאַזוי צו באַגעגענען אַ ווילדן המון... די יוגנט ביים לערנען אין די ישיבות — אין אַלע ישיבות — קען באַלד אויסקומען צו זיין אין דער היסטאָרישער ראָל פון די תּלמידים ביים תּנא ר׳ עקיבא בעתן קאַפּיטל בר־כוכבא...

...ר׳ עקיבאס תּלמידים?... לערנערס און קעמפערס?...

מיר האָבן עס אויסגעהערט אין פאַרשטומטן נייגיר.

איך געדענק מיין פאַראומערטן געמיט באַלד נאָכדעם, ביים נאָכקוקן וויאַזוי סינגאַלאָווסקי פירט אַרויס דעם דאָקטאָר און די צוויי גימנאַזיסטינס דורך אַן אַנדער טיר, און זיי טראָגן פאַרוויקלטע קערבלעך, און דער דאָקטאָר

אויך מיט אַ פאַרבונדענעם טאָפּ, צו נעמען עס צו דער טורמע — די ערשטע שפּייז־מתּנה פאַר יידישע רעוואָלוציאָנערן פון אַ יידישער געמיינדע מיט אַ מוסר־ישיבה.

געוועזן אין יענעם אומעט מיינעם יונג־בחורשע בענקשאַפטן צו אומ־באַשטימטעס, און צו מענטשן, וואָס ניט מען ווייסט זייערע נעמען, ניט מען קען זייערע פּנימער, און דאָך פאַרבלייבט ביי זיי אין האַרצן אַ ניט־אויסגעזונ־גען ליד...

***

... גוטער מזל מיינער, וואָס יעטווידער חלום ביי מיר אין יונגע טעג אַרום אַ מענטש מיט גייסט קריגט באַשייד אויפן וויטערדיקן לעבנס־וועג. צוויי צענדליק יאָר שפּעטער אין אַמעריקע. אַ המשך פון סלוצק. אהרן סינגאַלאָווסקי איז אַ שליח פון „אָרט". ביינוש מיכאַלעוויטש (געבוירן־נאָמען: יוסף איזביצקי) איז אַ שליח פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. איך בין ביי דער רעדאַקציע אין „פאָרווערטס", אויך אין „וועקער". מיר פאָרן קיין פילאַדעלפיע צו אַ קאָנווענשאָן פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. ביי אונדז איז אַ לייכטער שמועס. איך דערמאָן סינגאַלאָווסקין אונדזער סלוצקער „בני יהודה", וואָס הגם אין תּוך ציוניסטיש־קעמפעריש, איז דווקא ביי אירס אַ שבת געוואָרן אַ הייליקער מאָמענט מיט אַרויסשיקן היימישן שפּייז פאַר אַרעסטירטע בונדיסטן אין סלוצקער טורמע. און איך טו אַ פרעג מיכאַלעוויטשן: ער, פון דער בונדישער אינטעליגענץ נאָך פון די רוסישע צייטן, צי ווייסט ער ווער עס האָט געקענט זיין דער אָנפירער פון די זעכצן בונ־דישע אַרעסטאַנטן אין סלוצקער פעסטונג ביים אָנהייב יאָר 1904? מי־כאַלעוויטש, זיין געזיכט שעמעוודיק אין עניוותדיקע שמייכלען, גיט אַ זאָג וועגן זיך — ... איך בין דאָס געווען... — יאָ, ער... עס איז געוואָרן אַ ליבער מאָמענט פאַר אונדז דריי... אויך איצט, ביים פאַר־שרייבן עס, איז מיר אַ ליבע וואַרעמקייט. דער ליטעראַטור־מענטש ח. ז. קאַזדאַן, אין זיין ווערק „מענטשן פון גייסט און מוט", רופט־אָן מי־כאַלעוויטשעס לעבנסגאַנג דורך טורמעס: „דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג"... מיין ניט־אויסגעזונגען „בני יהודה"־ליד האָט געקראָגן אַ תּיקון...



אין יענע סלוצקער טעג האָב איך גענומען חשבון פון זיך. צו וואָס פאַר אַ תכלית ציל איך?

איך האָב אָנגעהאַלטן דאָס ישיבה־לערנען. אויך די משמר־נעכט און די שבת־פאַרנאַכטן ביים מוסר. איך האָב ניט געזען קיין שום סתירה צווישן מיינע ישיבה־לימודים און די נייעסן וואָס איך לערן אין „דרויסן", דורך לייענען אין דער ביבליאָטעק און דורך דער געזעלשאַפטלעכקייט מיט „בני יהודה". מיין שר אין הימל אויף גייסטיקע כוחות האָט דערין ניט געזען אַ וועלכן שעטנז, און ער איז ניט געוואָרן ברוגז. איך האָב געוואוסט אין מיין געמיט, אַז אַן עם־הארץ וועל איך שוין ניט זיין. איך וועל אַלעמאָל קענען אַריינלעבן זיך אין אַ בלאַט גמרא, אָדער אין דעם תוכן פון אַ וועלכן ספר. אַזאַ לויב האָב איך טאַקע געקראָגן פון אונדזער ראש־ישיבה, ר' איסר־זלמן מעלצער, נאָך אַ פאַרהערן מיך, בכדי צו אורטיילן וויפיל עס בלייבט אין מיר פון לערנען אַליין און פון הערן זיין שיעור יעדע וואָך. איך האָב אים איבער־ראַשט מיט מיין זכרון. איך האָב אויסגערעכנט אַ גאַנצע שורה סוגיאָס וואָס ער האָט אויפגענומען אין משך פון עטלעכע חדשים. און דווקא סוגיאָס פון העכערן באַטייט. ישיבה און מוסר, און דער „דרויסנדיקער" צייטגייסט זיינען זיך געווען אַ הילף זה־בזה. איך דאַרף דאָך אָבער פאַרט קלערן וועגן איינ־שטעלן מיין וויטערדיק לעבן.

עס האָט מיך געצופּט. אָט טרעט איך שוין אַריין אין מיין זעכצנטן יאָר. איך בין שוין, הייסט עס, אַ בחור מיט בחורשע פאַרלאַנגען. איך מוז קענען אויפנעמען אחריותן. וואָס איך קריג פון מיין היים מיטן באַשיידענעם צוגאָב פון מיין שוועסטער מערע פון שאָטלאַנדישן גלאַזגאָ, און צומאָל הילף אויך פון מיין זיידן, יאָשע־שלמה, איז מיר גענוג פאַר מיין אויסקומעניש. מיינע קליידער זיינען אין גוטער אָרדנונג. מיין פאָטערס פרנסה איז דאָך פון צו־שטעלן שניט־סחורה אין די קורלאַנדישע הויפן, שיקט ער מיר צו אי פאַר ווינטערדיקע, אי פאַר זומערדיקע בגדים. אָבער ווי לאַנג נאָך דאַרף אַזוי אָנגיין? איך האָב ליב דאָס לערנען, אָבער ניטאָ ביי מיר אַ באַשטימטער ציל. איך חלום ניט פון סמיכה מיט רבנות אין זינען. מ'הערט אין דער ישיבה וואָס באַלעבאַטישע טאַטעס פון ערגעץ, אפילו פון וויטע שטעט קומען אויס־קלייבן אַ חתן פאַר אַ טאָכטער, און מ'איז גרייט אויף גרויסן נדן, און קעסט אויך, וואָס דערמיט באַזאָרגט מען זיך אין פאַמיליעס מיט עולם־הבא, און

ווער פון די ישיבה־לייט זעט דערין אייגענעביידע וועלטן; איך אָבער קוק ניט אויס דערויף. איך חוזק גאָר דערפון.

איצט, אין מיין הויכן עלטער, אַז איך קוק אויף צוריק צו יענע טעג, זאָג איך זיך —

...אין אַ טראָפּן טוי זעט מען דעם ים און אַלע גאָטס רעגנס; און אין דער באַשיידענער סלוצקער „בני יהודה״, זייט־ביי־זייט מיטן סלוצקער מוסר, איז געלעגן די גאַנצע אָנקומענדיקע וועלט פון אונדזער דור. מיין געמיט האָט געפיבערט אין ווייטערדיקן דערוואַרטן...

# 10

סלוצק פון די דעמאָלטיקע טעג האָט מיטגעפיבערט ביי אַלעמען פון אונדז, וועלכע האָבן זי אַריינגענומען אין די בלוטן, וואו נאָר מיר זיינען אַוועק איבער די ימים. דער פיבער האָט אונדז פאַרטראָגן צו כלערליי אי־דייאישע און סאָציאַלע באַוועגונגען, יידישע און אַלמענטשלעכע. ווער עס איז אַרויף אויף קולטור־פּאָזיציעס ביי ליטעראַטור, ביים זשורנאַליזם, ביי לערע־ריי, און ביי וויסנשאַפטן אינעם קאַלעדזש־לעבן פון דער פרייער וועלט — אין ענגלאַנד, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין דייטשלאַנד, איידער איר מיאוסער ירידה צום זומפּ פון די מערדערס מיט די „לאַנגע מעסערס״.

בעת וועלט־רייזעס ווי אַ זשורנאַליסט, דערצו אַ בעל־בטוח אין שליחותן פון אַמעריקעס יידישע מנהיגים און אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג אַריינ־צוקוקן אין אייראָפּעאישע סיטואַציעס זינט דעם באַלשעוויזם, איז סלוצק גע־שטאַנען אויף מיין וועלט־מאַפּע. מיר זיינען דערגאַנגען צו אירע טויערן — מיין פרוי לוסי און איך — אינעם סאָוועטישן טעראָר־און הונגער־יאָרן (1933). איך האָב געהאַט צוגעגרייט אין מיין געמיט צו קענען באַנעמען סלוצק פון־דאָס־ניי, נאָך דרייסיק יאָר אויף כלערליי וועלט־וועגן.

בעת אַ פיר־חדשימדיקן וויזיט דעמאָלט אין ארץ־ישראל האָט זיך גע־שטאַרקט אין מיר סלוצקער בענקשאַפטן. אַ רעזולטאַט פון ליבלעכע טעג מיטן סלוצקער י. ד. בערקאָוויטש אין דער חברותא פון אָנפירערס ביי דער העב־רעאישער ליטעראַטור מיט שפּראַך־שעפערישקייטן פאַר אַן אויפקומענדיקער מדינת־ישראל. איך האָב געשפּירט אָטעם פון סלוצקער ביבליאָטעק. רעיונות

ביים צפתער קבר פונעם סלוצקער רידב״ז האָבן די בענקשאַפטן פאַרטיפט. און ס׳האָט געווירקט אַ פיל־שטאַרקערער כח: מיין באַזוך, ווי אַ שבת־גאַסט, אין דער ירושלימער היים פון מיין גרויסן מוסר־רבין, ר׳ איסר־זלמן מעל־צער, דעמאָלט פון די ירושלימער גדולי־תורה, מיט אַ ישיבה אַרום זיך אויפן זעלבן נאָמען וואָס אין סלוצק — „עץ חיים״. ס׳האָט אין מיר אויפגעוואַכט די גאַנצע סלוצקער ישיבה מיט ר׳ איסר־זלמנס סלוצקער היים. מער ווי דאָס. עס איז אָפּגעלאָפן אַ מאָמענט פון וואונדער און באַוואונדער.

אַ ראָל דערביי האָט געהאַט דער ירושלימער יצחק בן־צבי, דעמאָלט דער סעקרעטאַר ביים „וועד־לאומי״ (זינט דער מדינה, דער צווייטער מיטן היס־טאָרישן זכות, נאָך דר. חיים ווייצמאַן, צו זיין דער געקרוינטער נשיא בישראל). מחמת פערזענלעכע פריינטשאַפטן בעת זיינע וויזיטן אין אַמעריקע, און אויס נייגיר בייצוזיין בעת אַ רבי און אַ תלמיד אין מוסר פון אַ דריי צענדליק יאָר צוריק אין די סלוצקער גלותן באַגעגענען זיך אומדערוואַרט אין אַ ירושלימער שבת, האָט ער אונדז באַגלייט צו ר׳ איסר־זלמנס היים, ניט מער ווי צו זאָגן אים אין ירושלימער נוסח „שבת־שלום״.

ר׳ איסר־זלמן איז אָקאָרשט געקומען פון שבתדיקן דאַוונען. ביים אַריבערטרעטן די שוועל פון דער שבת־ציכטיקער שטוב, האָט מיך ווי אַ צינד־געטאָן אין מח סלוצקער דורותדיקייט. מיר האָבן אָנגעטראָפן ר׳ איסר־זלמנס אַ זון ביי דער זייט פון פאָטער. ליידער געדענק איך ניט וועמען פון זיינע צוויי זין, הרב צבי־יהודה מעלצער, אָדער פּראָפעסאָר שרגא־פייוול מעלצער. דער פאָטער אין הויכן עלטער; דאָס גאַנצע געזיכט פאַרוואַקסן אין גרוי; און די פּנים־שטריכן ביים זון ענלעך צו די, וואָס זיינען געווען ביים פאָטער בעת מיין לערנען אין סלוצק. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, איך זע גלייכצייטיק צוויי ר׳ איסר־זלמנס: דעם נאָך אין פולער גבורה און דעם שוין אין זיקנה. ניטאָ קיין צעשייד ביי דור און דור...

נאָכן גוט־שבת האָט יצחק בן־צבי אָנגעמאָלדן:

...ר׳ איסר־זלמן, איך האָב אייך געבראַכט אייערס אַ תלמיד פון אַמע־ריקע... זיין גוט־שבת צו אייך, ווייס איך, איז אַן אויסגעוואַרעמטער פון זיין נשמה...

אומגעריכט צו הערן עס, און די אויגן האַלב־פאַרמאַכט, האָט ר׳ איסר־זלמן, אין וואונדער, איבערגעפרעגט —

...אַ סלוצקער תלמיד?...

און באַלד —

...נו, זאָל ער רעדן... איך וויל הערן זיין קול...

איך האָב אַרויסגערעדט געציילטע ווערטער אין אַ הכנעה אויס יראת־הכבוד פאַר אים, אַז מיר זיינען אויף אַ וועלט־רייזע, מיין פרוי און איך, און אונדזער ציל איז: זוכן אומעטום יידן.

אַ לייכטער שמייכל פון שביעת־רצון, און ער האָט באַלד אַ זאָג־געטאָן, ר׳ איסר־זלמן —

...נו, דו ביזט דאָך דער שקודער מתמיד... און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט פאַר אַ שלום־עליכם.

ער האָט דערקענט מיין קול.

דרייסיק יאָר זיינען אַוועק, און מיין קול איז געבליבן ביי אים.

דער קול פון לערנען, גמרא־ניגון.

ראש־ישיבה אין גלות, איז ר׳ איסר־זלמן געווען אין די אָפּגעגאַנגענע דריי צענדליק יאָר אין די פלאַם־פייערן פון די גלות־מלחמות און די גלות־רעוואָלוציעס, מיט זיין גאַנצער ישיבה־שעפערישקייט ווי דערשטיקט אין רויך. און ער איז אפילו געשטאַנען פאַר אַן אינקוויזיציע־משפּט ביי די יעוו־סעקן, וואָס דערין האָט געשטעקט וויסטע עם־הארצות, בולוואַנישער ציניזם און ווילדער טעראָר אַרויסצוצווינגען פון אים אַ דערקלערונג, אַז די גמרא איז „סם פאַרן פּראָלעטאַריאַט" (אָך־און־ווי, דעם לשון). און דאַן אימהדיקע וואָגלענישן פון מקום צו מקום ביזן סוף־כל־סופיקן דערגיין צו ירושלים און אויפזאַמלען אַ באַניטע ישיבה, אוודאי אַ פאַרווירקלעכן אין תפילהדיק געזאַנג דעם חלום פון זיין לעבן, זיינס אַ ישיבה אין ירושלים. און בכל זאת תמיד געהאַלטן וואַך אַ דממהדיק קול־תורה פון אַ תלמיד, אפשר פון אַ טויזנט תלמידים, מיינס צווישן זיי. איך בין געווען געערירט, און בין געוואָרן ווי פאַרשטומט.

ווידער האָט ר׳ איסר־זלמן אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו מיר, און מיין האַנט איז פאַר אַ ווילע פאַרבליבן אין זיין האַנט, און ער האָט אַ זאָג־געטאָן אין אַ מוסר־נוסח מיט אַ טראָפּעלע איראָניע —

...דו האָסט איינגעפירט אין סלוצק דעם משמר פון דריי נעכט אַ וואָך, האָסטו זיך איינגעקויפט עולם־הבא... סיידן דו האָסט עס שפּעטער צע־פּטר׳ט...

בן־צבי האָט מיך אַרויסגעהאָלפן מיט דער באַמערקונג, אַז איך בין אַ

שרייבער אין דער יידישער צייטונג „פאָרווערטס״ אין אַמעריקע, דאָס גרעס־טע יידישע פאָלקסבלאַט אין דער וועלט, און זי טוט אַ סך גוטס. און מיט באַזונדערער וואַרעמקייט האָט ער גערעדט וועגן דעם רעדאַקטאָר אב. קאַהאַן, און די היסטאָרישע אויפטוען זיינע, וואָס הונדערטער טויזנטער יידישע אימיגראַנטן זיינען ניט פאַרפאַלן געוואָרן אין גרויסן אַמעריקע. ר׳ איסר־זלמן האָט אַרויסגעוויזן אַ מאָס וויסן וועגן דעם כאַראַקטער פון „פאָרווערטס״, נאָר אַ פרעג־געטאָן, געוווּנדערט צו מיר, וויאַזוי די צייטונג פאַרהאַלט זיך צו די יעווסעקן. אין מיינע אויפקלערונגען האָב איך ממילא דערמאָנט אַז מיר רעכענען אַריינצופאָרן אויך אין סאָוועטן־לאַנד מיט אַ באַזוך אין סלוצק. מיר האָבן די נויטיקע פאַפירן פון וואַשינגטאָן. ר׳איסר־זלמנס געדיכט־גרויע ברעמען האָבן ווי אַ ציטער־געטאָן —

...ווער ווייסט צי עס איז דאָרטן וואָס געבליבן!... מען דאַרף עס אָבער זען מיט די אייגענע אויגן... און מען באַדאַרף עס נאָכדעם שרייבן וואָס מ׳האָט אַליין געזען, און וואָס די ליפּן פון פאָלק רעדן אין צעשראָקענער שטילקייט... וועסט דעמאָלט זיין אַ שליח־מצווה...

אין מיין געמיט האָב איך געפילט ווי איך וואָלט גענומען אויף זיך אַ שבועה.

סלוצק אין ארץ־ישראל און סלוצק אין מיין געמיט, און אַ צוויי חדשים שפּעטער זיינען מיר ביי די סלוצקער טויערן, געקומען דורך באָברויסק.

נאָר באַלד פאַלט ווי אַ קלאַפּ. מיליטער־פּאָליציי שטעלט־אָפּ אונדזער ווייטערדיקן פאָרן. אָט זיינען מיר שוין ביי דער שטאָט. זאָל דער „אינטוריסט״־אויטאָמאָביל פאָרן נאָך אַ פינף מינוט און מיר׳ן זיין ביי אָסטראָווע וואו די ישיבה איז געשטאַנען. מיר דוכט איך דערקען דעם וועג. איך טראָג אין זיך פאַרטרעטן פון גאַסן און שטעגן פון צענדליקער מדינות. איך זאָג עס אונדזער „אינטוריסט״־באַגלייטער. ער איז פריינטלעך. ער באַנעמט מיין נייגיר. ער הערט אויס אין פאַרשעמטקייט די שטראָף־רייד פון מיין פרוי. ער האָט דאָך געדאַרפט וויסן וועגן די מיליטער־פאַרבאָטן וואָס שייך סלוצק. ער וויל אונדז העלפן. ער נעמט אונדז צו אַ מיליטעריש וואך־שטיבל. מען קוקט אַריין אין אונדזערע אָפיציעלע פּאַפּירן. זיי זיינען גוט פאַר אַנדערע פונקטן, ניט וואו עס דאָ אַ מיליטערישער לאַגער.

איך גיב אַ פרעג —

...ווייסט ווער צי עס זיינען נאָך פאַראַן יידן אין סלוצק?...

מען ווייסט ניט.

איך הער אַ באַמערקונג —

...אפשר ווייסט מען אינעם קלוב פון די „בעזבאָזשניקעס"...

אַ „בעזבאָזשניק" האָט זיך אָפּגעזוכט. אַ פאַרגאַרטלטער מיט אַ שטריק, און אַ ברעג פון שטריק צוגעבונדן צו אַ קלאָץ, און אַזוי שלעפּט ער דעם קלאָץ מיט זיך ערגעץ פאַר אַ געבוי. אַן איבערבלייבעכץ פון די צאַרישע צייטן ביים שלעפּן קלעצער. מיר הערן פון אים אַז די „גאַר אַמאָליקע" יידישע סלוצק איז מער ניטאָ. יענע סלוצק איז שוין לאַנג „אויסגערונען". ער איז פון די סאַמע לעצטע, וואָס דורך זיי ווייסט מען, אַז „אַמאָל" זיינען געווען יידן אין סלוצק...

דער מענטש מיטן שטריק און מיטן קלאָץ טוט אויך אַ זאָג —

...מיר'ן דאָ געהאַט אַ קולטור־רעוואָלוציע...

איך האָב דערשפּירט סאַטירע אינעם זאָג. איך האָב געפרעגט —

...איז פאַראַן וואָס געבליבענעס פון פריער, אַן אָנדענק?...

איך האָב אויסגערעכנט אַ צאָל גאַסן, וואָס אויף זיי האָט גערוט היסטאָריש יידישעס —

...אָסטראָוווע מיט דער ישיבה „עץ־חיים" און ר' איסר־זלמן מעלצער, כאַפּאַשקער גאַס מיט דער ביבליאָטעק, די זאַרעצער גאַס נאָך פון די צייטן פון ערשטן ר' יאָסעלע פּיימער, דער שולהויף אין מיטן שטאָט מיטן רידב"ז... וואָס איז אויף זיי אַצינד?...

אַ קורצער ענטפער —

...שטאַלן מיט מיליטערישע פערד...

צי ווייסט ער די נעמען פון די מענטשן, וועלכע איך האָב דערמאָנט?

דער ענטפער איז „ניין".

סלוצק, מיין סלוצק, די דראַמע פון דיין יחוס, דיין מוסר, דיין לומדות, דיין השכלה, דיין נשמה־יתירה, אַלץ איז אויסגעראָטן, און די מצבה — שטאַלן מיט מיליטערישע פערד...

דער שמועס מיטן „בעזבאָזשניק" איז אַריבער. ער האָט זיך געלאָזט אין זיין וועג אַריין. איך האָב נאָכגעקוקט ווי ער שלעפּט זיך מיטן קלאָץ און פאַרשווינדט אין ווייטקייט. אַלץ איבער אונדז און אַרום אונדז — דער הימל, די פעלדער, די דערביישטייענדיקע לייט פון מיליטערישן וואַך־שטיבל, דער „אינטוריסט"־באַגלייטער — זיינען געוואָרן ווי פאַרטייעטע אין אַן אומהיימ־

לעכקייט. מיין פרוי און איך האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט ווי פאַר־בלאָנדזשעטע קליינע קינדער אין אַ פוסטקייט.

און טאַקע ניטאָ וואָס צו זאָגן מער ווי די שעפערישע פעדער פון י. ד. בערקאָוויטש האָט אַריינגעשריבן אינעם העברעאיש־יידישן „פנקס סלוצק ובנותיה" — „פנקס סלוצק און איר סביבה" —

...סלוצק של מעלה...

אַצינד גילט ניט מער סלוצק אויף דער ערד, נאָר שוועבט אין דער הייך, איבער אונדז, אין אונדזער מחשבה, אין אונדזערע בענקענדיקע חלומות... אַזאַ, פון וועלכער מיר טראָגן אין אונדזער געמיט אַ געהייבענע ירושה, די יסודות פון אונדזער גייסטיקייט...

...סלוצק של מעלה...

מיר איז ליב דאָ צו פאַרצייכענען דעם גרויסן העברעאיש־יידישן „פנקס סלוצק" — גרויס אין מאָס און גרויס ליטעראַריש — אַרויסגעגעבן פון סלוצקער בני־עיר אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל, דורך דער רעדאַקציע : הרב ניסן וואַקס־מאַן, צבי אסף, נחום חיניטש, שמשון נחמני, צבי הגבעתי, אין באַראַטונג מיטן איצט־שוין היסטאָרישן י. ד. בערקאָוויטש.

# דאָס ליד פון „שפּאַלטן דעם ים"

סימבאָל פון אָפּשייד, אַ שטיין. — מרים פון חומש. —
מרים די שיף־שוועסטער. — מרים די שאַפּ־מאַמע.

...און מרים, די נביאה, האָט גענומען די פּויק אין איר האַנט, און אַלע ווייבער זיינען אַרויסגע־גאַנגען נאָך איר מיט פּויקן און מיט טענץ... און מרים האָט געזונגען צו זיי...

...זינגט צו גאָט... ער איז הויך דערהויבט...

...און משה האָט געמאַכט ציען ישראל פון ים־סוף...

(שמות, בשלח, טו־כב)
תרגום יהואש

## 1



לייך נאָך פּסח. 1904. אַלץ איז שוין געווען צוגערייט פאַר מיין רייזע קיין אַמעריקע. מיין פאָטער האָט דורך וועמען אין ליבאַו געקראָגן פאַר מיר אַ פּאַס אַריבערצוגיין דעם קרעטינגע־גרע־ניץ צום פּרייסישן דאָרף־שטעטל באַיאָרן. דאָרטן האָבן תמיד זיך אויפגעזאַמלט ליטוויש־יידישע אַרומפאָרערס פאַר מסחר טיפער אין דייטשלאַנד אַריין; אויך אַזוינע, וועלכע „גנבענען דעם גרעניץ" ביים אַנטלויפן פון צאַרישע גזירות טאַקע אַוועקצורייזן צו די פרייהייטן איבער די ימים.

„אַריבערגנבענען זיך" דעם גרעניץ — אַ היסטאָריש האָפן אין אונדזערע דורותדיק וואַנדערונגען. און אָ, גאָט, די מאָוימדיקע טויט־דראַמעס, וואָס האָבן באַגלייט ביי די גרעניצן די שפּעטערדיקע וואָגלענישן פון מיין דור. אַנטלויפענישן פון טויט און אַריינפאַלענישן אין טויט. איז דען דאָ וואו אַ

גרעניץ פון מדינה צו מדינה אָן פאַרוואַלגערטע יידישעביינער אין עלנטע זאַמדן, אָדער יידישע סקעלעטן אין די גרעניץ־תהומען פון ימים?...

אויך מיין פאַס האָט באַטייט „גנבענען דעם גרעניץ״, נאָר אויף אַ גרינגן שטייגער. ניט דאַרפן געפירט ווערן פון אַן אומבאַקאַנטן פויערשן שמוגלער אין אַ פינצטערער נאַכט דורך גראָבנס און זומפּן.

אַ פרעמדער נאָמען איז געשטאַנען אויפן פאַס. איך האָב באַדאַרפט הייסן „יאַקאָב יאַקאָבסאָן״, און אַז איך בין 23 יאָר אַלט, און געווען בין איך זיבן יאָר יינגער. איך האָב באַדאַרפט אויך געדענקען, אַז מיין אינטערעס אין פרייסישן שטעטל איז וואָס איך בין אַ „געשעפטס־אַגענט פון אַ תבואה־סוחר אין ריגע״...

מיין פאָטער האָט אומעטיק געשמייכלט בעת אונדזער ביידנס אַריינקוקן אין פאַס. ער האָט ווייניק־וואָס געהאַלטן פון אַ וועלכן טאַלענט ביי מיר פאַר געשעפט.

...לערנען — יאָ; געשעפט — ווייס איך וואָס!...

געווען אַן איינשטעלעניש מיטן פאַס. איך האָב דאָך באַדאַפט אַרומטראָגן מיט זיך אויך מיין שיפסקאַרטע מיט מיין אמתן נאָמען דערויף, און זאָל זיך וואָס מאַכן ביים גרעניץ, אַז מען זאָל די שיפסקאַרטע געפינען ביי מיר, קען מיין גאַנצע רייזע שטיין אין קאָן, און אפשר אפילו איינגעזעצט ווערן אין טורמע.

מיר האָבן אינאיינעם, מיין פאָטער און איך, באַטראַכט אַ באַהעלטעניש פאַר דער שיפסקאַרטע: פרואוון אַריינטאָן איגעם זעלטענעם אַנטיק־סידור, וואָס ער, מיין פאָטער, האָט געקויפט אין אַן אַלט ספרים־געוועלב אין ליבאָו, איך זאָל עס מיטנעמען איבער ימים ווי אַ טאַטנס רייזע־מתנה צו אַ זון, ווען ער ווייסט נאָך אַלץ נישט וואָס פון זיין זון וועט אַרויסקומען, אָבער אַ גאַנצער ייד וועט ער זיכער פאַרבלייבן.

אַ סידור, ממש אַן אוצר.

אַזוינס האָב איך קיינמאָל פריער ניט געזען.

ס׳האָט געהאַט אַ נאָמען — „כל־בו״...

אין פאָרמאַט ניט צו־גרויס, אָבער אומגעווייגלעך דיק.

און איינגעבונדן אין אויסגעשניצטע טאָוולען פון עלפנטביין, אין ברוינעם קאָליר, מיט די אותיות „כל־בו״ איינגעקריצט און באַגילדט.

פאַרצייכענישן אויפן שער־בלאַט האָבן געוויזן, אַז מ׳האָט עס געדרוקט

אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד. דאָס יאָר פון דפוס געדענק איך ניט. דעם נאָמען פון צוזאַמענשטעלער פון סידור געדענק איך יאָ — הכהן — אין גרויסע אותיות, אָבער אָן אַ פאָרנאָמען.

צווישן די ביינערנע „כל־בו״־טאָוולען איז אַריין אונדזער גאַנצער ריטואַל — פון אַ ברית און אַ פדיון־הבן ביז אַ לוויה און אַ שלושים, און פון ברכות ביים אויפשטיין אין פרימאָרגן מיט אָפגיסן נעגל־וואַסער ביז צוריק אין דער נאַכט אַריין מיט לייענען קריאת־שמע און אויפשטיין צו חצות.

„כל־בו״ האָט געהאַט דעם גאַנצן וואָכעדיקן און שבתדיקן און יום־טובדיקן דאַווענען, שחרית און מוסף, מנחה און מעריב, און שטיקער מחזור פון די שלש־רגלים און ימים־נוראים. דערצו אויפקלערענישן פון דינים וועגן אויפפירן זיך, און זאָגענישן מיט פּאָעטישער פייערלעכקייט און רעיונות וועגן כלערליי מנהגים, און „הונדערט מאָל מאַכן אַ ברכה״ יעטווידן טאָג.

טאַקע גאָרנישט פון דער יידישער נשמה־געשיכטע האָט אויסגעפעלט אין „כל־בו״. אַ מינדסטער קיצור אילוסטרירט עס —

...אדם און חוה, און דער עץ־הדעת; קין און הבל; נח און דער מבול; אברהם אבינוס בונד מיטן רבונו־של־עולם; יצחק און די עקדה; יעקב און עשו; יעקבס חלום מיטן לייטער צום הימל; די שבטים; רחל און לאה; דער אויפשטייג פון משה רבינו; מרים, זיין שוועסטער; יציאת־מצרים און שפּאַלטן דעם ים; דער באַרג סיני מיטן עגל־הזהב, און די לוחות...

ווייטער און ווייטער —

...די שבתדיקע זמירות, די כלה שבת און די מיסטישע חברותא מיט די אושפיזין, שיר־השירים און פרקי־אבות, תהלים און די מגילות אסתר און רות; כל־נדרי און כתר־מלכות, תעניתים און סליחות, קינות און תחינות, אתרוג־בענטשן און הקפות און קלאַפּן הושענות; פאַרברענען חמץ, שלאָגן כפּרות, שמחת־תורה, און וואָס שייך ציצית און תפילין און מזוזה; און צינדן חנוכה־ליכט, יאָרצייטן און קדיש־זאָגן, און איבער אַלץ — „אל רחום וחנון״, און „לשנה הבאה בירושלים״, און צולעצט דער „אני מאמין״...

מיין פאָטער און איך האָבן זיך פאַרנומען צו פאַרלייגן מיין שיפסקאַרטע, ביזן אַריבערגיין דעם גרעניץ, הינטערן פאַרמעט־אונטערשלאַק פונעם „כל־בו״־טאָוול ביים סאַמע סוף. מ׳האָט באַדאַרפט קענען עפענען דעם פאַרמעט און אַראָפּציען, און צוריק פאַרמאַכן. מיר האָבן געאַרבעט אָנגעשטרענגט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין ווי מיר וואָלטן געהאַט צו טאָן מיט אַ הייליקן

סוד. מיר האָבן איינער דעם צווייטן געֿעצה׳ט, און גערעדט צווישן זיך שטיל און ליב. די מאַמע איז געזעסן דערביי, און אין אַ פּאַרטיפטער שווייגעניש צוגעהאַלטן אַן עקסטראַ־לאָמפּ צו באַלייכטן וואָס מיר טוען. איר פּנים האָט ווײַלעוויז אויסגעזען פאַרקנייטשט. עס איז איר געווען אַ ווייטיק וואָס זי זעט איין, אַז אָט וועל איך, איר אויסגעהאָדעוועטער זון, אַ לערנער, אינגאַנצן אַוועק פון דער היים, ווייט איבער די ימים. און אָט, ווידער, האָב איך זי געזען באַשטראַלט פון נחת וואָס טאַטע און זון רעדן זיך דורך וועגן וועלט־זאַכן, און מיט ליבלעכע ווערטער.

מאָמענטן אַזעלכע אין ייִדישע היימען זיינען ניט קיין סתם־דורכלויפע־ניש, נאָר לאָזן איבער פאַראייביקטע שטריכן פאַרן ייִדישן פאָלקס־כאַראַק־טער...

## 2

די וואָכן מײַנע אין דער היים נאָך סלוצק, ביז דער אָפּרייזע צום ווייט־ווייטן לאַנד, זיינען מיר געוואָרן אי גאָר שטאַרק ליב, אי געבראַכט גרויס אומעט.

ליב דורך צווייערליי בענקענישן.

נאָך דער ישיבה־אַטמאָספער מיט פּאַרטיפטער לומדות, אַ דאַנק ר׳ איסר־זלמן מעלצערס אָנפיר, און נאָך דער סלוצקער שטאָט־אַטמאָספער מיט איר יוגנט, אַ דאַנק מיין פאַרחברטן פריינט אהרן סינגאַלאָווסקי.

ביידע בענקענישן האָבן געהאַלטן וואָך די נייעסן, וואָס פלעגן מיר צוקומען אין די סלוצקער מחשבות, ממש טאָג־איין, טאָג־אויס. נאָר גלייכ־צייטיק איז מיר ליב געוואָרן וואָס איך געפין דאָך גייסטיקע נייעסן אין מיין היימישן שקוד. איך דערלויב זיך נאָכצוגעבן דעם יצר־הרע פון עגאָאיזם, און פאַרשרייבן, אַז מיר איז אויך גאָר שטאַרק ליב געווען וואָס איך נעם אויס אין מיין שקוד.

מיינע שוועסטערס פלעגן מיר ברענגען גרוסן, אַז מען רעדט וועגן מיר מיט באַוואונדערונג.

הגם ייִנגער פונעם רבס זון און דעם זאַגערער ראש־ישיבהס זון (דער

האַרבאַטער, נעבעך), בין איך זייערס אַ מיטשפּאַצירער אין די שבת־פּאַר־נאַכטן, און מיר רעדן זאַלבעדריט לשון־קודש...

מיין העברעאיש לשון איז קיין „שפה ברורה" ניט געווען. איך פלעג אַריינפלאָנטערן גמרא־ווערטער. און טאַקע וועגן דעם פלעגן אָנגיין אונדזערע שבתדיקע שפּאַציר־וויכוחים — צי דער העברעאישער דקדוק איז חל אויך אויף גמרא־לשון. אַ היינטיקער ישראלי וואָלט אוודאי געקענט מיינען אַז איך בין אַ געקומענער פון „די צען פאַרלאָרענע שבטים"...

מיין שוועסטער עלאַ האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גאַר באַשיידענער ראָל בעת אַ מאָמענט פון גייסטיקן באַטייט אין אונדזער שקוד.

געווען דאָך דעמאָלט אין די גרויסע יידישע צענטערס — אָדעס, וואַרשע, ווילנע, קאָוונע — דער אויפשפּראָץ פון דער נייעסטער יידיש־ליטעראַטור. דער עיקר: מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ. אַרומגעשוועבט האָבן אויך די נעמען: ביאַליק (אין יידיש), אַש, רייזען, נאָמבערג, דינעזאָן. דער אויפבלי האָט זיך דערטראָגן צו די מינדסטע שטעטלעך, אויך די זאַמוטער, מיין שקוד צווישן זיי.

דער שקודער אונטערפירער ביי דעם איז געווען ניט אַ וועלכער שריי־בערשער מענטש, נאָר גאָר אַ מבין אויף קעלבער...

שאָנע באַלקינד, וואָס מבינות אויף קעלבער איז געווען זיין פּרנסה.

ער פלעגט זיי אויפקויפן אויף די פויערשע מערק, און זיי באַלד פאַרקויפן צו קצבים.

ניט, חלילה, קיין עם־הארץ איז ער געווען, שאָנע באַלקינד, דווקא אַן אָנפירער ביים לערנען משניות. און שקודער תמימותדיקע יידן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן מבין אויך אויף מגידות און חזנות. די מבינות, אַפילו גוטס, פלעגט ער אַרויסזאָגן מיט אַ שטילן אָפּחוזקן דורך חכמהלעך, און שקודער יידן האָבן געקלעפּט צו אים.

אַן אלמן, און אַ טאַטע מיט פיר זין און פינף טעכטער, איז ביי שאָנע באַלקינד, פרייטיק־צו־נאַכט, נאָכן שבת־טיש, תמיד געווען אַ פולע שטוב מיט שכנים. מ'איז אַריינגעקומען זאָגן „גוט־שבת", און מ'האָט „באַרעדט" די וועלט. און עס איז שוין געוואָרן ווי אַ שטענדיקע זאַך: איז ווער פון שקוד אָפּגעפאָרן ערגעץ אין אַ גרעסערער שטאָט צו קויפן סחורה פאַר זיין קראָם, האָט ער ביים אַהיימקומען געמוזט זיך ווייזן אַ פרייטיק־צו־נאַכט ביי שאָנע באַלקינד צו דערציילן וואָס עס טוט זיך אין יענע מקומות. ניט, חלילה,

וועגן געשעפט — עס איז דאָך שבת; נאָר ווי עס האַלט מיט חסידים און מתנגדים, און ציוניסטן; און צי עס קומען פאַר מחלוקתן מיטן רב; און וועגן יידישע קינדער, וואָס ווילן אַריינקומען אין די גימנאַזיעס; און וואָס מען הערט וועגן דער מלחמה מיט יאַפּאַן; און צי מען צילט אַוועקצורייזן איבער די ימים.

בין איך אויך דערגאַנגען צו אַזאַ פרייטיק־צו־נאַכט. מיר זיינען געוועזן גאָר נאָענטע שכנים אויף דערזעלבער „לאַנגער גאַס", פונקט אַ הויז קעגן אַ הויז. דערצו איז די באַלקינד־פאַמיליע מיר געווען אייגן זינט מיינע ייִנגלשע טעג, אַ פאַרחברטער מיט די באַלקינד־קינדער. אַריינגעפירט מיך צום פריי־טיק־צו־נאַכט האָט מיין שוועסטער עלאַ, אַ פאַרחברטע מיט די באַלקינד־טעכטער. זי האָט מיר דערציילט אַ „סוד". שאַנע באַלקינד האָט דורך פאָגעל־סאָנס אייזן־געשעפט אַריינגעקראָגן אַ פּאָר יידישע ביכלעך פון ריגע, און ער קלייבט זיך בעטן ביי מיר, איך זאָל עפּעס נעמען פון דאָרטן פאַרצולייענען פאַר אַלעמען.

די „ביכלעך" זיינען געווען „העפטן" מיט די ערשטע שלום־עליכם־דער־ציילונגען פון דער „טביה"־סעריע: „היינטיקע קינדער", און וועגן „טביהס" טאָכטער „האָדל"; און „העפטן" אויך מיט עטלעכע פון י. ל. פּרץ׳ס סעריע „שטעט און שטעטלעך", און איינס פון זיינע „פאָלקסגעשיכטן" — „ניסים אויפן ים". ביידנס האָב איך שוין געהאַט געלייענט אין סלוצקער ביבליאָ־טעק. איך האָב אויסגעקליבן פאַרן ערשטן מאָל אין שאַנע באַלקינדס פריי־טיק־צו־נאַכט שלום־עליכמס „האָדל".

אין „האָדל" האָב איך דערזען אַן אָפּשיין פון מיין חבר סינגאַלאָווסקיס סלוצקער קרובה מיט איר חתן, דעם רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז געשטאָרבן אין סלוצקער טורמע. איך האָב דערפון טאַקע דערציילט אין שאַנע באַלקינדס היים. מיר איז אַנטקעגנגעקומען צערייצטע געשפּאַנטקייט, אויפגעריסענע אויגן.

ס׳האָט גענומען אויסזען אַז שאַנע באַלקינדס פרייטיק־צו־נאַכטן גייען ווערן ווי אַ שטענדיקע געזעלשאַפט פאַר דער יונגער יידיש־ליטעראַטור. ממש אַ דראַמאַטישע דער׳שיינונג אין מיין זאַמוטער שקוד. עס האָט אָבער באַלד זיך אַ ווייז־געטאָן אויך אַ שווערער שאָטן, אַ געדיכטער אומעט.

אַרויסרופן האַרציק געלעכטער, און באַלד פאַרטרערטע אויגן ביים פאַר־נעמען פאָלקס־שילדערונג אין יידישער פאָלקס־ליטעראַטור, איז ניט צוגע־

טראַכט געוואָרן פון די ליטעראַרישע מייסטערס. עס קומט פון מקור, עכט פון האַרצן ביים יידישן מענטש פון יעדן דור. און שקודער פסח־צייט, דע־מאָלט, איז געווען „יידישער פרילינג, ניט מיט פויגל־פלי אין גרינס און בלום, נאָר מיט שווער געמיט און שטום"...

פאַמיליעס אין שקוד ווערן צעברעקלט. היימען ווערן פוסטער. עס איז 1904. די צאַרישע מלחמה מיט יאַפּאַן. מ'רעדט, עס וועלן זיין פריזיוון אפילו פאַר זעכצן־יאָריקע. און בכלל פאַרוואָס גיין דינען דעם צאַר גלייך אינעם ערשטן יאָרצייט פון קישינעווער פאָגראָם? צוועלף שקודער היימען ציילט מען אָן, יעדע מיט זעקס־אַכט קינדער, און בלייבן וועלן צוויי אין אַ הויז, די יינגסטע. דער ציל איז אַריבער די ימים, קיין דרום־אַפריקע, אַמעריקע און די ענגלישע שטעט גלאַזגאָ, מאַנטשעסטער און ליווערפּול. אָפּרייזנדיקע טעכ־טער וועלן אַריבערנעמען די ברידער. די באַלקינד־פאַמיליע צעוואָרפט זיך. זין אין דרום־אַפריקע, טעכטער אין אַמעריקע. אַ שטומע דראַמעלע איז מיר פאַר די אויגן: איצע קאַנגיסער און זיינע דריי זין. דער פאָטער שרייבט „פּראָשעניעס" פאַר פויערים צום שקודער „סודיאַ". די זין זיינען ישיבה־לערנערס. דער עלטסטער אין טעלז, דער צווייטער אין סלאָבאָדקע, דער דריטער אין זאַגער. זיי זיינען אַוועק קיין אַמעריקע גלייך נאָך פּורים. דער פאָטער, אַן אלמן, זיצט גאַנצענע טעג און שפּילט שאַך מיט זיך אַליין. איך האָב מיטגעבראַכט אַביסל שאַך־קענטשאַפט פון סלוצק, בין איך, אין זיין עלנט, געוואָרן אים אַ מיטשפּילער...

עס האָבן זיך דערנענטערט די לעצטע טעג מיינע פאַרן אָפּרייזן. אָט איז שוין שבת־הגדול, און באַלד איז דאָך פּסח, און גלייך נאָך פּסח נעמט מיך דער טאַטע צום קרעטינגער גרעניץ. איך האָב געהאַט פאַרשפּראָכן דעם זיידן יאָשע־שלמה, אַז צו קבלת־שבת פון שבת־הגדול וועל איך קומען צו אים אין דער אַלט־שטאָטישער „קאַלטער" שול מיטן מעשענעם הענג־לייכטער און די 365 ליכט, זיין דינען דערמיט דעם בורא־עולם דורך אַ נדר, פאַרן שענקען מיר כוחות בעת איך בין געווען אַ צעקרענקטער יינגל. מיין ברודער מאָטל, צוויי יאָר יינגער פון מיר, איז מיטגעקומען. עס איז געווען דער מאַמעס אָן אויסרעכענען. די באָבע איז קראַנק, קען ניט אַרונטער פון בעט. עס גיט אויף איר אַכטונג די מומע חיה, מיין מאַמעס אַ שוועסטער. נאָכן קבלת־שבת וועל איך דאַרפן גיין מיטן זיידן זען די באָבען, זאָגן איר „גוט־שבת", זי מבקר־חולה זיין, און איכ'ל דאָך מוזן אויך זיין ביים זיידנס קידוש. ער וועט

דערמיט האָבן גאָר אַ גליקלעכן שבת. נו, וועט דאָך נאָכדעם זיין שטאַרק פינצטער, און מיר וועט אויסקומען פאַרבייצוגיין די פֿויערשע „טיפּלע" אויפן ביינאַכטיקן וועג איינער אַליין, זאָל מאַטל גיין מיט מיר.

דער זיידע האָט זיך געריכט דערויף מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט. ער האָט צוגעגרייט די 365 ליכט פאַרן הענגלייכטער. ווען מיין ברודער מאַטל און איך זיינען צוגעקומען צו דער שול, האָבן די ליכט שוין געברענט. מיר האָבן דערזען די פלעמלעך דורך די שול־פענצטער אפילו פון דער וויטנס, גייענדיק אויף דער קלאַדקע איבערן שטראָמיקן טייכל, וואָס האָט געפירט אַהין. דער זיידע האָט געוואַרט אויף אונדז אין דרויסן ביי די טירן פון שול, און ער האָט מיט אַ גליקלעכקייט באַלד אונדז אָנגעוויזן אויף די פלעמ־לעך, וואָס פינקלען אַרויס פון די שויבן.

עס איז דעמאָלט אויך געווען דעם זיידנס אַן אייגענער שבת. כבוד פאַר אים. אַ יערלעכע טראַדיציע האָט זיך איינגעשטעלט: ער, דער זקן יאָשע־שלמה, דער אויפבויער פון דער „קאַלטער" שול, וואָס מען נוצט בלויז אין די זומערדיקע שבתים, איז דער בעל־תפילה ביים קבלת־שבת פון שבת־הגדול, ווען די שול ווערט געעפנט נאָכן ווינטער. אָט־אָט איז ער שוין אין זיין הונ־דערטסטן יאָר, דער זיידע, און זיין ראיה איז נאָך גוט, אפילו אָן ברילן. און זיין קול איז עכט מיטן געהעריקן ליטעורגישן ניגון. און זיין אַרויסזאָגן די תפילה־ווערטער איז דייטלעך קלאָר מיטן טראָפּ ווי דער פירוש־המילות אין זיינע געדאַנקען. דער שול־שמש, איצע דער גלעזער, דער שוין־פאַרעלטער־טער זון פונעם שקודער צדיק ר' מרדכי'לע (זע ווענן זיי אינעם פּראָלאָג), האָט שטילערהייט אונדז געזאָגט, אַז מיר, די צוויי יאָשע־שלמהס אייניקלעך, דאַרפן געבן דעם זיידן אַ גאָר באַזונדערן כבוד: נעמען אַים אונטער די אָרעמס און אים צוברענגען צום עמוד, און בלייבן שטיין זייט־ביי־זייט מיט אים בעתן גאַנצן דאַוונען. מיר האָבן עס געטאָן מיט פיינקייט, און די איבערפילטע שול האָט אונדז נאָכגעקוקט מיט וואַרעמקייט. און איבער אונדז אַלעמען האָבן געלויכטן די פלעמלעך פון די 365 ליכט אין הענגלייכטער.

יענע סצענע מיטן פירן דעם זיידן צום עמוד, און דאָס שפּעטערדיקע צוקומען, נאָכן דאַוונען, פון די אַלט־שקודער אָרעמעלייט, ביטערע אביונים שוין יאָרן, צו זאָגן „גוט־שבת" דעם זיידן, און זאָגן אים שבחים פאַר זיין שטייגער אָנפירן דאָס קבלת־שבתדיקע דאַוונען, און זאָגן „גוט־שבת" און שבחים אויך די צוויי אייניקלעך, זיינען פאַרבליבן אין מיין זכרון מיט אַלע

פּרטים. איך זע אַ לאַנגע שורה אויסגעמאָגערטע פּנימער, אויף העלפּט באַ־האַלטן אין גרויע בערד, און זיי פּרעפּלען „גוט־שבת". און פאַרבליבן אין מיר פון דעמאָלט איז אויך וואָס ביים זיידנס „לכה דודי" האָב איך אין האַרצן זיך איבערגענומען מיט מיין וויסן ווער עס איז געווען דער פאַרפאַסער פון גרויסן שבת־ליד; און אַז די פּרינצעסין־כלה שבת פון אונדזער „לכה דודי" איז דורכן האַלב־גויאישן און גאוינישן היינריך היינע אַריין אינעם גייסטיקן פאַרמעגן אויך פון אַנדערע פעלקער...

דער טאַטע איז געקומען אַהיים אויף פּסח פון זיינע אַרומפאַרענישן אין קורלאַנד, וואו ער האָט אויסגעפונען, דורך אָנפרעגענישן ביי די שיפס־אַגענ־טורן אין ליבאַו, אַז די שיף, מיט וועלכער איך וועל רייזן קיין אַמעריקע דורכן האַפן פון דייטשן האַמבורג, וועט זיין איבערגעפּאַקט מיט יידישע רייזנדע פון אַלע רוסישע קאַנטן און אויך פון עסטרייך. דאָס האָט פאַרלייכטערט מיין מאַמעס געמיט. חול־המועד פּסח האָב איך זיך אַריינגעלאָזן אין שאַך־שפּיל מיטן זאַגערער ראש־ישיבהס צעקריפּלטן זון. עס איז אָנגעקומען דער טאָג פון אָפּפאָרן מיטן פאָטערס פערד־און־וואָגן צום קרעטינגער גרעניץ.

מ׳האָט באַדאַרפט פאָרן פון דער „לאַנגער גאַס" אין נייי־שקוד ביז אַריבער אַלט־שקוד צום וועג, פאַרצווייגט אויף איין זייט צום שקודער בית־עלמין, און אויף דער צווייטער זייט צו פאָרן קיין דורביאַן און קרעטינגע. מיטן פאָטער ביז דאָרטן איז מיטגעפאָרן מיין ברודער מאָטל. די מאַמע און די שוועס־טער עלאַ און איך זיינען געגאַנגען אַהין ווי אויף אַ שפּאַציר. מיט מיין שוועס־טער חנה, אַ גוט־אויסגעלערנטע נייטאָרין מיט ספּעציאַליטעט פאַר אַ כלהס חתונה־קלייד. און מיט דער יינגסטער שוועסטערל, די זעקס־יאָריקע פרומל, האָב איך זיך געזעגנט אין דער היים. ביים זיידנס שטוב אין אַלט־שקוד, וואָס גלייך הינטער איר האָט געשטראָמט דאָס טייכל, און מ׳האָט פון דאָרטן געזען דעם דאַך פון דער „קאַלטער שול", האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. דער זיידע איז אַרויסגעקומען צו גיין מיט אונדז. די מאַמע איז אַריין מיט מיר אין שטוב, איך זאָל זיך געזעגענען מיט דער קראַנקער באָבע רבקה. אַ קורץ־געוויקסיקע, און אין זעלבן עלטער וואָס דער זיידע, אין הונדערטסטן יאָר אַריין, און אויך מחמת איר קראַנק־זיין, האָט זי אויסגעקוקט ווי אַ פאַרמוטשעט קליין עופ׳עלע, נאָר מיט אַ געלב־צעקנייטשן פּנים. זי האָט מיר ווי אַריינגעסודעט, אַז איכ׳ל לעבן לאַנג ווי זי און ווי דער זיידע, נאָר איך מוז אַלעמאָל זיין אַ לערנער. איך האָב זי געהאַלטן ביי דער האַנט און געשוויגן, געהערט ווי הינטער דער

וואַנט שטראָמט דאָס טייכל, וואָס וועט מסתמא אַזוי שטראָמען אויך נאָך דער באַבען, און אויך נאָך מיר אין אַ ווייטער, ווייטער וועלט...

אויפן סאַמע פונקט ביים צעצווייגטן וועג צו פאַרנעמען זיך קיין קרעטינגע האָט געוואוינט דער פעטער אָרע, מיין פאָטערס עלטסטער ברודער. ער האָט דאָרטן געהאַט אַ טאָקערײַ פון געוואַנט פאַר פויערשע וואָליקעס. איך בין אַריין געזעגענען זיך מיט אים און מיט דער מומע טשערנע. זיי האָבן געהאַט צוויי זין אין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק, אברהם און שכנא. אַ צאָל יאָרן שוין, אַז דער ייִנגערער שכנא איז געשטאָרבן. געפאַלן טויט פאַרנדיק אויף אַ וועליסאָ־פעד. מ׳האָט עס געהאַלטן בסוד פון דער מוטער. אַן אומבאַהאָלפענע, ניט געקענט ניט שרייבן, ניט לייענען, פלעגט דער פעטער אָרע ביים קריגן אַ בריוו פון אברהמען, אָנשרייבן אַ בלעטל כלומרשט פון שכנא׳ן, און עס פאַר־לייענען פאַר איר. סתם אַ בריוול, אַז ער איז געזונט, און אויך אַז איבגיכן וועט ער אפשר חתונה־האָבן, און מיט די האַרציקסטע וואונטשן צו איר, דער מאַמען. ביים געזעגענען זיך מיט איר האָט די מומע טשערנע מיר געגעבן צוויי קושן. איינס פאַר מיר און איינס פאַר איר באַליבטן זון שכנא... ער „שרייבט" דאָך איר אַזעלכע שיינע בריוו... אַ זעלטן געפיל האָט געררייזט מיט מיר קיין אַמעריקע — איך פיר אַ קוש צו אַ טויטן...

אויפן וועג שוין קיין קרעטינגע האָבן מיר קוים געקענט רעדן צווישן זיך, מיין פאָטער און איך. אין משך פון עטלעכע שעה האָט ער מיר דער־מאָנט דריי מאָל איך זאָל ניט פאַרגעסן, אַז גלייך ווי איך קום אַריין אין דער אכסניה אויף דער אַנדערער זייט גרעניץ מוז איך עפענען מיין קערבל זאַכן און אַרויסנעמען פונעם „כל־בו"־סידור די שיפסקאַרטע.

דעם נעקסטן פרימאָרגן ביים גרעניץ איז מיר באַפאַלן אַ געלעכטער. מיר האָבן געהאַט זיך געזעגנט אויף דער קרעטינגער אכסניה ווי פאָטער און זון קענען זיך געזעגענען — שטילע טרערן און אַן אַריינקוקן איינער דעם צווייטן אין די פאַרטרערטע אויגן. און מיר האָבן דערביי געהאַט אָפּגערעדט וויאַזוי מיר זאָלן זיך אויפפירן ביים גרעניץ, כדי ניט אַרויסצורופן אַ וועלכן חשד.

עס האָט געדאַרפט מיינען —

אַ פרעמדער ברענגט מיך אויף זיין פור נאָענט צום גרעניץ, און פאַר־האַלט זיך צו מיר מיט אַ פרעמדער פריינטלעכקייט. איך גיב אים די האַנט און דאַנק אים פאַר ברענגען מיך צום גרעניץ. ער רופט מיך אָן „הער יאַקאָב־

סאָן״, לויט מיין פּאַספּאָרט. איך נעם מיין קערבל זאַכן און גיי צו דער גרעַ־ניץ־וואַך מיט אַ „נאַטירלעך פּנים״. עס דאַרף ווייזן, אַז עס איז מיר אַ געַ־וויינטלעכע דערפאַרונג אַריינצוקומען אין פּרייסישן שטעטל באַיאָרן. און אַזוי איז דאָס טאַקע דורכגעגאַנגען. איך האָב דערלאַנגט מיין פּאַס מיטן נאָמען „יאַקאָב יאַקאָבסאָן״ דעם ליטווישן רוס מיט אַ געשטופּלטן פּנים ביים גרעניץ־ביידל. ער האָט קוים אַריינגעקוקט און באַלד אַ זאָג־געטאָן „כאַראָשאָ״ (עס איז גוט). איך האָב אָפּגעענטפערט מיט „ספּאַסיבאָ״ (אַ דאַנק). ער האָט אויפגעהייבן דעם גרעניץ־שטאַנג דורכצולאָזן מיך, און — אַ רגע, און איך בין אַרויס פון צאַרישן רוסלאַנד...

איך האָב געלאַכט אין זיך וואָס אומזיסט האָבן מיר זיך געשראָקן איבערן פאַלשן פּאַס מיט דער באַהאַלטענער שיפסקאַרטע. איך האָב זיך אומגעקוקט צו זען מיין פאָטער. מיר האָבן געהאַט נאָך אַן אָפּרייד —

איכ׳ל אַריין אין דער אכסניה אַ פינף מינוט גאַנג נאָכן גרעניץ, אַרויס־נעמען די שיפסקאַרטע פון „כל־בו״־סידור, אַרויסקומען מיטן „כל־בו״ אין האַנט, שטעלן זיך אַזוי, אַז ער זאָל פון דער וויטנס קענען זען מיין הייבן דעם סידור צו די אויגן, וועט עס אים דעמאָלט זיין אַ סימן, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, און ער וועט זיך פאַרנעמען צוריק אַהיים אָן מיר... און בכדי זיין וואָרטן זאָל ניט אַרויסרופן אַ וועלכן פאַרדאַכט, וועט ער אויסשפּאַנען דעם פערד, אַראָפּנעמען די האָלאָבלעס, און געבן דעם פערד עסן...

האָב איך פון דער וויטנס אַזוי אים געפונען, מיין פאָטער, נאָר ער איז געזעסן אויף אַ שטיין.

און קאָפּ געבויגן אין די הענט.

אַפּנים, ער האָט דערשפּירט, אַז איך קען זיך שוין ווייזן. ער האָט זיך אַ כאַפּ־געטאָן מיט אַן אויפשטעלן זיך. איך האָב געזען ער ווישט די אויגן.

זיין זיצן אויפן שטיין, און אוודאי דאַך מיטן עלנט אין זיך וואָס אָט וועט ער פאָרן צוריק אַהיים אָן מיר, איז געבליבן אין מיינע טראַכטענישן ווי אַ סימבאָל פון אונדזער אָפּשייד.

אָפּשייד קיינמאָל מער ניט זיך צו זען.

ער איז אַוועק פון לעבן בעתן ערשטן וועלט־קריג ווען די מלחמה־פלאַקערן האָבן פאַרברענט די ים־וועגן צווישן אַמעריקע און אייראָפּע. אין אַלע זיינע יאָרצייטן, און טאַקע יעדעס מאָל ווען ער קומט מיר אויפן זינען, מיין פאָטער, זע איך אים זיצן אויף אַ שטיין...

# 3

מיין געמיט האָט זיך איינגעשטילט. איך האָב געוואוסט וואָס איך האָב צו טאָן. איך מוז דעמזעלבן טאָג זיך אָנמעלדן אינעם זאַמלפּונקט פון די רייזנדע קיין אַמעריקע. מ׳וועט מיך דאָרטן אַריינשטעלן צווישן די מיט שיפסקאַרטן פאַר דער שיף „פּענסילווייניע״, און דעם נעקסטן פרימאָרגן וועט מען אונדז נעמען מיט דער באַן צום האַפן אין האַמבורג. איך האָב שוין געוואוסט, געהערט עס אויף דער אכסניה אין באַיאַרן, אַז דעם זאַמלפּונקט פאַר רייזנדע איבער די ימים האָבן אויפגעשטעלט דייטש־יידישע הילפס־פאַראיינען פון קעניגסבערג און פון לייפּציג, אויך פון בערלין; און אַז אויך די שיפס־געזעלשאַפטן פון אַמעריקע זיינען באַהילפיק אין דעם.

איך בין דורכגעגאַנגען אַ טויער און זיך געפונען אין אַ גרויסן הויף, און געבליבן שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן.

איבערראַשט, דערשטוינט —

אַ געדיכטע מענטשן־מאַסע איז אויפן הויף.

מיטליאָריקע מענער און פרויען, בחורים, מיידלעך, יונגע פּאָרפאָלקן, ווער מיט אַ קינד.

מען גייט הין־און־צוריק פּאַזע צוויי לאַנג־אויסגעצויגענע, הילצערנע געביידעס. מען שטעלט זיך אָפּ שמועסן אין רעדלעך. עס ווערט אַ געדיכטעניש אויך אין מיטן הויף. מען איז פריינטלעך איינער צום אַנדערן.

איך הער רייד. מען פרעגט זיך נאָך פון וואַנען מען קומט. איך הער נעמען פון נאָענטע ליטווישע שטעט און שטעטלעך: שאַוול, טעלז, פּלונגיאַן, פּאָנעוועזש, ווילקאָמיר, קאַלווערע. עס קלינגען אָפּ די נעמען קאָוונע, ווילנע, וויטעבסק, ביאַליסטאָק, ריגע, דווינסק, אַפילו מינסק. איך פרעג זיך: איז עס אַן אַנטלויפן פון גאַנץ רוסלאַנד? איך קלער: אפשר וועט זיך דאָ אַ וויזן־טאָן אויך ווער פון סלוצק.

מען רעדט, הער איך, וועגן די גרעניצן, וואָס מ׳האָט זיך אַריבערגעגנב׳עט, און איך הער נעמען פון די גרעניץ־שטעטלעך ווערזשבאָלאָווע־ווירבאַלן, איידקונען און קיבאַרטי, פּאַלאַנגע און „מיין אייגן גרעניץ״, קרעטינגע.

איך קוק אַריין אין עולם. אַ הויך־געוויקסיקער טאַטע טראָגט אַ קליין קינד אויף די פּלייצעס. אַ יונגע מאַמע זעצט זיך אויף אַ באַנק אָנזייגן אַן

עופ׳עלע. דער מאַן אירער פּראוווט פאַרשטעלן איר אָפּגעדעקטע ברוסט, און בעת־מעשה רעדט ער מיט אַ לאַכעדיק פּנים צו אַ דערבייאיקן —

...זאָרגט זיך ניט, די קליינינקע יאַפּאַנעזערלעך וועלן מאַכן פון ניקאָ־לאַיטשיקן אַ כּפּרה־הינדל...

עס איז שוין שפּעט אין טאָג. עס הייבט־אָן לייכט צו רעגענען. מען נעמט זיך אַריינלאָזן אין די געביידעס. איך טוליע צו זיך מיין קערבל זאַכן, און באַטאַפּ מיין קעשענע מיט דער שיפסקאַרטע און איך ציל נאָכצוגיין; און ביי מיין זייט וואַקסט אויס אַ יונג מיידל מיט אַ געבלימט טיכל אויפן קאָפּ, אַ רונד, ליכטיק פּנים, אַ הויכן שטערן, שוואַרץ־פינקלדיקע אויגן, און זי טוט אַ זאָג —

פון מיין קערבל זאַכן זעט זי, אַז איך בין נאָך ניט איינגעמאָלדן; און אויב איך רייז מיט דער שיף „פּענסילווייניע״, דאַרף איך זיך איינמעלדן אָט־באַלד; און זי וועט מיך צופירן אַהין...

זי זאָגט מיר אויך —

מ׳וועט מיר דאָרטן געבן אַ קוויטל פאַרן מאָרגנדיקן צוג קיין האַמבורג. און מ׳וועט מיר אויך געבן אַ געלעגער פאַר איבער נאַכט.

אַ חנ׳עוודיק שמייכל באַגלייט אירע רייד —

...אַ געלעגער אויף ברעטער, און בעטגעוואַנט — די אייגענע זאַכן... אַ קישעלע צוקאָפּנס האָט איר דאָך מסתמא... וועלכע מאַמע וועט אַרויס־לאָזן איר זון אויף די ימים אָן אַ קישעלע?...

פאַרשטייט זיך, איך דאַנק איר; זי איז אין מיינע אויגן עטלעכע יאָר עלטער פון מיר, און אַביסל העכער אויך; זי שטראַלט מיט איר שיינקייט; נאָר אַ קורץ־געוויקסיקער יידעלע מיט אַ בלאָנד בערדל וואַקסט אויס ביי מיין צווייטער זייט, און ער גיט אַ זאָג —

...גייט מיט אייער קערבל און פאַרשרייבט זיך... איר׳ט דאָרטן זען אַ טיר, קומט נאָכדעם אַהין אַריין... מען דאַרף באַלד דאַווענען מנחה, און מען באַדאַרף אַ מנין...

איך האָב אים אָנגעקוקט מיט אַ פרעגעניש —

...הונדערטער יידן דאָ, און אייך איז שווער צו קריגן אַ מנין?...

דאָס מיידל האָט אַריינגערעדט —

...אַ ייד מוז ניט דווקא האָבן אַ מנין אויף צו דאַווענען... יעדער ייד

קען דאָס טאָן אַליין וואו ער זאָל זיך ניט געפינען — אין אַ וואַלד, אָדער אויפן ים...

מיט אַזאַ זאַג אירן, האָב איך געקלערט, אַז אוודאי מוז זי זיין אַ טאָכטער פון אַ לומדישער היים. אַרום אונדז האָט זיך אָפּגערופן נאָך איינער, אַ מיטל־יאָריקער, אַ הויכער מיט אַ קמץ־בערדעלע, און אפנים ער האָט שוין געהאַט קאָנטשאַפּט מיט דער מיידל —

...איר זאָגט שוין ווייטער מוסר?... אייך איז געקומען צו חלום אייער זיידע?...

זי האָט אים ניט פאַרשוויגן —

...איך זאָג קיינעם ניט קיין מוסר, נאָר אייך, וואָס איר גיט זיך אָן פּאָר אַלעמען, אַז איר זייט אַ משכיל, וועל איך יאָ זאָגן... דער שורש פון משכיל איז שכל... נעמט אייער שכל אין די הענט, און גייט, און בעט זיך איבער מיטן רבונו־של־עולם... נאָך אַ טאָג, און מירן אַרויף אויף דער שיף, און נעמען שפּאַלטן דעם ים... און אויב איר וועט פירן אייערע ברוגזן מיטן באַשעפער פון די ימים, וועט מען אייך איבערלאָזן אין מצרים...

...אַ שאַרפע צונג... — האָט דער משכיל באַמערקט צו מיר... — אַזוי איז געווען אויך איר זיידע, דער פלונגיאַנער רב...

זי האָט מיך צוגעפירט וואו זיך איינצומעלדן, און זי איז באַלד אַוועק.

דאָס יידעלע מיטן בלאָנדן בערדל איז פון מיר ניט אָפּגעטראָטן. ער האָט גערעדט און געהייבן זיין קאָפּ אַלץ העכער —

ער קומט פון ווערזשבאָלאָווע, און ער האָט אַ קרוב אין אַמעריקע, אויך פון ווערזשבאָלאָווע, מיט וועמען די גאַנצע שטאָט איז שטאָלץ. דער קרוב איז אַ גרויסער שרייבער. ער שרייבט שירים אויף לשון־קודש און אויף זשאַרגאָן. ער האָט אַפילו אָנגעשריבן אַ נייעם „מזמור ליום השבת"... דער נאָמען זיינער איז שלמה בלומגאַרטן, נאָר ער שרייבט זיך אונטער יהואָש...

דאָס רעדן פונעם קליין־געוויקסיקן יידעלע האָט געקראָגן גרויס באַטייט אין מיין זינען ערשט שפּעטער, אין אַמעריקע, ביים לייענען דעם באַרימטן יהואָשן מיט אַ נאָכפאָלגן זיין גרויסע ראָל אין דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס נאַכט־געלעגער אויף די ברעטער איז מיר געווען לייכט איבערצוקומען דורכן קישעלע צוקאָפּנס וואָס די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן, און אויך דורכן זאָג וועגן מאַמעס און קישעלעך פון דעם שיינעם איניקל פונעם פלונג־יאַנער רב. עס איז מיר געווען אויפן געמיט דער גוטער מזל מיינער אָנצו־

טרעפן אומעטום מענטשן און סיטואַציעס, וואָס פון זיי בלייבט מיר תמיד אַ געדאַנק, אַ געפיל, און איך שפּאַן מיט זיי ווייטער.

פאַרן אריינפאַלן אינעם שלאָף אויף די ברעטער האָט מען דערהערט פונעם פרויען־אָפּטייל אַ מוטערלעך קול ביים איינשלעפערן איר קינד, אַ יינגעלע, מסתמא. מ׳האָט געהערט דאָס געזאַנג „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען״. איינציקע ווערטער זיינען דערגאַנגען צו מיר —

...אין אַ ווינקל חדר...

...בית־המקדש...

...בת־ציון...

...אַי־לו־לו־לו...

קיינער פון די מענערשע ברעטער־געלעגערס האָט ניט פּראָטעסטירט וואָס מען לאָזט ניט שלאָפן. פאַרקערט, פון אַ סך געלעגערס האָט מען געהערט אַ מיט־ברומעניש פונעם ניגון.

אַ גאָר אַנדער ניגון פון דרויסן דורכן פענצטער האָט אונדז ווי אַ ריס־געטאָן פון שלאָף אין פריען פרימאָרגן צו נעמען זיך גרייט־מאַכן פאַרן צוג קיין האַמבורג.

אַ קרעכץ־ניגון ביז אין אַ יאָמער אַריין, אַ מוסר־ניגון מיט די אָנהייב־ווערטער אין העברעאיש —

...בואו, בואו חשבון, בואו, בואו חשבון...

...בואו ונחשוב חשבונו של עולם...

אין אונדזער יידיש־ליטעראַטור איז עס אַריין דורך מיין פריינט ברוך צוקערמאַנס זכרונות־ביכער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז אַ מוסר־געזאַנג פון דער טעלזער ישיבה בעת ברוך צוקערמאַן האָט דאָרטן געלערנט איינצייטיק מיט מיין לערנען אין סלוצק. אַ טעלזער לערנער האָט עס טאָקע געזונגען איצט ביים פענצטער פון אונדזער לאַגער.

אַ צווייפאַך געזאַנג. אַ העברעאיש מוסר־פערז פאַר אַ צוזינג צו די פערזן אין יידיש; און די יידיש־פערזן ברענגען אַרויס דעם הבל־הבלים פונעם מענטשלעכן לעבן אויב דעם מענטשנס טואונגען צילן ניט צום שכר של מצווה.

דאָס ליד ברומט —

...מען אַרבעט, מען אַרבעט, און מען ווייסט ניט פאַרוואָס מען אַרבעט...

...מען בויט, מען בויט, און מען ווייסט ניט פאַר וועמען מען בויט...

...מען גייט, מען גייט, און מען ווייסט ניט וואוהין מען גייט...

אייגנאַרט אינעם געזאַנג איז אויך דאָס אויסשטעלן דעם מענטשנס טואונגען לויטן „אלף־בית". און דערין איז פאַראַן אויך דעם מענטשנס חלומען.

...מען חלומט, מען חלומט, און מען ווייסט ניט צו וואָס מען חלומט...

...אוי, בואו, בואו חשבון...

ביים „חלומען" האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, דער זינגער. עס איז אונדז געווען אויפן געמיט אַ דערמאָנונג. אונדז, וואָס מיר האָבן מיט ליבשאַפט פאַרחלומט אונדזערע פרי־יונגע יאָרן ביי ספרים אין ישיבות, און איצט פאַרנעמען מיר זיך צו אַ נייער ווייטער וועלט מיט נייע חלומות?

וואָס זיינען זיי?

דאָס זינגען פונעם טעלזער לערנער, אַליין אַ ווילקאָמירער, האָט דערגרייכט צו וואָס ער האָט געצילט. עס איז געווען אַ מין „שלאַכט־רוף": אויסגעפינען וויפיל מוסר־לערנערס עס געפינען זיך אינעם לאַגער אַרויפצוקומען אויף דער שיף „פענסילווייניע" אין האַמבורגער האַפן; און ווער זיי זאָלן ניט זיין, זאָל מען זיך באַגעגענען.

דער צוועק —

...מיר'ן זיך האַלטן צוזאַמען אי אויף דער שיף, אי ווי אַ חברותא פון „אנשי שלומינו" אין אַמעריקע... ניט דווקא מחמת מוסר, נאָר בכלל רוחניות... האַלטן זיך איינגעזאַמלט אין אַן אייגענער סביבה פאַר אויסטוישן שטרעבונגען... די נייע וועלט מוז אונדז ניט באַלד זיין אַ פרעמדע וועלט...

אויף דער שיף איז עס אַרויסגעקומען געראָטן, אַ דאַנק דעם חנ'עוודיקן ענערגישן אייניקל פון פלונגיאַנער רב. זי איז אַראָפּ פון איר געלעגער אַזוי ווי מיר, ישיבה־לערנערס, אַנצוקוקן דעם זינגער פון מוסר־געזאַנג. מיר האָבן זיך באַלד דערוואוסט איר נאָמען — מרים. און זי האָט באַלד זיך אַנטפּלעקט אויך מיט איר אומרו, געבענטשט תמיד צו העלפן אַוועקנעמען זאָרג פון וועמען, אָדער טאָן וואָס וויכטיקעס פאַר גוטס.

ביז מיר זיינען אַרויף אויפן צוג קיין האַמבורג האָט די מרים שוין צונויפגעפירט עלף לערנערס פון פאַרשיידענע ישיבות, וואָס ביי זיי האָט עס געקענט הייסן: אַוועקלייגן די גמרא און אַוועקלאָזן זיך אויפן וועג קיין אַמעריקע; און נאָך אַכט, וועלכע האָבן געלערנט אין ישיבות אין פאַרשיידענע צייטן ביז זייער חתונה, און זיי האָבן גערייזט מיט זייערע פרויען. שוין אויף

דער באַן זיינען מיר געוואָרן ווי אַ חברותא; און נאָך מער אין האַמבורג, ווען מיר האָבן געדאַרפט וואַרטן כמעט אַ גאַנצן טאָג ביזן אַרויפגיין אויף דער שיף; און מרים איז געוואָרן אונדזער אָנפירערקע.

עמעצער פון אונדזעריקע האָט אַ זאָג־געטאָן —

... מיר זיינען אין האַמבורג, און עס איז דאָך היסטאָריש אַ שטאָט מיט יידן... געהאַט באַרימטע רבנים... אַן אַלטע ספרדישע שול דאַרף דאָ אויך זיין פון דער צייט פון די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע אנוסים אין איר געשיכטע... אויך אַ ביבליאָטעק מיט אַ פּנקס פון פאַרצייכנטן פאָלקלאָר...

מרים האָט עס געהערט, גערויטלט זיך, און געשמייכלט. איר נאָמען — מרים — שטאַמט פון יענער אַלטער האַמבורגער אידישקייט.

עס איז אַ געשיכטע פון דורות מיט איינעם פון אירע עלטער־זיידעס. ער האָט אַריינגעלעבט העכער אַ הונדערט יאָר; און געווען איז ער אַ לערער אין דער האַמבורגער תלמוד־תורה, וואָס האָט געשמט אין אַלע דייטשע ישובים. ביים נעמען איצט אָפּשייד פון איר זיידן, אויך שוין אין זיין הונדערטסטן יאָר, האָט ער איר דערמאָנט, וויבאַלד זי רייזט צו דער נייער וועלט דורך האַמבורג, וואָלט געווען ניט מער ווי רעכט ווען זי דערגייט צום פּנקס. זי וועט פאַר אַ ווײַלע זיין אינעם ליכט פון יענעם עלטער־זיידן, און עס וועט איר פאַרשאַפן הנאה. און עס וועט איר גאָרניט שאַטן אויך נאָכצופרעגן זיך אויפן ספר „שירי־תפארת".

צי קען מען אָבער אָפּטרעטן אויף אַ שעה צייט פונעם הויף ביים האַמבורגער האַפן, וואו מיר אַלע וואַרטן אויף דער מעלדונג אַרויפצוקומען אויף דער שיף, יעדער צו זיין באַשטימטן אָרט?

מרים איז דערגאַנגען צום שיפס־קאַפּיטאַן. זי האָט אים דערקלערט ווער, וואָס און ווען. ער האָט איר געגעבן אַ צעטל. עטלעכע פון אונדז האָבן זי באַגלייט. ס'איז אונדז געלונגען צו קענען אַריינקוקן סיי אינעם פּנקס, סיי אינעם „שירי־תפארת".

און מיר האָבן געפונען וואָס מיר זיינען געגאַנגען זוכן —

דעם לערער פון דער האַמבורגער תלמוד־תורה, מרימס ווייטן עלטער־זיידע; און דעם אָנווייז אויף אים וואָס ער האָט אַ נאָמען־געגעבן „מרים" זיין איינציק טעכטערל, ניט לויט אָפּשטאַם פון ווּעמען אין דער משפחה, נאָר אינעם מרים־גייסט פון חומש, וואָס ער האָט עס געהאַט אַרויסגעלייענט פון דער פּאָעמע „שירי־תפארת" פונעם האַמבורגער פּאָעט, נפתלי־הערץ וויזל,

אַ פריינט זיינער ביים סוף פון זיין לעבן. און די מרים, וואָס מיט אונדז, טראָגט יענערס נאָמען.

ביים שרייבן איצט וועגן דעם איז מיר היימיש. דער היסטאָרישער פּאָעט ווייזל איז שוין אויף אַ בלאַט אין אונדזער יידיש־ליטעראַטור. דעמאָלט (1904) האָבן מיר נאָך ניט געהאַט דעם גייסטרייכן דיכטער י. י. שוואַרץ, געבוירן אין מיין דור אין קאָוונע, ליטע, געערט און באַליבט פאַר זיין איבער־דיכטן אין יידיש די דורותדיקע העברעאישע פּאָעזיע פון אַלע לענדער און צייטן — פּיוטים, סליחות, קינות און תפילות און זמירות — און טאַקע אויך פערזן פון האַמבורגער „שירי־תפארת״.

די פלונגיאַנער מרים האָט ביי אונדז געקראָגן דעם נאָמען —

...מרים פון חומש...

די ערשטע צוויי טעג אויף דער שיף האָב איך געהאַט ווי פאַרלאָרן אונ־דזער גאַנצע חברותא. אויך מרימען. יעדער פון אונדז איז געווען אַזאַ פאַר־לאָרענער. אַ ים־שטורם און ים־קראַנקייט. מ'איז ניט אַראָפּ פון די געלעגערס. אַלע זיינען מיר געווען „דריטע קלאַסניקעס״ מיט צוויי־עטאַזשנע געלעגערס, איינס איבערן אַנדערן, איינגעשטעלט אין באַזונדערע שיף־אָפּטיילן, איבערגע־פּאַקט מיט אַ געדיכטער מענטש־מאַסע, און אונדזעריקע האָבן בעתן ים־שטורם שוין ניט געקענט וויסן איינער פון צווייטן. מיין אייבערשטער געלעגער האָט געהאַט די מעלה וואָס די קראַנקייט ביים אונטערשטן איז ניט געפאַלן אויף מיר, און עס האָט געהאַט דעם חסרון וואָס עס איז שווער געוואָרן עמעצן צוצוקומען צו מיר. די קראַנקייט איז באַלד געוואָרן מוראדיק מיט אומריינ־קייט. די גרויסע ברייט־אויסגעשפּרייטע שיף „פענסילווייניע״ האָט זיך גע־וואָרפן אַרויף און אַראָפּ, און די כוואַליעס האָבן זי געשליידערט אָט אויף רעכטס, אָט אויף לינקס. קאָנטראָל אין זיך האָט מיך געהאַלטן ריין, אָבער ניט געווען ביי מיר קיין טראָפּן ענערגיע אפילו צו זיין צעשראָקן, אָדער פרעגן זיך צי עס איז טאָג אָדער נאַכט.

און אויפן דריטן טאָג איז עס געווען (איך האָב עס געהערט שפּע־טער, אַז עס איז אויפן דריטן טאָג). עס האָט זיך מיר געדוכט, ווי אין אַ חלום, איך הער מיין נאָמען. איך האָב דערשפּירט עמעצער באַרירט מיין האַנט. איך האָב קוים געעפנט די אויגן. עס איז מרים, און מיט איר שטייט איינער אין עפּאָלעטן. אַ שיפס־באַאַמטער. דער ים־שטורם איז געוואָרן איינגעשטילט, האָט מרים זיך אָנגעקלאָגט אויפזוכן אונדז אַלעמען פון דער

חברותא. זי האָט געפּועלט ביי די שיף־באַאַמטע, איינער פון זיי זאָל גיין מיט איר, זי זאָל קענען אַריינקומען אויך אין די מענערשע אָפּטיילן. זי איז ממש ווי אַרומגעקראָכן צווישן די עטאַזשיקע געלעגערס, אָנרופנדיק אונדזערע נעמען. אירע ערשטע ווערטער צו מיר זיינען געווען —

....מיר האָבן שוין געשפּאָלטן דעם ים...

איך האָב ניט געהאַט קיין כח אַפילו אַ שמייכל־צו־טאָן.

און אין אַ שוועסטערשן אָנשטעל באַלד באַפעלעריש —

...גיך אויפהייבן זיך, שנעל איבערטאָן זיך, געשווינדט אַראָפּ פון גע־לעגער, פלינק אַרויף אויפן דעק... מיר'ן טרינקען הייסע טיי מיט לימענע און זינגען דאָס ליד פון „שפּאַלטן דעם ים"...

דער שר פון די ימים, וואָס איז אָקאָרשט געווען צו אונדז אַזוי גזלניש, איז פּלוצלונג געוואָרן גוט־ברודעריש. די זון האָט געשיינט. דער ים האָט געשפּיגלט. אַ נייע מענטשהייט אויף דער שיף. די „פּענסילווייניע" האָט אַרויפגעקראָגן אַ פּאָר הונדערט פּאַסאַזשירן פון עסטרייכישע, גאַליצישע, רו־מענישע און אונגאַרישע ישובים, און דערגרייכט האַמבורג האָבן זיי דורך אַנדערע דייטשן קאַנטן. צומייסטנס יידן, אָבער גאָר אַנדערע אין לשון און אין אָנטועכץ, און אויך אין געמיט.

זייער אָפּרייזע פון די היימען האָט געשטויסן דער דלות, פּשוטע אָרעמ־קייט, בעת אונדזערס פון רוסישן תחום האָט געהאַט כאַראַקטער פון אַ יציאת־מצרים. ניט קנעכטשאַפט, נאָר פּאָליטישע גזירות. דער פּרעה ביי אונדז איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון די רוסישע צאַרן, די רוסישע „שוואַרצע מאה", און פּאָן פּלעווע און קרושעוואַן, סימבאָל־נעמען פון פּאָגראָמען. אַלע גלייך, אָבער, האָבן אויף דער שיף גערעדט וואָס מיטן ים־שטורם האָט מען דורכגעלעבט אַזוינס ווי אַ קריעת ים־סוף.

פּאַרלאָזט זיך אויף ישיבה־לערנערס. נעמען זיך צונויף עטלעכע — פּאַלן תורהדיקע חכמהלעך. און דריי פון אונדזעריקע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפשרייבן אַ נייע שירה פון „שפּאַלטן דעם ים".

דריי — און געוואָרן איז אַ גאַנצער מנין. אָנגעהויבן אין לייכטער שטי־פּעריי, און דערגאַנגען אויפצואוועקן אין זיך לומדות. און אין פרומען ערנסט האָט מען איינגעשטימט אַז פּאָר אַ צוזינג מוז מען נעמען דיזעלבע שורות וואָס אין חומש —

...זינגט צו גאָט,

עד איז הויך דערהייכט...

די ווערטער ווייטער, מיט אָפּקלאַנג אין גראַם, געדענק איך ניט. דעם אינהאַלט — יאָ. בקיצורדיקע אָנווייזן אויף פּערלדיק־פּאָעטישע מדרשים און אגדות, רבנישע ספרים און צאינה־וראינהדיקע זאָגענישן פאַר ווייבער.

אַרויסגעקומען איז אַ מזמור פאַר נחשון מיט דער העלדישקייט, וואָס ער איז געווען דער ערשטער אַריינצושפּרינגען אין ים; און דערמיט איז ער געוואָרן דער שענסטער פּרינץ פאַר פרייהייט, ווארים די שכינה האָט אים באַלד איינגעהילט; און אהרן האָט זיך דעמאָלט איינגעהערט צו די רייד פון זיין שוועסטער מרים, ער זאָל היראַטן מיט נחשונס שוועסטער; און דורך דעם זיינען יידן געוואָרן אַ פאָלק מיט שיינע ליכטיקע פּנימער...

אַן אַנדער פּערז, אַ למנצח איבער דער גאַנצער זאַגאַ פון די צוויי ברי־דער, משה און אהרן, און מרים זייער שוועסטער, וואָס גאָט האָט זיי געהייליקט אַריינצופירן זייער פאָלק אין פרייהייט; און געווינטלעכע מענטשלעכקייט האָט זיך פון זיי ניט אָפּגעטאָן; אַ ראיה, זייער פאַמיליע־משפּט פאַר גאָט איבער משהס חתונה־האָבן מיט דער כותי...

אויך געזאַנג־שורות צו די שיינקייטן פון מרימס נשמה, וואָס דורך איר באַמי האָט אין מדבר זיך באַוויזן אַ וואַסער־קוואַל אין אַ שטיין; און דער קוואַל האָט מיטגעוואַנדערט זייט־ביי־זייט מיט איר; און ביים סוף פון אירע טעג, מיט אַ קוש פון גאָט, איז אויך דער קוואַל פאַרשוואונדן; וויינען קינדער, אפילו נאָך אין די לייבער פון די מוטערס: דער קוואַל, דער קוואַל זאָל זיך אומקערן...

דערצו שורות אין ליד צו מרימס נשמה אין נצחון, וואָס גאָט אַליין האָט אויסגעקליבן איר אייניקל, בצלאל, ער זאָל מיט זיין חכמה און קינסטלערישן טאַלענט, גייסטיקע ירושה זיינע פון דער באָבען, נעמען בויען אין מדבר דעם משכן און דעם אוהל־מועד, און אויסמייסטרעווען דעם ארון און די מנורה...

...זינגט צו גאָט,

וואָרים ער איז הויך דערהייכט,

אָמן סלה...

בין איך ניט אין דער ראָל צו פסקענען צי אין די אויסגעשטעלטע שורות פון אונדזערע ישיבה־לערנערס איז געווען דיכטערישער טאַלענט; גייסט, אָבער, פולע צען מאָס. און מ׳האָט עס באַלד געזונגען אויפן דעק פון שיף. דעם ניגון האָבן מיר גענומען פון קאָמבינירן מעלאָדיעס פון דער פּסחדיקער

„הגדה״. עס איז געווען אַ „סוקסעס״. דעם צוזינג האָט מיטגעזונגען דער גאַנ־צער עולם אויפן דעק. אַן אומגעריכטע זעלטענע סצענע. דער גערויש פון די ים־כוואַליעס האָט צוגעגעבן אַ מיסטישן צושפּיל. פּאַסאַזשירן פון די העכערע קלאַסן זיינען אַראָפּגעקומען אַ קוק־טאָן וואָס עס גייט־אָן. שיף־באַאַמטע האָבן זיי באַגלייט. אונדזער מרים, אייניקל פון פּלונגיאַנער רב, איז געוואָרן די פּאָפּולערסטע געשטאַלט אויף דער שיף. ס׳האָט געגאָלטן דער צונאָמען „די שיף־שוועסטער״.

דאַרף איך שוין דאָ פּאַרצייכענען וואָס היסטאָרישער מזל איז דערמיט געקומען צום אייניקל פון פּלונגיאַנער רב. „מרים פון חומש״ האָט געהאַט איר ראָל אויך ביי די גלגולים פון שיף־שוועסטער.

פריער „שאַפּ־מאַמע״, שפּעטער „שאַפּ־טשערליידי״.

פּאָרמעל ווערט געשטעלט די היינטיקע „שאַפּ־טשערליידי״ פּאַראַלעל מיטן מענערשן „שאַפּ־טשערמאַן״. זיי האָבן אָבער גאַנץ אַנדערע ביאָגראַפיעס.

אָפּשטאַם פון „שאַפּ־מאַמע״ האָט באַטייט אויפנעמען אין זיך שטריכן פון דער שטאָט־מאַמע, אַ האַרציק פאָלקס־חן אין יידישן „שטעטל״ ביים אָנהייב פון מיינע דורות; און מיטן איבערגאַנג פון שיף־שוועסטער צו „שאַפּ־מאַמע״ איז אויפגעגאַנגען אַ ליכט אין דער שאַפּ־וועלט ביי דער יידישער אימיגראַציע און ביי אַמעריקאַניש־יידישע אַנטוויקלונגען.

(דער לייענער וועט צו דעם קומען אין ווייטערדיקע קאַפּיטלעך).

# אונטער אַמעריקעס יידישע הימלען

אַנהייב וועג

האַרלעם און ד״ר שמואל פעסקין. — בונדיסטן און „ראָבערט אָוען־קלוב״. — „היינעס לאַנדסמאַן״. — דריי צעשניטענע פינגערס און „גאָטס אויג״. — יאַהודים און ליטוואַקעס. — דער מינסקער חריף. — דער מינסקער עילוי. — דער ייד פון לובלין. — אַ נעסט פון באַרימטהייטן אויף איסט בראָדווײַ. — פּראָפעסאָר קאַהן און פּראָפעסאָר עראָן. — ש. יאַנאָווסקי און „דוברי שפת עבר״. — אַ יונגער בחור מיטן נאָמען טענענהאָלץ. — אַ קירזשנער־סצענע מיט עדעלשטאַט־געזאַנג.

## 1



פּנים אַזוי טאַקע איז געווען מיין גורל — אַ ליכטיקער, אַ גוט־מזלדיקער גורל — וואָס גלייך אין מיינע ערשטע טעג אויף אַמעריקעס ערד זאָל איך זיך איינגעפינען אין געזעל־שאַפטן מיט מענטשן, וואָס זייערע נעמען, פּנימער, רעיונות און טואונגען זאָלן דורך פּערזענלעכע פריינטשאַפטן, אָדער צופעליקע באַגעגענישן, ווערן ווי איינס מיט מיר פאַר אַלע וויטערדיקע יאָרן.

ביים צוקומען דעמאָלט צו די ברעגעס פון ניו־יאָרק, איז אַמעריקע געווען אַזוי נאָבל צו אונדז, די צוגעוואָגלטע, אַז אַלץ וואָס מיר האָבן געהאַט דורכ־צומאַכן איז אַריבער אין געציילטע מינוטן.

בלויז אַ דאָקטאָרס אַריינקוקן אין די אויגן, מעלדן דעם ערשטן אַדרעס

וואו מען וועט זיך אויפהאַלטן, און ווייזן, אַז מ׳האָט פיר דאָלאַר, וואָס קען אפשר קאָסטן צוצוקומען צום אָנגעגעבענעם אַדרעס.

בין איך אין אָוונט פון זעלביקן טאָג שוין געזעסן ביים היימישן טיש פון מיין מוטערס שוועסטער, מומע צירע, אויפן פינפטן שטאָק, הונדערט און ערשטע גאַס, צווישן ערשטער און צווייטער עוועניו, האַרלעם. שכנים זיינען אַריינגעקומען הערן וואָס גוטס, אָדער חלילה שלעכטס, פון דער „אַלטער היים״. מ׳פרעגט ביי מיר וואָס איך קלייב זיך טאָן. אפשר קאָן ווער באַהילפיק זיין. עס איז פון די האַרציקע שטריכן אין דער דראַמע פון אונדזער פאָלקס וואַנדערונגען. איידער איך ענטפער־אָפּ, טוט אַ זאָג אַ מינסקער שכן —

מאָרגן אַרבעט ער נישט, וועט ער אַריינקומען מיך נעמען צום „ראָבערט אָוען־קלוב״, וואָס איז דאָך דאָ גלייך דערביי, און דער דאָקטאָר וועט שוין געבן אַן עצה...

מיטן „דאָקטאָר״ האָט ער געמיינט ד״ר שמואל פעסקין. איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט קיין אַנונג, אַז איך גיי באַגעגענען איינעם פון די וואַרעמסטע געשטאַלטן אין די קאַפּיטלעך פון מיין אימיגראַציע־דור.

ד״ר שמואל פעסקין, מעדיצין־דאָקטאָר און סאָציאַליסטישער פּובליציסט, פון די ווילכטיקסטע שרייבער־אויפקלערערס ביים יידיש־סאָציאַליסטישן זשורנאַליזם, און אַ „בערנשטייניאַנער״ אין סאָציאַליזם, וואָס עס באַטייט מיט אַ ברייטן קוק אויף סאָציאַליסטישע צילן, און וואָס דערמיט איז ער פיל אַנדערש ווי די מייסטע קאָלעגן זיינע ביי דער רוסיש־יידישער אינטעליגענץ.

איך הער עס פון מיין באַגלייטער צום „ראָבערט אָוען־קלוב״ (נאָמען: איסאַק טימען, אַ הויז־מאָלער). און איך הער מער —

אַז ד״ר פעסקין איז אַ גרויסער מאמין אין קאָאָפּעראַטיווע פּראָיעקטן, און אינעם אַמעריקאַנער וועג פון אַרבעטער־יוניאָניזם, דערצו אַ גליענדיקע פּערזענלעכקייט מיט זיין כאַראַקטער, וואָס תמיד איז ער גרייט אַרויסצוהעלפן מענטשן, און דער האַרלעמער „ראָבערט אָוען־קלוב״ איז זיינס אַן אויפטו. דער ציל: גייסטיקע אַנטוויקלונג צו קענען באַנעמען די נייע וועלט אַרום אונדז, און דערצו זיין אַ מאָראַלע ברודערשאַפט אין אימיגראַנטישן אַרבעטער־לעבן.

ראָבערט אָוען, אַ פרעמדער נאָמען, און ס׳האָט דווקא אַ צאַפּל־געטאָן אין מיין זינען.

עס האָט אין מיר אויפגעוועקט וואָס אין די סלוצקער טעג האָב איך געהאַט געלייענט אינעם היסטאָריש־באַרימטן „השלוח“ אַ מאמר מיט גרויס באַוואונדער פאַר דעם ענגלישן דענקער־אידעאַליסט און מענטש־פריינט אויף דער העכסטער מדרגה, ראָבערט אָוען. דער שרייבער איז, דוכט מיר, געווען ד״ר שמעון בערנפעלד, אויב נישט ד״ר יוסף קלויזנער. דער מאמר האָט פאַרגליכן ראָבערט אָוען — זיין כאַראַקטער, זיינע וויזיעס, זיינע מעשים — מיט תמימותדיקע אנשי־צדק טיף אין דער דורותדיקער געשיכטע פון ירו־שלים. דער שרייבער איז אַפילו דערגאַנגען צום לעבנס־שטייגער ביי משיחישע סעקטעס, אויך די „אסיים“. אין מיטן לייענען דעמאָלט האָב איך דערשפירט ווי איך וואָלט פאַרפאַלן געוואָרן ערגעץ אין אַ ווייט־ווייטער ווייטקייט. ווייט־ווייטע דורות אין ירושלים, און ווייט איז דאָך מיר געווען אויך דער נאָמען ראָבערט אָוען. און אָט גיי איך גאָר איצט צו אַ „ראָבערט אָוען־קלוב“, און יידישע מענטשן, אונדזעריקע, אינטעליגענטן און באַלמעלאָכעס, זיינען זיך מתעסק אַרום דעם, און איך שפיר נאָנטקייט...

עס ווערט מיר ווי אַ רעטעניש.

איך האָב עס אַ זאָג־געטאָן אין מיינע ערשטע רייד מיט ד״ר שמואל פעסקין. אים איז געווען אינטערעסאַנט צו הערן וועגן דעם מאמר אין „השלוח“. זיין פירוש דערויף האָט אַנטפּלעקט זיין פערזענלעכקייט.

דער תוכן פון זיינע רייד —

...דער מחבר אין „השלוח“, צי עס איז געווען קלויזנער, אָדער בערנ־פעלד, האָט אַוודאי געקענט האָבן שרייבערשע פרייד ביים דערזען אויף ראָבערט אָוען אָפּשיין פון ירושלים... נאָר אויב ער האָט געקענט מיינען, אַז ראָבערט אָוען איז דערמיט אַ בעל־חוב דער יידישער געשיכטע, איז דער חוב שוין געוואָרן אָפּגעצאָלט... ראָבערט אָוען האָט צוריקגעצאָלט אויך מיט אָפּשיין... פאַרטיפט מענטשלעכע צילן זיינע האָבן אַריינגעשיינט אין דער יידישער „עם־עולם“ באַוועגונג, הגם געקומען צו אונדז איז „עם־עולם“ דורך שטרענג אייגענע יידישע וועגן... דורכן פּאָגראָם־שטורעם אין רוס־לאַנד (1881־82), און דורכן אייביק־יידישן שטרעבן צו פאָלקס־דערלייזונג אין אַ וועלט פון צדק... און האָבן די „עם־עולם“־וויזיעס ניט געלאָזן זיך רעאַליזירן ביי יידישער פעלד־אַרבעט אין די פרייהייטן פון אַמעריקע, פונקט ווי די ראָבערט אָוען־פּראָגראַמען האָבן ניט געלאָזט זיך רעאַליזירן, זיינען

זיי אָבער נישט פאַרשטומט געוואָרן... זיי האָבן אָנגעשטימט שעפערישע כוחות פאַר אַ נשמהדיקער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג...

דער פעסקין־נוסח האָט מיך גערייצט —

...איך מוז מיך באַקענען מיט דער גאַנצער געשיכטע פון „עם־עולם"... איך מוז נעמען לערנען די אַרבעטער־באַוועגונג...

און ער האָט באַלד געטאָן פאַר מיר גרויס גוטס, ד"ר פעסקין. ער האָט זיכער־געמאַכט איך זאָל קריגן דורכן ראָבערט אָוען־קלוב מיין ערשטע שטעלע ביי אַרבעט. מיין סאַמע ערשטע מלאכה נאָך די יוגנט־יאָרן, וואָס פאַרנומען זיינען זיי געווען בלויז מיט ספרים. עס איז מיר אַריין אין געמיט ווי אַ נייע ליכטיקייט. איך האָב געהאַלטן אין איין זאָגן זיך —

...טאַקע איצט גיי איך אַריין אין אַ ניי לעבן...

דער קלוב האָט געהאַט זיך איינגעשטעלט ווי אַ צענטראַלע פון אַרבע־טער דורכאויס ביי פאַכן פון הייזער־געבוי. גאַנץ האַרלעם האָט דעמאָלט זיך געבויט. אַלע זייטן פון האַרלעם. אין דער ברייט, פון איסט־ריווער ביז אַריבערן סענטראַל־פּאַרק און אַריין אין דער וועסט־סייד מיט גאַסן־פאַר־דרייעניש צום האָדסאָן; און אין דער לענג, פון די אַכציקער יאָרקוויל־גאַסן ביז צום אָנהייב בראָנקס; און בראָנקס האָט דעמאָלט אויך זיך געבויט. מ'האָט איבערגעבויט אַלטע פונקטן און באַבויט שטרעקעס פוסטעניש. אימיגראַציע האָט געבראַכט ממש אַ ניי פאָלק, האָט מען געשטעלט גאַס נאָך גאַס מיט טע־נעמענט־הייזער, אַנדערש פאָרמירט ווי אויף דער איסט־סייד, אַראָפּ־שטאָט; די דירות בעסער באַרעכנט, זיי זאָלן האָבן מער ליכטיקייט און מער לופטי־קייט. איך געדענק די קלוב־מיטגלידער, אָקאָרשט־געקומענע אימיגראַנטן מיט זייערע פאַכן, און זייער באַוואונדערן די נייע האַרלעמער און בראָנקסער היימען —

...וואַרשעווער און ווילנער הויז־מאָלערס, מינסקער קאַלכערס און טאַ־פּעצירערס, וויטעבסקער מויערערס, קאָוונער סטאָליערס, אָדעסער שלאָ־סערס...

איך געברויך דאָ מיינע יידישע ווערטער. אינעם לשון פון אַמעריקאַ־ניזמען האָבן זיי אין קלוב געהייסן —

...פּיינטערס, פּייפּער־הענגערס, בריק־לייערס, קאַרפּענטערס, לאָק־סמיטס...

די אַמעריקאַנישע פאַך־נעמען זיינען גיך געוואָרן געזעצלעכע קינדער אין

אונדזער קאָלירפולן לשון־יידיש. און דער קלוב האָט אויך געדינט די באַל־מעלאָכעס ווי אַ הילפס־וועג אַריינצוקומען אין די יוניאָנס פון זייערע פאַכן און ממילא קריגן דורך זיי אַרבעט מיט העכערן פאַרדינסט. און ביז מען פלעגט עס דערגרייכן, איז אונטער דער השגחה פון קלוב אָנגעגאַנגען אַ טיילן־זיך מיט אַרבעט. זאָל קיינער נישט ווערן געפּלאָגט מיט ביטערער אָר־בעטסלאָזיקייט ווען מען איז עלנט אין די ערשטע חדשים אונטער אַ פרעמדן הימל.

אַ זעלטענע מאָראַלישע ברודערשאַפט איז דער קלוב געווען; און האָט זיך וואו געוויזן אַן עוולה, איז די אויטאָריטעט ביים אויסגלייכן געווען ד״ר פעסקין — ווי אין היימישן שטעטל אַ דין־תורה...

און פלעגט קומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן קלוב און דער דייטשער פיינ־טערס־יוניאָן, אָדער דער האַלב־דייטשער קאַרפּענטערס־יוניאָן ביידע אין האַרלעם, פלעגט ד״ר פעסקין פאַראינטערעסירן דעריין די דייטש־סאָציאַ־ליסטישע „פאָלקסצייטונג״, און דעמאָלט האָט נאָך געלעבט איר היסטאָרישער רעדאַקטאָר, אַלעקסאַנדער יאָנאַס, און ער האָט שכלדיק, און מיט געפיל, באַגריפן די ספּעציפישע נויטן ביי דער יידישער אימיגראַציע, און תמיד געווירקט פאַרן יידישן צד.

אַ ביבליאָטעק האָט דער קלוב, פאַרשטייט זיך, אויך געהאַט. ד״ר פעס־קין פלעגט פון ערגעץ תמיד ברענגען סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע בראָשורן און זשורנאַלן, אויך פאַרעלטערטע צייטונגען, יידישע און רוסישע און דייטשע, וואָס ווער האָט זיי פאַרהיט מחמת ווערטפולן אינהאַלט. ווי אַ מעדיצין־דאָקטאָר, איז אים אַוודאי וויכטיק געווען צו זיין אין צייט ביי יעדן פאַציענט, נאָר אין זיין גיין פון איינעם צום אַנדערן פלעגט ער זיך אַ ווייז־טאָן אין קלוב, און מיט זיין דאָקטאָרשן מעדיצין־טאַש האָט ער תמיד ביי זיך אויך געהאַט אַ בוך איבערצולאָזן אין קלוב.

און ער האָט איינגעפירט פרייטיק־צו־נאַכטיקע קלוב־צוזאַמענקונפטן מיט שטעלן דעם טראָפ אויף גייסטיקער פאַרבינדונג מיט די אַלטע היימען. ער האָט געוואוסט, אַז דערמיט וועט ער באַפרידיקן דאָס פאַרבענקטע געמיט ביים אימיגראַנטיש־יידישן פאָלקס־מענטש. ער האָט עס געטאָן מיט דערציילן נייעסן פון די היימישע שטעט, און אונטערשטרייכן באַטייט. עס האָט צומאָל געהאַט כאַראַקטער פון דירעקטע גרוסן. דער קלוב פלעגט זיין דעמאָלט

איבערפולט. אויך ווייבער פלעגן קומען. איך האָב צומאָל באַמערקט טרערן אין ווײַמענס אויגן. בענקשאַפט. געשמאַקע טרערן.

אַן אָפּגעררייזטער פון זיין היים־שטאָט, ווילנע, איידער דער „בונד" איז אויפגעקומען, אָבער געוואָרן אַ מאמין אין „בונד" בעת זיין סטודענטשאַפט אין בעלגיע, פלעגט ד״ר פעסקין זיך באַנוצן מיט יעטווידער אינפאָרמאַציע צו דערציילן וועגן דעם וואוקס פון „בונד", וואָס מען זעט עס אין שטאָט נאָך שטאָט ביי גאַס־דעמאָנסטראַציעס אין פאַרמעסטן־זיך קעגן דער צאַרי־שער פּאָליציי. דעמאָלט האָט מען אין קלוב געהערט באַדויער וואָס מ׳איז אַוועק פון דער היים „אַזוי ווייט"...

דער מינסקער איסאַק טימען, אַ בונדיסט, וועלכער האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ צאַרישע טורמע, און פאַרמאָגט פעאיקייטן פאַר פּאָלעמיק מיט קעגנערס, האָט אין אַ קלוב־אָוונט עס אַרויסגעשריען ממש מיט אַ פאַרכאַפּט האַרץ. מ׳האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט, אַלעמען האָט זיך געוואָלט מיטלעבן אין די היים־אַנטוויקלונגען.

מיט אַזוינע סענטימענטן פלעגן ווערן אויך הייסע דעבאַטעס אין קלוב. די מערסטע מיטגלידער זיינען טאַקע געווען געקומענע בונדיסטן פון זייערע שטעט. אַ קלענערע צאָל האָט געהאַט אַזעלכע „מעטריקעס" פון אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. האָט מען בעת די דעבאַטעס געהערט אָפּ־קלאַנגען —

...פונעם מינסקער קאַפּיטל „זובאַטאָווטשינאַ" מיט דער ראָל פון מאַניאַ ווילבושעוויטש, וואָס איז נאָך געווען פריש, אַ וואונד אין יונגן האַרצן פון דער אָקאָרשט־אויפגעקומענער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג... די אינטעליגענ־טע, די אידעאַליסטישע מאַניאַ ווילבושעוויטש, זאָל גלויבן זובאַטאָוון, דעם משרת ביים צאַריזם?...

...פון „וואָלטאָווצעס", סאָציאַליסטן מיט יידישע פאָלקס־אידעאַלן אויפן נאָמען פון זייער גייסטרייכן מורה־דרך, דער יונגער פּאָעט אברהם וואָלט־לעסין, הגם אַליין שוין אין אַמעריקע...

...און פון די ערשטע וויכוחים ביי דער בונדישער אינטעליגענץ אויף וויפל דער „בונד" איז ניט בלויז אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן צאַריזם, נאָר מיטן אידעאַל סאָציאַליזם צילט ער צו רעוואָלוציע אין יידישן לעבן גופא...

...און וואָס איז מיטן ציוניזם און די פּועלי־ציון?... און געווען שוין

אויך „עס־עס׳אָווצעס״ (סאָציאַליסטן־ציוניסטן, געצילט צו טעריטאָריאַליזם, ניט דווקא צו פּאַלעסטינע)... אַלע זיינען זיי דאָך רעוואָלוציאָנערע כוחות ביים יידישן פאָלק!...

די אַלע דעבאַטעס קלינגען מיר נישט פרעמד. פיל דערפון האָב איך שוין געהאַט געהערט ביי די „סלוצקער בני־יהודה״. נאָר דאָרטן האָט עס געהאַט דעם טעם פון אינטעליגענטישן פלפול, געדאַנקען, אַרויסגעזאָגט פון סטו־דענטן און ישיבה־לערנערס. דאָ, אָבער, קומט עס פון האַרצן פון פאַרהאָ־רעוועטע אַרבעטער. איז אין מיין זינען באַוואונדער, און איך פאָלג עס נאָך מיט דער וואַרעמסטער געשפּאַנטקייט.

די בונדיסטן זיינען מיר געווען ליבער. זיי האָבן גערעדט מיט ערלעכן פּראָטעסט קעגן דער וויסטער באַהאַנדלונג, וואָס עס קריגן פאַראַרעמטע באַל־מעלאָכעס אין אונדזערע פאַראַרעמטע שטעטלעך פון גאַווהדיקע גבאים...

איך בין נאָך געווען רוי אין די פּאַרטיי־אַרגומענטאַציעס, נאָר איך גע־דענק אַ זאָג אין ד״ר פעסקינס אַ רעדע בעת יענע דעבאַטעס —

...ביידע גלייך, דער ווילנער בונדישער שוסטער הערש לעקערט און דער קיעווער סטודענט, ציוניסט־סאָציאַליסט, פּנחס דאַשעווסקי, האָבן גע־הייליקט אונדזער דור...

קיינמאָל ניט אָראַטאָריש אַרויסצוזאָגן אַ געפליגלטע פראַזע, נאָר תמיד לערעריש, פּראָפעסאָריש, האָט ד״ר פעסקינס לעקערט־דאַשעווסקי־זאָג געקענט קומען נאָך אַ פאַרטיפטן טראַכטן. און ס׳האָט מיך ווי געפאַנגען.

אויך מוצאי־שבת־צוזאַמענקונפטן האָט ד״ר פעסקין איינגעשטעלט אין קלוב; אַ וואָך־נאָך־וואָך־סעריע, וואָס די טעמע איז געווען —

...מיט וואָס אַמעריקע איז אַנדערש...

ביים האַלטן עס וואָך אין מיינע זכרונות גילט די איבערצייגונג, אַז דאָס איז געווען די וויכטיקסטע לעקציע־פּראָגראַם מיט אויפקלערונגען, אין וואָס יידישע אימיגראַנטן־אַרבעטער האָבן דעמאָלט זיך גענויטיקט. אייגנטלעך אויך די פון שפּעטערדיקע אימיגראַציע־קאַפּיטלעך. ד״ר פעסקין האָט גע־טייטשט אַמעריקעס ווענן אין אַרבעטער־יוניאָניזם מיט אָנשטעלן ליכט אויף זיי פון אַמעריקעס געשיכטע. און אַמעריקעס יוניאָן־אויפגאַבעס האָט ער באַלויכטן מיט ראָבערט אָוענס נביאות —

...עס וועט ווערן אַ היים־נויט פאַר קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־הייזער, וואָס בויען וועלן זיי די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס...

אַזוי רעדן דעמאָלט צו יידישע אימיגראַנטן האָט געקענט איבערלאָזן איינדרוקן פון סתם טרוימעריי, אָבער עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער האָט עס דאָך אָנגעהייבן מקוים־ווערן.

און טאַקע דורך די יידיש־אויפגעבויטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

און קוים האָט זיך אָנגעהייבן, איז עס באַלד געוואָרן ווי אַ מעכטיקע דערשיינונג.

און עס געהערט צו די געצירטע קרוינען פון דער גרופּע יידישע אַר־בעטער־פירערס ביי שניידעריי —

...סידני הילמאַן און מאָריס זיגמאַן, דוד דובינסקי און דזשייקאָב פּאָ־טאָפסקי; און מיט זיי די אַרויסגעוואַקסענע טאַלענטירטע זין פון אידעאַליס־טישע יידישע אַרבעטער־משפּחות אין סאָציאַלע באַוועגונגען, דער איצט שוין פאַרעלטערטער אברהם קיזין און דער יונגער העראַלד אָסטראָף...

פאַראַן דאָך טורעמדיקע מאָנומענטן דערפון; צעשטעלטע הייזער מיט טויזנטער ליכטיקע פענצטער אויף אַרומגעמענדיקע פּונקטן אין דער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק מיט איר מאַנהעטן און בראָנקס און ברוקלין —

...די אימפּאָזאַנטע קאָאָפּעראַטיווע געביידן, אַרומגערינגלט מיט פאַר־פלאַנצטע אינטימע פאַרקן ווי גאַנצע קוואַרטאַלן; אַפילו ווי שטעטלעך פאַר זיך אַליין...

און די וועלט־שטאָט ניו־יאָרק שטייט דורך זיי באַשיינט און באַחנט —

...די זעלטנסטע דעמאָנסטראַציע פונעם אויפשטייג פון יידישע כוחות אין אַמעריקעס פרייער ציוויליזאַציע; און יאָ, ווי אַ תיקון פאַרן היסטאָרישן יידישן שטעטל, וואָס איז געוואָרן צעשאָכטן און פאַרברענט דורך די רשעים אין היינטיקן יאָרהונדערט...

## 2

אינעם קאַפּיטל האַרלעם פון מיינע ערשטע טעג אונטער אַמעריקעס הימלען קומט אַריין אַ פיל־ברייטערער סביבה ווי דער „ראָבערט אָוען־קלוב״; אויף די האַרלעם פון שוין אַמעריקאַנישע יידישע דורות, אויפגעוואַקסענע אויף די פעלדער פון פריערדיקע אימיגראַציעס —

...שפּאַניש-פּאָרטוגעזישע, דייטש-עסטרייכישע, בעהמיש-אונגאַרישע, און מזרח-און דרום-איראָפּעאישע...

זין און טעכטער און אייניקלעך, וואָס האָבן שוין געהאַט איבערגענומען בירושה די מצווה פון צדקה; אויך דאָס מאָראַלע געבאָט פון פּדיון-שבויים און מתיר-אסורים, באַשיצן פאָלקס-ברידער אונטער בלבולים אין תפיסות אין רשעותדיקע מדינות; און אַ פּאַרטאָן-זיך מיט חשק אין יידישער גייסטיקייט דורכן אייגענעם לשון ענגליש.

דאָך האָט מען דעמאָלט זיי אָנגערופן „יאַהודים", וואָס געווען דערין איז סאַטירע —

...אויך-מיר יידן...

איך בין דערגאַנגען צו זייער געזעלשאַפטלעכן צענטער, וואָס געווען איז עס, און אויך איצט איז עס, ביי דער 92סטער גאַס, „אַפּטאַנער וואַי" (יאָנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָן). איך האָב געהאַט געלייענט אין דער פּרימאָרגנדיקער דייטשער „שטאַטסצייטונג", אַז דעמזעלביקן אָוונט וועט מען דאָרטן שטעלן אַ דראַמאַטישן שפּיל, וואָס הייסט „גאָטס אויג", און עס וועט זיין טייל-וויז אין ענגליש, טיילווייז אין דייטש.

דער אינהאַלט —

אַ לעגענדאַרע געשיכטע מיט אַ זעלטן-פּאַרטיפּטן גייסט אַרום דאָס „אייביקע ליכט" אין יידישן פאָלקלאָר (נר-תמיד)...

אויך איז געווען געשריבן, אַז דער באַנקיר-פילאַנטראָפּ, יאַקאָב שיף, האָט געגעבן דער „היברו וואַי" אַ מתנה, אַ היפּשע סומע צו קענען זיך פאַרנעמען מיט אַ גרויסער ביבליאָטעק און ליטעראַרישע פּראָגראַמען פון היסטאָריש-יידישן כאַראַקטער, און אַז מיט „גאָטס אויג" הייבט זיך עס אָן.

געמאָלדן איז דערצו געווען, אַז מ'האָט איינגעלאַדן פּראָמינענטע פאַמיליעס צו קומען עס בייוואוינען, אָבער אויך מענטשן פון פאָלק קענען פריי אַריינגעקומען. אין דער אָפּגעדרוקטער ליסטע פון די איינגעלאַדענע האָב איך דערזען דעם נאָמען פון ד״ר סאַמועל פּעסקין, דערביי אָנגעגעבן: „מעדיצין-דאָקטאָר, און לערער ביי די רוסיש-יידישע אימיגראַנטן אין האַרלעם"

יאָ, מיין ד״ר פּעסקין.

איך האָב באַלד זיך אַ זאָג-געטאָן: איכ'ל גיין אַהין, און אויב איכ'ל אים דערזען פון דערווייטנס, וועל איך אים נישט באַלעסטיקן מיט פּרוּוון רעדן צו אים.

עס איז געווען אַ מיטוואָך, און גראָד מיין ערשטער טאָג אַרבעט ווי אַ געהילף ביי אַ טאַפּעצירער (אַ „פּייסטער" ביי אַ „פּייפּער־הענגער"), וואָס מ'האָט געקראָגן פאַר מיר אין „ראָבערט אָוען־קלוב". מיין אַרבעט־געבער האָט מיך באַגעגנט מיט אַ זעלטענער וואַרעמקייט. עס האָט געשטימט מיט זיין נאַטור. איך האָב געהאַט פיל געהערט וועגן אים אין קלוב. מ'האָט אים אָנגערופן „הפקר־יונג", אָבער ניט אין אַ זין פון טאַדל. עס האָט גאָר גע־מיינט אַ סאָרט לויב: אַ לוסטיקער חברה־מאַן, און ניט קיין פאַר־זיך־מענטש. תמיד אָפּגעקערט זיך פון אייגענע אינטערעסן, אויב עס האָט געקענט זיין אַ הילף אַ בויטבאַדערפטיקן. קלוב־מיטגלידער, אין גוט־מוט, האָבן געהאַט פאַר אים אויך אַזעלכע צו־נעמען —

...דזשעק דער ציגיינער...

...דזשעק דער שיכור...

...דזשעק דער אַנאַרכיסט...

...דזשעק, היינריך היינעס לאַנדסמאַן...

ציגיינעריש מיטן אויסזען, אַ טונקל פּנים, גרויסע צעפלאַקערטע אויגן; און ציגיינעריש נאָך מער מיט זיין וואַנדערן פון קאָנטראַקטאָר צו קאָנטראַק־טאָר, נישט לאָזן זיך צובינדן צו אַ באַשטימטער פאַרפליכטונג. גע'שמט ווי אַ קינסטלערישער באַלמעלאָכע, האָט מען אויף אים געקוקט ווי אויף אַ דע־קאָראַטאָר, אַ באַצירער, אַן אויספוצער פון דירות אין פיינסטן געשמאַק. און פלעגט מען אים פאַרלייגן אַרבעט אין דירות פון אַריסטאָקראַטישע פאַמי־ליעס מיט הויך־באַצאָלטע טאַפּעטן, און הויך באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט, באַר די פאַמיליע פון דער דירה איז אים נישט געווען צום האַרצן, פלעגט ער פאַר־טיק מאַכן אַ צימער, און אַוועק. און זאָל דער קאָנטראַקטאָר האָבן די צרות און איבערקומען עס. אים האָט אין אַזאַ פאַל נישט געאַרט אַפילו ווען ער האָט פאַר דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט ניט געקראָגן באַצאָלט.

זיין שיכרות — דער טאָג ביי אים פלעגט טאַקע זיך אָנהייבן מיט אַ טרונק בראָנפן, זיין פרישטיק. גאָרנישט עסן, נאָר אַ שנאַפּס. אָבער שיכור איז ער קיינמאָל נישט געווען. אין זיין וואַליזע מיטן אַרבעט־געצייג האָט ער תמיד געהאַט אויך אַ פלאַש בראָנפן, אָבער בעת דער אַרבעט גופא האָט ער זעלטן־ווען געטרונקען. נאָך דער אַרבעט פלעגט ער יאָ נעמען אַ „גרויסן זופּ", אָבער שיכור האָט מען אים פאָרט נישט געזען.

אָנרופן אים „אַנאַרכיסט" ווי אַ צונאָמען, האָט יאָ געקענט האָבן אַ זין.

אַנאַרכיזם איז ביי אים געווען נישט סאָציאַל־פּאָליטישעס מיט אַ ציל צו רע־וואָלוציע, נאָר קולטורעלעס ווי אַן אמונה אומצעטיילט פון זיינע אַנדערע מחשבות און פון זיין געמיט.

געווען אויך אַ וואונדערלעכקייט מיט אים: זיין קענטשאַפט אין דער אַנאַרכיסטישער פילאָזאָפיע און אירע דענקערס אויף גאָר דער וועלט. דער־צו איז ער געווען אין אינטימער פריינטשאַפט מיטן דייטשן אַנאַרכיסטישן קעמפער אין אַמעריקע, יאָהאַן מאָסט, מיט זיין דייטש־אַנאַרכיסטישער צייט־שריפט „פרייהייט", הגם טעאָרעטיש אין ראַנגלעניש מיט אים — ער, דזשעק, מער אויף דער זייט פון אַנאַרכיסטישן אינדיווידואַליזם, לויט בענדזשאַמין ר. טאַקער.

אַ געבוירענער פון דער היינריך היינע־שטאָט דיסעלדאָרף, דייטשלאַנד, האָט דער צונאָמען „היינעס לאַנדסמאַן" אים פולשטענדיק געקליידט, אויך איבער זיין אַרומטראָגן זיך מיט אַ גאַנצן לעקסיקאָן פון חוזק־ווערטער פאַר די דיסעלדאָרפער דייטשן פאַר זייער אַנטזאָגן אַן אויפשטעל פון אַ היינע־מאָנומענט אין דער היינע־שטאָט. און ווייט נישט אַלע חוזקרייען זיינע קען מען אַריינגעמען אין דרוק.

גרויס קענטשאַפט אין דער דייטשער ליטעראַטור איז אויך געווען דזשעקס, אַן אייגנשאַפט, אין עיקר, טאָקע די היינע־שריפטן, אַלע היינע־לידער, דאָס גאַנצע היינע־פאַרנעם. די היינע־לידער האָט ער געקענט אויס־ווייניק, און ער פלעגט זיי רעציטירן אָדער זינגען צו זיך אַליין בעת דער אַרבעט אויפן לייטער ביים אַרויפקלעפּן די טאַפּעטן אויף דער וואַנט.

ביים הערן פון מיר, אַז דער נאָמען היינע איז אַ ליבשאַפט ביי מיר זינט מיינע ייִנגסטע טעג, איז ער געוואָרן צוגעלאָזן צו מיר ווי ער וואָלט מיר געקענט יאָרן.

בעתן לערנען אויך די מלאכה פון „פּייפּער־הענגען" מיט אילוסטרירן ווי אַזוי מיין ערשטע אַרבעט וועט דאַרפן אָנגיין — קודם אָנשמירן דאָס געקלעפּעכץ אויף די צוגעשאָרענע טאַפּעטן, לויט דער הויך פון אַ וואַנט, דאַן צונויפלייגן די טאַפּעטן און מיט אַ פלינקן שניט אָפּשניידן די ראַנדן, בכדי עס זאָל זיין גרייט פאַר אים אַריינצופּאַסן קאָליר אין קאָליר פון יעדן „סטרייפּ", האָט ער צוגעזונגען מיט אַ שטיפערישן היינעס אַ שטיפעריש ליד —

...וועגן אַללאַ... און אַ קריגס־העלד... און יונג־מיידלשע אָרעמס...

שווער איז די אַרבעט נישט געווען. קאָמפּליצירט אויך נישט. עס האָט

אָבער געפּאָדערט שטרענגע קאָנצענטראַציע, דער עיקר, ביים אָפּשניידן די ראַנדן. עס האָט געמיינט זיין פּאַרטאָן אין אַבסאָלוטער אָפּגעהיטנקייט. דאָס שאַרף מעסערל אין דער רעכטער האַנט פאַרן פלינקן שניט האָט נישט גע־טאָרט אַרויס פון קאָנטראָל מיט אַ שפּרונג אויף די פינגער פון דער לינקער האַנט ביים צוהאַלטן די לאַגע ווירע, וואָס איז פאַרלייגט, גלייך ווי אַ סטרונע, אויפן צונויפגעלייגטן טאַפּעטן־„סטרייפ״.

אַלץ איז אָפּגעגאַנגען גלאַט און גוט דעם ערשטן האַלבן טאָג, אָבער באַלד נאָכדעם האָט זיך אַריינגעמישט דער שטן־המשחית.

מיר האָבן געאַרבעט אין אַ ליידיקער דירה אויף פינפטע עוועניו אינעם געגנט פון דער „וואַי״, וואו איך האָב גערעכנט צו גיין אין אָוונט זען „גאָטס אויג״. איך האָב זיך פאַרקלערט וועגן מיין אַרבעטס־געבער מיט זיין מאָד־נעם אויפפירן זיך, און באַלד אויך וועגן מיין וואַרטן אויפן אָוונט. דער פּאָעטישער צוויבער אינעם אויסדרוק „גאָטס אויג״ האָט מיך געמאַניעט. איך האָב אַ קלער־געטאָן איך׳ל נאָך דער אַרבעט פאַרבלייבן אויף דיזעלביקע גאַסן און פאַרוווּן פאַרוויילן אין דער ביבליאָטעק פון „וואַי״ ביז מ׳וועט עפע־נען די אודיטאָריע פאַרן שפּיל. נאָר אָפּנים דער שטן־המשחית האָט גע־לויערט אויף מיר.

אין מיין פאַרטראַכטקייט האָט דאָס שאַרף מעסערל, אין פלינקן שניט אויף די טאַפּעטן־ראַנדן, יאָ אַ שפּרונג־געטאָן אויף מיינע פינגערס, און אַ שניט־געטאָן דריי פינגערס אויף אַמאָל.

עס איז אַרויס אַ שטראָם בלוט. איך האָב אָוועקגעכאַפּט די האַנט פון דער ווירע, כדי דאָס בלוט זאָל נישט אַרויף אויפן צעלייגטן טאַפּעט. מיין נאַטירלעך אויסגעשריי פונעם שניידנדיקן שמאַרצן דורכן דרייפאַכן פינגער־שניט האָט באַלד צוגעבראַכט מיין אַרבעט־געבער ביי מיין זייט. ער האָט אויסגעקוקט צעשראָקן, אָבער געוואוסט וואָס ער האָט צו טאָן. אין זיין וואַליזע מיטן אַרבעט־געצייג האָט זיך איינגעפונען אַ מעדיצינישע פּליסי־קייט אָפּצושטעלן בלוט פון אַ שניט, אויך לייוונט פאַר אַ באַנדאַזש. ער האָט געטריפט די פליסיקייט אויף די פאַרבלוטיקטע פינגערס, און יעדער טראָפּן איז געווען ווי אַ שטאָך פון אַן אָנגעברענטן שפּיז. פאַרדעקט די פינ־גערס מיטן לייוונט, האָט ער מיך גענומען צו אַ דערבייאיקן אַפּטייק, און אויף אַן עצה פון דאָרטן צו אַ קליניק אין אַ קליין קריסטלעך שפּיטאָל גלייך דערביי, פעסטצושטעלן ווי טיף עס איז דער שניט, און צו קריגן עכטע באַ־

האַנדלונג. מיין אַרבעט־געבער האָט עס אַלץ געטאָן מיט אַ זעלטענער וואַר־ראַמקייט. ער איז מיר געוואָרן ווי אַ חבר, ווי אַ ברודער.

דער שניט איז נישט געווען צו־טיף, אַז מען זאָל עס מוזן צונויפנייען, אָדער אַז איך זאָל פאַרבלייבן אַ פינגער־קאַליקע. די טראָפּנס „פייער", וואָס מיין אַרבעט־געבער האָט אַרויפגעטריפט אויפן שניט, האָט דער קליניק „גוטגעהייסן". אָבער די ברענענדיקע שמאַרצעניש אונטערן באַנדאַזש האָט אָנגעהאַלטן. מ'האָט מיך געטרייסט, אַז איבער נאַכט וועט עס ווערן לייכטער, און אַ טאָג שפּעטער וועט עס פאַרשווינדן.

געקומען איז די טרייסט פון די קראַנקן־שוועסטערן, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט מיר. זיי האָבן גערעדט דייטש. די מלבושים זייערע, קאַטוילי־שער טראַכט פאַר מאָנאַשקעס מיט צלמימלעך אויפן האַרצן. און יעדע פון זיי האָט ביים צוקומען צו מיר פלינק זיך אַ צלם־געטאָן. אויך ביים אָפּ־טרעטן. מיר איז עס געפעלן געוואָרן. כ'האָב דערין געזען אַמעריקעס גייסט — ...יעדער מיט זיין גאָט...

מיין לוסט צו זיין ביי „גאָטס אויג" האָט מיך נישט אָפּגעלאָזן. עס איז מיר גאָר געוואָרן ווי אַ מיסטישער געבאָט —

...דו מוזט דאָרטן זיין... דו מוזט זען „גאָטס אויג"...

אין פרימאָרגן פאַרן גיין צו דער אַרבעט האָב איך געהאַט געזאָגט מיין טאַנטע צירע, אַז לויט מיין לייענען די „שטאַטסצייטונג" איז פאַר מיר אַ גרויס וויכטיקייט צו זיין נאָך דער אַרבעט אין דער ביבליאָטעק ביי דער „וואַי", בין איך דערמיט געווען פאַרזיכערט, אַז זי וועט נישט מיינען איך בין ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן.

און מיין אַרבעט־געבער, דזשעק דער היינע־לאַנדסמאַן, האָט ווידער וואָס געטאָן וואויל צו מיר. עס איז געהאַט געווען אַן אָפּמאַך מיט אים, דורכן ראָבערט אָוען־קלוב, אַז מיין לוין פאַר דער ערשטער וואָך ווי אַ געהילף ביים „הענגען פּייפּער" וועט זיין דריי דאָלאַר; און אויב איך וועל אַרויס־ווייזן, אַז איך לעב זיך אַריין אין דער מלאכה, וועט עס זיין פיר דאָלאַר. מיין אומגליק איז דאָך אָבער אָפּגעלאָפן אין סאַמע ערשטן טאָג, האָט עס געקענט מיינען, אַז איך בין באַלד געוואָרן אַן אַ וועלכן נוצן. דאָך האָט מיין דיסעלדאָרפער „ציגיינערישער" אַרבעט־געבער מיר דערלאַנגט פאַר אַ פולער וואָך אין פאָראויס, און נישט דריי דאָלאַר, נאָר פיר; און געווען איז דערביי זיינס אַ זאָגעניש, איך זאָל זיך אויסרוען פון דער צערודערונג און שמאַר־

צעניש, און מירן ווייטער אַרבעטן צוזאַמען. אַזאַ חברשאַפט האָב איך ניט דערוואַרט. אין האַרצן איז מיר געווען אַ דאַנק מיט אַ שטילער טרער.

# 3

פאַרנאַכט בין איך אַריין אין דער „וואַי"־ביבליאָטעק. אַ גרויס צימער. ביכער אויסגעשטעלט אין שראַנקען און אויף פּאָליציעס. עטלעכע לייען־צימערן, וואָס איינס פירט צום אַנדערן. אין די ערשטע מינוטן בין איך געווען אומבאַהאָלפן.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען קוקט אויף מיר פון אַלע זייטן מיט אַ טראַכטן איך בין אַ פאַרבלאָנדזשעטער. אפשר איבער מיין אָנטועכץ, קליי־דער פון אַ „גרינעם", הגם נישט אומגעלומפּערט. און אפשר איבער די פּאָר־באַנדאַזשירטע פינגערס מיט מיין אויסזען פון איינעם אין ווייטיקן. איך האָב זיך אַ ווענד־געטאָן אין יידיש צו אַ הויכער שלאַנקער דאַמע מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר, פאַרקעמט אויף אַרויף אין פריזור, און אַ יונג ליכטיק פּנים, ביים איבערשטעלן ביכער פון איין פּאָליצע אויף אַ צווייטער —

... פאַראַן וואָס פון דער ליטעראַטור אין יידיש ?... יעדן סאָרט בוך... אפשר אַ פּרץ־זאַמלונג ?...

מיר איז אַקעגן־געקומען דער אויסדרוק „זשאַרגאָן".

אין ליטווישן אַרויסרייד —

... זאַרגאָנישע זאַמל־ביכער ?...

... איך מעכטע געפינען...

נישט קיין חוזק פאַרצייכן איך דאָ. מיר איז אין זכרון פאַרבליבן דווקא אַ פאַרערן יענע דאַמע. אויך פריינטשאַפטן מיט איר אין שפּעטערדיקע יאָרן.

ס'האָט זיך גענומען פון מיינס אַ צווייטער אָנפראַגע צי עס איז פאַראַן אַ בוך, יידיש, העברעאיש אָדער דייטש, מיט דער געשיכטע פון „גאָטס אויג", וואָס מען גייט אויפפירן אין שפּיל שפּעטער אין אָוונט. דער ענטפער אירער —

זי ווייסט נישט פון אַזאַ בוך, נאָר איך זאָל וואַרטן. גראָד גייט־אָן אַ באַ־ראַטונג אין אַן אַנדער צימער וועגן דעם פּאַרפאַסער פון „גאָטס אויג", און פאַראַן דאָרטן איינער, וועלכער דאַרף עס וויסן גאַנץ גענוי, און זי וועט ביי אים פרעגן.

מינוטן זיינען אַריבער, וואָס ביי מיר, מיט מיינע ווייטיקן, זיינען זיי גע־וועז ווי שעה נאָך שעה. איך בין געזעסן ביי אַ ברעג טיש אין נאָענטסטן לייען־צימער מיט אַ פּרואוו איינצושטילן אין זיך די שמאַרצעניש דורך אַריינקוקן אין אַ דייטשער בראָשור, וואָס איז געלעגן אויפן טיש; און דערין איז געווען די געשיכטע פונעם היינע־מאָנומענט־סקאַנדאַל, וואָס איז געהאַט אָפּגעלאָפן אין ניו־יאָרק אַ יאָר פריער (דייטשע אַנטיסעמיטן האָבן זיך פאַר־מאָסטן צו צעברעכן דעם היינע־מאָנומענט אין אַ בראָנקסער פּאַרק, און די שטאָט־אַדמיניסטראַציע האָט עס אָפּגעשטעלט מיט אַ קלאַפּ אויף די אַנטי־סעמיטישע קעפּ). הגם געשפּאַנט צו לייענען עס מיט התמדה, בין איך פאַרט פאַרבליבן איינגעטוליעט אין מיינע יסורים.

די דאַמע מיטן ווייסן קאָפּ האָר און ליכטיקן שטערן האָט איר פאַר־שפּרעכן נישט פאַרגעסן.

זי איז צוגעקומען מיט צוויי מענער. זי האָט אויסגערופן זייערע נעמען —

...מיסטער פּיליפּ קאָוועז...

...ד״ר פּאָול אייבעלסאָן...

ס׳ערשטע מאָל וואָס איך זע זיי, און ס׳ערשטע מאָל וואָס איך הער זייערע נעמען, דאָך ווערט ביי מיר אַ געפיל אַז דאָ איז אַן אָנהייב פון נייע פריינט־שאַפטן. עס נעמט זיך פון זייער באַלדיקן האַלטן־זיך אין דער מעלה פון וואַרעמקייט. דער ד״ר אייבעלסאָן גיט מיר באַלד אַ פרעג וועגן מיינע פאַר־באַנדאַזשירטע פינגערס.

אין ווייטערדיקע יאָרן האָבן ביידע נעמען געשטראַלט מיט היסטאָרישן באַטייט. ביידע ביי זעלטענע ראַלעס אינעם פּראָצעס פון אָרגאַניזירן די יידי־שע אימיגראַציע צו ווערן אַ באַנייט אויפגעזאַמלט יידיש פאָלק אין פרייהייט. אַ צונויפנעם פון אַלע יידישע שבטים, ספרדים און אשכנזים, חסידים און מתנגדים, מוסרניקעס און רעפאָרמערס, פריידענקערס און יאַהודים, און די באַזונדערע לאַנדסמאַנשאַפטן פון די מזרח־און מערב־אייראָפּעאישע מדינות. און אין יענער צייט בין איך שוין געשטאַנען ווי פאַר׳חברט מיט ביידן דורך די פעלדער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. און מיר פלעגן אין אינטימע שמועסן דערמאָנען אונדזער ערשטע באַגעגעניש דורך מיינע צעפּייניקטע דריי פינגערס און „גאָטס אויג״...

דעמאָלט, אין דער ביבליאָטעק, האָט דער ד״ר אייבעלסאָן היימישלעך מיר אויפגעקלערט, אַז איך טראָג זיך אַרום מיט אַ טעות וועגן אַ בוך „גאָטס

אויג״. מסתמא בין איך פאַרפירט געוואָרן פונעם טעות אין דער „שטאַטס־ציימונג״. נישטאָ אַזאַ בוך. פאַראַן אַ מאַנוסקריפּט אויסגעשטעלט אין דיאַ־לאָגן מיט דראַמאַטישן כאַראַקטער. דער פּראָפעסער האָט געזאָלט זיך באַ־טייליקן אין דער אויפפירונג מיט אַן אויפקלערן דעם אַנגאַנג פון די דיאַלאָגן, נאָר ער וועט נישט קענען זיין. וועט ער, פּאָול אייבעלסאָן, ווי אַן אינטימער פריינט זיינער, אים פאַרבייטן. אַליין איז ער נישט קיין האַרלעמער, פּאָול איי־בעלסאָן. ער פאַרנעמט זיך מיט קולטור־טועכצן אינעם „איסט־סיידער דאַון־טאַון״. ביים „אַפּ־טאַונער וואַי״ איז ער בלויז אַ גאַסט. און וועגן דעם פּאַר־פאַסער מאַכט ער אַ מינע אין גרויס פאַרערונג —

...ער איז דער מינסקער חריף...

און באַלד גיט ער צו —

אַזוי האָט ער גע׳שמ׳ט אין דער רבנישער וועלט אין אייראָפּע זינט זיין בר־מצווה... ער האָט שוין הינטער זיך אויך אַמעריקאַנער געשיכטע... ער איז דער ראַבינער הענרי אילאָוויץ... אַ שעפערישע פּערזענלעכקייט אויף ליטעראַטור־וועגן... מער פאַרטיפט אין ליטעראַטור ווי אין פּראַקטיצירן רבנות... געווען ראַבאַי אין מינעאַפּאָליס, שפּעטער אין פילאַדעלפיע, איצט אַ רעזיגנירטער פון ראַבינערטום... מח און האַרץ זיינען אינגאַנצן פאַרטאָן אין דראַמאַטיזירן יידישע תורה־קוואַלן... מלכים און נביאים פון די תנ״ך־ציימן, תנאים און מאַרטירערס בעתן תלמודישן פּעריאָד, מלאכים אין די הימלען אויך... דאָס מאַטעריאַל זיינס איז פון די אוצרות אגדה פון דער גמרא און פון קבלה... די פאַמיליע פון מאָזעס מאָנטעפיאָרע איז אים באַ־הילפיק צו קומען זיך באַזעצן אין לאָנדאָן, און פאַרעפנטלעכן זיינע ווערק דורך ענגלאַנדס באַרימטע אוניווערזיטעטן...

און תוך כדי דיבור גיט ער מיר גאָר אַ פרעג, פּאָול אייבעלסאָן, צי דאַרף איך הילף פאַר מיינע פאַרבאַנדאַזשירטע פינגערס, און פון וואַנען בין איך אַ לאַנדסמאַן?...

אונדזער שמועס גייט־אָן אין ליטווישן יידיש, און אַרום אונדז איז אַ שטילער גלי. אין די רייד קומט אַריין מיין סלוצקער מוסר, אויך ישיבהשע אימיגראַציע, און מיין שקוד פון קאָוונער גובערניע. און וויבאַלד קאָוונע, צעלאָזט ער זיך מיט וויטערדיקע רייד, ד״ר אייבעלסאָן, וועגן די צופענישן אין זיין האַרצן. ער איז אַ קאָוונער. און הגם נאָך אין די יונגע צוואַנצי־קער יאָרן, האָט ער שוין אַ דיפּלאָמע פון ניו־יאָרקער סיטי־קאָלעדזש, און

אַט וועט ער האָבן אַ דיפּלאָמע אויך פון קאָלאָמביאַ, אָבער זיין שטאָלץ איז קאָוונע. ער נעמט זיך איבער —

...ליטווישע מוסרניקעס וועלן איבערקערן וועלטן אין אַמעריקע... זיי לאָזן זיך אַריין אין ד״ר פעליקס אַדלערס עטישער געזעלשאַפט, און דווקא יאַהודים טוליען זיי צו זיך...

פּיליפּ קאָוועו רעדט אויך אַריין ווי אַ ליטוואַק. ער איז אַן אַמע־ריקאַנער ליטוואַק. געבוירן אין דער קאַלווערער אימיגראַציע, אויף ניו־יאָרקער קאַנעל־סטריט, ביי עלטערן פון דייטשן פּויזן, איז „קאַלווערער דייטש" געוואָרן זיין יידיש לשון פיל יאָרן פריער איידער עס האָט זיך אָנ־געהויבן די אַל־רוסישע יידישע אימיגראַציע אַכציקער יאָרן; און ער איז דערגאַנגען צו אינטימע חברשאַפטן מיט פאַמיליעס סיי פון ליטווישן לומדים־קרייז, סיי פונעם קהל־אַריסטאָקראַטישע „יאַהודים". און ער איז טאַקע געוועזן פון די סאַמע גרינדערס פון „וואַי"־קלובן.

זיינען מיר געשטאַנען ווי אַ הייפעלע „אייגענע", און מיט אונדז די הויכע שלאַנקע דאַמע מיטן ווייסן קאָפּ האָר און יונג געזיכט. פּאָול אייבעלסאָן און פּיליפּ קאָוועו רופן זי ביים ערשטן נאָמען — זעלדע. און ד״ר אייבעלסאָן זאָגט מיר —

...איר וויגעלע איז געשטאַנען אין אַלעקסאָט, ביישטאָט פון קאָוונע און סלאָבאָדקע... די משפּחה איז פון די נאָענטסטע קרובים פונעם היסטאָרישן העברעאיש־משכילשן שריפטשטעלער, אברהם מאַפּו...

איך קען זיך ניט צוריקהאַלטן פון אַ זאָג־טאָן —

...זיין „אהבת־ציון" האָב איך ליב, זיין „עיט צבוע" האָב איך פיינט...

זעלדע ענטפערט אָפּ —

זי שטימט איין...

## 4

די נאָענטשאַפט וואָס איז דאָ געוואָרן האָט מיך פאַרשאַפט אַ גוט אָרט ביי דער אויפפירונג פון „גאָטס אויג". זעלדע האָט מיך גענומען צו זיצן זייט־ביי־זייט מיט איר. זי וועט שטילערהייט איבערזעצן פאַר מיר דאָס ענגליש

וואָס מ׳וועט רעדן. זעלדע האָט אויך דערשפּירט — אַוודאי דורך דער מור־טערלעכקייט, אָדער שוועסטערלעכקייט אין דער פרוי — אַז איך בין אין כסדרדיקע ווייטיקן מיט מיינע צעשניטענע פינגערס. יעדע ווײלע טוט עס מיך אַ ברען מיט אַ פייערדיקן שטאָך, און איך פאַרבייס די ליפּן. זעלדע האָט שטילערהייט מיך גע׳עצהט ווי אַזוי איך זאָל האַלטן די פינגערס אויסגע־שטרעקט אין פולער רו.

איך האָב געקוקט אַרום זיך, געוואָלט זען דעם עולם. עס איז מיר אויס־געקומען איך זע אַריסטאָקראַטישע משפּחות. די „שטאַטסצייטונג" האָט דאָך געהאַט געשריבן וועמען מ׳האָט איינגעלאַדן. די נעמען: שיף און לאָב און וואַרבורג, זעליגמאַן און לאַזאַרוס און גוגענהיימער, סולצבערגער און שטראָוס, און לואיסאָן. דער יונגער דור ביי זיי קוקט מיר אויס ווי די סטודענטישע יוגנט ביי אונדזער „בני יהודה" מיט סינגאַלאָווסקין אין סלוצק. באַלעבאַ־טישע יידישע קינדער.

נאָר אָט קומט אַרויס פון אַ פאַרטונקלטן ווינקל דער שווין מיין גוט־באַקאַנטער ד״ר פּאָול אייבעלסאָן. ער רעדט צום געפאַקטן זאַל. ער רעדט ענגליש, און ווײלעוויז באַגלייט ער עס מיט אַן אויסדרוק אין דייטש און אַפילו ווערטער אין יידיש. מיר איז עס אַוודאי ליב. אויך זעלדען. זי זאָגט זיי נאָך אין דער שטיל —

...לעמפּעלע, ליכטעלע, פייערל, אַ פינטל מיט אַן אויג, אַ פינקל, גאָטס אויג, טאַטע־מאַמעס יאָרצייט, די שכינה...

זעלדע פאַרטייטשט מיר ד״ר אייבעלסאָנס ענגליש. זיינע רייד מעלדן דעם אינהאַלט פון דער דראַמע, וואָס מ׳וועט באַלד זען און הערן; און ער דערציילט וועגן דעם פּראָפעסאָרס וואַנדערונגען זינט זיינע טעג פון אַ יונג בחורל אין זיין היימשטאָט מינסק.

מען הערט וועגן אַלט־באַרימטע שטעט, וואָס יעדע איז פאַרטיפט מיט אידישער נשמהדיקייט דורך תורה־געשיכטע, וואו מיט חדוה, וואו מאַרטי־רעריש —

...די שפּאַנישע מאַלאַגאַ, גראַנאַדאַ, קאָרדאָווע; די פּאָרטוגעזישע ליס־באָן; די טערקיש־גריכישע סאַלאָניקי; די האָלענדישע אַמסטערדאַם; די דייטשע פראַנקפורט און מיינץ; די בעמישע פּראַג; די פּוילישן לובלין; און שטעט אין מאָראָקאָ...

אויפגעקליבן אומעטום פאַרבליבענעם פאָלקלאָר פון בעלי־קבלה וועגן

תחית־המתים און נשמה־פלאַטערנישן אין די הימלען בעתן אָנקומען פון די משיחישע טעג. האָט דער מינסקער חריף, דער ראַבאַי הענרי אילאָוויץ, אַריינ־געאָטעמט דעם צויבער דערפון אין זיין „גאָטס אויג״, וואָס לויט אים דאַרף עס ווערן דער פּאַסיקסטער נאָמען פאַרן פייערל פון „נר תמיד״.

נאָר אָט ווערט פּלוצלינג ווי אין אַ טעאַטער.

פינצטער אין זאַל, ליכטיק אויף דער בינע, אינסצענירטע קיטל־און טלית־קאָלירן, אַטמאָספערע פון סינאַגאָגע־סימבאָלן, און אַן דער זייט אויך פאַראומערטע שאַטנדיקייט פון אַלטע מצבות.

מ׳הערט שטילן כאָר־געזאַנג, דאָס מעלאָדישע כל־נדרי, און דעם מחזורשן „מכלכל חיים בחסד, מחיה מתים, ברחמים רבים״, און דעם כאָר אַליין זעט מען נישט.

עס נעמען זיך אויפקלייבן געשטאַלטן, דרייערליי גרופּעס, און באַלד הייבן זיך אָן פילאָזאָפישע דיאַלאָגן וועגן דעם סוד פון לעבן און טויט, לויט גמרא און קבלה.

ניט קיין אויסגעצויגענע דיאַלאָגן. יעדנס זאָג איז קורץ און שאַרף. און אַקטיאַרישעס איז דערין נישטאָ.

אַלע זיינען זיי יונג, און בפירוש פאַרליבט אין דעם, וואָס זיי האָבן צו טאָן, און אָפּנים אויך אַרטיסטיש געשולט.

זיי האָבן פאַרהיט אין זיך, אַז זיי פערזאָניפיצירן נישט מענטשן פון לע־בעדיקן לעבן, נאָר גאָר מתים...

אַפילו פון ווייט־ווייטע דורות.

און ווער פון זיי שפּילן אויך גייסטער, און מלאכים פון די הימלען...

דעם גוטינקן, דעם ליבינקן אליהו הנביא, און דעם שטורמישן, דעם פלאַם־פייערדיקן סנדלפון מיט זיינע דונערן און בליצן...

און קיינער פון די שוישפּילערס איז נישט פאַרשטעלט. נישטאָ קיין מאַס־קע אויף ווער. און קיינער איז נישט פאַרקליידט. און קיינער רעדט נישט מיט אַ פרעמדנס קול. דער איינדרוק איז אומגעהייער. מען פאָלגט נאָך די רייד מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס.

אויך אַ באַהאַרצטע, אַ מנוחהדיק־וואַרעמע פרויען־שטים קומט פון אַ ווייטן „ערגעץ״. אַ געשטאַלט זעט מען נישט. די שטים רעדט אַריין אין די דיאַלאָגן ווי אַ בת־קול פון די הימלען, און דער קול ברענגט מיט זיך אַ זילבערדיקע ליכטיקייט. די שטים איז די שכינה. זי פּרוווט פאַרענטפערן

דעם רבונו־של־עולם פאַר צוווייערליי אכזריותן זיינע. זיי האָבן אַרויסגערופן בונטן פון מלאכים —

... פאַרוואָס די עקשנות ביים בורא־עולם אַרויפצואוואַרפן טויט אויף משה רבינו, דעם באַגלויבטסטן שליח זיינעם, דווקא אין די מינוטן, וואָס האָבן אים געקענט זיין די העכסטע גליקזעליקייט?...

און ווידער און ווייטער —

... פאַרוואָס דעם באַשעפערס דערלאָזן, אַז דער קליגסטער פאַרטייטשער פון זיין תורה, רבי עקיבא, זאָל פאַרן טויט אויף די הענט פון די וויסטע שונאים פון דער תורה, מוזן דורכמאַכן אַזעלכע גרויל־יסורים?...

ביטער־סאַטירישע ווערטער האָבן זיך אַ טראָג־געטאָן צו דער שכינה אין ווייטן „ערגעץ" —

...די שווידער־יסורים פון רבי עקיבא, זיינען זיי אויך געווען גאָטס אַ קוש פאַרן טויט?...

נישט קיין כפירה־געשריי איז עס, נאָר מרידה; לעשט זי זיך נישט אויס, די שכינה. זי שוויגט, און די זילבערדיקע ליכטיקייט ווערט פאַרטונקלט.

אַלץ איז דאָך אָבער געשטעלט אויף אַ געפלעכט פון לעגענדעס, לאָזט די שכינה ווידער הערן פון זיך ביים קלימאַקס פון דער דראַמע. און די דראַמע איז אין דער „מינסקער לעגענדע" מיט די מתים, וועלכע זאַמלען זיך אין די פאַרשנייטע ווינטער־נעכט אין דער מינסקער קאַלטער שול, און וואָס מיט זיי קומט אויך אין שול אַריין פון זיין הונדערט־יאָריקן קבר דער באַרימטער מינסקער רבי...

די אימה מיט ביינאַכטיקע מתים אין די ווינטערדיקע קאַלטע שולן האָט געריצט ייִדיש־יינגלשע פאַנטאַזיעס אויפן גאַנצן שטח פון ייִדישן שטעטל. „קאַלטע שולן", דער נאָמען נעמט זיך וואָס מ'האָט זיי אומעטום געבויט פאַר זומערדיקער באַקוועמלעכקייט. אַ קאַלטע שול פאַר די הייסע זומער־שבתים, און ווינטער געשלאָסן. פאַראַן אָבער נאָך אַ פאַרטייטש, אַ פילאָזאָפישער.

„קאַלטע שולן", זיי האָבן נישט קיין שאָפעס מיט ספרים ווי אַ בית־מדרש; און אָן ספרים, הערט מען נישט קיין קול־תורה, ליגט דאָרט אַ פאַרגליווערטע קעלט...

דערצו איז הינטער דער ווינדערטיקער פאַרשלאָסנקייט אַן אומהיימלעכע פוסטקייט. נישטאָ קיין דאַוונען, פאַרנעמען נישט די ווענט קיין קול־נגינה, אויך נישט קיין קול פון בכיהדיקער תפילה, שטומע ווענט...

און שטום איז ערשט דער ארון־קודש. מען לאָזט איבער פאַר די ווינ־טערדיקע חדשים בלויז איין ספר־תורה צו פאַרהיטן, אַז שדים זאָלן זיך נישט פאַרקלייבן אין דער פוסטער שול. שטייט די איינציקע ספר־תורה אַן איינ־געוויקלטע אין אַלטע מענטעלעך און אַלטע פּרוכתן, און פאַרטוליעט אין אַ שווייגעניש און אין פולער פינצטערקייט...

נישטאָ קיין אָנגעצונדן „נר־תמיד" אין די קאַלטע שולן, קיין שום ליכ־טעלע, קיין שום פלעמעלע, חדשים־לאַנג אַזוי...

פינצטער און פוסט און שטום, און דווקא דעמאָלט קלייבן זיך אַהין די מתים פון פאַראומערטן שטעטל; און אַ צאָרן צופּט זיי —

...היט מען דאָ גאָרנישט אָפּ קיין יאָרצייטן?...

...זאָגט מען דאָ גאָרנישט קיין קדיש?...

די מינסקער מתים־לעגענדע האָט אָבער אַ גאָר אייגענעם מיסטישן צוי־בער, אויך אַ תרופה.

דער צויבער איז דער מינסקער רב, וואָס קומט אַרויס פון זיין הונדערט־יאָריקן קבר צו גיין מיט אַלע מינסקער מתים, און ער איז דאָך מער ווי רב. ער איז דער היסטאָרישער מינסקער גדול אין לומדות, דער בעל־קבלה און ראש־ישיבה, יחיאל ב"ר שלמה היילפּערין, מיטן גרויסן ספר זיינעם „סדר־הדורות", אַ באַרימט אויפטו פאַר תלמודישן פאָרשן און לערנען.

מיט אַלע מתים צוגלייך קומט ער אין שול אַריין, און באַלד אַנטפּלעקט זיך דורך אים אַ „נר־תמיד", אַ יזכור־פייערל פאַר די טעג און די נעכט, אַזוי ווי אַ נס.

נישט אין אויל און נישט אויף אַ קנויט צינדט ער אָן דאָס פייערל. אין געדיכטן פינצטער זעצט ער זיך לערנען מיט די מתים, און טאַקע לויט זיין „סדר־הדורות", וואו יעדע תורה־התגלות, זינט וועלט־באַשאַף, און יעדע גמרא־געשטאַלט, תנא און אמורא, שטייט פאַרשריבן מיטן אייגן לעבן און פולן אייגנאַרט ביים אורטיילן „בין־אדם־למקום" און „בין־אדם־לחברו". און עס איז אַ לערנען מיטן ניגון פון „תנו רבנן, אוי תנו רבנן", וואָס דערגייט צו די עולמות־עליונים. און קוים נעמט מען אַזוי לערנען, קומט באַלד אַקעגן די שכינה מיט אַלע אָפּשטראַלן פון גאָטס אויג, וואָס קיינמאָל לעשן זיי זיך נישט אויס. זיי ברענגען פאַרן מתים־לערנען אַ ווייסע ליכטיקייט ווי די פּראָס־טיקע שניי־ווייסקייט אין דרויסן; און אין זכות פונעם „סדר־הדורות" לאָזן זיי איבער גאָלדיקע יזכור־פלעמעלעך אין שטילן פלאַטער פון נשמה־

ציטערן פאַר נר־תמידס אין אַלע ווייטע גלותן איבער מדבריות און ימים.

די געשפּילטע לעגענדע־דראַמע פאַרענדיקט זיך דאָ מיט דער רושמדי־קער סצענע: אַלע באַטייליקטע אין די דיאַלאָגן שטעלן זיך אויס פון פאָרנט אויף דער בינע, און זאָגן אינאיינעם געצוימט, וואָרט נאָך וואָרט, וואָס דער תמצית איז —

...יזכור!... אַט דערין איז דער אייביקער נשמה־כח פון פאָלק ישראל...

...יזכור!... די שטילינקע פייערלעך וואו נאָר ערגעץ אַ ישובל, אַ בית־מדרשל, אַ מנין, אונטער השם־יתברך׳ס הימלען...

...יזכור!... צי מען ברומט וואו אין די שבת־פאַרנאַכטן די למנצח־געזאַנגען פון תהלים; צי מען פאַרלאָזט די מערק און מען זעצט זיך לערנען פון־דאָס־ניי די לוחות פון באַרג סיני; אָדער וואו אין אַ שטוב צינדט מען מיט אַ טרער אַ יאָרצייט־ליכט נאָך טאַטע־מאַמען, נאָכן זיידן, צי פאַר אַ קליין קינדס נשמהלע; דאָס איז ישראל אייביקער וועג...

...געדענקען איז דעם יידס גבורה...

האָב איך די פאַר שעה מיטגעחלומט מיט אַלעמען, און בין געווען פאַר־טראָגן אין געשפּאַנטקייט און אין אָנשטרענג אויפצונעמען זעלדעס שטילן טייטשן פאַר מיר דאָס ענגליש, און איך האָב דורכגעלעבט אַ זעלטענע פּסיכישע דערפאַרונג.

אין די פאַר שעה האָב איך נישט געשפּירט קיין שום ברענעניש אונטערן באַנדאַזש אויף די צעשניטענע פינגערס. איך האָב אַפילו געהאַט ווי פאַר־געסן אַז אויף זיי איז פאַראַן אַ באַנדאַזש. אָבער באַלד אין דער מינוט ווי די שפּיל־לעגענדע איז אַריבער, און אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט פון די פּלעצער מיט אָוואַציע, איז די שמאַרצעניש צוריקגעקומען מיט אַן אָנפאַל. אַזאַ אָנפלייץ פון יסורים, אַז די פריערדיקע מנוחה איז מיר אויסגעקומען ווי דעם טייוולס אַ רייצעניש. איך האָב זיך קוים געשטאַרקט צו קענען מיט די פיינסטע ווערטער דאַנקען זעלדען פאַר איר פריינטשאַפט — נאָר ווידער מיין גוטער מזל.

ביים טיר פון דער אודיטאָריע האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן מיט ד״ר שמואל פּעסקין. ער האָט באַלד אַ פרעג־געטאָן וועגן דעם באַנדאַזש. ער האָט געהאַט באַמערקט דעם באַנדאַזש פון דערווייטנס מיט זאָרג אין וואונדער: וואָס האָט געקענט מיט מיר פאַסירן? ביים אויסהערן מיר איז ער באַשטאַנען

אַראָפּצונעמען דעם באַנדאַזש און אַ קוק־טאָן אויף וויפל מ׳קען פאַרלייכטערן, איך זאָל נישט דאַרפן דורכמאַכן אַ יסורימדיקע נאַכט. ער האָט ביי זיך זיין דאָקטאָרשן רענצל מיט זאַלבן און טראָפּנס פאַר גיכע הילף.

זעלדע האָט אונדז צוגעבראַכט צו אַ ווינקל אין דער ביבליאָטעק ביי איר שרייב־טיש, וואו מיר וועלן זיין אַליין, און ד״ר פעסקין וועט עס קענען טאָן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ביי זיי איז אַ גוט־פריינטשאַפט. קריגט זעלדע אַריין אַן איבעריק בוך פאַר דער „וואַי״־ביבליאָטעק אויף אַ לשון, צוגענג־לעך פאַר ידישע אימיגראַנטן, שיקט זי עס אָפּ צום ד״ר פעסקין פאַרן ראָבערט אָוען־קלוב. ווער זאָגט עס, אַז אין „יאַהודימשן״ קרייז איז געווען לויטער פאַראַכטונג צו אונדזעריקע פון מזרח־איראָפּע? זעלדע איז געבליבן וואַרטן ביז ד״ר פעסקין האָט אַראָפּגענומען דעם באַנדאַזש־לייוונט, אַרויפ־געטאָן אַ זאַלב אויף די דריי אומגליקלעכע פינגערס, אויך אַ פרישן לייוונט, וואָס האָט מיך באַלד פאַרלייכטערט.

מיט דער היים זיינער אויף די זעלביקע האַרלעמער גאַסן, האָט ד״ר פעסקין מיך צוגעפירט צו דער הונדערט ערשטער גאַס מיט מיין מומע צירעס דירה. אין אונדזערע רייד וועגן דאָס אויפגעפירטע ווערק און דעם ליטע־ראַרישן טאַלאַנט פונעם מינסקער חריף, האָט ד״ר פעסקין אַ זאָג־געטאָן אין שמייכל, נישט חלילה מיט אַ וועלכן ביטול —

...אויב יאַהודים קענען טאַקע זיך יחוסן מיטן מינסקער חריף, האָבן אָבער מיר, ידישע סאָציאַליסטן, אַן אייגענעם יחוס, דעם מינסקער עילוי...

...און ווער איז דער מינסקער עילוי?...

...דער פּאָעט אברהם ליעסין... גע׳שמט אַזוי אין ישיבות... סלאָ־באָדקע, וואָלאָזשין, ווילנע...

חריף און עילוי געהערן צו דערזעלביקער ידישער אידיאָמען־משפּחה; זיי האָבן אָבער אייגנסן. יעדער מיט זיינע טרוים־וועלטן און זיין וועג אין לערנען און יעדנס לעבנס־צייט קען דאָך זיין אַנדערש. דער מינסקער חריף איז געווען מיט צוויי־און־צוואַנציק יאָר עלטער פונעם מינסקער עילוי. דאָס געבוירן־יאָר פונעם ראַבינער־פּאָעט איליאָוויץ — 1850; דעם דיכטער לע־סינס — 1872.

וואָס עס איז שפּעטער געוואָרן מיטן מאַנוסקריפּט וועגן דער מתים־לעגענדע איז מיר געבליבן נישט באַוואוסט. אינעם גאַנג פון די וויטערדיקע יאָרן האָט זיך עס נישט געלאָזט הערן. דער פּראָפעסער, שוין אַן אָפּגעטראָ־

טענער פון רבנות, איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן (יאָר 1911). אויס נייגיר האָב איך דעמאָלט געפּרוּווט דערגיין וועגן דעם גורל פון זיין ליטעראַרישער ירושה, באַזונדערס טאַקע וועגן דער לעגענדע מיטן „סדר־הדורות". נישט ד"ר אייבעלסאָן, נישט זעלדע, האָבן געוואוסט באַשטימטעס. אפשר איז איצט פאַראַן וואָס אינעם ליטעראַטור־אַרכיוו ביים יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק. אַהין זיינען אַריבער ספרים־און מאַנוסקריפּטן־ירושות פון פּראָמינענטע פילאַדעלפיער פאַמיליעס פון זעלבן פּעריאָד. און אפשר איז ער אין עלנטער איינזאַמקייט ערגעץ אין אַ לאָנדאָנער אַרכיוו...

נאָר בעת דער מינסקער חריף האָט אויף קיין איין אופן וואָס דערגרייכט דורכן אויפגעבן זיין רבנות בכדי אַריינצושטעלן זיך אין דער ליטעראַטור אין ענגלאַנד (אַפּנים, דורך דעם איז געבליבן פאַרשטומט די גאַנצע ליטע־ראַרישע ירושה זיינע), האָט אין דיזעלביקע און שפּעטערדיקע יאָרן דער־גרייכט דער מינסקער עילוי הויך־פּאָעטישע גרויסקייט דווקא מיטן שטילן פּאַטאָס פון דער ליטעראַטור אין פאָלקס־לשון יידיש. און ערשט דורך אים האָט אויפגעלויכטן אין דער יידיש־ליטעראַטור אַ מעכטיקער ווידערשיין פון דער מינסקער מתים־לעגענדע מיטן „סדר־הדורות". די פּאָעמע, אברהם לע־סינס, „די פייערן פון בראָדוויי", וואָס ער האָט עס פאַרצייכנט ווי אַ מתנה זייער ביידנס פיל־יינגערן לאַנדסמאַן־דיכטער, ה. לייוויק.

פון דער לעסין־פּאָעמע אין פינף טיילן צוויבערן אַרויס אַלע אַטריבוטן פון זיין פּאָעטישער שעפערישקייט: לירישע השתפכות הנפש, געצוימטע סאַ־טירע, נשמהדיק דערציילטע פאָלקלאָר, דראַמע פון געשיכטע, בילדערישקייט, איינפאַלעריש טראַכטן, נביאישע פּובליציסטיק.

דער דיכטער שפּאַצירט אין אַ ווינטער־נאַכט אויף דער פאַרשנייטער ניו־יאָרקער בראָדוויי אין דער נאַכט־שעה ווען מען פאַרלאָזט די טעאַטערס. ער לאָזט זיך אַריין אינעם מענטשן־שטראָם. די מייסטע, אפשר, יידן. ער זעט „צילינדערס, פוטערס, דימענטן, פרויענשע אַנטועכץ אין לייב־קאָליר, טויזנט גלוסטן". ער שפּירט „פאַרפיומען־דופט". ער שווימט אין „כוואַליעס ליכטער". אויף אַ דאַך „הענגט אין שטילקייט אַ בלאַסע לבנה". עס טראָגט אים אַוועק ווייט־ווייט צו זייט ווינטערדיק פאַרשנייטער געבורטס־שטאָט, מינסק. ער איז אין די יינגל־טעג. ער זעט זיך אין אַ פאַרשנייטער נאַכט־שעה ביי דער אַלטער קאַלטער שול, וואו ווייסע מתים זאַמלען זיך, און מיט זיי איז דער „שטאָלצער וואונדער־רב" פון זיין הונדערט־יאָריקן קבר. דער דיכטער

רופט אַזוי אָן דעם מינסקער קבלה־רב פון „סדר־הדורות. ער רופט אים אויך „מלאך פון מיין טרוים״. דערין איז נאָענטשאַפט מיט דער שטאַם־צייט פונעם דיכטערס אייגן־פאַרצווייגטער רבנים־משפחה. זיין טראַכטן טראָגט אים הין־און־צוריק. אָט איז ער ווידער ביי די עולם־הזהדיקע שפּאַצירערס אויף בראָדוויי, און אָט ווידער ביי די מתים אין מינסק — און פון דער פּאָעמע פלאַטערט אַרויס די גאַנצע מינסקער לעגענדע מיט שורות וואָס די דורותדיקע שטאַם־שטאָט זינגע זעט דער דיכטער נאָר „דורך די דאָרטנדיקע בית־עולמס, דריי״...

איז עס ווי אָנזאָג (1924) וואָס אַזוי וועט זיך שלענגלען אונדזער פאָלקס־וועג ווייטער און ווייטער?

נאָך ביטערער.

די בית־עולמס וועלן אויך ניט זיין.

צעבלוטיקטע און צעבלאָטיקטע און צעטראָמפּלטע פון פּאָגראָם־שטיוול וועלן זיי זיין.

טראַכט איך איצט מיינע טראַכטענישן ביים אויפשרייבן דאָ די זכרונות פונעם אָנהייב־וועג מיינעם אונטער אַמעריקעס יידישע הימלען, אַז ווי פּאַר אַ יידישן וועלט־יזכור וואָלט אַוודאי געפּאַסט, אַז ווער פון אונדזערע געבענטשטע דיכטער־עסייאיסטן זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַ גמראַדיקן „מאַי־קא־משמע־לן״ צו די עשירותן פון מתים־מעשהס אין די פיר דורות פון אונדזער באַנייט יידיש־ליטעראַטור, וואָס איר סימן־מובהק איז דאָך דווקא ליכטיק קעמפעריש לעבן. ביי קיין פאָלק איז עס נישט. אין קיין ליטעראַטור איז עס נישט צו געפינען. יעדער דיכטער ביי קברים. פאָלקס־קברים. נייע דיכטערס, נייע קברים. מתים־סיפּורים און מתים־פּיוטים ביזן געקלאָג און וואָרנונג אין פערטן דור אַריין פונעם „ייד פון לובלין״, בעל־חזיונות און בעל־תפילה, פּאָעט יעקב גלאַטשטיין. געקלאָג אויף אל רחום וחנון, און וואָרנונג צום אל צבאות —

...גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב, וואָס מיט היילקן צאָרן קען ער פּלוצטהאַלבן געבן זיך אַ צינד־אָן, און פאַרברענען גאַנצע זעקס מיליאָן!...

באַדאַרף ער זשע וויסן און געדענקען, דער גאָט פון די אבות —

...די תורה האָבן מיר מקבל געווען ביים סיני, און אין לובלין האָבן מיר זי אָפּגעגעבן...

ניין, ניט אין לובלין אַליין. שטעלט־צו מינסק און קיעוו, ווילנע און

קאָוונע, וואַרשע און ביאַליסטאָק, אויף מיין שטעטעלע שקוד פון דער זאַ־מוטער ליטע.

און ערשט דעמאָלט זאָל גילטן דער טשאַלענדזש־רוף צום אל צבאות —

...ניט די מתים לויבן גאָט...

# 5

נאָר ווייטערדיק אויפשיין דאַרף שוין דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן. דורכן אַריינלאָזן זיך מיט צעשניטענע פינגערס אינעם „אָפּ־טאַנער וואַי" אַריינצו־נעמען אין זיך דאָס דראַמאַטישע שפּיל פונעם מינסקער חריף וועגן „גאָטס אויג" און דעם „סדר־הדורות" וואָס לערנט מיט מתים, האָב איך, אייגנטלעך, זיך איינגעפונען אין היסטאָרישע פּאַראויסשטראַלן פון דער „התערותא דלעילא" פאַר דער פּאָעטישער שעפערישקייט אין יידיש, וואָס איז דערגאַנגען צום זעלביקן אָרט ערשט דריי דורות שפּעטער.

דריי דורות צו־שפּעט? ניין. יידישע פאָלקס־געשיכטע קריגט תמיד תיקון מוחל־צו־זיין וועמענס זינד. עס גילט אמונה אַז אָפּטריניקע קינדער קומען צוריק אַהיים...

טאָקע דעם ייד פון לובלין מיט זאָרג ביי אים פאַרן גורל פון דיכטונג אונטער אַמעריקעס יידישע הימלען איז עס באַשערט געווען צו קענען ווערן דער איינפלאַנצער פון יידיש פּאָעזיע אינעם פּאָעטן־צענטער, אַ מקום־תורה פאַר דיכטונג אין כלערליי לשונות, אַ חוץ אונדזער יידיש, וואָס דער „אָפּ־טאַנער וואַי" האָט געהאַט איינגעשטעלט ביי זיך.

עס איז געקומען ווי אַן אויפבליץ —

...פּאָעזיע אין יידיש ביים „יאַהודימשן וואַי"!...

„יאַהודימשעס", איז נאָך אַזוינס פאַראַן?

ווידער אויפבליץ. באַוואונדער.

איך געפין זיך אין די מרחקים פון לאַנד, הער איך עס פון דערווייטנס —

...יידיש ליד איז רייך... וואָס איז דען נישטאָ אין יידישן ליד?...

לירישער ראָמאַנס, געזאַנג פון הייסן לייב, קרעכץ אויף קנעכטישער פּראַצע, אַ דורכרעדן זיך מיטן טאַטן אין הימל, תפילה און פּראָטעסט, שבת און שבת־

שבתון, משיחישער אָנזאָג אויף גאולה, די אבות אונדזערע און די עקידה, מלכים און בעטלערס, נביאים און דער גמראס תנאים, מאַמע רחל און אליהו הנביא, גלאָקן־קלאַנג און קול פון שופרות, און די שכינה, ים־שטורעמס און געבראַזג פון שטעט, און שטילע וועלדער, די יאָמערן פון אַלע אונדזערע דורות, פאַרזונקענע קברים אין די זאַמדן פון מדבריות, די זיבן אושפיזין און די זיבן הימלען, און די רויכן פון פאַרברענטע מיליאָנען קינדער — און געלעכטערס פון טיפער חכמה... וואָס איז דען נישטאָ אין יידישן ליד?...

איז דורכן באַוואונדער אין „וואַי" אַריין אַ נייע ליכטיקייט אין גאַנצן יידישן קולטור־הויז. די פאָלקס־אָרגאַניזאַציע, אַרבעטער־רינג, אין אָנפיר פון ישראל ברעסלאו, בנימין געבינער און יוסף מלאַטעק, האָט אַקצעפּטירט די פּאָעטישע משפחהשאַפט פון „וואַי", און עס איז געוואָרן אַ געשלאָסן בונד. אַ נייער בונד אין אונדזער היסטאָרישן פאָלקס־לעבן. ייד מיט ייד. „וואַי" מיט אַרבעטער־רינג. יידיש ליטעראַטור ווי אַ פּראָגראַם־יסוד ביי ביידן. אַ נייע מסכתא פאַרן אַלטן „סדר־הדורות"...

# 6

אַ נעסט מיט באַרימטע לייט אויף איסט־בראָדוויי האָט אויך געגומען מיך צויבערן אין יענע ערשטע וואָכן אונטער אַמעריקעס יידישע הימלען. אַ גרופּע געשטאַלטן אינעם נעסט איז מיר אַריין אין די בלוטן. בפרט איינער מיטן נאָמען ש. יאַנאָווסקי.

היינט־צו־טאָג איז עס שוין העכער דריי דורות וואָס דער נאָמען פלאַ־טערט אַרום אין מיינע מחשבות. אַזוי בעת די יאָרן זינט מיין אָנטרעפן אים דעם ערשטן מאָל ביזן סוף פון זיינע טעג, און אַזוי אין די אָפּגעגאַנגענע יאָרן זינט זיין אָפּטרעטן פון דער וועלט.

נישט אַלע מאָל, אינעם גאַנג פון די יאָרן, זיינען מיר געווען אין דיזעל־ביקע אידייאישע לאַגערן. און אין פאַרשיידענע צייטן פלעגן צו־מאָל אָפּגיין חדשים אָן אונדזערס אַ באַגעגעניש און אויך אָן האָבן וואָס געלייענט פון אים אָדער וועגן אים. זיין נאָמען אָבער האָט תמיד אומגעריכט אַ בליץ־געטאָן אין מיר ווי אַ ליכט־אָפּשטראַל, וואָס קומט פּלוצלינג אַנטקעגן, ווערט באַלד פאַרשוואונדן און קומט שפּעטער ווידער און ווידער.

אַ סאָרט מיסטישע איבערלעבונג, וואָס איך דערקלער עס מיט אונ־דזער ערשטער באַגעגעניש. דורך יענער באַגעגעניש האָט ש. יאַנאָווסקי אַן עפן־געטאָן פאַר מיר אַ טירל צו אַלע מיינע ווייטערדיקע יאָרן אין דער נייער וועלט; און הגם ער אַליין איז שוין דעמאָלט געווען אַ געקרוינטער לערער ביי דער „גרינער" יוגנט, איז ער תמיד גרייט געווען צו ווערן אַ לערנער ביי דערזעלביקער יוגנט, זיינע תלמידים.

ד"ר שמואל פעסקין, מיט זיינע האַרציקייטן, איז מיר געווען דער ערש־טער מדריך צו אַמעריקאַנישע אַנדערשקייטן; ש. יאַנאָווסקי, ווי מיין ערשטער צוברענגער וואו צו זוכן אַ העכערן זשורנאַליזם און וואו צו דערזען יוניאָניזם ווי דעם תוך פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווי אַן אָקאָרשט־געקומענער פון דער סלוצקער מוסר־ישיבה, אָבער שוין אַ לייענער פון דער גאָרנישט־פרומער העברעאישער מאמרים־זשורנאַליסטיק אין יענער תקופה, בראש מיט גייסטיק־וואָגיקן זשורנאַל „השלוח", און פון דער אויפגעשפּראָצטער ניי־יידישער ליטעראַטור, איז די אַמעריקאַניש־יידי־שע טאָג־פּרעסע מיר גאָרנישט געווען צום האַרצן.

און זאָלן מיר ביישטיין אַלע מיינע שפּעטערדיקע יאָרן פון אַ חסידישן „פאָרווערטיסט", ערשט דער „פאָרווערטס" פון יענע טעג איז מיר געווען דערווידער. ס'האָט מיר אויסגעקוקט: שבתדיקע אידעאַלן אין פּראָסטע, וואָ־כעדיקע קליידער...

איך האָב עס אַ זאָג־געטאָן ד"ר פעסקינען. ער האָט אָפּגעענטפערט —

...איכ'ל זיך צוגעוואוינען צום לשון, וועט עס קלינגען אַנדערש...

...אויב דער „פאָרווערטס" איז וואָכעדיק, איז עס דערפאַר וואָס די טעגלעכע נויטן ביי דער יידישער אימיגראַציע זיינען וואָכעדיק...

נאָר אָט איז אַריינגעפאַלן צו מיר אַ נומער „פרייע אַרבעטער שטימע", טאַקע אינעם ראָבערט אָוען־קלוב, און ס'איז ממש געווען אַ ליכטיק געפינס — סיי מיטן סטיל פון די שרייבערס, סיי מיט דער אָפּגעקליבענער ליטעראַ־טור — דערציילונג, דיכטונג, פעליעטאָן און פילאָסאָפישע עסיי — סיי טאַקע מיט די אַנאַרכיסטישע פרייהייט־אידעאַלן.

יידיש געמיט האָט ליב פרייהייט, ווען דערמיט גייט גייסטיקע שיינקייט, און די „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט עס אָפּגעשפּיגלט און איבערגעלאָזן צויבער.

דערצו האָבן שרייבערס ביי איר דעמאָלט נאָך אַרגומענטירט, ווי אַן

אָפּקלאַנג פונעם קישענעווער פּאָגראָם — אַז יידישע פּריוואַטיסט־קעמפּערס, אַנאַרכיסטן, קאָסמאָפּאָליטישע דענקערס, דאַרפן זיך אַ קער־טאָן צו וועקן יידישן נאַציאָנאַליזם, אַפילו ציוניזם. דער יידישער גורל איז דאָך אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל אָנגעוויטיקטע פּראָבלעמען, דאַרף מען עס אַנטקעגנקומען. די פּלוגתא האָט אָנגעצונדן דעם לייענערס געדאַנקען, אויך מיינע.

מיט יענע שטימונגען מיינע, נאָכן דורכלעבן די פאַרשטעלונג פון „גאָטס אויג", און צערודערט דורך דער „פרייע אַרבעטער שטימע", בין איך דער־גאַנגען צו מיינעם אַ פאַמיליע־קרוב, מיין מוטערס אַ קוזין, פּראָפעסאָר יאָזעף קאהן פונעם ברוקלינער פאַרמאַצעווטן־קאָלעדזש. אַ „בעטשלאָר", שוין אין די מיטעלע יאָרן, וועמען די ניו־יאָרקער צייטונגען, ענגלישע און דייטשע, פלעגן גוטמוטיק אָנרופן „דער אָנקל פון אַלע איסט־סיידער אַפּטייקערס". איך האָב נישט געהאַט קיין השגה, אַז דורך אים וועל איך באַגעגענען דעם רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע".

ס'איז אַ כאַראַקטעריסטיש קאַפּיטל איסט־בראָדוויי מיט אַ גרופּע, איצט שוין היסטאָרישע, געשטאַלטן, מיט איר יידיש־ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, און אַן אינטערעסאַנט בלאַט ש. יאַנאָווסקי

מיין קרובס „בעטשלאָר"־קוואַרטיר, אַ דירה מיט צוויי גרויסע צימערן פאַר זיך אַליין, האָט זיך געפונען אויפן ערשטן עטאַזש איבער אַ „דראָג־סטאָר" אין אַן אַלט הויז אויף איסט־בראָדוויי מיטן אויפשריפט אויפן פענצ־טער, אין רוסישע אותיות, „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ". געציילטע הייזער פון דאָרטן, אויף ראָטגערס גאַס, האָט דעמאָלט געהאַט פאַרלייגט זיין היים ש. יאַנאָווסקי, מיט אַ חדרל פאַר דער רעדאַקציע און „געשעפטס־אָפיס" פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע". מיין אַמעריקאַניש־פּראָפעסאָרישער קרוב האָט פאַר זיין קומען אין אַמעריקע, אָנהייב די ניינציקער יאָרן, געהאַט געשטודירט אינעם פּאָליטעכניקום אין ריגע, האָט ער זיך געחברט מיט ריגער לאַנדסלייט פון דער אימיגראַנטישער אינטעליגענץ, וואָס יעדער פון זיי איז אין 1904 שוין געהאַט דערגאַנגען צו באַרימטקייט אויף אינטעלעקטועלע פעלדער, און די איסט־בראָדווייער „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ" איז געבליבן פאַר זיי אַ זאַמלפּונקט, וואוהין זיך אַריינצוכאַפּן אין די אָוונטן צו שפּילן אַ „גוטן שאַך".

דאָס שאַכשפּיל איז נישט געווען אַלץ. מען האָט דאָרטן זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן די אימיגראַנטישע בענקשאַפטן און אויף וויפל די אידייען מיט וועלכע מען איז געקומען פון די אַלטע רוסישע היימען, שטימען מיט דער

אַמעריקאַנישערווירקלעכקייט. ש. יאַנאָווסקי, הגם נישט קיין ריגער, געבוירן אין פּינסק און דערצויגן אין ביאַליסטאָק, פלעגט דאָרטן אויך אַריינקומען.

די שאַכבערעט־מלחמות פלעגן אָנגיין ענטוועדער מיטן פּראָפעסאָר קאַהן אָדער מיטן אַפּטייקער, ד״ר ראכמאַנאָוו, אַ ביאַליסטאָקער. די אַפּטייקערשע איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערין פון ריגע, אַ רוסיש־געבילדעטע און אַ שטו־דירטע אויך אין אַמעריקע. ש. יאַנאָווסקי האָט דאָס אַפּטייקערשע פּאָרפּאָלק אַ נאָמען־געגעבן מיט אַ געלעכטערל „צער־בעלי־חיימניקעס״ און „רחמנות־דיקע אַפּטייקערס״, אַ וואָרטשפּיל מיט זייער נאָמען ראַכמאַנאָוו, און אויך מחמת דעם פאַקט, וואָס בעת די דעמאָלטיקע שניידער־סטרייקן און די איסט־סיידער סוועט־שעפּער פלעגט די „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ״ געבן אומזיסט מעדי־צינישע הילף פאַר צעשלאָגענע סטרייקערס אויף די „פּיקעט־ליינס״, אָדער פאַר קראַנקע קינדער אין אַ סטרייקערס היים. דאָס איז טאַקע געווען יאַ־נאָווסקיס אַן אויפטו. אגב, געשיכטע־פאָרשערס זאָלן עס טאַקע געדענקען ווי אַ היסטאָרישן יאַנאָווסקי־אויפטו. עס איז דערפון געוואָרן אַ שפּעטערדיקע פאָלקלאָר־דערשיינונג בעת די גרויסע היסטאָרישע סטרייקס מיט באַטייליקונג דערין פון אַ גאַנצער גרופּע יידישע מעדיצין־דאָקטוירים.

ביז אַ צייט פריער פלעגט אין דער „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ״ אַריינקומען פאַר אַ שאַכשפּיל מאָריס הילקוויט מיטן נאָמען הילקאָוויץ, וואָס ביים יאָר 1904 האָט ער שוין גע׳שמט פאַר אַ פּראָמינענטן אַדוואָקאַט און ווי אַ פירנדיקע פּערזענלעכקייט, טעאָרעטיקער, שרייבער און רעדנער, אין דער אַמעריקאַניש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אויך דער איצט שוין היסטאָרישער יוניאָן־פירער יאָזעף באַראָנדעס פלעגט דאָרטן זיך באַווייזן. דעמאָלט, אין יאָר 1904, איז ער געווען דער איסט־סיידער סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט צום קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן. און דער דראַמאַטורג יעקב גאָרדין פלעגט דאָרטן אויך זיין אַ גאַסט, און מיט אים דער אויפקומענדיקער טעאַטער־און ליטע־ראַטור־קריטיקער, יואל ענטין.

אינעם אָוונט פון מיין וויזיט צו מיין פּראָפעסאָרישן קרוב האָב איך דאָרטן אָנגעטראָפן מאָיסייעוו לעאָנטיעוו, וואָס האָט שוין געהאַט אַ שם פון אַן אַרכי־טעקט־אינזשינער ביים בויען די גרויסע בריקן אין ניו־יאָרק, און אַליין איי־נער פון די פיינסטע ליטעראַטור־פּאַרטייטשערס אינעם פילאָזאָפיש־אַנאַר־כיסטישן זשורנאַל „פרייע געזעלשאַפט״. געווען דאָרטן אויך דער פּאַרטיפּט־שווייגנדיקער אברהם ז. פריידוס, געלערטער און ביבליאָגראַף ביי דער יידי־

שער אָפּטיילונג אין „אַסטאָר לייברערי", וואו די אימיגראַנטיש־אינטעליגענטע יוגנט פלעגט זיך זאַמלען צו שטילן דעם גייסטיקן און אויך פיזישן הונגער דורך אַריינלאָזן זיך אין לייענען די העברעאישע, יידישע און אַנדערע ליטע־ראַטורן. דער ליבער פריידוס, אַ מוסטער פון אַ זעלטענעם טיפּ ספרימדיקער מכניס־אורח, אויס ליבשאַפט אי צום ספר, עס זאָל ניט שטיין אויף אַ פּאָ־ליצע אין עלנט, אי צום לייענער, ער זאָל שטייגן אויף גייסטיקע לייטערס. בײדע, ער און לעאָנטיעוו, זיינען געווען פון דער ריגער גרופּע.

לעאָנטיעוו האָט דורכן אָונט געפירט אַ שאַכברעט־מלחמה מיטן פּראָ־פעסאָר קאַהן. פריידוס איז געזעסן פאַרטוליעט אין זיין שווערן רונדן גוף אָן אַ וואָרט אויסצורעדן. ס'איז געווען געשטעלט אַ סאַמאָוואַר פאַר טיי. פרוי ראַכמאַנאָוו האָט אַריינגעבראַכט קיכלעך. עס האָבן זיך באַוויזן נאָך צוויי געסט.

איינער, אַ קורצגעוויקסיקער, אַ דאַרער, אַ צאַפּלדיקער, מיט אַ פּנים פול מיט באָרד און אַ שפּיץ ביים ברעג, און מיט אויגן, וואָס אָט חוזקן זיי, און אָט קוקן זיי פאַרטרוימט, און מיט געדיכטע ברעמען פאַרשפּיצט, און אַ ווייכן הוט אויפן קאָפּ, אַראָפּגעבויגן מער אויף איין זייט צום הויכן שטערן, און מיט געאיידלטע הענט, און ביידע קעשענעס פון ראָק אָנגעשטאָפּט מיט צייטונגען — ש. יאַנאָווסקי.

דער צווייטער, אַ פיל־ייִנגערער, אויך קורצגעוויקסיק און ענערגיש־צאַפּלדיק, אָבער מיט ברייטע פּלייצעס און אַ נאַקעט פּנים, און אַ הוט, וואָס האָט פאַרדעקט זיין גאַנצן שטערן און מיט אַ דיק העברעאיש בוך אין די הענט — אב. גאָלדבערג.

אב. גאָלדבערג איז אין די וויטערדיקע יאָרן דערגאַנגען פון פּועלי־ציוניזם און סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם צו הויכער אָנפירערשאַפט אין אַלגעמיינעם ציוניזם, און מיט אַ פליסיקער פעדער צו פּובליציסטיק אויף יידיש און צו ליטעראַרישער דיסקוסיע אויף העברעאיש. ער איז דעמאָלט געשטאַנען בראש ביים גרינדן דעם פאַראיין „דוברי שפת עבר" מיט אַן אָרט אינעם „עדיוקיישאָנאַל אַלייענס" אויף איסט־בראָדוויי — אַ באַוועגונג, אַז מען זאָל רעדן העברעאיש אין אַמעריקע, נישט מער און נישט ווייניקער! ער פלעגט דעמאָלט אויך שרייבן אויף יידיש, און יאַנאָווסקי האָט אים מקרב געווען און געדרוקט לידער זיינע אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע".

מיט זיין לוסט און שטייגער אין קיבעץ האָט יאַנאָווסקי געלאָזט זיך

וואוילגיין אויף גאָלדבערגס חשבון, אָבער פאַרהאַלטן זיך מיט אים חבריש. עס איז ביי זיי ביידן געוואָרן אַ צעפלאַמטער פאַרמעסט, ווער פון זיי זאָל „ראַטעווען״ מיין יונגע נשמה, נעבעך.

גאָלדבערג האָט געטענהט אַז וויבאַלד איך לייען העברעאיש, איז מיין חוב פון אַ סלוצקער מוסרניק איינצושליסן זיך אין דעם פאַראיין „דוברי שפת עבר״. יאַנאָווסקי האָט אים אויסגעלאַכט מיט אָנרופן אים כלערליי צונעמענישן, טייל גאָר הארבע, אָבער אַלץ אין גוטפריינטשאַפט, און מיט אַ געלעכטערל אויך אויף מיין חשבון, אַז „נאַר״ ער, יאַנאָווסקי, וועט מיך „מאַכן פאַר אַ מענטש״...

נאָר מ׳איז באַלד אַריין אין גאָר וויכטיקע רייד. עס האָבן זיך באַוויזן נאָך צוויי געסט. זיי האָבן געבראַכט גוטע נייעס וועגן אַ קאַפּיטל אַמעריקע אין יענע טעג. אינעם קאַפּיטל איז געווען פאַרטאָן דער גאָרער איסט־בראָד־ווייער נעסט פון באַוואוסטע לייט.

די צוויי נייע געסט —

פּראָפעסאָר יאָזעף מ. עראַן פון דער דעמאָלט שוין באַרימטער „עראַן פּריפּערייטאָרי סקול״, וואָס האָט צוגעגרייט עטלעכע דורות אימיגראַנטיש־יידישע בחורים און מיידלעך, דורך לערנען אין די אָוונטן, צוצוקומען צו פאָרמעלער קאָלעדזש־בילדונג. אַמעריקאַניש־יידישע געשיכטע קען אים, גלויב איך, פאַרשרייבן אַלס דער „מלמד הגדול״ ביי אונדזערע אימיגראַציע־דורות. אין מיינע אַרומרייזענישן איבערן לאַנד אין די וויט־שפּעטערדיקע יאָרן, ווי אַ זשורנאַליסט ביים „פאָרווערטס״, האָב איך אָנגעטראָפן בפירוש הונדערטער יידישע אַדוואָקאַטן און שטאַטישע ריכטערס, אויך מעדיציניש דאָקטוירים, און פּראָמינענץ אין רעדאַקציעס, און לערערס אין אוניווערזיטעטן, וועמעס אָנהייב אין זייער בילדונג איז געווען ביי דער „עראַן פּריפּערייטאָרי סקול״. און ער, דער פּראָפעסאָר עראַן אַליין, איז דאָך ערשט געווען אַ סימבאָל פונעם אימיגראַנטיש־יידישן אויפקום אין אַמעריקעס אַנגלאָ־סאַקסישער קולטור. ער, פון דעם פּויליש־ליטווישן שטעטעלן קאַלווערייע, איז געוואָרן דער אָנער־קענטסטער „שעקספּירישן״ ביים קאָלאָמביאַ־אוניווערזיטעט. און איר האָט תמיד געקענט אַרויסקריגן פון אים הונדערטער מעשהלעך מיט געלעכטערס וויאַזוי עס איז געקומען דערצו.

דער אַנדערער, שוין אַ גאָר גוט־באַקאַנטער צו מיר, דער פריינטלעכער ד״ר פּאָול איבעלסאָן פונעם אָוונט אין דער ביבליאָטעק ביים „אָפּ־טאַונער

וואַי". ס'האָט אים איבערראַשט צו געפינען מיך איצט ווי אַ קרוב פון פּראָ־פעסאָר יאָזעף קאַהן. ער האָט באַלד דערציילט פאַר אַלעמען וועגן מיין קוראַזש צו קומען לערנען אַמעריקאַנישע יידישקייט מיט שאַרפע ווייטיקן אין מיינע אָקאָרשט־צעשניטענע פינגערס. ער האָט די מעשה פאַרענדיקט —

...נאָר אַ ליטוואַקישער מוסרניק האָט עס געקענט פּועלן ביי זיך...

געקומען זיינען ביידע נייע געסט צו פּראָפעסאָר קאַהן ווי צו אַ קאָלעגע אינעם קאַמף פאַר אָפענע שטאָטישע ביבליאָטעקן זונטיק. גרויס וויכטיקייט האָט דערין געשטעקט. עס איז געהאַט אַרויסגעקומען אַ גזירה פונעם „באָאַרד אָוו עדיוקיישאָן" פון ניו־יאָרק, אַז די שטאָט־ביבליאָטעקן זאָלן זונטיק שטיין פאַרשלאָסן. ס'האָט ממילא געמיינט, אַז אויך די טירן פון דער אַסטאָר־לייב־רערי זאָלן שטיין פאַרמאַכט.

אַסטאָר לייברערי איז געשאַפן געוואָרן מיט די פאָנדן פון דער ירושה ביי דער מיליאָנערסקער אַסטאָר־פאַמיליע, און איז געוואָרן אַ טייל פון דער אָפיציעלער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק מיט אַן אָפּטייל ביי זיך, אַ ברייט־יידישע וועלט־ביבליאָטעק אין אַלע לשונות, ווי אַ מתנה פון דער באַנקירן־משפחה פון יעקב שיף. די זונטיק־גזירה איז אייגנטלעך אַרויסגעקומען דורך איר.

גלייך אַקעגן איר, ביי דער פערטער גאַס אויף דזשעפערסאָן סטריט, איז געשטאַנען אַ קירך. די פרומע זונטיק־לייט האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן וואָס בעת זיי זאַמלען זיך צו הערן סערמאָנס און תפילות וועגן גאָטס אייביקע וועגן, דרייען זיך אַרום „אַפּיקורסים" אויף דער צווייטער זייט גאַס ביי די טירן פון דער ביבליאָטעק.

אַ פאַרמאַכטע אַסטאָר־לייברערי, זונטיק, האָט, דער עיקר, אַ קלאַפּ־געטאָן די אָקאָרשט־אָנגעשטראָמטע יוגנט פון דער יידישער אימיגראַציע, וואָס האָט אָנגעהויבן קומען אַהין גלייך ביים דערוויסן זיך וואו זי געפינט זיך. עס האָט אַ הייב־געטאָן די יידישע אינטעליגענץ אין פּראָטעסט. מ'האָט געהאַט פאַר די אויגן די מערכה פון יידישע סטודענטן. אַ גאַנצע וואָך זיינען זייערע טעג און אָוונטן איינגעטיילט פאַר „מאַכן אַ לעבן" און פאַר לערנען צו דערגרייכן העכערע פּראָפעסיעס. זונטיק זעצן זיי זיך איין אין דער ביב־ליאָטעק ביי פילאָזאָפישער און בעלעטריסטישער ליטעראַטור, וואָס איז זיי אַ גוטער זאָפּט פאַר די טרוקענע טעקסט־ביכער. און דאָס ווערט איצט צוגע־נומען פון זיי?

געוועז דערביי מער ביטערעס. אַ גאַנצע וואָך איז אָרעמאַנסקן וואָכעדיקן זאָרג, און דער שבת ווערט צערונען אין די שטראָמען פון אַמעריקעס פרייע, אָפענע ווירטשאַפטן, ווערט זונטיק, אַן אַרבעט, דער גרויסער יידישער קול־טור־טאָג, און די אַסטאָר־לייברערי האָט אויף אירע פּאָליצעס יידישע גייסט־געשיכטע, נביאישע, תלמודישע, השכלה־דענקערס, און דענקערס פון דער גרויסער וועלט, און די ליטעראַרישע באַרימטהייטן פון העברעאיש און יידיש — און זי וועט שטיין פאַרמאַכט?...

איך הער נעמען פון די ביים אָנפירן דעם פּראָטעסט —

ראַבאַי יהודה־לייב מאַגנעס, דעמאָלט אין אַ ברוקלינער טעמפּל; ד״ר פעליקס אַדלער ביי דער עטישער קולטור־באַוועגונג; פּראָפעסאָר עדווין ר. א. זעליגמאַן ביים קאָלאָמביאַ־אוניווערזיטעט; דער אַדוואָקאַט מאיר לאָנדאָן אין נאָמען פון יונגן אַרבעטער־רינג; און אב. קאַהאַן. פּראָפעסאָר עראָן דערציילט וועגן קאַהאַנס אַ כאַראַקטעריסטישן בריוו צו דער ביבליאָטעק־קאָמיסיע ביים „באָארד אָוו עדיוקיישאָן". דער אינהאַלט —

...ווען אינטעליגענטע יידישע אימיגראַנטן זיצן אין אַ ביבליאָטעק, איז ביי זיי הייליקייט אין האַרצן, און די זונטיק־גזירה, וואָס צילט צו באַדינגען פרומקייט, איז אַ שרעקלעכער טעות...

איך הער נעמען אויך פון ניט־יידישע באַרימטהייטן, אַמעריקאַנער שריפטשטעלערס, וועלכע שליסן זיך איין אינעם פּראָטעסט —

...וויליאַם דיען האָועלס, די ברידער האַפּגוד, אַרטור בריסביין...

זיי זיינען מיר פרעמד, אָבער בחוש פיל איך, אַז איך דאַרף זיי תמיד געדענקען מיט יראת־הכבוד.

די שאַכבערעט־מלחמה פון מאָיסייעוו לעאָנטיעוו און מיין קרוב יאָזעף קאַהן האָט זיך אָפּגעשטעלט.ביידע שאַך־„לאַגערן" זיינען געבליבן שטיין אויף זייערע „פּאָזיציעס". זייער אינטערעס איז אַריין אינעם באַריכט, אין נאָמען פונעם באַנקיר יעקב שיף, אַז ער פילט ער קען גלויבן מען וועט אויספועלן אַ צוריקרופן די גזירה.

מען רעדט וועגן נאָך אַ באַריכט אין נאָמען פון יעקב שיף. עס קומט דורך פּאָול אייבעלסאָן. עס איז אַ באַשטימטער אָנווייז פונעם באַנקיר־מע־צענאַט, אַז דווקא די קליינע יידישע קולטור־גרופּעס פון דער איסט־סייד וועלן קענען אויסווירקן דעם צוריקרוף. דערין איז שכל. ביי זיי איז דאָך

ניט פאַראַן קיין שום מעגלעכקייט צו שאַפן זיך אייגענע ביבליאָטעקן, דאַרף די שטאָט זיי באַדינען.

איך האָב געשלונגען יעדן וואָרט פון אַלעמענס רייד, בפרט ש. יאַנאָווסקיס. דווקא ער, דער אַנאַרכיסטישער רעדאַקטאָר, האָט געשעטיצט דעם געבראַכטן אָנוויז פונעם באַנקיר שיף.

און דערפון האָבן זיך ווי אויסגעצויבערט אינצידענטן, וואָס כאַראַקטע־ריזירן יענע טעג, צוויי גלייך אויף מאָרגן.

# 7

צוגעקומען צו מיין פּראָפעסאָרשן קרוב בין איך שבת פאַרנאַכט. לגבי האַרלעם איז מיר די איסט־סייד ביי קאַנעל סטריט, ראַטגערס סקווער און איסט־בראָדוויי דערשינען ווי אַן אַנדער שטאָט. דאָס פּאָרן גופא מיט דער צווייטער עוועניו־עלעווייטעד (הויכבאַן) האָט עס ווי אונטערגעשטראָכן. עס האָט זיך אויסגעוויזן אַ מהלך.

עס האָט מיר אויסגעקוקט ווי אַן אַנדער שטאָט אויך דורך די דעמאָלט שוין אַלטע טענעמענט־הייזער, און מיטן געדרענג פון יידן אויף אַלע זייטן, בעת אויף די האַרלעמער יידישע גאַסן זיינען טראָט־נאָך־טראָט געשטאַנען נייע הייזער און אויך מיט ניט־יידישע שכנים, איטאַליענער און איירישע.

געווען איז עס שוין אַ פּאָר וואָכן נאָך מיינע ערשטע דערפאַרונגען אין דער נייער וועלט. איך האָב שוין געהאַט ווידער געאַרבעט מיט „היינעס לאַנדסמאַן", אָבער די דערפאַרונג מיט די דריי פינגערס האָט נאָך געשטעקט אין מיר, הגם אָן ווייטיקן. עס איז געהאַט פאַרבליבן אין זיי אַ שוואַכקייט. נעמען זיי צו־הילף ביי דער אַרבעט איז מיר צוגעפאַלן שווער. איך האָב געקלערט אפשר זאָל איך פּרוּוון זוכן אַן אַנדער סאָרט אַרבעט.

אין דער וואָרעמקייט, מיט וועלכער מיין קרוב האָט מיך אויפגענומען אין דער „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ" האָט זיך געשפּירט אויך זאָרג צי ער קען וואָס טאָן פאַר מיר מעשה מעדיצין־מענטש. ער האָט צוגערופן די אַפּטע־קערשע, פרוי ראַכמאַנאָוו. זי האָט געדרייט יעדן פון די דריי פינגערס באַ־

זונדער און אַלע דריי אינאיינעם, און געלייגט פינגער אויף פינגער, און אַ זאָג־געטאָן צום אַפּטעקערשן פּראָפעסאָר —

...זי קען מאַכן אַ געוויסן זאַלב איינצורייבן די פינגערס פאַרן פאַר־נעמען זיך צו פולער נאַכט־רו, און אַזוי עס טאָן נאַכט נאָך נאַכט אַ גאַנצע וואָך. דעמאָלט וועט מען קענען אורטיילן צי די שוואַכקייט וועט וועו אַוועק. דער זאַלב מוז אָבער זיין פריש, וואָס עס מיינט זי וועט דאַרפן צוגרייטן אַ פרישן זאַלב יעדן אָוונט.

מיין קרוב האָט זיך אַ ווענד־געטאָן צו מיר —

...פאַרבלייב דאָ די גאַנצע וואָך... מיר וועלן מיטן געלעגער זיך אָן עצה־געבן...

אַזאַ פאַמיליע־קרובהשאַפט איז מיר, פאַרשטייט זיך, ליב געווען. בעת ער האָט אָפּגערייזט קיין אַמעריקע, האָב איך געקענט זיין אין פערטן־פינפטן יאָר. נישט איך האָב אים געקענט, נישט ער מיך. אין מיין מעלדן זיך צו אים האָב איך בלויז אָנגעגעבן —

...איך בין פון יאָשע־שלמהס אייניקלעך און מאיר און פראַדע לאַנגס קינדער...

ס'איז אים געווען גענוג צו דערשפּירן באַלד אינטימע משפחהשאַפט. ער שיקט דאָך אונדז יעדן ערב ימים־נוראים אַ „שנה־טובה"־קאַרד.

וויפל־ביט־איז וועגן אים, האָב איך יאָ געוואוסט. מיט אים איז געהאַט אָפּגעלאָפן אַ משפחה־דראַמעלע.

מיר האָבן דערפון אַ סך גערעדט אויף אונדזער ערשטן שפּעט־בייִנאַכטיקן שפּאַציר אויף איסט־סיידער גאַסן. עס איז געהאַט אָנגעשטאַנען אַ מוראדיקע היץ אין דער ניו־יאָרקער נאַכט, הגם נאָך אין פרילינג. עס האָט זיך אויס־געוויזן, אַז אַפילו די צעמענט־ווענט פון די טענעמענט־הייזער שטייען מיד און אין שווייס. מ'האָט געזען אַז מען מאַכט זיך געלעגערס אויף די דרויסנ־דיקע פייער־טרעפּ. אַ שיף ערגעץ אין די וואַסערן ביי די שטאָט־ברעגעס האָט געטרובעט, און איז אַנטשוויגן געוואָרן. און ווידער אַ טרובע, און ווידער אַ שווייגן, ווי עס וואָלט געצילט צו דערמאָנען אַלעמען אויף דער נייער ערד וויאַזוי מען איז געקומען פון איבער די ימים. מיין פּראָפעסאָרשער קרוב האָט אַ זאָג־געטאָן —

...די מאַמע דיינע האָט דעם גרעסטן חלק אין מיין אַוועקרייזן קיין אַמעריקע... מיר איז טאַקע פאַרבליבן אין האַרצן אַ דאַנק צו איר... דאָ

בין איך דאָך דערגאַנגען צום תוך פון דער וויסנשאַפט, וואָס מיר איז ליב געווען צו חלומען דערפון אין מיינע יונג־יינגלשע טעג... מעדיצין !... ווי־אַזוימאַכט מען עס, און פון וואָס ?...

און ער איז אַריין אין וויטערדיקע רייד. אים איז ליב געווען צו רעדן. ער האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. אינטימעס. עס האָט זיך אויפגעוויקלט אַ דראַמאַטישע מגילה פון אַ פיר דורות צוריק. ער האָט געלערנט אַ זמן אין סלאַבאָדקער ישיבה. בלויז איין זמן. אים איז ניט געווען וואויל. טעג אין הונגער, ישיבהשער ברויט מיט אויפגעקאָכטן וואַסער. און נעכט אין מוסר־שטיבל מיטן אייגענעם רעקל צוקאָפּנס. נאָר מ'האָט אים געזאָלט גאָר אַרויס־טרייבן פון דער ישיבה. מ'האָט זיך דערוואוסט ער טראָגט זיך אַרום מיט ביכלעך, וואָס מען פלעגט זיי אָנרופן „טריף־פסולען", הגם לשון־קודשדיקע ספרימלעך. און ער האָט אויך אָנגעהויבן אויספעלן טעג אין דער ישיבה. ער האָט בשתיקה געלערנט רוסיש ביי וועמען אין קאָוונע. עס איז געווען אַ מצווהדיקע לערעריי דורך אַ פאַראיין אין השכלה. ער האָט געוואוסט ער פאַרברעכט קעגן דער סלאַבאָדקער ישיבה־מאָראַל; און פון אָנגעבן זיך אין חרטה האָט ער ניט געוואָלט הערן; אָבער פאַרנעמען די בושה פון אַן אַרויס־געטריבענעם, וואָלט אים געווען צו־שווער; איז ער, אַן לאָזן וויסן זיין היים, אַוועק קיין ריגע און מ'האָט אַ לענגערע צייט ניט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען.

געהאָלפן אים אין דער רייזע פון קאָוונע קיין ריגע האָט אַ „פלימעניק־בן־פלימעניק" פון דער מאַפּו־משפחה.ביידע שטעט האָבן דעמאָלט געהאַט מחלוקתן, וואָס אין זיי האָבן נאָך אָפּגעקלונגען די דריי שוין היסטאָרישע נעמען —

...ר' ישראל סאַלאַנטער פון דער מוסר־וועלט, אברהם מאַפּו פון דער השכלה־ליטעראַטור, און דער ראַבינער מאַקס ליליענטאַל, אַ סאָרט „אחר" אין ניינצנטן יאָרהונדערט, אַ כמו־קאָפּיע פונעם תלמודישן עלישא־בן־אבויה, מיט דראַמע אַרום זיך אין זיינע לעצטע יאָרן אויך אין אַמעריקע...

מוסר־איינפלוסן האָט ריגע ניט געהאַט, אָבער איר איבערגיין פון דער קורלאַנדיש־דייטשער צו דער רוסישער קולטור, מיט אַ ראָל דערין פון יידישע סוחרים־משפחות, פאַרצווייגטע אויך אין קאָוונע, האָט אויפגעוועקט דעם אָנדענק פונעם ראַבינער ליליענטהאַל. דווקא מאַפּו־יורשים האָבן באַשטריטן די נייע ליליענטהאַל־אָנהענגערס. דער אַנטלאָפענער שקודער בחורל פון סלאַ־

באָדקע, שפּעטערדיקער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר, יאָזעף קאַהן, האָט געהאַט אַ פייערלעכן אינטערעס אינעם מאַפּו־צד. ער האָט זיך דערצו דערוואָרבן, דורך פריינטשאַפטן מיטן מאַפּו־צד, מ׳זאָל אים צולאָזן צום ריגער פּאָליטעכ־ניקום ווי אַן „עקסטראַ סטודענט". ס׳האָט געמיינט בלויז קענען הערן קלאַס־לעקציעס וועגן אַפּטעקערשע וויסנשאַפטן. ער האָט ביז דעמאָלט געלעבט פון „געבן אוראָקן", לערנען אַ שעה אין וואָך מיט קינדער אין פּריוואַטע, אי פאַרדייטשטע, אי רוסיפיצירטע היימען, זיי זאָלן קענען דאַוונען פון אַ לשון־קודשדיקן סידור. און די „אוראָקן" זיינען געוואָרן אַלץ ווינציקער. ער האָט צומאָל געהונגערט אין ריגע ווי אין סלאָבאָדקע.

נאָר אָט איז ער שוין דערגאַנגען צו די בחורשע יאָרן. ער מוז אָנהייבן טראַכטן וועגן פּריזיוו. וואָס וועט מיט אים זיין? דערוואַרטן אַ דיפּלאָמע אין פּאָליטעכניקום וועט זיין אַ פוסטער חלום. ער קען פאַרפאַלן ווערן צווישן „פאָניעס יעוואָנים", סאָלדאַטישע מוזשיקעס. און דערוויל איז אין ריגע אָנגעשטאַנען אַ גזירה וועגן ספּעציעלע פּעסער פאַר יידישער יוגנט פון אַנ־דערע שטעט. מוז ער פאָרן אַהיים קיין שקוד. ער איז אַהיימגעקומען מיטן געדאַנק גלייך אָפּצורייזן קיין אַמעריקע. ער האָט ביים פּאָליטעכניקום געהאַט פיל געהערט וועגן אַמעריקאַנער הויכשולן פאַר אַפּטעקעריי.

...אָפּרייזן קיין אַמעריקע, וויאַזוי?...

...דער טאַטע וועט העלפן!...

געפונען האָט ער אַ צעשטורעמטע קעגנערשאַפט ביים פאָטער. גע־שרייען —

...פאַרגעסן דאָס גאַנצע שטודירן... פאַרגעסן אַמעריקע... בלייבן אין דער היים און איבערנעמען דעם שענק מיטן געוועלב... די פּרנסה פון הויז־געזינד אין שקודער אַלט־שטאָט...

דער זון איז געבליבן שטיין געפּלעפט —

ער וועט עס נישט טאָן!

ניין?... האָט ער דאָ נישט קיין היים!...

ממש אין טרערן איז ער געקומען צו מיין מוטער. אין זיינע אויגן איז זי, זיין קוזינע פראַדע, די באַשיצערין פון יעדנס חשיבות אין דער פאַמיליע, און די וועכטערין אַז דער גוטער נאָמען פון דער משפּחה זאָל פון קיינעם נישט פאַרשוועכט ווערן, און וואָס עס קומט פאָר אין די היימען, דאַרף נישט אַרויס אויף די גאַסן. און ער האָט געוואוסט אַז מיין מוטער האָט אַ גרויס

וואַפּן — איר פאַטער יאָשע־שלמה. ער איז זיין פעטער, אַ ברודער פון זיין מוטער. אים מוזן אַלע פאָלגן, די עלטערע און די ייִנגערע. ער איז צו־גוט אַז מען זאָל אים ניִשט פאָלגן.

האָבן מיר גערעדט ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט אַריין, שוין אויך אויף זיין בחור׳שער דירה, אי וועגן זיין נצחון, אי וואָס אין זיין ערשטן זומער האָט ער צוגעהונגערט אין ניו־יאָרק ווי אין סלאָבאָדקע און אין ריגע, און וועגן עפּעס, וואָס איז ווי אַ נסתרשע זאַך. ניט וויסנדיק איינער פון אַנדערן זיינען מיר ביידע דערגאַנגען צו וועמען פונעם היסטאָריש־משכילשן מאָפּו־שטאַם. איך האָב אים געפרעגט צי ער קען זעלדען פון „אַפּטאַנער וואַי״. נו, אוודאי. איר׳ס אַן עלטערער ברודער איז געווען זיין פּאַטראָן אין ריגע...

אין מיין נאַכט־רו אַריין מיט אַלע מיינע איינדרוקן פון מיין פּראָפעסאָר־קרוב, און די מענטשן אַרום אים, האָט מיך באַגלייט אַ מחשבה מיט אַ זעל־טענער ליכטיקייט, וואָס איז מיר געוואָרן אַן אַרומפירנדיקער כוח פון וועג צו וועג אין די ווייטערדיקע אַמעריקאַניש־יידישע דורות. איך האָב אָנגע־הויבן לערנען —

אַז יעדער ייד וואָס דערגייט קיין אַמעריקע איז ניִשט בלויז נאָך אַ מענטש אין לאַנד. ער ברענגט מיט זיך אינטימע דראַמע, וואָס איז גלייכצייטיק יידי־שע פאָלקס־דראַמע, און עס איז אַ זכות צו קענען זען ווי עס שטעלט זיך אין דער דראַמאַטישסטער שבט אין אונדזער גאַנצער פאָלקס־געשיכטע...

## 8

ביים אויפשטיין אין פרימאָרגן האָט דער פּראָפעסאָר אַ זאָג־געטאָן אין אַ מינע פון צופרידנקייט —

...מיר האָבן היינט צוויי ערטער וואו צו גיין... יאַנאָווסקי, דער אַנאַר־כיסט, האָט פאַרשפּראָכן דעם ציוניסטישן פּאָעט, אב. גאָלדבערג, אַז ער וועט דיך ברענגען צו די „דוברי שפת עבר״, איכ׳ל אויך גיין... איינצלנע העב־רייער זיינען מיר גוט באַקאַנט, און איך האָב זיי גערן... זיי וועלן אוודאי דאָרטן אויך זיין... אין אָוונט, ווידער, וועט דער שטילער פריידוס אונדז נעמען צו אַ ליטעראַרישן טעאַטער־קלוב... ס׳וועט זיין אַ פּרץ־פּראָגראַם...

ש. יאַנאָווסקיס אַ באַזוך ביי אַ פאַרזאַמלונג פון די „דוברי שפת עבר" — זאָל זיך עס נישט ווּעמען אויסווייזן ווי אַ סענסאַציע. דווקא איז עס אין הסכם מיט זיין כאַראַקטער.

דער חדר אין „עדיוקיישאַנאַל אַלייענס", נישט קיין קליינער צימער, איז געווען איבערפילט. מ'איז אַפילו געשטאַנען ביי די ווענט. אַ זונטיק בייטאָג איז עס דאָך געווען. אב. גאָלדבערג האָט אָנגעפירט אַ דיסקוסיע וועגן חיים־נחמן ביאַליקס מעכטיקער פּאָעמע „בעיר ההריגה" (אין שחיטה־שטאָט) — וועגן קישינעווער פּאָגראָם. אַ שטורעם פון ביאַליקס פּאָעטישער קראַפט אין ביטערן שפּאָס, אָנשטאָט מנחם־אָבל־זיין. אַ רעוואָלוציאָנערע פּאָעמע קעגן פּחדנות מיט וויינענדיקע תפילות.

איך האָב געהאַט געהערט די פּאָעמע פאַרלייענען אין דער סלוצקער ישיבה גלייך ווי מ'האָט געהאַט זי אָפּגעדרוקט, טאָקע ווי אַן אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערע שריפט. איצט האָט די פּאָעמע מעכטיק זיך אַריבערגעטראָגן די ימים מיטן רוף, אַז מען זאָל ווערן שותפים מיט דער יידישער יוגנט אין צאַרישן רוסלאַנד ביים שטעלן זיך מיט כוח אין זעלבסטשוץ. יאַנאָווסקין האָט אימפּאָנירט צו זיין ביי דער גאָלדבערג־דיסקוסיע אינעם פאַראיין פון די „דוברי שפת עבר" — ערשטנס, אַרויסצווייזן פריינטשאַפט זיינעם אַ מיט־אַרבעטער אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע"; צווייטנס, כדי צו לערנען אויף וויפל אַזאַ פאַרטרוימטע העברעאיש־באַוועגונג נעמט אויף די ביאַליק־פּאָעמע, וואָס אין איר איז דער קול צו יידישער רעוואָלוציע. ס'האָט אים וואויל־געטאָן וואָס ער האָט געמאַכט דעם וויזיט.

לויט ווי ער האָט צו מיר דעמאָלט גערעדט, האָט ער דורך דעם גענומען בעסער פאַרשטיין די היסטאָרישע אהרן ליבערמאַן־באַוועגונג אין לאָנדאָן פאַר אַ יידישן סאָציאַליזם דורך העברעאיש, געצילט צו דער יידישער יוגנט אין די ישיבות פון מזרח־אייראָפּע. און ס'איז ביי יאַנאָווסקין געווען נאָך אַן אויסקוק. ער האָט דעמאָלט שוין געהאַט צוזאַמענשטויסן מיט דער יידישער אַנאַרכיסטישער יוגנט, האָט ער געוואָלט לערנען די פּילזייטיקייט פון דער יידיש־אימיגראַנטישער יוגנט. ער וויל דאָך אויספורעמען די „פרייע אַרבע־טער שטימע" פאַר די אָנשטראָמענדיקע יונגע יידישע דורות, דאַרף ער זיי קענען.

עטלעכע שעה האָט אָנגעהאַלטן דער וויכוח וועגן פּסוקים אין „בעיר ההריגה". און נישט סתם רייד זיינען עס געווען.

עס האָט כאַראַקטעריזירט די צייט, דעם דור מיט איבערברוך אין יידישן קוק אויף דער וועלט און אויף זיך אַליין.

מ׳איז דאָך געוואוינט געווען מ׳זאָל אויפנעמען יעטווידן פאָלקס־אומגליק מיט תעניתים. יידיש וועלט האָט באַטייט „עמק־הבכא״. דער נייער ישיבה־דור קלערט שוין אָבער גאָר אַנדערש. אויך דער יונגער דור ביי וואַרשטאַטן. מען שטייט־אויף אין די פרימאָרגנס מיט אויפגעריסענע אויגן: וואָס זאָל מען דערוואַרטן? רופט דער געבענטשטער דיכטער צו מענטשלעכן בטחון אין זיך, צו הייליקן דרך־ארץ צו זיך, אַפילו ווען אַקעגן שטייט מסירת־נפש. עס שטימט מיטן אויפקום פון דער יידיש־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פון „בונד״, און מיטן געמיט ביי יעדן אויף גאָר דער וועלט, וואו נאָר עס דער־טראָגט זיך די מאַרטירער־זאַגאַ פון דער הערש לעקערט־תליה.

פאַרשטייט זיך, אין לשון העברעאיש גייט־אָן דער וויכוח. נישט אין דער איצטיקער ספרדישער אינטאָנאַציע פון מדינת ישראל, נאָר אינעם אַלטן, גוטן, „יידישן״ לשון־קודש...

אָפּפרעגערס טענהן מיט אימפּעט —

...ער, חיים־נחמן ביאַליק, דער נאַציאָנאַלער פּאָעט אונדזערער, שיט זאַלץ אויף די וואונדן...

...געדאַרפט האָט ער קומען מיט אַ נייעם „נחמו, נחמו עמי״, און ער רעדט גאָר מיט פאַרקריצטע ציין...

...מיט קללות און חרמות...

...און ער דערנידעריקט אונדז...

...און מיר שטייען פאַרשעמט...

טענות אַזוינע האָבן זיך געלאָזט הערן אויך אַ סך יאָרן שפּעטער. אין זכרון איז מיר דער געקריג מיט דער ביאַליק־פּאָעמע אין אַן עסיי פונעם קולטור־היסטאָריקער אברהם מענעס, בעת עס האָט שוין געדאַרפט הייסן, אַז דער פסק־דין פון געשיכטע איז דווקא אַ קרוין פאַרן דיכטער מיט זיין דו־נערן אויף אונדז. און אויפן זכרון איז מיר אויך, אַז וואָס שמואל ניגער האָט אינעם סטיל פונעם פסק־דין געשריבן אין יאָר 1935, ווי אַן איינלייטונג צום ביאַליק־ווערק פון י. י. שוואַרץ (אַרויסגעגעבן פונעם יידיש־נאַציאָנאַלן אַר־בעטער־פאַרבאַנד אין מישיגען און אָהיאָ), האָבן מיט פּאַטאָס גערעדט די

סניגורס אין זייער אָפּענטפערן די אָפּפרעגערס ביי די „דוברי שפת עבר" אין יאָר 1904.

דער תוכן פון די רייד —

...ביאַליקס שטורעם־פּאָעמע איז די אָפּענע וואונד פון אונדזער אייגן געוויסן...

...עס איז זיין רעוואָלוציאָנעריש רוף מיר זאָלן זיך אַליין שטראָפן און לייטערן...

...דער דיכטער האָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז אונדזער אייגן האַרץ מיט רצון צו זיין גרעסער, שטאַרקער, שענער...

...מיטן אויפנעמען זיין צאָרנדיקן מוסר, שאַפן מיר זיך אַליין אַ העכערע מדרגה צו הייבן זיך העכער אַלס מענטש און ייד...

...דערפאַר דער זכות זיינער צו שטיין אַלס דער געקרוינטער פּאָעט פון זיין דור, פון זיין פאָלק...

...מיר, זיין דור, דער יונגער דור ביי אונדזער פאָלק, נעמען אָן מיט יראת־הכבודיקן אהבת־נפש, אים און זיינע פייערדיקע שטראָף־רייד...

יונגער דור — יונגע אימיגראַנטן, אָקאָרשט אָנגערייזטע פון די ישי־בות — זיינען מיר, אין גרעסטער צאָל טאַקע געוועזן דאָס האַרץ פון יענער באַשיידענער משפט־פאַרזאַמלונג פון די פאַרטרוימטע „דוברי שפת עבר"...

און התעוררות מיט גאָר אַ זעלטענער טרוימעריי איז מיר באַשערט גע־וועזן אינעם אָוונט פון יענעם זונטיק.

דער שוויגעדיקער פריידוס מיט זיין ריידן אין שטילקייטן, וואָס נאָר מלאכים האָבן געקענט אים הערן, האָט צונויפגעזאַמלט אַן אייגענע גרופּע צו קומען צום פרץ־אָוונט אין ליטעראַרישן טעאַטער־קלוב —

מאָיסייעוו, לעאָנטיעוו און פּראָפעסאָר עראָן; יאַנאָווסקי און דער „העלד" ביי די העברייער אב. גאָלדבערג; די אַפּטעקערס ראַכמאַנאָוו פון דער „רוס־קאַיאַ אַפּטעקאַ" און דער קרוב מיינער, פּראָפעסאָר קאַהן, און איך, דער „גרינער".

ליטעראַרישער טעאַטער־קלוב האָט געמיינט די קולטור־אינסטיטוציע ביי דער יידישער אימיגראַציע, „פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלאָב", אָנגעפירט פונעם שרייבער וועגן ליטעראַטור און טעאַטער, יואל ענטין; און פרץ־אָוונט, ניט אַ וועלכע טעאַטער־פאָרשטעלונג, נאָר פאָרלעזונגען. צוויי גרויסע פאַר־

לעזונגען מיט ענטינס אַ קורצן אַריינפיר אין יעדער. און די פּאַרלייענערס — גרשון רובין און אליהו טענענהאָלץ, בײדע, אין די ווייטערדיקע יאָרן, ביים אויבן־אָן אין די אַנטוויקלונגען פון ידישע קונסט־טעאַטערס. גרשון רובין האָט געלייענט פּרצס „צווישן צוויי בערג״; אליהו טענענהאָלץ — פּרצס „אַ גלגול פון אַ ניגון״.

טענענהאָלץ, מיט זיין גאַנצער עשירות אויף יעדן געביט פון טעאַטער־קונסט, איז, דער עיקר, באַרימט ווי דער בעסטער פּאָרטייטשער פון שלום־עליכם. דאָס איז, אַזוי־צו־זאָגן, „לאָקאַליזירט״. ער איז מער, ער איז פּאַר־ביקער. ער איז ברייטער און העכער. אויך טיפער. ער איז שפּילעריש רייכער ווי עס איז דער אינהאַלט, וואָס שלום־עליכם האָט אויסגעשטעלט פאַר זיינע כאַראַקטער־פּאָרטרעטן. אויך פּרץ קליידט טענענהאָלצן. ער, ווי זיין קאָלעגע רובין, יענעם זונטיק אָוונט, האָט פּרצן פריער אַליין געלערנט, ווי מען לערנט אַ בלאַט גמרא, אָדער מדרש מיט אגדתא, און נאָכדעם האָט ער דאָס איבערגעטראָגן צום עולם פון דער ידישער יוגנט, וואָס האָט גע־וואָלט ידישע ליטעראַטור לערנען.

אַ קינסטלערס אינטואיציע. אַ וואונדערלעכער איינפאַל איז געווען וואָס דער הויך־געוויקסיקער, אָבער נאָך יונגינקער בחור, אליהו טענענהאָלץ, האָט יענעם אָוונט געטאָן מיט י. ל. פּרצס „אַ גלגול פון אַ ניגון״. פּרץ קומט צו דער מעשה מיט אַ פילאָזאָפישער דיסערטאַציע וואָס אַ גלגול איז און וואָס אַ ניגון באַטייט. שטיקלעך זאָגענישן, ברעקלעך בילדערישקייט, פּרץ־בליצן, אַ גאַנצער פּרץ־פּרד״ס, זיינס אַן אייגן קבלה —

...פּרד״ס: פשט, רמז, דרש, סוד...

קען אַ פּאַרלייענער אוודאי עס אַרויסברענגען מיטן פולן פּרץ־חן, אָבער דעם יונגינקן טענענהאָלץ האָט אָפּנים אַ צופּ־געטאָן צו מאַכן דעם פּרץ־חן מער בולט, מער ליכט זאָל דערויף זיין, כּישופדיק זאָל עס דערשיינען, האָט ער פאַרגעטראָגן גאַנצע טיילן פון גלגול און פון ניגון אין גמרא־ניגון.

גמרא־ניגון, אי בקול רם, אַ רופן צו די הימלען; אי אין שטילע קלאָגע־נישן, בעטענישן, אַ רעדן צו דער אייגענער נשמה; אי אין אַרויסזאָגן אַ מסקנא, ממש ווי אַן אמת מלמעלה.

אַ מוסטער?

די פּרץ־פּסוקים —

...מיט די אייגענע ציגל קען מען שטעלן אַ שול און אַ קלויסטער, להבדיל...

...אַ פּאַלאַץ און אַ תּפיסה...

...און גאָר אַ הקדש...

...מיט די אייגענע אותיות שרייבט מען סודות־התורה, און, להבדיל, דאָס גרעסטע אַפּיקורסות...

...און מיט די אייגענע קולות קען מען אַרויף צו דער העכסטער מדרגה פון התלהבות און דבקות, און מען קען אַראָפּ ביזן שאול תחתיה און אַ וואַל־גערן זיך דאָרט ווי אַ וואָרעם אין בלאָטע...

...קולות קומען פון דער טבע; זיי איז קיינער ניט מחדש; אַלץ האָט אַ קול; טאָג און נאַכט האָבן זייער זמר; מענטשן און פייגל זינגען, חיות און בהמות זאָגן שירה; אַ שטיין אָן אַ שטיין קלאַפּ; מעטאַל קלינגט; וואַסער, אַז עס לויפט, שוויגט עס נישט; היינט אַ וואַלד, ביים קלענסטן ווינטל, זינגט ער דאָך אַ שטילן זיסן וואַלאַד; נאָר פון קולות אַליין איז נאָך קיין ניגון נישטאָ...

...דער ניגון דאַרף אַ נשמה...

...און די נשמה פון אַ ניגון איז שוין אַ געפיל פון אַ מענטש...

...ליבשאַפט, צאָרן, לייטזעליקייט, נקמה, האַרץ־בענקעניש, חרטה, צער...

...אַ ניגון לעבט; אַ ניגון קלאָגט, אַ ניגון וויינט, אַ ניגון בענקט; צו וואָס בענקט אַ ניגון? עס בענקט אַ נשמה צו איר שורש...

אָבער וויפל צוויבער פונעם טענענהאָלץ־גמרא־ניגון עס איז אַריין אינעם געפּאַקטן זאַל אינאיינעם מיט די פּרץ־בליצן, איז עס מיר געוווען נאָך מער. דער גמרא־ניגון גופא אין אַ פּאַרשטיינערטן ניו־יאָרק האָט מיר געבראַכט אַ נשמה־שיכרות. עס האָט מיך אַוועקגעטראָגן צוריק צו מיינע משמר־נעכט, און די שבת־פאַרנאַכטן ביים מוסר אין דער סלוצקער ישיבה.

נאָר אָט איז געוואָרן אַ גאַנצער געזעמל אַרום די פרײַדוס־געסט, מיט וועמען איך בין געקומען צום אָוונט. געווען דאָך צווישן זיי באַרימטהייטן, שרייבערס, מטיפים, אויפקלערערס מיט רעדעס פון פּלאַטפאָרמעס. טענענ־האָלץ איז צוגעקומען מיט זיינע קאָלעגן, רובין און יואל ענטין. איך האָב אַרויסגעזאָגט אומגעצוימטן לויב צום יונגגן, הויכן בחור מיט אַן אונטער־שטרייכן מיין ישיבה־מעטריקע. ער האָט מיך אַנגעקוקט מיט ברייט־צעעפנ־

טע אויגן. מיר זיינען געוואָרן פריינט — און אונדזער פריינטשאַפט האַלט־אָן ביז היינט־צו־טאָג שוין העכער דריי דורות נאָכאַנאַנד. ער מיט זיינע קאַפּיט־לעך אַלס בינע־אַרטיסט און אַלס טעאַטער־פּעליעטאָניסט, איך מיט מיין איב־טערעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און אין זשורנאַליזם, אָבער די וועגן אונדזערע האָבן קיינמאָל נישט ערגעץ פאַרלאָפן, אַז ווער פון אונדז זאָל פאַרפאַלן ווערן. אונדזער פריינטשאַפט האָט דערצו אַ סימן־מובהק, אַז יידי־שע אַרבעטער־באַוועגונג און קולטור אין יידיש קוואַלן אַרויס פון זעלביקן ברונעם.

איך געדענק דעם שמועס ביי אונדזער צונויפנעמען זיך גלייך נאָך די פאַרלעזונגען. אין די רייד איז געווען גאָר אַן אַנדער אויסטייטש, וואָס מ׳האָט געוויינטלעך געגעבן דעם „פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלאָב״. עס האָט געהייסן, אַז דער קלוב צילט אויסצובעסערן דעם גרויסן טעאַטער, שאַפן אינטעליגענטע שוישפּילערס און אַנטוויקלען אַן עולם פאַר דער ליטעראַרישער דראַמע. אַן אַמביציעזע אויפגאַבע, אָבער אַ נאַאיווע. אַ קליינע גרופּע קען דערמיט זיך נישט פאַרמעסטן. די רייד זיינען געגאַנגען, אַז דער קלוב דאַרף זיך קאָנצענ־טרירן בלויז צו פאַרלעזונגען פון דאָס בעסטע אין דער יידישער ליטעראַטור, און צו דערגרייכן בלויז דעם עולם פון דער אינטעליגענטער יידישער יוגנט, וואָס האָט דעמאָלט כסדר געשטראָמט אין אַמעריקע. דער קלוב זאָל ווערן ווי אַ „ישיבה״ פאַר דער יידישער ליטעראַטור, און געבענטשטע פאַרלייענערס מיט אינטעליגענץ און טאַלענט זאָלן זיין ווי מדריכים, און טאַקע מיט אַ ניגון —

... אַט־דאָס האָט געמיינט פּרץ, און אַט־דאָס דאַרף מען אַרויסלערנען פון שלום־עליכם... וידבר מענדעלע, ויאמר בעל־מחשבות... ויספר שלום אַש, וכהתפלל אברהם רייזען... למנצח עדעלשטאַט, און מזמור שיר ראָ־זענפעלד... ויקרא לעסין, ויקם יהואש...

אַ חלום האָט אונדז געטראָגן: צוגרייטן מ׳זאָל לערנען יידישע ליטעראַ־טור ווי מ׳האָט פריער געלערנט די ספרים פון די אַלטע קולטור־קוואַלן. לערנען אינעם זעלביקן נוסח, שליפן דעם מח און אַריינגעמען אין זיך קדושה־געפיל. איך האָב תמיד געקלערט, אַז וואָלט ווער זיך אָנגעשטרענגט צו ברענ־גען עס צו רעאַליטעט, וואָלט אונדזער ליטעראַטור אפשר געשטעלט גאָר אַנדערע שפּרייזן, און אפשר אויך געקראָגן אַ ספר־כאַראַקטער. „ספר״ ביי אונדז איז דאָך פון די יסודות אין נצח־ישראל, אייביקייט...

## 9

דורך דער נאָענטשאַפט זיינער צו דער „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ", און מיין זיין דאָרטן אַ גאַנצע וואָך ווי אַ גאַסט ביי מיין קרוב, זיינען מיר געוואָרן ווי צוגעזאָטן איינער צום אַנדערן, ש. יאַנאָווסקי אין זיין פערציקסטן יאָר, איך אין מיין זעכצנטן.

אַ חדרל, איינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון ש. יאַנאָווסקיס פאַמיליע־דירה, דאָך ווי אַ ווינקל ביי איר, אויפן זעלביקן ערשטן שטאָק, אין אַן אַלטער הילצער־נער הויז אויף ראַטגערס גאַס. ס'איז אי די רעדאַקציע, אי די „געשעפטס־ביוראָ" פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע".

אין חדרל אַ טישל, וואָס אַז מען רירט זיך צו, שאָקלט זיך עס ווי אַ ייִד אַ צדיק ביי אַ שטילער שמונה־עשרה. עס שטייט ביי אַ פענצטער, וואָס אַז מען זאָל עס אָפּוואַשן, וואָלט מען געזען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. צוויי שטולן, איינס איז אַ הינקעדיקס. איין פיסל איז קירצער פון די אַנדערע. פלעגן אַרומגיין אַנעקדאָטן צווישן שרייבערס, אַז ווען איינער רעדט זיך איין, אַז ער איז אַ פּאָעט, און ער ברענגט יאַנאָווסקין ניט־דאָ־געדאַכטע לידער, פלעגט יאַנאָווסקי אַריינקוקן, און באַלד באַזעצן דעם גייעם „פּאָעט" אויף דער הינקעדיקער שטול, כדי ער זאָל אומפאַלן...

די געקאַלכטע ווענט אין חדרל, באַשלאָגן מיט אומגעהובלטע ברעטער, כלומרשט פּאָליצעס פאַר אַלטע, צונויפגעקלעפּטע נומערן פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע", די ליטעראַרישע וואָכנשריפט אין דינסט פון פרייע אַר־בעטער־אידעאַלן. אויף די פאַרהיטענע נומערן פאַר געשיכטע פלעגט יאַ־נאָווסקי אָנווייזן —

...מיין אוצר...

ווען איך בין אַריין אַהין ס'ערשטע מאָל, האָב איך אָנגעטראָפן אַ פול צימערל מיט מענטשן אַרום יאַנאָווסקין, און אַלע רעדן. פינף אין צאָל, און ער אַ זעקסטער, איז דאָס צימערל געווען פול. און ער יאַנאָווסקי, איז גע־שטאַנען אָן אַ ראָק, די העמד־אַרבל פאַרקאַשערט, דאָס קראַגנדל אויפגע־קנעפּלט, די שלייקעס ביי די הויזן אַראָפּגענומען פון די פּלייצעס, דאָס ביסל

האָר אויפן קאָפּ צעשויבערט, אויך די באָרד. איך האָב געפּרואווט צוריק־טרעטן. ער האָט אָבער מיך דערזען, יאַנאָווסקי, און מיך אַריינגעצויגן צווישן אַלעמען —

...ערשט דאָ וועל איך לערנען די אמתע אַמעריקע...

...דאָ, און נאָך מער ביי דער פּולער יוניאָן־פאַרזאַמלונג, וואו מען גייט אים איצט נעמען, יאַנאָווסקין. און איך, זאָגט ער, מוז מיטגיין. עס איז די יוניאָן פון די היטל־מאַכערס. עס וועט זיין מיין ערשטע יוניאָן־פאַרזאַמלונג, הגם אָן וועלכער פּערזענלעכער שייכות צו קירזשנערײ.

עס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ סאָרט המשך פון אַן אָפּגעלאָפן קאַפּיטל ביי די קירזשנערס מיט רעפלעקציעס, דורכן פּראָמינענטן נאָמען סעמועל גאָמפּערס, אויף דער וויטערדיקער געשיכטע פון אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג, הגם עס געהערט צום פאָלקלאָר פון דער יידישער אימיגראַציע.

דאָ שפּילט אַריין אַ צונאָמען —

...דער ליטווישער גענעראַל...

אַ ייד, מאַרק דייוויס, פון אַ קירזשנער־משפּחה אין די ליטוויש־זאַמוטער שטעטלעך, האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן די דייטש־יאַהודימשע באַלעבאַטים ביי היטל־מאַכעריי אין אַמעריקע. ער, אַן איינציקער ליטוואַק, אָן שותפים, וועט זיי אַריבערשטייגן מיט פּראָדוקציע און מסחר, און שאַפן מאָדע. ער וועט אויפשטעלן פאַרן קירזשנער־פאַך אַ ליטוויש־אימיגראַנטישע „קעניגרייך". ער האָט אויפגעזאַמלט אין ניו־יאָרק הונדערט און זיבעציק לאַנדסלייט־קירזש־נערס, זיי זאָלן אַרבעטן ביי אים. עס איז געוואָרן דער גרעסטער קירזשנער־שאָפּ אין דער נייער וועלט, און אַ באַזע פאַר אימיגראַנטן, נישט קיין באַלמע־לאָכעס, צו לערנען דעם פאַך. זיי זיינען געווען די „אַרמיי" זיינע, און די פּאָפּולאַריטעט פונעם „גענעראַל" איז כסדר געשטיגן. מען פלעגט הערן רייד צווישן לאַנדסלייט —

...פּרואוו קריגן אַ דזשאָב ביים גענעראַל...

דער גרעסטער מזל איז צו דערגיין צום גענעראַל...

ס'האָט אויפגעבליט יוניאָניזם. ס'איז געקומען אַ סטרייק. וואָכן שפּע־טער אַן אויסגלייך דורך פּשרות פונעם יוניאָן־צד. עטלעכע חדשים וויטער, האָט מען אין דער יוניאָן געמוזט קלערן וועגן נאָך פּשרות, בכדי אָנצוהאַלטן דעם שאָפּ. עס האָבן זיך געמאָלדן אָפּאָזיציאָנערן. זיי האָט געפירט אַנאַרכיזם. די יוניאָן האָט צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער אין אַ מיטן

טאָג. די אַנאַרכיסטן האָבן זיך געווענדעט צום רעדאַקטאָר פון זייער „פרייע אַרבעטער שטימע״, ער זאָל זיין דערביי בעת זייער אויסלייגן זייערע טענות. יאַנאָווסקי איז געווען נאָענט דער יוניאָן אויך מחמת דער מלאכה. האָט ער דאָך אַליין אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין קירזשנער־שעפּער. ער איז גע־גאַנגען, און איך מיט אים, זיין גאַסט.

איינער פון די אָפּאָזיציאָנערן האָט אויף דער פאַרזאַמלונג אַרויסגערופן אַ טומל, וואָס מען האָט בשום אופן נישט געקענט איינשטילן. ער האָט אין זיינע רייד באַליידיקט מאַקס צוקערמאַן, וואָס אַלע האָבן געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי צו אים. און עס האָט געהאַלטן, אַז ער זאָל ווערן דער יוניאָנס גענע־ראַל־סעקרעטאַר. צוקערמאַן האָט טאַקע געהאַט אַ זיידענעם כאַראַקטער. יאַ־נאָווסקי האָט דערצו געוואוסט, אַז צוקערמאַן איז פאַר זיין קומען קיין אַמע־ריקע געווען פון די באַלמעלאָכעס־תלמידים אין מינסק ביים רוסיש־יידישן ראָמאַנטישן רעוואָלוציאָנער גריגאָרי גערשוני. אין דער יוניאָן גופא האָט מען געוואוסט, אַז אין דער יוניאָן־אַרבעט איז צוקערמאַן אַ פאַרערער פון סעמועל גאָמפּערס. דער נאָמען גאָמפּערס איז דעמאָלט געווען ווי אַ שד ביי אַ געוויסן טיפּ ראַדיקאַלן — „ער מאַכט קאָמפּראָמיסן מיטן קאַפּיטאַליזם״. דער צוקערמאַן־אָנגרייפער האָט אויסגעשריגן, אַז צוקערמאַן און גאָמפּערס האָבן „פאַרקויפט״ די קירזשנערס צו די קאַפּיטאַליסטן, און ער האָט דערביי געוואָלט וויסן: „וויפל מזומן האָט צוקערמאַן געקראָגן״?... דער טומל איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די גאַנצע פאַרזאַמלונג פון פיל הונדערטער אַרבעטער איז געשטאַנען צעשטורעמט. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום פּרוּוו פון פאַרזיצער איינצושטעלן אָרדנונג. דער גאַסט, ש. יאַנאָווסקי, איז אַרויף אויף אַ בענקל, געמאַכט מיט די הענט און געפּרוּווט שרייען, אַז מען זאָל פאָלגן דעם פאַרזיצער, און מען האָט אַפילו נישט געהערט, וואָס ער שרייט אַרויס. דער אָפּאָזיציאָנער אַליין האָט געוואָלט קומען צום וואָרט צו בעטן מחילה פאַר זיין באַמערקונג, און מען האָט אים ניט געלאָזן. אין מיטן פון דעם אַלעמען האָט זיך דערהערט פון אַ ווינקל אַ מיידלשער קול מיט געזאַנג, עדלשטאַטס אַ געזאַנג:

„מיר ווערן געהאַסט און געטריבן״...

און פון אַ צווייטן ווינקל איז געקומען ווי אַן אָפּענטפער:

„מיר ווערן געפּלאָגט און פאַרפאָלגט״...

און ס'איז געוואָרן אַלגעמיינער געזאַנג. מען האָט דאָס גאַנצע ליד אויס־געזונגען. אַלע האָבן געענוי געוואוסט די ווערטער און אַלע האָבן געזונגען מיט אַ ברען. און נאָכדעם האָט מען שוין געפילט, ווי פרומע דאַווענערס אין אַ שול נאָך אַ תפילה, וואָס מען געזאָגט „בקול רם" — און די פאַרזאַמלונג איז ווידער אַוועק אין גאַנג.

אַ טומלדיקע און אַ ליבהאַרציקע סצענע.

ש. יאַנאָווסקי האָט מיך דערמיט אַרויסגעפירט פון די „דוברי שפת עבר" און אַריינגעפירט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג...

# ליבט־בענטשן

## יידישע איסט־סאַיד

„טויזנט דראַמעס אויף יעדער גאַס" —
אב. קאַהאַן

## די שבת־דראַמע

„שבת אין מיטן וואָך" —
ד"ר חיים זשיטלאָווסקי

## 1



ישט די היינטיקע ניו־יאָרקער איסט־סאַיד איז מיר אין זינען. מען וואַרפט זי פאַנאַנדער, גאַס נאָך גאַס, און מען ווייסט נישט וועמענס נשמות וועלן דאָ פלאַטערן. נאָר יענע, וואָס אויף די גאַסן אירע האָבן זיך געזאַמלט אונ־דזערע שבטים פון אַלע גלותן אָפּצוענטפערן דעם טשאַ־לענדזש פון וועלט־געשיכטע —

... לאָמיר אָקאָרשט זען וואָס אברהם אָבינוס אייניקלעך וועלן טאָן מיט זיך אין די פרייהייטן פון דער נייער וועלט...

מ'האָט נישט באַדאַרפט וואַרטן צו־לאַנג. בלויז אַ צענדליק יאָר. איידער נאָך עס איז אָנגעשטאַנען דער איצטיקער יאָרהונדערט האָט זיך שוין געוויזן דער פּראָצעס פון „קיבוץ־גלויות" אין קאָלאָמבוס־לאַנד מיט דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד ווי אַן אייגן קרוין־שטאָט.

די גלותן —

...רוסישע ערד און פּוילישע; ליטוויש און קורלאַנדיש־לעטישע; גאַ־ליציש און בוקאָווינע, און אוקראַאינישע; רומענישע און אונגאַרישע; בעסאַ־

ראַביש און סלאַוויש־טשעכישע; פּרייסיש און עסטרייך־בעמישע; טערקיש, גריכיש, פּאָרטוגעזיש, און שפּאַניש־מאַראָקישע; די מדינות פון לעוואַנט און פון קרייץ; רוימיש, איסלאַם, לוטעראַניש...

אַ געהייבן גלות־געאָגראַפיע האָבן מיר דאָך אויך געהאַט —

אונדזער ליטע מיט ווילנע איר ירושלים... און דאָס „שטעטל" פון אַלע גלותן, מיטן גייסט פון אַכפּערן לומדות (אַ טעגלעך „בלאַט גמרא"), און צו האַלטן ריין די דרכים צו מאַראַל (שבתדיקן „פּרקי־אָבות"), וואָס דערמיט זיינען מיר געשטאַנען גבורהדיק, הגם איינזאַם, איבערצוקומען רשעותן, ביי־טערן דלות, פיינלעכן עלנט...

נאָר עס איז דאָך אַ מכילתא־כלל, אַז די שכינה באַגלייט עם־ישראל אין אַלע גלותן, האָט די שכינה מיטגעוואַנדערט אויך צו דער איסט־סאַיד אין דער וועלטיש ניו־יאָרקער גרויסקייט. און אַן אַ וועלכער פאַרמעלער אָפּרעדעניש צווישן זיך, און אַן אַ פאַרגעלייגטן פּלאַן פון ווּעמען, האָט יעדער שבט אַליין זיך אָפּגעזוכט, און עס האָבן זיך איינגעשטעלט אָפּשטאַם־קוואַרטאַלן.

די בשותפותדיקייט?

דאָס לשון יידיש.

ביי וועמען אַן אַנדער שפּראַך־ניגון, אַן אייגנאַרטיק אַרויסרעד פון ווער־טער, אַן אינטים בילדעריש־חכמהדיקע אידיאָמאַטישקייט, אָבער דאָס פולע יידיש־לשון מיט אַ גלייכצייטיק אויפנעמען דאָס ליטעראַרישע יידיש דורכן יידישן זשורנאַליזם, וואָס האָט דעמאָלט אַ שטראַל־געטאָן, הגם באַשפּרינקלט מיט אַמעריקאַניזמען. און ס'האָט באַלד געגומען וויזן ווירקונג. ניט דורך אַ וועלכן פּראָגראַם מיט פּראָפּאַגאַנדע, נאָר ווי אַן אויסשפּראָץ פון לעבן אַליין, איז אין דער נשמה פון דער יידישער צונויפגעזאַמלטקייט אַריין ממש אַ סדר־עניינים: שטעלט מען זיך איין אין אַ נייער וועלט, באַדאַרף מען זיין גרייט פאַר שינויים אין שטייגער, אָבער בלייבן מיט הייליקער עקשנות ביי די דורותדיקע פאָלקס־אייגנשאַפטן.

אַמעריקעס אָפּשאַצן דאָס זאַמלען זיך פון יידישער גייסטיקייט אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד, אַז אָט ווערט זי אַ נייע קרוין־שטאָט ביי די צוגע־וואַנדערטע יידן, אַנטלאָפענע פון רציחותן, האָט אַ שיין־געטאָן דורך אַ ליטע־ראַריש ווערק מיט קלאַסישן כאַראַקטער —

...דהי ספּיריט אָוו דהי געטאָ...

אין אונדזער לשון —

...די נשמה פון ידישן קוואַרטאַל...

רייך אין באַוואונדער פאַר די שעפערישע גייסטיקע כוחות ביים יידישן פאָלק, הגם בע־ונד.

דער פּראָפעסאָר האַטשינס האַפּגוד, אַ שרייבערשע פּערזענלעכקייט פון אַ שרייבערשער משפחה, און אַ קאָלעגע מיט די וואַרעמסטע פריינטשאַפטן צו אב. קאַהאַן אין אַמעריקעס שריפטשטעלער־וועלט, בעת קאַהאַן האָט זיך פאַר־נומען מיט זשורנאַליזם און ליטעראַטור אויף ענגליש. עס איז פאַרבליבן אַ קאַהאַן־האַפּגוד כאַראַקטעריסטיק פון יענער איסט־סאַיד.

פיל געהערט דערפון האָב איך אין שפּעטערדיקע יאָרן בעת אַרומריי־זענישן אין לאַנד, און געהערט עס אויך פוןביידע ווי אַזוי עס איז געקומען צו דעם.

אַ שפּאַציר־סצענע פון קאַהאַן און האַפּגוד.

קאַהאַן איז דעמאָלט געוואָרן באַרימט אין דער אַמעריקאַנישער ליטעראַ־טור מיט זיינס אַ נאָוועלע פון דער יידישער אימיגראַציע („יעקל"), און ער איז געוואָרן האַפּגודן ווי אַ רבי צו טייטשן פאַר אים יידישן לעבנס־שטייגער. אין זייער אַרומשפּאַצירן האָט האַפּגוד באַמערקט —

...אַוודאי וועט ער, קאַהאַן, אין גיכן אָפּטרעטן פון דער איסט־סאַיד צו פאַרנעמען זיך מיט געשטאַלטן פון אַל־אַמעריקאַנישן לעבן... ער איז דאָך שוין גוט באַוואוסט פאַר כאַראַקטער־שילדערונג...

קאַהאַן האָט אים אָפּגעשטעלט, אַנגעוויזן אים אויף דער טענעמענט־הויז גלייך אַקעגן זיי —

...גיב אַ קוק דאָ... פינף שטאָק... אויף יעדן שטאָק פיר צי פינף פאַמיליע־דירות... אין יעדער דירה צום ווינציקסטן אַ פינף נפשות... טאַ־טע־מאַמע, צוויי קינדער און אַ קוואַרטיראַנט, אָדער צוויי, אַ הילף פאַר דער דירה־געלט... אַ קימען־לן הונדערט מענטשן, צי מער, און ממילא העכער הונדערט דראַמעס... און קוק ווייטער... צען טענעמענט־הייזער אויפן בלאָק, טויזנט דראַמעס אויף איין גאַס... איז פאַרוואָס זאָל איך גיין זוכן מענטשלעך כאַראַקטער און שטייגער אין אַמעריקעס מענטשן־ים, אַז איך האָב עס אַרום זיך ביי מיין אייגן פאָלק?...

האַטשינס האַפּגוד האָט עס פאַנאַנדערגעטראָגן איבער גאַנץ אַמעריקע —

...אב. קאַהאַנס איסט־סאַיד, טויזנט מענטשלעכע דראַמעס אויף איין גאַס...

אַפילו אַזוי שפּעט ווי בעת דאָס פייערן דריי הונדערט יאָר יידיש פאָלקס־לעבן אונטער אַמעריקעס הימלען איז עס געווען אָנגעוויזן אין שטאָטישע צייטונגען פון יעדן פּונקט אין לאַנד —

...איסט־סאַיד, ניו־יאָרק, טויזנט מענטשלעכע דראַמעס אויף יעדער גאַס...

קאָלומניסטן האָבן דעמאָלט אַפילו אויפגעכאַפּט, און פאַרצייכנט, דאָס עלעקטרישע פייערל אויפן דאַך פון דער „פאָרווערטס"־געביידע —

...אַ ליכט אויף איסט־בראָדוויי וואָס שיינט אין גאַנץ אַמעריקע...

אין פאַרבליבענע נאָטיץ־ביכלעך פון מיינע אַרומרייזענישן געפין איך די שורות —

...דער נאָמען איסט־סאַיד ברענגט געזאַנג אין האַרצן ביי יידן אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פון די שטאַטן... אַפילו ביי די יונגע דורות, וואָס זיי האָבן די איסט־סאַיד קיינמאָל נישט אָנגעקוקט... ס'איז זיי אויפן האַרצן אינאיינעם מיטן אָנדענק פון טאַטע־מאַמע, צי פון זיידן...

אויך אַזוינע שורות —

...פאַרטיפטער רעספּעקט צום נאָמען איסט־סאַיד איז אויף גאָר אַ גרויסן שטייגער אין נישט־יידישע קרייזן... ביי דער אינטעליגענץ, ביי שרייבערס, ביי אוניווערזיטעט־לייט, ביי לערערס, ביי אַרבעטער־פירערס און ביי פּאָליטישע און גלחישע מענטשן פון כלערליי דענאָמינאַציעס, וועמען וועלט־פּראָבלעמען זיינען אויפן געוויסן...

איז וואָס געדענק איך ספּעציפישעס פון יענער איסט־סאַיד?

## 2

דריי יידישע שטאָט־מאַמעס, און אַ פּערטע.

די דריי מיט זייער באַרימטקייט, און די פערטע מיט איר פרומקייט.

און ערשט אַרום זיי איז אַ געפלעכט פון דראַמעס.

עס נעמט זיך נאַטירלעך פון צוזויפשטויסן פון אונדזער מיטגעבראַכטער קולטור מיט דער פרעמדקייט בעתן אַריינלעבן זיך אין דער נייער ספערע; און עס קומט פון אונדזער אַריינלאָזן זיך אין אַמעריקאַניזאַציע מיטן געפיל צו פאַרהאַלטן אין זיך פליכט — אַ הייליקייט ביי אונדז — צו פאַר־

לייגן בריקן איבער די ימים, בכדי נישט צו ווערן ווי אָפּגעריסענע גלידער פון אונדזערע משפּחות.

אַקעגן קומט די גאָר גרויסע פּרויען־ראָל. די אַלט־היימישע מאַמע נעמט דערציִען די קינדער צו זיין אַמעריקאַניש, איז ביי דעם דראַמע מיט הומאָר. אָבער מיט די פּאַרטיפּטע בענקשאַפטן אירע צום „שטעטל", געפינט זי זיך תמיד אין אַנטרעפן לאַנסלייט, און עס זאַמלט זיך פון־דאָס־ניי אַלט־היימישער צונויפקום, ווערט שוין דראַמע מיט סענטימענט. עס נעמט גילטן אַ שטילע סאָציאַל־קולטורעלע רעוואָלוציע. איבער די ימים איז די מאַמע ביים קינ־דערשן חדר ניט געשטאַנען; און זייט־ביי־זייט מיטן טאַטן ביי די קהלשע עסקים אין שטעטלשן קלויז האָט מען זי אויך נישט געזען. דאָ, אין דער נייער וועלט, איז דער טאַטע כסדר פּאַרטאָן מיטן זיין דער ברויט־באַזאָרגער אין אַרומזוכעניש וואָס בעסערס, און די מאַמע איז די היים־נשמה, וואָס אויף איר סדר־היום איז אי די קינדער־שולע, אי דער סטאַטוס, דער פאַמיליע־יחוס. ווידער אַ פעלד מיט דראַמאַטישע מאָמענטן.

נעם איך אייך דאָ, ליבע לייענערס, צו די דריי איסט־סאַידער היסטאָרי־שע שטאָט־מאַמעס, און דער פּערטער אויך, וואָס מיט איר געשטאַלט און אייגענע מעשים, איז זי ביי די דריי זייער סטימול און אַ שמשטע, און יעדע פון זיי רופט מען —

...מוטער פון מוטערס...

פיר „אמהות" פון אונדזערע צייטן, לויט דער ביבלישקייט פון שרה, רבקה, רחל און לאה.

נאָר קודם קומט מיט מיר צום ברעג איסט בראָדוויי, וואָס דורך אַ פּאָר־דרייעניש שליסט זיך עס צונויף מיטן ברעג פון גרענד סטריט, גלייך ביים איסט־ריווער, מיט אַן אויסבליק צו די ברעגעס פון דער ברוקלינער זייט. איצט טורעמען דאָרטן די ליכטיקע קאָאָפּעראַטיווע הייזער, געבויט פון יוניאָנס מיט אָנגעצייכנטע נעמען אין אָנדענק פון יידישע אַרבעטער־פירערס. דע־מאָלט, אָבער, נישט קיין היימלעכער שטאָט־ווינקל —

...וויסטע פּראָסטקייט, עלנטע אָרעמקייט, מענטשן ווי שלעפּערשע שאָטנס...

מיר'ן אָבער דערגיין דווקא צו שיינקייט, צו דער היסטאָריש פּיקאַנטער היים פון יוליאַ ריטשמאַן, אַ ליבער נאָמען אין דער געשיכטע פון ניו־יאָרקער קינדער־שולעס („פּאַבליק־סקולס" און „האַי־סקולס"), און אין דער געשיכטע

פון אַמעריקעס דערציאונגס־סיסטעם בכלל, אויך פון יידישער דערציאונג אויף אַ פּיקאַנטן שטייגער.

יוליאַ ריטשמאַן, אַ געבוירענע ביי דער יאַהודימשער „אַפּטאַגער" אי־מיגראַציע, אַ זעקס יאָר פאַרן בירגער־קריג. דורות־ווייט צוריק, הייסט עס. זי האָט אָבער דערלעבט אויך אין אונדזער צייט אַריין, ביז אינעם יאָר 1912. אין איר זיבעצנטן יאָר האָט מען זי אויפגענומען אַלס ערשטקלאַסיקע לערע־רין אין שולעס פאַר גראַמאַטיק. אַ וואַכזאַם מח און אַ ברייט האַרץ ביים באַגעגענען קינדער־נויטן, האָט זי גע׳שמ׳ט אינעם קרייז פון דערציערס. הויפּט־דירעקטאָרן ביי שולעס פלעגן יאָר נאָך יאָר איינפירן אירע רעפאָרם־רעקאָמענדאַציעס ווי אַזוי אַקעגנצוקומען וויזיעס, שכל, באַגריפן, גלוסטן פון וואַקסנדיקע קינדער. ס׳איז פאַרבליבן אויך אירס אַ היסטאָריש אויפטו: אַ שול־געזעץ אויפצופּאַסן אויף קינדערשע אויגן.

ביים יאָר 1903 האָט מען זי אויסגעקליבן פאַר דער הויכער שטאָט־שטעלע פון אַ ראַיאָנער סופּעראינטענדענט ביי די ניו־יאָרקער קינדער־שולעס.

דעמאָלט די ערשטע פרוי אויף אַזאַ שטעלע.

דערצו דאָך אַ יידישע.

מ׳האָט איר געמאָלדן אויך אַ פּריווילעגיע —

...זי קען זיך אויסקלייבן יעדן שול־דיסטריקט (ראַיאָן) אין דער וואַק־סנדיקער וועלט־שטאָט...

מ׳האָט געקענט דערוואַרטן: אַליין אַ געהאָדעוועטע אין גבירישער עלע־גאַנץ, וועט זי זיך אויסקלייבן דעם פיינסטן שטאָט־געגנט. זי האָט, אָבער, דווקא זיך גענומען דעם ראַיאָן „לאָוער" איסט־סאַיד (אַראָפּ־שטאָט), דערין די ברעגן פון איסט בראָדוויי און גרענד סטריט, וואו זי האָט איינגעשטעלט אויך איר היים.

איר פריי יידישע אָפנהאַרציקייט האָט עס דערקלערט. פון דאָרטן וועט זי זיין נאָענט צו די גאַסן הינטער גרענד סטריט, די געדיכט־יידישע גאַסן פון דער גאַליצישער אימיגראַציע.

פאַראַרעמטע גאַליציש־יידישע פאַמיליעס זיינען דעמאָלט געווען אויפן דעק פון דלות אינעם לאַגער פון אימיגראַנטישער נויט; און דורך דער משפחה אירער מיט עסטרייכישער קולטור, האָט יוליאַ ריטשמאַן געפילט אַ באַזונ־דערע נאָענטשאַפט צו גאַליצישע יידן.

די היים אירע איז געוואָרן ווי אַ צענטער פון גאַליציש־יידישע מאַמעס

מיט קינדער אין די שולעס; און מיט זיי האָט יוליאַ ריטשמאַן געשאַפן היס־טאָרישעס פאַר אַמעריקעס פאָלקס־קולטור גלייך אין ערשטן יאָר ביים אָנפירן דעם שול־ראַיאָן.

כסדר אין אויפנעמען מאַמעשע באַקלאָגענישן, און תמיד אין באַראַטונ־גען מיט די לערערס און לערערקעס, איז דער מוטערלעכער יוליאַ ריטש־מאַן געלונגען איינצואָרדענען אַ פאַראיין פון די מוטערס און לערערס פאַר קעגנזייטיקער השפעה פון היים און שולע.

בפירוש אַזוי. די גאַליציש־יידישע מאַמעס פון די איסט־סאַידער גאַסן, אַטוירני און רידזש, פיט און ווילעט, און פון ברום סטריט און קענאַן סטריט זיינען געווען די סאַמע פיאָנערן פאַר דער פרייוויליקער, נאַציאָנאַל־פאַרצווייג־טער געזעלשאַפט אין יעדער שטאָט און שטעטל פון גאַנץ אַמעריקע —

...„פּי־טי־עי"...

...„פערענט־טיטשער־אַסאָסיאיישאַן"...

...עלטערן־און לערער־פאַרבאַנד...

פרומינקע יידישע מאַמעס פון ווייט איבער די ימים מיטן איינציקן פאַר־מעגן אין זיך, צערדיקע בענקשאַפטן און שטילע טרערן; און אַמעריקע מיט אירע עשירותדיקע גרויסקייטן; ביידע זיינען געשטאַנען געאָרעמט מקבל־צו־זיין אַ גרויסע אידייע. איך האָב עס געזען אין יוליאַ ריטשמאַנס היים.

צוויי מאָל בין איך געווען אין יוליאַ ריטשמאַנס היים. ס'ערשטע מאָל אין מיין ערשטן יאָר אין אַמעריקע. טאַקע איבעם אָוונט ווען יוליאַ ריטשמאַן האָט איר פיאָנערישן דערפאָלג גע'יום־טוב'ט מיט איינגעלאַדענע געסט דורך „רעדן תורה", אַ דיסקוסיע אויף אַ הויכער מדרגה וועגן די השפעה־פּראָב־לעמען פון היים און שולע. און געווען איז עס שמחת־תורה ביינאַכט.

ווי אַזוי קום איך דאָרטן — איך, נאָך אַלץ אַן אַרומבלאָנדזשענדיקער „גרינער"?

מיך האָט מיטגענומען מיין פּראָפעסאָר־קרוב פון ברוקלינער קאָלעדזש, יאָזעף קאָהן, יוליאַ ריטשמאַנס אַ פאַרבעטענער גאַסט. עס איז געוואָרן זיינס אַ וואונטש: איך זאָל מיך באַקענען מיט כלערליי עסקים און מענטשן אין דערהייבנקייט, נישט פאַרפאַלן ווערן אין בלויז איין קרייז. מ'וועט רעדן ענג־ליש וואו ער נעמט מיך? וועט ער עס מיר פאַרטייטשן. עס האָט געשטימט מיט מיינע גלוסטן.

און ווי ביי פריערדיקע נסיונות האָט מיר צוגעשפּילט גוטער מזל נישט

צו מוזן זיין אַן איינציקער פאַרשטומטער פרעמדער. איך האָב אין דער ריטש־מאַן־היים אָנגעטראָפן זעלדען.

זעלדע מאַפו פון דער ביבליאָטעק ביי דער „אָפּטאַנער וואַי". זעלדע מיט איר ווייסן קאָפּ האָר און יונג פּנים, און מיט איר פריינטשאַפט צו מיר בעת מיינע וויזיטן מיט די דריי צעשניטענע פינגערס. זי האָט מיך איצט גע־מוסרט פאַרוואָס איך בין אַ גאַנצן זומער נישט געקומען צו דער „אָפּטאַנער וואַי"־ביבליאָטעק. און זי האָט זיך איבערגענומען וואָס זי פרעגט זיך נאָך אויף מיר ווען נאָר זי באַגעגנט ד״ר פּעסקין. צי ווייס איך דערפון? און ווי־דער האָט זי מיר אַרויסגעוויזן פריינטשאַפט. זי האָט ווי אַריינגעז׳סוד׳עט דער באַלעבאָסטע, אַז איך בין פון די „ליטוואַקישע" ישיבה־לערנערס, האָט יוליאַ ריטשמאַן באַלד צוגעבראַכט צו מיר אַ גאַליצישן יונגן בחור מיט לשון יידיש. דער נאָמען: ראובן אייזלאַנד. אויך אַ „גרינער". און אַ יאָר שפּעטער איינער פון די נייע פּאָעטן אין דער יידישער דיכטונג. ער איז געקומען צו דער ריטשמאַן־היים מיט אַ גאַסט, אַן אָנפירער ביים עסטרייכישן סאָציאַליזם און גאַליצישן ציוניזם (פּאַרדרוס: איך געדענק נישט געווי יענעמס נאָמען). מיר זיינען געוואָרן פריינט, ראובן אייזלאַנד און איך, און פאַרבליבן פריינט אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן. ער אַ זשורנאַליסט אין „טאָג"; איך אין „פאָר־ווערטס". און בעת אַ שמועס אין די ווייטע יאָרן אונדזערע האָט ער מיר אַ זאָג־געטאָן —

...שורות אין „טאַרנאָוו" (זיינס אַ לאַנגע פּאָעמע) געהערן צו די שטי־מונגען אין יענער שמחת־תורה ביינאַכט אין דער יוליאַ ריטשמאַן־היים...

די שורות וועגן טאַרנאָווער „גבירים מיט ברייטע הערצער און ברייטע הענט"...

און וועגן —

...אַ מכניס־אורח, וואָס ער אַליין לייגט זיך שלאָפן אויף דער הוילער ערד, און זיינע אורחים, ווי די שררות, ליגן אין זיין בעט...

יוליאַ ריטשמאַן איז אים דערשינען אין אַן ענלעך ליכט, אַ מכניס־אורחטע ווי דער טאַרנאָווער, זי אַ „שטאָט־מאַמע".

אונדז איז צוגעקומען אַ דריטער מיט יידיש —

יוסף מאַרגאָשעס מיט זיין אַריינברענגען גאַליצישע לומדות און השכלה אין יידישן זשורנאַליזם; דער פאָטער פון צוויי זין, שפּעטער אויך ביים זשור־נאַליזם, ד״ר שמואל מאַרגאָשעס ביי ציוניסטישער און אַל־יידישער פּובליציס־

טיק, און הערמאַן מאָרגענשטערן ביים שרייבן אין שייכות מיט אַרבעטער־ענינים.

נאָך צוויי האָבן זיך אַריינגעשטעלט אין אונדזער קליינינקער יידיש־מחנהלע, הגם שוין „פאַלגע אַמעריקאַנער": בערנאַרד זעמל, באַהאַרצטער כלל־טוער ביי דער גאַליצישער אימיגראַציע, און יאָזעף באַראָנדעס, דעמאָלט נאָך אינעם סאָציאַליסטן־לאַגער.

עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ היסטאָרישער אָוונט מיט יידישן פאָלקס־גייסט, הגם אין דער פולער שטוב מיט עטלעכע חדרים וויכטיקע לייט זיינען געווען אויך נישט־יידן. אַ צאָל נישט־יידישע לערערס פון שטאָטישע שולעס מיט די מערסטע שילערס „גרינע" יידישע קינדער. די נישט־יידישע געסט האָבן אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמען נייגיר צו זיין באַטייליקט אין אַזאַ צוזאַמענקונפט מיט יידישן פאָלקס־כאַראַקטער. עס איז געוואָרן היסטאָריש, וואָרים דער תוך פון גאַנצן אָוונט — היים און שולע — האָט געצילט צום שווערסטן היים־פּראָבלעם ביי דער דעמאָלטיקער יידישער אימיגראַציע —

...די שבת־דראַמע...

און דערצו מיט די צוויי מופלגים און מפרשים צו באַלויכטן די שבת־דראַמע, נישט אין באַזונדערע רעפעראַטן, און נישט אין פּאָלעמיקעס צווישן זיך, אויך נישט אין אַ זין, אַז מ'זאָל וועגן דעם אָננעמען אַ באַשלוס, נאָר אין אַ ישוב־הדעתדיקן דורכרעדן זיך מיט צוהערערס אַרום זיך.

די צוויי —

... ד"ר יהודה לייב מאַגנעס און ד"ר פעליקס אַדלער, וואָסביידע נעמען האָבן אין יענער צייט אי כסדר אַריינגעשטראַלט אין דער איסט־סאַיד, אי מיטגענומען די איסט־סאַיד אין זייערע אָפּשטראַלן אַנדערשוואו...

וואויל באַקאַנט זיינען זיי מיר שוין געווען, די צוויי נעמען, דורך לייענען און הערן וועגן זיי. ד"ר מאַגנעס, דעמאָלט אַ ראַבאַי אין אַ קליין ברוקלינער טעמפּל, האָט געצויבערט די יונגע אינטעליגענטישע אימיגראַנטן פון גרויסן ניו־יאָרק מיט זיין געטרוימטן פּאָעטישן ציוניזם, מיט זיין אהבה־רבה צום יידישן אַנזאַמלען זיך אין די פרייהייטן פון אַמעריקע, מיט זיין נחתדיקן אויפנעמען דאָס אויפשטייגן פון דער נייער יידיש־ליטעראַטור, און פונעם ייד־רעוואָלוציאָנער ביים „בונד" אין רוסלאַנד, און זיין טייטשן עס ווי גרויסע ירושה פון יידישער געשיכטע און יידישער טראַדיציע. פון זען אים איצט

צום ערשטן מאָל, און אַזוי באַענט, איז ביי מיר געוואָרן אַ יום־טובדיק געפיל אויך צוליב זיין געשטאַלט —

...אידעלער חן...

ד״ר פעליקס אַדלער, ווידער, איז מיר דערשינען ווי אַ וואונדערלעכע איבערראַשונג מיט פראַגעס מיינע אין זיך —

...פאַרוואָס פעלשט מען אים?...

מיין לייענען און הערן וועגן אים האָבן אים פאַרגעשטעלט טאַקע ווי איינעם מיט גרויסער דראַמע בעת זיין אָפּזאָגן זיך פון אָנגעבאַטענער רבנות אין וויכטיקסטן ניו־יאָרקער רעפאָרם־טעמפּל „עמנואל", און זיין גיין שאַפן די עטישע קולטור־געזעלשאַפט. וואָס איז ערשט אויפגעקומען ווי אַ דראַמאַ־טישע דערשיינונג, אָבער ס'האָט געהייסן, אַז מען דאַרף אין אים זען אַן „אַנטלאָפענעם" צו דער „גויאישער וועלט" מיט גלוסטן צו שפּילן אַ „צווייטן יעזוס", גרינדן אַ „נייע רעליגיע"...

איך זע עס נישט אין אים. קיינער נישט אַרום מיר זעט אַזוינס אין אים. פאַרקערט, מען הערט פון אים רייד וועגן שבת, וואָס אַז מען זאָל עס אַריינ־שטעלן אין אַ לשון־קודשדיקן ספר אָן אַ וועלכן נאָמען, וועט מען עס נעמען ווי זאָגענישן פון אַ בעל־קבלה.

איןביידנס רייד האָט געשפּילט דער טראַגיזם פון שבת אויף דער איסט־סאַיד.

...טראַגיזם דווקא אויף דער איסט־סאַיד, וואו עס דאַרף אָנגיין באַנייאונג פון יידישן פאָלק?...

בעתן פעריאָד פון סוועט־שאָפּ אין די קעלערן פון די איסט־סאַידער טע־נעמענט־הייזער איז דער שבת געווען פאַרהיט. מ'האָט אָוועקגעלייגט די קנעכטישע מלאכה פרייטיק פאַרנאַכט, און מ'האָט זיך גענומען צוריק צו דער קנעכטישער האָרעוואַניע מוצאי־שבת, ביזן פאַרטאָג אַריין. האָט דערויף גע־זאָגט ד״ר אַדלער —

...אין יענע שבתים האָט די שכינה זיך נישט באַטייליקט...

און ד״ר מאַגנעס האָט צוגעשטעלט —

...משה רבינו אויך ניט...

אין די רייד זייערע אַרום די טראַגעדיעס אין דער געשיכטע פון שבת האָבן געשוועבט דורות, מדינות, שטעט, געטאָס, מאַראַנישע שבתים אין שפּאַ־נישע קעלערן, טעראָר־שבתים אין רוים, שרעק־שבתים אין אַלטן פראַנקרייך,

ליכטיקע גראַד אין גערמאַניע, אינטים־פאָלקישע אין האָלאַנד, שירה־שבתים אין פוילן, לומדישע אין ליטע, „השכלה״־שבתים מיט לייענען בציבור ער־געץ אין אַ היים, אָדער אַ ביבליאָטעק, העברעאישע מאמרים, „בונד״־שבתים אין רוסלאַנד מיט פאַרזאַמלונגען אין וועלדער צו פאַרגרייטן יידישן זעלבסט־שוץ; און מ׳איז אַריין אין אַ פרעגן זיך —

...צי אַמעריקעס יידנטום גייט פרייוויליק זיך אָפּוואַרפן פון יעטווידן אָנווייז אויף שבת, פילאָזאָפיש און פּראַקטיש, דורך היים און דורך גאַס, דורך סינאַגאָגע און קינדער־דערציאונג?...

...און אויב יאָ, צי זאָל מען באַצייטנס נעמען צוגרייטן „אַן אַנדער שבת״, דעם פון די שכנים, זונטיק?...

ביידע, ד״ר מאַגנעס און ד״ר אַדלער, האָבן דערויף געשפּאָט. סאַרקאַזם —

...וואו געפינט ער זיך דער נייער באַרג סיני, און וואו איז ער, דער נייער משה רבינו, ער זאָל קענען מעכאַניש אָפּרוימען יעדן שפּור פון אַלטן שבת און פאָרלייגן אַ נייעם?...

...און אויב עס קען געמאָלט זיין — און זאָל אַזאַ שעה נישט קומען — מ׳זעט שוין דעם לעצטן אָפּשטראַל און מ׳הערט שוין דעם לעצטן עכאָ פון יידישן שבת, וועט דאָך דעמאָלט מער נישט זיין קיין אידנטום, און אָן יידנטום וועט ווערן אַן עלנט אין דער וועלט, פעלקער וועלן שטאַרבן פון לאַנגווייל...

איינער פון די נישט־יידישע געסט האָט באַמערקט וועגן דער שיינקייט פונעם ליכט־בענטשן ביים אויפנעמען דעם יידישן שבת. ווען נאָר, דורך אַ צופאַל, אים קומט אויס צו זען די מוטערלעכע סצענע פון אַ געוויינטלעכער יידישער פאָלקס־פרוי מיט איר אויסשטרעקן ביידע אָרעמס אַרומצונעמען די ליכט־פלעמלעך און צוברענגען זיי צו איר פאַרהייליקט געזיכט און האַרץ, און מיט איר בעטן דערביי אין איר פאָלק־לשון דעם באַשעפער אין די הימ־לען, ער זאָל אין דער הייליקייט פון שבת בענטשן איר היים, איר מאַן, אירע קינדער, איר פאָלק, איר לאַנד, ירושלים, און אַלע פעלקער פון דער וועלט, דערשפּירט ער ווי די נשמה זיינע קריגט אַריין אין זיך די צאַרטסטע איידל־קייטן און ווערט דערהייבן הויך און העכער.

דווקא ער, דער נישט־ייד (קאַטויליש), האָט גיכער פון אונדז אַלעמען דער־זען אַ זעלטענעם טיש אין דער יוליאַ ריטשמאַן־היים. רופט עס אָן אַ מוזיי־טיש, אַן אַרכיוו־טיש, אַ לאַבאָראַטאָריע־טיש, אַ שולחן־ערוך מיט אויסגע־

שטעלטע חפצים, מוסטערן פון אינטימע היים־הייליקייטן. זיי כאַראַקטערי־זירן דאָס פיינסטע אין היים־יידישקייט, געווידמעט די יונגע אימיגראַנטישע שילערינס, דערגאַנגענע צו העכערע שול־קלאַסן, וואָס קומען צו דער ריטש־מאַן־היים מיט זייער יוגנטלעכן אומרו.

אַוודאי טרוימען זיי דאָך צו ווערן כלות, די יונגע איסט־סאַידער יידישע טעכטער; און די חתנים זייערע וועלן אַוודאי זיין איידעלע יונגעלייט; זאָרגט זי, די שטאָט־מאַמע, יוליאַ ריטשמאַן, אַז די צוקונפטיקע כלות זאָלן האָבן אַ באַגריף וואָס פאַר אַ היים זיי דאַרפן צוגרייטן, כדי אָנצוהאַלטן היים־איידל־קייט און היים־ליבשאַפטן. צווישן די בילדלעכע היים־מאָטיוון אויפן טיש שטייען פראָמינענט צוויי זילבערנע שבת־לייכטערס, און דערויף איז דער אָנוויז —

פרייטיק־צו־נאַכטיקער ליכט־בענטשן האָט מאַמעשן חן פון אַלע דורות ביז אין די אייביקייטן אַריין...

פון די אַדלער־מאַגנעס דעמאָלטיקע דיאַלאָגן געדענק איך אויך אַזעלכע זאָגערייען —

...אַלע עטישע לערעס, פון די עלטסטע ספרים און בייעסטע ביכער, זיינען גרונטיק מיט דער שבת־פילאָזאָפיע; און די שבת־ליכט באַשטראַלן זיי מיט פּאָעטישן צויבער...

און —

...ליכט־בענטשן איז דורותדיקע משפחה־טראַדיציע אַפילו ביי נישט־גייערס אויף רעליגיעזע וועגן... און קומט זיך עס צונויף מיט אַטמאָספערע אין שול־קלאַסן דורכן געמיט פון אַ קינד לויט זיין היים־חינוך, דאַרף מען דערין בשום פאָון נישט זען אַ פאַרשוועכן דאָס געזעץ וואָס אַרום פאָלק־שולן און אָרגאַניזירטער רעליגיע...

דערצו —

...זינט די לוחות, באַנייט זיך דער שבת לויט דורות און גלותן, און, אייגענער און פרעמד־פעלקערלעכער סביבה... יידיש אַמעריקע איז איצט אין אַזאַ פּראָצעס... מעג מען דערוואַרטן נייעם טייטש, וואָרים ביי יידיש לעבן מאָנט עס...

יענער שמחת־תורה בייגאַכט אין דער יוליאַ ריטשמאַן־היים, אויפן ברעג איסט בראָדוויי און גרענד סטריט, האָט איבערגעלאָזן ירושה —

...זעלטענע שבת־עכאָס...

און זיי האָבן זיך אָפּגערופן, די שבת־עכאָס, צו זיין אויך אַ שמירה פאַר יוליאַ ריטשמאַן אַליין בעתן אָפּטאָן דאָס שלי־מזל, וואָס איז שפּעטער אַרויף אויף איר לעבנס־וועג.

עס איז די מעשה —

...יוליאַ ריטשמאַן און די פּושקאַרט־פּעדלערס...

פּעדלער־קאָנקורענץ ביי דער ליטווישער און גאַליצישער אימיגראַציע.

אַ מהומה איבער גאַסן־יוריסדיקציע, צי אַ פּעדלער מוז זיך האַלטן מיט זיין פּושקאַרט אויפן בלאָק, וואו ער וואוינט, אָדער ער קען זיך געפינען אַן אָרט אויך אויף אַנדערע גאַסן.

צופּט, אָבער, ביי ווען אַ ביטערע נויט, איגנאָרירט ער שטאָט־רעגו־לאַציעס, און אייגענע טראַדיציעס אויך. ס׳האָט גענומען גילטן פּעדלערשע לאַנדסמאַנשאַפטן, האַלטן אַ מחיצה צווישן פּעדלערס פון די רוסישע און גאַליצישע קוואַרטאַלן. ברעכן די מחיצה האָט באַטייט געפאַר פון אַ פאַר־קאָכעניש מיט פּאָליציי, וואָס האָט אַ געפּאָכעט מיט שווערע גזרות, אי גע־לאָזט זיך „אונטערקויפן". און דער פּאָליציי־קאָמישאָנער איז דעמאָלט געווען דער גענעראַל טעאָדאָר בינגהעם, די אומהיימלעכסטע שנאה־געשטאַלט אין ניו־יאָרקער יידישער בירגער־געשיכטע. דאָך האָט אָנגעהאַלטן אַן אַריבער־קריכן די מחיצה.

און ס׳האָט אַריינגעשפּילט דער ענין שבת.

מ׳האָט געחוזקט און געצאָרנט —

...די ליטוואַקעס דערוועגן זיך נישט צו עפענען שבת זייער פּושקאַרט־סחורה אויף דער אייגענער גאַס, קומען זיי מחלל־שבת זיין אויף גאַליצישע גאַסן...

...און אַליין בלייבן זיי נישט ביים שבתדיקן פּושקאַרט... זיי שטעלן דאָרטן זייערע קליינע קינדער... און ווער קען לאָזן אַרעסטירן, אָדער אויס־פּאַטשן, קליינע קינדער?...

דערפירט צו געשלעגן האָט עס יאָ. אויך צו אַרעסטן. עס האָט געדראָט מיט יידישן „בירגער־קריג". די מאָראַלע פאָלקס־אחדות ביי דער יידישער אימיגראַציע האָט געהאַלטן ביים צוזאַמענברעכן.

וויבאַלד שבת און קליינע קינדער, און פירוד־לבבות ביז שטעכעניש און ברעכעניש, האָט די שטאָט־מאַמע, יוליאַ ריטשמאַן, דערשפּירט אַז עס איז איר חוב זיך אַריינצומישן. זי איז אָבער אַריין מיט צעשטורעמטע פאַרדרוסן,

און זיך פאַרלאָרן אין אירע רייד. זי האָט געניצט אַ שאַרפן לשון. זי האָט אַ זאָג־געטאָן ביי אַ פּאָליציי־פאַרהער, און עס איבערגעחזרט ביי אַן אימיגראַנטן־פאַרזאַמלונג —

...„גרינע", וואָס פאָלגן נישט שטאַטישע רעגולאַציעס, קענען פּלוצים זיך איינגעפינען ווי אָנגעקלאָגטע ביי דער פעדעראַלער אימיגראַציע־ביוראָ צו ווערן צוריקגעשיקט פון וואַנען מ'איז געקומען...

אַזעלכע רייד האָבן אַ קלאַפּ־געטאָן אויף די נערוון פון אימיגראַנטן. באַזונדערס טאַקע אימיגראַנטן פון צאַרישן רוסלאַנד. אַ שטורעם פון פּראָטעסט האָט אויסגעבראָכן אין יידישן זשורנאַליזם. מ'האָט געטייטשט, אַז זי פּריידיקט עס. מ'האָט נישט געקאַרגט קיין אַטאַקעס. מ'האָט זי אָנגערופן —

...אַ יאַהודימשע יידענע וואָס האָט פיינט יידישע אימיגראַנטן...

אויך מיט אַ גראַם —

...די „יאַהודיצקע" אין היסטעריקע...

ס'איז געוואָרן ווי אַ פאָלקס־באַוועגונג צו זאַמלען אונטערשריפטן אויף אַ פּעטיציע צום „באָארד אָוו עדיוקיישאָן" מ'זאָל זי אָוועקנעמען פון דער איסט־סאַיד.

אָט איז זי געווען פון די דערהייבנסטע פּערזענלעכקייטן, און מ'האָט גערעדט וועגן איר מיט שטאָלץ; און אָט, ממש ווי ווער פון די ווייבער, אויף וועמען דער נביא ישעיה האָט געצילט מיט זיין אָנקלאָג —

...די טעכטער פון ציון זיינען האָפערדיק, און גייען פאַרריסן דעם האַלדז... (תרגום יהואש).

וואָס פאַר יוליאַ ריטשמאַן האָט עס געקענט מיינען: מען פאַרנעמט זיך זי אַרויסטרייבן פון דער נייער יידישער וועלט־שטאָט, די איסט־סאַיד, „ירושלים ד'אַמעריקע"...

לואיס מאַרשאַל, מיט זיין פרישער יידיש־אַדוואָקאַטישער גרויס־פירערשאַפט, האָט געהאַט דערהערט די שבת־עכאָס פון יוליאַ ריטשמאַנס היים. און מער ווי אַנדערע אין דער יידישער עפנטלעכקייט האָט לואיס מאַרשאַל געוואוסט וואָס פאַר אַ דערשיינונג יוליאַ ריטשמאַן שטעלט פאָר אין אַמעריקעס יידישער בירגער־געשיכטע מיט איר אינטעליגענץ און שפע פון סענטימענטן פאַר יידישע נויטן און יידישער קולטור. און אַז מ'איז געקומען צו אים, אויך ער זאָל אונטערשרייבן די פּעטיציע צום „באָארד אָוו עדיוקיישאָן", האָט ער אין שאַרפן פּראָטעסט אָנטזאָגט, דורך אַן אָפענעם בריוו, וואָס איז

געוואָרן אַ דאָקומענט מיט געדאַנק און האַרץ, רעטאָריש און יוריסטיש, אַ רוף צו אַלע עלעמענטן אין דער איסט־סאַידער אימיגראַציע אָפּצושטעלן די העצערישע פּראָפּאַגאַנדע אַקעגן יוליאַ ריטשמאַן. דער „באָאַרד אָוו עדיוקיי־שאָן" האָט די פּעטיציע צוריקגעוויזן. יוליאַ ריטשמאַן איז אָבער פאַרבליבן מיט אַ צעבראָכן האַרץ.

...גאָט אין הימל, דווקא די, פאַר וועמענס כבוד איך האָב תּמיד זיך איינגעשטעלט, האָבן זיך פאַרמאָסטן פאַרטיליקן מיך אין שאַנד!...

יוליאַ ריטשמאַנס ווערטער, אַרויסגעזאָגט מיט אַן ערלעך קרעכץ צו אונדז, צוויי געסט אין איר היים, בעת איר גרייטן זיך אָפּצוררייזן פאַר אַ וואַקאַציע אין פּאַריז, וואו זי איז געשטאָרבן (1912), אייגנטלעך, אַ פינף יאָר שפּעטער נאָך דער מהומה אַרום איר. זי האָט געליטן די גאַנצע צייט.

אונדזער וויזיט ביי איר אין די לעצטע טעג פון 1911, דאָס שווידער־יאָר פון „טרייענגל־פייער", האָט געצילט צו אירע דערפאַרונגען מיט דער סיסטעם, וואָס זי האָט געהאַט איינגעשטעלט ביים באַזאָרגן זומער־אַרבעט פאַר מיידלעך אין „האַי־סקול"־יאָרן צו זיין אַ הילף זייערע היימען. פאַרשטייט זיך, די אַרבעט־פּלעצער האָבן געמוזט זיין ציכטיק, און אַן אַ וועלכער גע־פאַר צו קענען ווערן אַ פייער־פאַסטקע.

אונדזער שליחות פון זאַלבעצווייט צו איר — דער היסטאָרישער ב. ווייַנ־שטיין, פון די סאַמע גרינדערס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, און איך, דעמאָלט נאָך פון די יינגסטע, מיט אַ „פּאַספּאָרט" פון די „פרייע געזעלשאַפט"־קלובן, אויפגעקומען דורך דער „פרייע אַרבעטער־שטי־מע", נאָר שוין געהאַלטן ביים פאַנאַנדערפאַלן — האָט געהאַט הינטער זיך אַ זעלטענע דערשיינונג.

אַ נאָכווייעניש פון „טרייענגל־פייער", אַ געזעלשאַפטלעכע „שאַפּ־פּאָ־ליציי"...

נישט דווקא פון יוניאָן־מענטשן. באַטייליקטע זיינען געווען אויך פון אַרבעטער־רינג, און פונעם אָקאָרשט־געגרינדעטן יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבע־טער־פאַרבאַנד, אויך פונעם יידישן אַנאַרכיזם, און בונדישע לאַנדסמאַנשאַפטן, און פון דער יוגנט ביי דער יידישער ליטעראַטור, פּאָעטן, פעליעטאָן־שריי־בערס, און חסידיש־פאַרקאָכטע לייענערס, די סביבה פון דראַמאַטישע קלובן.

דער נאָמען „שאַפּ־פּאָליציי" איז אַוודאי געווען פריקרע; ס'האָט, אָבער, גוט געדינט. מ'האָט דאָך געצילט אויסראָטן די „פּראַצעוואַניעס", ווי מ'האָט

אַנגערופן די קליינע קאָנטראַקטאָרשע „שאַפּקעס" מיט יונג־מיידלשער אַרבעט, וואָס האָבן זיך איינגעפּונען אַפילו אין שטאַלן פון פערד, און אין אַלטע ברעטערנע הייזלעך אויף פאַרדעכטיקע געהעפטלעך הינטער שענקען. דער נאָמען „פּאַליציי" האָט אָפּגעשראָקן די באַלעבעסלדיקע עקספּלואַטאָרלעך און די „ווּאילע יונגען" אַרום זיי פון דער אונטערוועלט.

(דראַמאַטישע אַנטוויקלונגען דערפון וועט דער לייענער געפינען אין ווייטערדיקע קאַפּיטלעך).

יוליאַ ריטשמאַן האָט אונדז אויסגעהערט מיט אַ פּאַרטיפּט־וואַרעמען אינטערעס. זי האָט באַלד זיך פאַרבונדן טעלעפאָניש מיט פרויען־געזעל־שאַפטן אין אַלע פּונקטן פון שטאָט, זיי זאָלן עס פאַרשרייבן ביי זייערע טעגלעכע טואונגען: קוים הערן זיי וועגן אומכבודיקע מיידלעך־שעפער, זאָלן זיי גלייך מודיע־זיין די פּאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן.

רייד פירן צו רייד, און מיר האָבן געהערט פון יוליאַ ריטשמאַן אַ גוטע, ליבע זאַך, וואָס כאַראַקטעריזירט אפשר צום בעסטן איר היסטאָריש שטאָט־מאַמעשע ראָל ביי אינטים־יידישער פאָלקס־אַרבעט.

זי האָט אַלעמאָל געקענט צונויפרעדן זיך מיט וועמען, וואָס דער לשון איז לויטער יידיש. אינעם גאַנג פון די יאָרן מיט אירע אַקטיוויטעטן אינאיי־נעם מיט אימיגראַנטיש־יידישע מוטערס ביי די קינדער־שולעס, איז איר קענטשאַפט אין יידיש כסדר געשטיגן. אָבער לייענען יידיש, געדרוקטס און געשריבנס, איז איר דערשינען ווילד־פרעמד. פיל מאָל האָט זי זיך פאַר־שוואָרן: אָט נעמט זי זיך געדולד אָוועקזעצן זיך לערנען דעם יידישן „אלף־בית", די רונדע אותיותלעך, וואָס „אין זיי גופא ליגט די נשמה פון דער וועלט"; אָבער די אַקטיוויטעטן טאָג־איין, טאָג־אויס, האָבן צום געדולד ניט דערלאָזן.

נאָר אָט איז געקומען דער גרויל פון „טריייענגל־פייער", און דער „פאָר־ווערטס" האָט אָפּגעדרוקט אויף דער גאַנצער לענג פון דער ערשטער זייט די באַרימטע מאָריס ראָזענפעלד־פּאָעמע, הספד און שטורעם־פּראָטעסט וואָס דווקא אין אַ שבת איז עס געשען —

...אַן אַרבעטערס אַ שבת... דאָס „ליכט־בענטשן" פון זיין היים, זיין „קידוש", זיין „הבדלה", זיין ביסל מענטשלעכקייט, פאַרוואָרפן מיט זיך אַליין אין תהום פון גיהנום־פייערן... אַ יאָמער־תחינה, אַ תפילה־קללה צו גאָט און צו וועלט...

און מאַמעס האָבן עס איר פאַרגעלייענט, דער יוליאַ ריטשמאַן; און ביים לייענען געכליפּעט מיט דער גאַנצער פאַרכאַפּטקייט אין האַרצן; און זי, ביים הערן, האָט מיטגעכליפּעט; און עס איז איר אַריין אין די בלוטן —

...זי טוט מער גאָרנישט, זי זעצט זיך שבעה, און נעמט זיך לערנען די יידישע אותיותלעך...

...די טייערינקע אותיותלעך...

...אַליין, מיט די אייגענע אויגן, און אייגן האַרץ, וועט זי לייענען, ווי־דער און ווידער, דעם מאָריס ראָזענפעלד „טרייענגל"־קדיש...

און טאָקע גאָר גיך האָט זי עס אַריינגענומען אין זיך, אונדזער יידיש לשון פון געשריפטס און דרוק, און אָנגעהויבן אויפזאַמלען אין איר היים אַ יידיש־ביבליאָטעק. און זי האָט אונדז געוויזן, די צוויי געסט אירע, קאָפּיעס פון בריוו, וואָס זי האָט געשריבן צו ד"ר פעליקס אַדלער און ד"ר יהודה־לייב מאַגנעס, אַז ווען נאָר זיי וועלן וואו אויסרעכענען, יעדער באַזונדער, אָדער אין אַ דיאַלאָג, די היסטאָרישע שבת־דראַמעס, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין אַ שמחת־תורה ביינאַכט אין איר היים, וועלן זיי דאַרפן צושטעלן דעם בראַנד־פייערדיקן „טרייענגל"־שבת...

און די ענטפערס זייערע האָט זי אונדז געוויזן.

אַ שורה פון ד"ר אַדלער —

...יעדער נערוו זאָגט מיר איך זאָל פאַרשפּרעכן נאָכצוקומען אייער געדאַנק...

און פון ד"ר מאַגנעס —

...מיין געפיל איז, אַז פונעם פאַרברענטן שבת אין אונדזער ניו־יאָרק וועט זיך אַרויסהייבן אַ מעכטיק פּאָעטישער פּאָלקלאָר, וואָס וועט זיך טראָגן פון דור צו דור...

אין די גאָר שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך געזען דעם מאַגנעס־בריוו אינעם מאַגנעס־אַרכיוו ביים ירושלימער אוניווערזיטעט אויפן „מאָונט־סקאָ־פּוס".

## 3

די צווייטע שטאָט־מאַמע, די וואויל־באַוואוסטע ליליען וואַלד, האָט אָקאָרשט געהאַט אויפגעבויט דעם „קלינטאָן־האָל" אויף קלינטאָן סטריט. „קלינטאָן־

האָל״, ווי אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, אַ צווייג פון דער „העברי סטריט־סעטלמענט־הויז״, אויך געגרינדעט און אָנגעפירט פון ליליען וואַלד. דאָ, אין מיינע זכרונות, קומט מיר אויס צו שטעלן ליליען וואַלד ווי די צווייטע איסט־סאַידער שטאָט־מאַמע, אָבער אין אונדזער אימיגראַנטישער פאָלקס־געשיכטע דערשיינט זי געקרוינט, מיט פולער רעכט, ווי די שטאָט־מאַמע נומער איינס. אירע שעפערישע אַקטיוויטעטן האָבן ניט געהאַט קיין גרעניצן. און איר אויפֿבויען „קלינטאָן־האָל״ האָט עס אונטערגעשטראָכן.

דער ציל —

...אַ פאַרווײלונג־צענטער, אין גייסט פון פולער אָנשטענדיקייט, איידלקייט, פאַרן יונגן דור אין דער יידישער אימיגראַציע, מיט שאַרפער וואָרנונג צו ווייכן פון די „דענסינג־האָלס״ (טאַנץ־זאַלן), וואָס פון זיי ציען זיך אַרויס „בלינדע״ וועגן צום תהום פון אונטערוועלט...

פאַרטרייבן אַזעלכע נעסטן פון זינד און אומגליק איז בפירוש געוואָרן אַ הייליק געבאָט. ס׳האָט געשראָקן היימען. עס איז געוואָרן אומרו ביי דער אינטעליגענץ. פּאָליציי־באַריכטן צעטראָגן יידישע נעמען, וואָס פאַרשאַפט יידן חרפּה. רייסן מיר זיך אָפּ פון אונדזערע פאָלקס־וואָרצלען? ווערן מיר אַ צונויפזאַמל פון הפקרות? ס׳האָט זיך איינגעשטעלט ממש אַ פאָלקס־באַוועגונג. דער „פאָרווערטס״, יונג ווי ער איז נאָך געווען, האָט דערין געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָל. דער נאָמען אב. קאַהאַן קומט דאָ צום זינען. עס האַלט אים צערוישט, ווי דער פּאָפּולערסטער יידישער צייטונגס־רעדאַקטאָר. ער הערט אַז וואָס עס גייט־אָן אויף דער איסט־סאַיד ברענגט שרעק אין פאַמיליעס. עס דערגייען צו אים אויך אָנפראַגעס פון נישט־יידישע קרייזן. עס איז געוואָרן אַ צונויפנעם פון יידישן זשורנאַליזם, און פון אויפקום פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פון יעטווידן מין ראַדיקאַליזם, יידיש ליטעראַטור, טעאַטער, פאָלקס־ליד, אימיגראַנטישע קינדער־סטודענטן, איינוואַנדערונג פון יונגע ישיבה־לערנערס, אַלץ האָט גענומען צילן צו מאָראַל. נישט פאַרלירן זיך אין די פרייהייטן פון דער נייער וועלט. יידיש לעבן מוז פאַרשטעלן גייסטיקע שיינקייט, דערהייבנקייט. ליליען וואַלד האָט גענומען איינאָרדענען „קלינטאָן־האָל״ ווי אַ קולטור־פראַנט אין די מאָראַלע שלאַכטן. און צו איר איז דערגאַנגען אויך די שבת־פראַגע.

שטריכן פון איר כאַראַקטער דערקלערן עס. אויך פון דעם לעבנס־וועג, וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן.

געבוירן אַמעריקאַניש, דערצויגן אין לוקסוס, געלערנט אין פּריוואַטע אַריסטאָקראַטישע שולעס, האָט ליליען וואַלד פאַרלאָזן איר גבירישע היים אינעם שטאָט אַהייאָ. הומאַניזם האָט זי געריי‌צט. אַ אידעאַל האָט זי גע־פירט. זי איז געקומען אין ניו־יאָרק. זי האָט ווי אַרומגעבלאָנדזשעט אויף די איסט־סאַידער אָרעמסטע גאַסן. זי האָט געזען צעקרענקטע קינדער. זי האָט געהערט יאָמערן פון אומבאַהאָלפענע מוטערס. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער שולע פאַר קראַנקן־שוועסטערן (נוירסעס), וואָסביים ניו־יאָרקער שפּיטאָל, צו לערנען וויאַזוי צו קענען באַדינען סאַניטאַריש די פאַראָרעמטע יידישע אימיגראַנטן־היימען ביי די סוועט־שעפּער. און נישט צו וואַרטן ביז ווער וועט קומען נאָך הילף, נאָר אַליין גיין צו זיי, פון טענעמענט־הויז צו טענעמענט־היז. אַ „ביקור־חולים"־שטייגער. מענטשלעכע חברשאַפט מיט ממשותדיקע הילף, מעדיצינישע, לערנען מוטערס וויאַזוי צו האָדוועז זייערע עופהלעך אין זויבערקייט, און דערמיט זיי פאַרהיטן פון אַריינפאַלן אין חולאתן, אויך לערנען היגיענע דער גאַנצער אומהיימלעכער היים.

אַזאַ נאָבלקייט האָט, דורך ליליען וואַלד, דעמאָלט זיך געוויזן צום ערשטן מאָל אין דער גאַנצער וועלט. איצט איז אַזוינס לעבנס־שטייגער אין יעדן קולטור־לאַנד. און אַ סברה, אַז אין שטעט און שטעטלעך פון אונדזער אַמע־ריקע גייען שוין איצט אַרום צענדליקער טויזנטער אַזעלכע באַרמהאַרציקע קראַנקן־שוועסטער ביי פאַבריקן, ביי קינדער־שולעס, ביי פאַרפּינצטערטע היימען, צי זיי זיינען באַשטעלטע פון שטאָט־רעגירונגען, צי פון רעליגיעזע געמיינדעס, אָדער פונעם אַרבעטער־יוניאָניזם. ליליען וואַלד איז געווען די ערשטע אַזוי אויפצוטרעטן.

אין גוט־באַקאַנטשאַפט מיט איר, פריער דורך ענינים ביים יידישן יו־ניאָניזם, שפּעטער דורך מיין זשורנאַליזם, און מיר האָבן געהאַט אַ צוזאַמענ־טרעף אינאיינעם מיטן אַרבעטער־פירער מאָריס זיגמאַן אין דער היים פונעם האַרציקן הערבערט לעהמאַן, דעמאָלט דער לוטענאַנט־גאָווערנאָר פון שטאָט ניו־יאָרק, האָט ליליען וואַלד, אין אַן ענטפער אויף מיינע פראַגעס, דערציילט פאַר אַלעמען וועגן צוויי נעמען אין איר געמיט ביים איינשטעלן איר לעבנס־וועג —

צוויי היסטאָרישע נעמען —

...די דיכטערין עמאַ לאַזאַרוס, און דער רוסיש־יידישער סאָציאַליסט־

רעוואָלוציאָנער, ד״ר פּאָול קאַפּלאַן, פון דעם לאַגער „עם-עולם״ און פון דער דאָקטאָר־קאָלאָניע אויף איסט בראָדוויי...

עמאַ לאַזאַרוס איז איר געווען ווי אַ מאַגנעט פון דער ווייטנס. אַ יונגע ליליען וואַלד האָט געוואָלט ווערן אַ „צווייטע״ עמאַ לאַזאַרוס. נישט וואָס שייך שריפטשטעלעריי, דיכטונג. ליליען וואַלד האָט באַגריפן —

...אַ שעפעריש פעדער קען מען נישט נאָכמאַכן...

געכישופט האָט איר וואָס זי פלעגט הערן וועגן דער מיידלש־מענטש־לעכער וואונדער־הילף פון עמאַ לאַזאַרוס פאַר די אַנטלאָפענע יידן פון רו־סישן צאַריזם, און ווי זי גייט זיי באַגעגענען אין די טענעמענט־הייזער אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד.

אַנדערש איז עס שוין געווען מיטן ד״ר פּאָול קאַפּלאַן. זייער באַקאַנט־שאַפט שטאַמט פונעם ניו־יאָרקער שפּיטאָל בעת זי האָט ערשט געענומען טרוי־מען וועגן גרינדן דאָס „סעטלמענט־הויז״ אויף הענרי סטריט אינאיינעם מיט איר נישט־יידישער חברטע מערי ברוסטער, אַן אידעאַליסטישע קריסטין פון דער שאָטלענדישער אימיגראַציע. זי האָט דערציילט דעם ד״ר קאַפּלאַן וועגן אירע טרוימערייען. ער האָט אָפּגעענטפערט אין אַ פּאָטערלעכן לשון —

...מיין ליבע ליליען וואַלד, ווען איר וואָלט געווען אַ רוסין אין צאַרישן רוסלאַנד, וואָלט איר מסתמא געהאַט אַריין צווישן די הייליקע נשמות מיט זייער „גיין אין פאָלק״... און אפשר וואָלט איר געוואָרן אַ ווערא פיגנער... און פאַרוואָס נישט אַ סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ?... אָדער טאַקע ווי די יידישע בייטאָרין־מיידל העסיע העלפמאַן?...

און ד״ר קאַפּלאַן איז געווען להוט צו דערציילן דער יונגער, טרוימע־רישער ליליען וואַלד די העסיע העלפמאַן־געשיכטע, פאַקטיש און לויט פאָלק־לאָר —

...וויאַזוי די שניידערקע, העסיע העלפמאַן, איז אַוועק פון איר היים אין מאַזיר, ווייס־רוסלאַנד, און אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די גרויס־רוסישע שטעט, און דערוואָרבן זיך צוטרוי מיט אַ ראָל אין צוגרייטן דעם אַטענטאַט אויף צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן... געכאַפּט געוואָרן און פאַרמשפּט צום טויט אויף דער תליה... נאָר כדי נישט צו פאַר־שאַפן אַ בעסטיאַלישע הנאה דעם תליון, ער זאָל קענען קוקן אויף אירע נאַקעטע קני בעת צונויפבינדן זיי פאַר דער תליה, האָט זי אין איר יידישער צניעות זיך אונטערגעצונדן אין טורמע־קעמערל און פאַרברענט געוואָרן...

פאַרענדיקט זיינע רייד האָט ד״ר קאַפּלאַן —

...מיר איז ליב, טייערע ליליען וואַלד, וואָס איך קען אייך ווי אַן אַמע־ריקאַנערקע... אַ פרייע יידישע טאָכטער מיט האַרץ און טאַלענט צו טאָן גוטס מענטשן, וועלכע נייטיקן זיך אין אַ וועלכער הילף...

טיף געריהרט פון ד״ר קאַפּלאַנס רייד — ער, שוין אַ היסטאָריש־אינטע־לעקטועלע פערזענלעכקייט פון די רוסיש־רעוואָלוציאָנערע גרופּעס און פּאַר־טייען, און פון דער יידישער מחנה „עם־עולם״ — האָט ליליען וואַלד זיך אַרומגעטראָגן דערמיט ס׳גאַנצע לעבן.

איר איז געבליבן אויפן האַרצן —

...העסיע העלפמאַן...

דערמיט —

...יידישע צניעות ערשט ביים אָנגעבן זיך צו זיין אַ קרבן פאַר מענטש־פרייהייט און וועלט־יושר...

און פאַראַן אויך די זאַך, וואָס באַשטראַלט מיט אַ זעלטן ליכט די גע־זעלשאַפטלעכע שעפערישקייטן פון ליליען וואַלד, און ממילא איר כאַראַקטער.

איר אַריינברענגען אַ פינקלדיק מאָמענט אין דער אַמעריקאַניש־יידישער פאָלקס־געשיכטע.

ס׳איז פון יאָר 1903. איר פאַרנעמען זיך, אַז די צוויי יידישע באַרימט־קייטן, אי ווי יוריסטן אין די גאָר הויכע פענצטער, אי מיט זייער נשמהדיק־הייסער טריישאַפט אין יידישן פאָלקס־דינסט, הגם אַריינגערעכנט אין „יאַ־הודימשן״ שבט — לואיס מאַרשאַל פון ניו־יאָרק און ריכטער מאיר סולצ־בערגער פון פילאַדעלפיע — זיי זאָלןווידמען זייער אַדוואָקאַטור און געזעל־שאַפטלעכן יחוס צו „טאָן אַ מצוה״...

אַ גרויסע אומגעוויינטלעכע מצוה —

...„מתיר אסורים״...

און ווער איז דער אַרעסטאַנט, וועמען מען באַדאַרף אַרויסנעמען פון טורמע?

...דעם יידישן אַנאַרכיסט אַלעקסאַנדער בערקמאַן...

עס שטאַמט פון אַ קאַפּיטל אַמעריקע פון עלף יאָר פריער (1892). אַ אינדוסטרי־דראַמע אין בלוט. דער היסטאָרישער „האָמסטעד־לאָקאָוט״ ביי דער קאַרנעגי־שטאָל־פאַבריק מיט „פינקערטאָנישע״ סטרייק־ברעכערס צו ווילדעווען אַפילו מיט מאָרד. אַמעריקעס זשורנאַליזם האָט געהאַט סענסאַ־

ציעס. פאָלקס־געוויסן איז אָבער געווען שטום. דער יונגער רוסיש־יידישער סטודענט־אימיגראַנט, אַלעקסאַנדער בערקמאַן פון קאָוונער לאַנדסמאַנשאַפט אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד, איז געוואָרן צעשטורעמט. זיין אומרו האָט געקענט שטימען אי מיט זיינע יונג־אַנאַרכיסטישע אידייען, אי מיט אָפּ־קלאַנגען, וואָס האָבן נאָך געקענט זיין אין אים פון צאַרישע מערדערייען, און אויך מיטן מאָראַלן געבאָט, וואָס איז אַריין ממש אין די בלוטן פון יידישע קינדער —

...שטיי נישט שטיל ווען דו זעסט דיין חברס בלוט!...

דער יונגער בערקמאַן האָט זיך אַוועקגעטראָגן קיין פּענסילווייניע דורכ־צופירן אַ נקמה־אַקט —

...פאַרהונגערטע אַרבעטער־סטרייקערס דערמאָרדעט, זאָל דער שולדי־קער „דזשענטעלמען פריק" קריגן זיין שטראָף דורך עמעצן פון דער גע־זעלשאַפט!...

טויט אויף טויט איז ניט אַרויסגעקומען, אָבער בערקמאַן איז פאַרמשפּט געוואָרן צו 22 יאָר אין טורמע. איז ער אָפּגעזעסן אַ העלפט צייט, און אַמע־ריקע האָט זיך געענדערט, און ליבעראַליזם ביי דער אינטעליגענץ האָט, ביים הערן וועגן בערקמאַנס טורמע־באַשרייבונגען אין בריוו צו פריינט, גענומען זיך פרעגן —

...פאַרוואָס לאָזט מען אים אומקומען אין דער פּענסילווייניער טורמע, דעם יונגן, טאַלאַנטפולן, יידישן סטודענט־רעוואָלוציאָנער?...

האָטשינס האָפּגוד האָט עס געבראַכט צו ליליען וואַלד. זי האָט עס אַריבערגענומען צו לואיס מאַרשאַל. ער, ווידער, האָט זיך אַ ווענד־געטאָן צו ריכטער מאיר סולצבערגער אין פּענסילווייניע, און דער תמצית פון דער גאַנצער זאַך —

...אינעם טראַכטן פון די דריי, ווייט־ווייט פון אַלע ראַדיקאַלע לאַגערן, איז נישט אַריין קיין שום ציטער פאַר אַ וועלכער מעגלעכקייט, אַז זייערס אַן אַפילו פאַרן אַנאַרכיסט בערקמאַן קען אַרויסרופן פון ערגעץ אַ קלאַפּ אויף זיי און אויף דער יידישער פּאָזיציע אין לאַנד. און עס איז דאָך דעמאָלט גע־ווען דאָס יאָר פון קישינעווער פּאָגראָם, און פון אַמעריקעס נאָבעלן שטעלן זיך ווי אין אַ ברודערשאַפט מיטן יידישן פאָלק. ווערט טאַקע דורכן בערק־מאַן־אינצידענט שאַרף די ליכטיקייט פון יענעם דור יידיש־געזעלשאַפטלעכער שעפערישקייט.

און אַ יאָר נאָכדעם, ביים עפענען דעם „קלינטאָן־האָל" פאַר דער יוגנט פון דער יידישער אימיגראַציע, האָט דורך דער שטאָט־מאַמע ליליען וואַלד אַ בליק־געטאָן אויף די איסט־סאַידער גאַסן אַ גאַר זעלטענער שבת־צייכן.

...אַ סימבאָל פון שבתדיקייט...

צו איר האָט זיך געווענדט אַ גרופּע יונגע בחורים פון אַ יונגער אָרטאָדאָקסיע —

זיי זיינען „שומרי־שבת". זיי זיינען באַרעכטיקט אַן אָרט אין קהלשן „קלינטאָן־האָל". זיי צילן נישט צו באַלעסטיקן וועמען צו מוזן היטן שבת אין יעטווידן פּרט. אַפילו נישט בלויז צו האַלטן פאַרמאַכט די געשעפטן. זיי נעמען אין אַכט רעאַליטעט. מ'וועט עס נישט קענען אויספירן. און ווער ווייסט ביי וועמען עס קען זיין אַ גויט, וואָס איז „דוחה־שבת". זייער ציל איז בלויז אַרומצוגיין יעדן פרייטיק פאַרנאַכט מיט שילדלעך אויף זיך —

...מאַמעס, בענטשט ליכט, און האָט אַ גוטן שבת!...

עס איז ליליען וואַלד שטאַרק געפעלן. זי האָט זיי דערמונטערט. גרענד סטריט איז געוואָרן זייער ערשטע גאַס.

מיט מיין נייגיר צו לערנען דורך זען און הערן אַלץ, וואָס עס גייט־אָן אין מיין נייער וועלט, בין איך אין אַ פרייטיק פאַרנאַכט געפאָרן פון האַרלעם אויף „סטריט־קאַרס" מיט אַ „ניקל קאַרפער" אָנצוקוקן די נייע שבתדיקייט —

...ליכט־בענטשן, הגם נישט היטן שבת...

פון קלינטאָן סטריט, אויף איין זייט, ביזן סוף פון גרענד סטריט ביים איסט ריווער, און אויף דער צווייטער זייט, אויף דער גאַנצער לענג פון דער פאַראַדנער גאַס מיט געשעפטן, ביז אַרונטער פאָרסייט און קריסטי צו דער „דריטער עווענוּ עלעווייטעד", זיינען אַרומגעגאַנגען שורות יונגע בחורימלעך מיט וויוועסקעס —

...מאַמעס, האָט אין זינען בענטשן ליכט, און האָט אַ גוטן שבת!...

עס איז מיר אויסגעקומען, איך זע אַן אַמעריקאַנישן ערב־שבתדיקן „שול־רופן", אַריבערגענומען פון די שטעטלעך אין מיין ליטווישן זאַמוט. דורכגייערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן. איך האָב געהערט אַ פרוי אַ זאָגטאָן —

...אַ געזונט אין זייערע קעפּלעך...

איך האָב דאָרטן אָנגעטראָפן אַ נייעם פריינט מיינעם דורך אונדזערע באַגעגענישן אין דער „אַסטאָר־לייברערי", וואוהין איך פלעג אַראָפּפאָרן פון

האַרלעם כמעט יעדן טאָג ווען איך האָב נישט געהאַט קיין אַרבעט אַלס „פייסטער" ביים „פייפער־הענגער", דזשעק, „היינעס לאַנדסמאַן". דער נייער פריינט, יוסף טונקל, מיטן פסעוודאָנים „דער טונקעלער" פאַר הומאָר אין יידישן זשורנאַליזם. אַ צעקריפּלטער אויף איין פוס, איז ער מיט מיר גע־גאַנגען הינקנדיק, און מיט אַ שטעקן אין איין האַנט, און געהאַלטן מיין אָרעם מיט דער צווייטער האַנט, און מיר זיינען נאָכגעגאַנגען די מאַרשירערס פאַרן שבתדיקן ליכט־בענטשן צו זען וויאַזוי מען רופט זיך אָפּ. אַ קורץ גע־וויקסיק יידעלע מיט אַ בלאָנד בערדל איז אַקעגנגעקומען מיט אַ גרויסן פּאַק נישט־פאַרענדיקטע הייזן, פאַרבונדן מיט אַ שטריק אויף דער פּלייצע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט; אַפּנים, מיד געוואָרן; אַראָפּגענומען דאָס געפּעק פון זיך, און מיט אַ ציניש שמייכעלע אַ פרעג־געטאָן וועגן די שבתדיקע מאַר־שירערס —

...וואָס פאַרקויפן זיי, האַ?... ליכטלעך, אָדער שוועבעלעך?...

יוסף טונקל האָט אָפּגעענטפערט —

...רעב יידעלע, טרייבט נישט קיין קאַטאָוועס... איר טראָגט אייער שבת אויף דער פּלייצע... איר'ט דאָך געגומען די הייזן פון שאַפּ צו אַרבעטן אויף זיי אום שבת אין דער היים... דאָ, די יונגינקע בחורימלעך טראָגן דעם שבת צו די הימלען... גיט אַ קוק אין דער הויך... מלאכים פליען איבער זייערע קעפּ...

דער קורצינקער געפּעק־טראָגער האָט געהייבן זיין קאָפּ און אַ קנייטש־געטאָן מיט די פּלייצעס —

...אייסיך וואָס!... זיי זיינען בלאָפערס... עס איז אַ ווינט, נישט קיין מלאכים...

און ער האָט אַ שפּיי־געטאָן אין די הענט אויפצוהייבן דעם פּאַק הייזן פון־דאָס־ניי.

„דער טונקעלער" האָט אים נישט אָפּגעלאָזן —

...מלאכים דערקענט איר שוין אויך נישט?... זייט געהיט מיט אייערע רייד, רעב יידעלע... איר ווייסט נישט וואָס מיט אייך קען פּאַסירן אַפילו אין די נעקסטע מינוטן...

דער ייד מיטן פּאַק הייזן האָט צוגעוואָרפן „דעם טונקעלן" אַ זידל־וואָרט —

...קאַליקע, דו...

און ער איז קוים אָפּגעגאַנגען אַ פיר־פינף טריט, און מיר האָבן דער־הערט אַ געשריי.

אַפּנים, דער שטריק אויפן פּאַק הייזן האָט זיך אויפגעבונדן. דער פּאַק איז פאַנאַנדערגעפאַלן. הייזן זיינען געפלויגן מיטן ווינט. דער פּאַק איז געלעגן אויפן טראָטואַר, און דאָס קליין־געוויקסיק יידעלע איז נאָכגעלאָפן די פלי־ענדיקע הייזן. מיר זיינען צוגעגאַנגען אים העלפן. ער האָט דערזען „דעם טונקעלן״, האָט ער גענומען שרייען —

...דער קאַליקע האָט מיך פאַרשאָלטן...

שפּעטער אין אָוונט האָבן מירביידע געזען אויף גרענד סטריט פייערלעך פונעם ליכט־בענטשן דורך די פענצטער אויף די העכערע עטאַזשן איבער די קראָמען. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, זיי פינקלען אין אַן אומעט. נישטאָ אַרום זיי קיין שבת.

...שבת־ליכט אָן שבת...

און אויף מאָרגן, ביט באַלד אין דער פרי, נאָר בייטאָג — שבת בייטאָג — זיינען אַלע געשעפטן אויף גרענד סטריט געווען געעפנט —

...נו, האָבן טאַקע די שבת־ליכט פון פרייטיק־צו־נאַכט געפלעמלט פאַראומערטע...

נאָר דאָס געמיט מיינס האָט פאַרט אָנגעהייבן ווערן ווי אויפגעהייטערט. איך האָב אין די מחשבות גענומען זען די שבת־ליכט אויף גרענד סטריט ווי מיט אַ מיסטישן צויבער. זיי זיינען דווקא גאָר אַ שטילער בילדעכער צוגאָב דעם יידישן כאַראַקטער פון גרענד סטריט ווי אַ היסטאָרישער וועג צו די אַלטע יידישע היימען איבער די ימים אַריבערצוקריגן די רעשטן פון דער משפחה. אַ שוועסטער, אַ ברודער, טאַטע־מאַמען אויך.

ביי יעדן ראָג־גאַס אויף דער גאַנצער לענג פון גרענד סטריט האָבן אַקעגנגעלויכטן פאָטאָגראַפיסטן־סטודיאָס מיט מוסטער־פּאָרטרעטן —

...נעמט זיך אַ בילד אָפּצושיקן צו אייערע אין היימישן שטעטל...

געקליידט אַמעריקאַניש, און מיט אַ באַגער אויסצופּיינבן זיך מיט אַמע־ריקעס ליכטיקייט אויף זיך, זאַמלען זיך אויף גרענד סטריט, ווער שבת און ווער זונטיק, הונדערטער און הונדערטער יונגע יידישע טעכטער, און חתן־כלה צו לאָזן זיך פאָטאָגראַפירן אין פרייד. און יעדע אָפּגעשיקטע פאָטאָגראַ־פיע, האָט מען געוואוסט, וועט ברענגען נאָך ווענען פון דער פאַמיליע, און עס וועט צוקומען נאָך אַ יידישע משפחה־היים אין דער נייער וועלט.

גרענד סטריט האָט דערין געהאַט מיטהעלפערס, קאַנאַל סטריט און דזשעפערסאָן סטריט ביי איסט בראָדוויי, מיט די אַגענטורן פאַר שיפסקאַרטן. מ׳האָט ביי זיי געקראָגן שיפסקאַרטן אויף אָפּצאָל ביסלעכווייז, וועכנטלעך. איז מען פון גרענד סטריט געגאַנגען אַהין; און עס האָט זיך אויך איינגעשטעלט וואָס פאַרשטייערס פון די אַגענטורן פלעגן זיך באַווייזן ביי די מיידלעך־שעפּער מיט אָנבאָטן שיפסקאַרטן אַריבערצוברענגען אייגענע אויף אַ לייכטן אָפּצאָל, אַזוי קליין ווי אַ „האַלבן דאָלאַר״, אַ פּילו אַ קוואָטער, אַ וואָך.

גאָר לייכט איז עס מסתמא ניט געווען, לויט די מיידלשע שאַפּ־פּאַרדינסטן אין יענער צייט. אָבער דאָס קומען דערמיט צו מיידלעך־שעפּער האָט געמיינט רעדן צום פאַרבענקטן האַרץ פון דער יידישער טאָכטער אין עלנט, אָן פאַמיליע אַרום זיך. ס׳האָט ממילא באַטייט יידיש פאָלקס־גורל: פאַנאַנדערפאַלנדיקע היימען, און ווידער אַ צונויפנעמען זיך.

און וויבאַלד ביים שאַפּ, איז עס פסיכיש און פאַקטיש שפּעטער געוואָרן צונויפגעשלאָסן מיטן מיידלשן שאַפּ־יוניאָניזם, וואָס האָט דורך דעם אַריינגעקראָגן ממש דאָס גאַנצע חן פונעם פאָלקלאָר פון דער אימיגראַציע, אַפילו לגבי דאָס שבתדיקע ליכט־בענטשן. און דאָ שיינט־אויף די געשטאַלט פון דער דריטער שטאָט־מאַמע, די יינגסטע, די דיכטרין דזשעסי עטל סאַמפּטער פונעם „יוניווערסיטי־סעטלמענט״ אויף די גאַסן עלדרידזש און ריווינגטאָן, וואָס מ׳האָט ביי דער נישט־יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ און ביים אַמעריקאַנישן ליבעראַליזם אָנגערופן —

...דאָרטן, וואו יונגע יידישע אימיגראַנטקעס קומען חלומען דעם גרויסן וועלט־חלום...

## 4

ווי אירע עלטערע שטאָט־מאַמעשע שוועסטערן, יוליאַ ריטשמאַן און ליליען וואַלד, האָט אויך די יונגע פּאָעטין סאַמפּטער אָפּגעשטאַמט פון אַ גביריש הויז, און זי פאַרלאָזן כדי נאָכצוגיין אירע טרוימערייען מיט אידעאַליסטישע צילן. איר איז אָבער אָקעגנגעקומען אַ בייזער גורל.

איך דערצייל עס לויט געהערטע געשיכטעס. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין קוראַזש צו פרעגן ביי איר אַליין וויאַזוי עס איז געקומען דערצו. יעדן מאָל בעת מיין קומען צו איר, אין די ערשטע יאָרן, האָב איך זי גע־

פונען איינגעזעצט אין אַ שטול אויף רעדלעך, אָבער קיינמאָל נישט מיט אַ זאָרג איבער זיך. תמיד וואַכזאַם מיט אידייען אויפצונעמען יידישע פאָלקס־פּראָבלעמען, און מיט צאַפּלדיקע אויגן אין פרייד בעת הערן אַז מ׳האָט דער־גרייכט גוטס. און האָט ווער דערמאָנט אירס אַ פּאָעמע, וואָס מ׳האָט אויפ־גענומען ווי אַ תפילה, און איז אַריין ווי אַ שבת־געזאַנג אינעם שבתדיקן רעפאָרם־סידור, האָט זי אין אַזעלכע מינוטן פאַרגעשטעלט אַ מוסטער־פּאַר־טרעט אין צניעותדיקער באַשיידנקייט. זאָל איך האָבן זיך אַנגענומען מיט וואויל־יונגערישער חוצפּה, און פּלוצלינג אַ פרעג־טאָן ביי איר —

...זאָגט מיר, ליבע פריילין, דיכטערין דזשעסי עטל סאַמפּטער, וויאַזוי איז אַריין אַ פּאַראַליז אין אייערע פיס ?...

פאַרשטייט זיך, ניין.

פריינט פלעגן טאַקע ריידן, אַז עס ווערט איר פיינלעך־שווער ביים אויפ־נעמען וועמענס רייד וועגן איר פיזישן צושטאַנד.

פאַראַן אָבער דערין יידיש־פאָלקישעס.

בעת איר זעכצנטן יאָר האָט דזשעסי סאַמפּטער זיך אָנגעשלאָסן אין אַ גרופּע גייערינס איבער טענעמענט־הייזער געוואויר־ווערן וואָס מען קען טאָר פאַר גייסטיקער דערהייבונג ביי אימיגראַנטן־פאַמיליעס, וואָס אַמערי־קעס הימל איז זיי פרעמד, און אַמעריקעס ערד נאָך פרעמדער, און זיי ראַנג־לען זיך אין ביטערער אָרעמקייט מיט אומהיימלעכע כוחות נישט צו לאָזן זיך אַוועקשלעפּן פון יידישע טראַדיציעס. זי איז געפאַלן אויף פינצטערע טרעפּ פון אַזאַ טענעמענט־הויז. נישט צעשעדיקט, נאָר פון שרעק איז אַריין אַ שוואַכקייט אין די פיס, קוים צו קענען שטעלן אַ טראָט. נאָך פיל חדשים אין שפּיטאָל האָבן דאָקטורים געאורטיילט: דאָס וועט זיך אויסשטיין אינעם גאַנג פון יאָרן, אויב זי וועט אָן קלאָגעניש אויפן אייגענעם גורל אַריינלעבן זיך אין אַ פּאַרטיפטן אינטערעס צו זאַכן און מענטשן, וואָס זיינען איר ליב.

צו איר גבירישער היים האָט זי זיך נישט אומגעקערט, נאָר פאַרשאַפט זיך אַ דירה אינעם „יוניווערסיטי־סעטלמענט״, כדי צו לעבן אויף דער איסט־סאַיד אינאיינעם מיט דער אידעאַליסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געזאַמלט אין נאָנטשאַפט מיט די אימיגראַנטישע פאָלקס־נויטן. און זי האָט זיך אויסגעקליבן צווייערליי ליבשאַפטן, וואָס צו זיי וועט זי ווידמען איר אינטימען לעבן.

איינס —

...צום פאַרטיפן זיך אין יעדער תקופה פון אַלע גלותן מיט אַן אַריינ־לעבן זיך אין די בענקשאַפטן, דור נאָך דור, צו די בערג און טאָלן פון ציון מיט די פוס־טריט פון די נביאים, און צום גליל־העליון מיט די דיכטערישע בעלי־קבלה אין צפת, און צו ירושלים מיט דער שכינה פון שבת...

— צוויי

...צום גורל פון די יונגע יידישע טעכטער אין דער אימיגראַציע אַן טאַטע־מאַמען, און אַן וועמען אַן אַנדערן פון דער אינטימער משפחה, וואָס אין אירע פּאָעטישע פּאַרטראַכטענישן האָט זי געזען אין זיי די טויבּ פון נחס תיבה אין דריטן אַרויספּלי נאָכן מבול, און וויבאַלד נישט אומגעקערט זיך, איז עס געווען דער סימן, זי בויט וואו אַ נייעם נעסט, אַ נייע היים...

דערפון האָט זיך גענומען וואָס ביי די ערשטע גרויסע מיידלעך־סטרייקס האָט מען די יונגע סטרייקערינס אָנגערופן מיט אַ וואַרעמקייט —

...די טויבן...

מיט אירע צווייערליי ליבשאַפטן האָט די פּאָעטעסע סאַמפּטער איינגעפירט אַ פרייטיק־צו־נאַכטיקן סאַלאָן לכבוד שבת וואָך נאָך וואָך. איר דירה ביים „יוניוואוירסיטי־סעטלמענט" איז געווען געראַם אויפצונעמען אַפילו אַ צוויי צענדליק געסט. מיטן „סעטלמענט"־נאָמען „יוניוואוירסיטי" האָט די איסט־סאַיד שוין געהאַט אַ צייט פריער וויכטיקע בלעטער געשיכטע פון קולטור און פון פּאָליטישן און סאָציאַלן אידעאַליזם. און גרויסע נעמען האָבן דערין געשפּילט: סעט לאָו, רעפאָרם־מעיאָר אין ניו־יאָרק און פרעזידענט ביים קאָ־לאָמביאַ־אוניווערזיטעט; ד״ר פעליקס אַדלער און סעמועל גאָמפּערס; אַפילו דער געוויינטלעך־פּאַראיינזאַמטער סאָציאַליסטישער עקשן, דעניעל דעליאָן. אָבער ערשט די פרייטיק־צו־נאַכטן, פאַר־עקסעלענץ, אָנגעפירט פון דזשעסי עטל סאַמפּטער, האָבן געגעבן דעם „סעטלמענט" יידישן גייסט־כאַראַקטער.

דער דיכטערינס „שבת־אורחים" פלעגן תמיד זיין פונעם זעמל־מעל ביי דער איסט־סאַידער אינטעליגענץ. ווער פון די ערשטע גרופּעס רוסיש־יידי־שע רעוואָלוציאָנערן אין דער אימיגראַציע, די עלטערע פונעם „עם־עולם" און צוגעקומענע פון די נייע רוסיש־יידישע פּאַרטייען; און ווער פון דער דאָקטוירים־קאָלאָניע אויף איסט בראָדוויי, און פון קאָלאָמביאַ־פּראָפעסאָרן מיט אַ נשמה־יתירה פאַר דער יידישער אימיגראַציע; און פונעם ציוניזם מיט העברעאיש און אַן „אַמעריקאַניזירטע" השכלה. דערצו ווער פון די אויס־חלומער פון באַנייטן טעאָלאָגישן סעמינאַר בעת מ׳האָט געשטעלט בראש פּראָ־

פּעסאָר סאָלאָמאָן שעכטער מיט זיין תּפאַרתדיקער פּאָפּולאַריטעט דורך זיין דערגייין צו דער היסטאָרישער „גניזה“ אין קאַיראָ, עגיפּטן. און ווער פון די וויזיאָנערן פון אַ גרויסער ישיבת ר׳ יצחק אלחנן, וואָס דורך איר וועט זיך איינשטעלן פאַר אַלע צייטן די רעאַליטעט פונעם היסטאָרישן חזיון פון הרב יצחק־יעקב ריינעס —

...תּלמוד און וויסנשאַפט זייט־ביי־זייט...

דער נייער נוסח אין רעפאָרם־רבנות פונעם יונגן ראַבאַי סטיפען ס. וויז האָט אויך אויפגעשפּראָצט ביי די פּאָעטישע סאמפטער־פרייטיק־צו־נאַכטן.

די אידייע דערפון —

...„פרי סינאַגאָג“ און „פיפּלס ראַבאַי“...

אַן אומגעצוימטער פאָלקס־ראַבאַי ביי אַן אומגעצוימטן עמוד ווי אַ שליח פון יידישקייט צו דער וועלט, צו פרייהייט־קאַמפן און סאָציאַלן אידעאַליזם, וואָס ענלעכעס האָט דעמאָלט זיך געוויזן אויך אין קריסטלעכקייט —

...„פיפּלס בישאָפּ“ און „פיפּלס פּריסט“...

שעפערישקייט דורך אונדזער יידיש איז נישט געשטאַנען פאַרשעמט אין יענע פרייטיק־צו־נאַכטן. איך פאַרצייכן דאָ עטלעכע מאָמענטן, וואָס איך האָב זיי בייגעוואוינט אין מיינע ערשטע אַמעריקאַנער יאָרן.

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי ווי אַ שבת־גאַסט ביי דער דיכטערין אין זיינע ערשטע אַמעריקאַנער חדשים; באַגלייט פון צוויי איסט־בראָדווייער פריינט זיינע, ד״ר ס. עלסבערג און ד״ר הלל זאָלאָטאַראָוו; דערצו אַ באַזוך פון שכנים, ווער צו זאָגן „גוט־שבת“ צו דער פּאָעטעסע אין איר שטול אויף רעדלעך, און ווער פון דער יונגער אימיגראַציע, זשיטלאָווסקי־תּלמידים; צו דער סאַמפטער־הים איז דערגאַנגען דער גאַנצער „זשיטלאָווסקיזם“ פון יענע טעג —

זיין ליניע צווישן פּועלי־ציוניזם און בונדישע קולטור־אויטאָנאָמיע; זיין אַנטי־מאַרקס אין וועלט־סאָציאַליזם, און באַזונדערס וואָס שייך יידישע אַר־בעטער־באַוועגונג; זיין „סערף“ און „סיים“, טעריטאָריאַליזם און גלות־נאַ־ציאָנאַליזם; אויך דער „יידישער אַנאַרכיזם ווי אַ צווייג אויפן יידישן קול־טור־בוים“; און יידיש לשון ווי דער סאַמע יסוד פון יידישן וועלט־לעבן...

דעמאָלט האָט ד״ר זשיטלאָווסקי געהאַט אָנגעהייבן זיין רעפעראַטן־סעריע וועגן דער יידישער פילאָזאָפיע און דיכטונג אין שפּאַנישן פעריאָד; און דע־מאָלט האָט זיך אויך אָנגעהייבן זיין „יידישיזם“; און וויבאַלד די לעקציעס

זיינע האָבן געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ סעמינאַר; וואָך־נאָך־וואָך, יעדן דאָנערשטיק אָוונט; און אינעם זעלביקן אָרט, אין קהלשן „קלינטאָן־האָל״; האָט עס אים באַטייט ווי זיינס אַ קהילה־זאַך אין רוחניות —

...ווי דער „קהל־חסידים״ פון די בעלי־קבלה...

„קלינטאָן־האָל״ איז אים אַ „בית־מדרש״; דערזעלבער עולם פון פיל הונדערטער צוהערערס איז אים אַ „קהילה קדושה״; אין זיין אָפּשאַצן היסטאָרישע דיכטונג („פּיוטים״), זאָגט ער אַ שיעור אין יידיש־תורה; יידיש לשון אין אַמעריקע איז אים „שבת־לשון״; מער נאָך, אַ שבת־ליכט וואָס ברענט נישט אויס...

ער האָט זיינע דאָנערשטיקס אָנגערופן —

...שבת אין מיטן וואָך...

דער פּאָרטייטש איז געווען ברייטער —

...אין עצם איז שבת דער תורה־טאָג, קולטור־טאָג... דער אינדערוואָכן ציט זיך צו דער גייסט־מנוחה פון שבת... און מער ווי וואו אין גאַנצן יידישן וועלט־לעבן לערנט מען ביי דער אימיגראַציע אויף דער איסט־סאַיד גאָר הויכע גייסט־ענינים, יידישע און וועלטלעכע, דורך לעקציעס און דעבאַטעס, יעדן אָוונט אין דער וואָך... די ביטערע האָרעוואַניע בייטאָג ציט זיך צו דער שבת־מנוחה ביים לערנען אין אָוונט...

זשיטלאָווסקיס שבחים זיינען דעמאָלט געגאַנגען צו די אַרבעטער־רינג־בונדישע לאַנדסמאַנשאַפטן —

...פּראָסטע וואָך ווערט ביי זיי שבתדיק...

אין איר שטול אויף רעדלעך האָט די פּאָעטעסע סאַמפּטער איבעראַשט אירע שבת־געסט מיט אַ פּלוצלינגדיקן יידיש־רעדן.

לאַנגזאַם אָנועקגעשטעלט וואָרט־נאָך־וואָרט אין קלאָרקייט און גוטן סטיל, האָט זי איבערגעשלאָגן די שמועסן וועגן די יידישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד, און אין דער אימיגראַציע, מיט אַ ווענדן זיך צו זשיטלאָווסקין.

זי איז נישט פון זיינע צוהערערינס אין „קלינטאָן־האָל״. זי וויזט־אָן אויף איר שטול מיט רעדלעך ווי אַ דערקלערונג. זי הערט פון פריינט וועגן זיינע לעקציעס, וואָס די טעמעס זיינען יידישע פילאָזאָפיע און יידישע דיכטונג פון דער שפּאַניש־אַראַבישער תקופה. זיי זיינען אויך ביי איר אין געדאַנקען־וועלט, און עס צופּט איר ווען. מיט פּאַרטיפטן אינטערעס אין די צוויי דיכטערס שלמה אבן־גבירול און משה אבן־עזרא איז זי דערגאַנגען צו

דער קבלה־ליטעראַטור מיטן זאָג פון האר״י הקדוש, אַז זייערע שירים זיינען אים דערוואוידער. ער דערשפּירט גישט דורך זיי אַ וועלכע דערהייבנקייט. צו וואָס האָט ער געצילט? האָט ער מיט זיין אויטאָריטעט געפּרואווט פאַר־לייקענען אויך זייערע „שירי־קודש״? אַפילו אבן־גבירולס „כתר־מלכות״? זי וויל נישט קלערן אַז דעם האר״יס זאָג האָט געקענט האָבן צו טאָן מיט דער יוגנט פון די צוויי דיכטערס, וואָס האָט אפשר געקענט אָפּגיין אין אַ וועלכער זינד. אבן־גבירול אין זיין פאַרביטערטן עלנט פון אַ יתום, און אבן־עזרא אין זיין ראָמאַנסירן — דווקא אין וואונדערלעכער מאָראַלער שיינקייט — מיט אַ טאָכטער פון זיין ברודער. אויב אַזוינס ווי אַ וועלכע יוגנט־זינד איז יאָ אָפּגעלאָפּן ביים גאונישן פילאָזאָף־פּאָעט אבן־גבירול און ביים פּאָעט משה אבן־עזרא, וואָס זיין גרויסקייט איז אין סליחות, מעדיטאַציעס וועגן לעבן און טויט, איז דאָך אינעם גייסט־לעבן פון אונדזער פאָלק נישטאָ „אייביק פאַרזינדיקט״, ממילא אויך נישט „אייביק חרם״. מיר האָבן דאָך קרוינען פון יראת־הכבוד פאַר דער פּערזענלעכקייט „בעל־תשובה״...

דאָס רעדן וועגן דעם אין דער סאָמפּטער־היים איז אָנגעגאַנגען ביז שפּעט אין דער שבת־נאַכט. און אין גרויסער מאָס, יידיש.

און מיר איז ליב צו פאַרצייכענען —

האָבנדיק נאָכגעפאָלגט ד״ר זשיטלאָווסקיס אויפטרעטונגען, אין שריפט און אין רייד, אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן, צומאָל מיט וואַרעמקייט און צומאָל מיט שאַרפער קעגנערשאַפט, איז ביי מיר פאַרבליבן אין געשמאַקן טעם פון זיין געדאַנק־רייכקייט, וואָס האָט געבליצט יענעם פרייטיק־צו־נאַכט, און ס'האָט אויף אים גערוט אויך אַ נאָבלקייט מיט זיין פאַרהאַלטן זיך צו יעדן איינציקן ביי דער דיכטערינס שבת־טיש...

נאָך אַ שבת־מאָמענט אין יידיש ביי דער סאָמפּטער־שטול אויף רעדלעך אין „יוניווערסיטי־סעטלמענט״ האָט זיך איינגעשטעלט מיטן גאַסט ד״ר נחמן סירקין, אָקאָרשט געהאַט געקומען אין אַמעריקע.

אויך אים האָבן באַגלייט צוויי פאַרערערס זיינע. ביידע, מיט וועמען איך בין געווען אין פריינטשאַפט. אב. גאָדלבערג, שוין מיט ווייניקער ענטוזיאַזם פאַר פּרוּוון שאַפן אַ „דוברי־שפת־עבר״־באַוועגונג אין ניו־יאָרק, ווי ער האָט וועגן דעם גערעדט ביי אונדזערע ערשטע באַגעגענישן, נאָר אַ רעדנער און שרייבער מיט פּאַטאָס אין יידיש פאַרן סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם, וואָס ערשט דער גאַסט, ד״ר סירקין, האָט דערמיט געשמ'ט זינט די קאַפּיט־

לעך „אוגאַנדע״ און „מעסאָפּעטאַמיע״ אינעם ציוניזם. און מיט גאָלדבערגן דער נייער פריינט, דורך באַגעגענישן אין דער „רוסקאַיאַ אַפּטעקאַ״ אויף איסט בראָדוויי, וואו מיין קרוב, פּראָפעסאָר קאָהן, האָט „געקיניגט״, דער שרייבער ישראל זשווין, אַ טאַלאַנטפולער אין שילדערן אימיגראַנטן־סקיצן מיט אַן אַמעריקאַנישן הומאָר־נוסח (פּסעוודאָנים: תשר״ק). אַ מיטאַרבעטער אין אָר־טאָדאָקסישן „טאַגעבלאַט״. די צייטונג, קעמפעריש קעגן סאָציאַליסטן, און ער דווקא אַ סאָציאַליסט און אַ בן־בית, אי ביי דער גרופּע אַמעריקאַניש־סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אינעם „יוניווערסיטי־סעטלמענט״, אי ביי דער פּאָעטעסע דזשעסי עטל סאַמפּטער מיט אירע שבת־געסט.

עס איז טאָקע געווען תשר״ק, וואָס האָט געלערנט יידיש מיט דער דיכ־טערין. ביי אים איז עס געווען אַ פאַרנעמען זיך לשם מצוה. אַ ליבע יידישע טאָכטער זאָל נישט קענען קיין יידיש?... און עס האָט זיך געמערקט אַ זעלטענע, קעגנזייטיקע מענטשלעכע צערטלעכקייט. אַ סימפּאַטיע ביי זיי ביידן פון איינס צום אַנדערן דורך אַ זעלטענער איידלקייט. די פּאָעטעסע סאַמפּטער, ווי אַן אומבאַהאָלפענע אין איר שטול אויף רעדלעך; און דער שריפטשטעלער תשר״ק, קליינגעוויקסיק און פאַרהויקערט ווי פאַרקאָרטשע־טער אין זיך; ביידע ווי אַ קראַנקער ברודער און אַ קראַנקע שוועסטער, און אַרום זיי זינגט דווקא גרויס לעבן.

ד״ר סירקין האָט געבראַכט אַ מתנה דער דיכטערין, אַ פּאָרטרעט, אין אָפּדרוק פון אַ גרויסער מאָלעריי פון אייראָפּע, פונעם היסטאָרישן דייטש־יידישן דענקער אין סאָציאַליזם און ציוניזם איידער נאָך דער טערמין ציוניזם איז געהאַט אויפגעקומען — מאָזעס העס.

אַריינגעלעבט זיך אין זיינע אייגענע סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע מחשבות, האָט ד״ר נחמן סירקין מיט זיין אייראָפּעאישער קולטור און צע־רווישטן טעמפּעראַמענט, מחמת זיין סאָציאַלער וויזיאָנערישקייט ביז דיכטע־רישן עקסטאַז, דערקענט זיך אַלס אַ סאָרט „אַלטער עגאָ״ פון מאָזעס העס.

ביים דערלאַנגען די מתנה דער דיכטערין, האָט ער זיך פאַרנייגט מיט אַ ריטערלעכקייט צו דער שטול אויף רעדלעך. מיטן אויסזען דורך דער באָרד זיינער אין שניט פון אייראָפּעאישער אינטעליגענץ, און אין פּענסניי מיט אַ שנור אין אייראָפּעאישן סטיל, איז די ריטערלעכקייט דערשינען עכט. און עכט זיינען געווען די באַמערקונגען ביים פאַרנייג —

... יידיש ליטעראַטור אין איר אַרומנעמיקייט — פאָלקס־געשיכטע, סאָ־

ציאַלע פילאָזאָפיע, עסיי מיט געדאַנק־עשירות, פאָלקלאָר, פאָלקס־ליד און פאָלקס־מעשה, באָוועלע און דראַמע און דיכטונג — וועלן נישט זיין אין פולער גאַנצקייט אָן דער מאָזעס העס געשטאַלט מיטן קרוין־ווערק „רוים און ירושלים...

און באַלד די ווערטער ד״ר סירקינס, וואָס אַריינברענגען מאָזעס העס אין דער יידיש־ליטעראַטור דורך איבערזעצן „רוים און ירושלים״ און אויפ־קלערן זיין פערזענלעכקייט איז אים אַ רוף אין האַרצן און פון די גליענדיקסטע ליטעראַרישע צילן זיינע אין אַמעריקע...

...פאַרוואָס דווקא אַמעריקע?...

גרויס יידיש פאָלקסלעבן זאַמלט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן... און עס איז צום ערשטן מאָל אין אונדזער געשיכטע, זינט יציאת מצרים, וואָס יידן לעבן אין פולער פרייהייט... און ערשט אין דער פרייהייט וועט מען אויפלעבן יידישע מלוכהשאַפט פאַר ארץ־ישראל מיט דער פאָן פון ציוניזם... אין אייראָפּע רופן מיר עס אָן „יידישער סאָציאַליזמוס״... און מאָזעס העס איז דער באַגרינדער דערפון... עס איז סאָציאַליסטישער באַנעם פון יידנטום, וואָס דערין קומט אַריין אין גרויס פאַרנעם די הייליקייט פון שבת...

דזשעסי עטל סאַמפּטער האָט איבערגענומען די מתנה מיט געמאָסטענע ווערטער אין יידיש, יראת־הכבוד אין זיי, און זי האָט געשטעלט דעם מאָזעס העס־פּאָרטרעט ביי די שבתדיקע לייכטער, וואָס באַלד וועט זי מיט זיי „בענטשן ליכט״.

אין אַלע מיינע וויטערדיקע אָפטע וויזיטן ביי דער דיכטערין יאָרן שפּע־טער, מחמת געמיינשאַפטלעכן אינטערעס ביים אָרגאַניזירן מיידלשע אַרבעט־שעפער, האָב איך תמיד געזען דעם מאָזעס העס־פּאָרטרעט פּראָמינענט אויף דער וואַנט פון איר פּריוואַטער ביבליאָטעק.

נאָר גאָר און גאַנץ געענוי איז פאַרבליבן וואָך אין מיין זכרון מיין סאַמע ערשטער צוקומען צו דער דיכטערין סאַמפּטער, וואָס ערשט דעמאָלט איז עס געווען אַ יידיש־מאַמענט, אַ שבת מיטן פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד.

זעלטענער פאָלקס־גייסט האָט געשוועבט איבער דער סאַמפּטער־היים אַ גאַנצע וואָך מיט די פרייטיק־צו־נאַכטן ווי דער שבתדיקער קלימאַקס. דער פאָלקס־גייסט דורך שאַפּ־מיידלעך אַרום דער דיכטערין אין שטול אויף רעד־לעך. שניידערקעס, מאָדיסטקעס, בייטאַרינס ביי קראַוואַטן, „האַנט־מיידלעך״ (י. ל. פּרצס אַן אויסדרוק „ביים פרעמדן חופּה־קלייד״), וואָס אין די היימען

איבער די ימים זיינען זיי ווי קינדער פון באַלעבאַטישע הייזער געווען גימ־נאַזיסטינס, סטודענטינס. אויך ווער מיט יידיש־וויסן, טעכטער פון גמרא־יידן. די שאַפּ־אַטמאָספּערע אין דער נייער וועלט איז זיי געווען האַרב. זיי האָבן געהאַט אינטערעס אין ליטעראַטור. אימיגראַנטישע בענקשאַפטן האָבן זיי געפּלאָגט מער ווי אַנדערע. די דיכטערין סאָמפּטער, הגם אין זעלבן על־טער, און פון וועמען אַפּילו יינגער, איז זיי געוואָרן ווי אַ מאַמעשע גיבורטע אויפצונעמען די באַקלאָגענישן אויף זייער מערכה. מיידלעך־יוניאָנס זיינען קוים געווען אויפגעקומען, פלעגן זיי ברענגען צו דער דיכטערין אויך זייערע שאַפּ־צרות. אינעם „יוניווערסיטי־סעטלמענט״ זיינען געווען ליטעראַרישע אוונט־קלאַסן, זיינען זיי געוואָרן ווי אַ צווייטע אוונט־היים פאַר די אינטעלי־גענטע מיידלעך־אימיגראַנטקעס אויף די גאַסן עלדרידזש און ריווינגטאָן. און זיי האָבן זיך געטוליעט צו דער פאָעטעסע סאָמפּטער, און זיי פלעגט זיין אַ ליכטיקע מינוט ווען זיי האָבן געקענט זי באַדינען. און אין די פרייטיק־צו־נאַכטן פלעגן זיי קומען זיין מיטהעלפערינס ביים אויפנעמען די שבת־געסט. גרויס געטריישאַפט איז ביי זיי געווען, און פיל מער.

די פיזיש־אומבאַהאָלפענע פאָעטעסע איז פאַר זיי געוואָרן ווי אַ הייליקע געשטאַלט, אַ ווידערשיין פון צדקניות, צו וועמען עס האָבן זיך געהאַלטן צוגעזאָטן די באָבעס און די מאַמעס ביים „צאינה וראינה״. די יונגע טעכטער אין אַמעריקע האָבן דערצו זיך געפילט שטאָלץ, וואָס זיי קענען באַגעגענען אין גוט פריינטשאַפט די מענטשן פון גייסטיקער גרויסקייט, וועלכע קומען צו דער דיכטערין. און עס איז ביי זיי געווען אַ ליבהאַרציקע געשפּאַנטקייט ביים דערוואַרטן די דראַמאַטישע סצענעס וואָס דערמיט הייבט זיך אָן דער פרייטיק־צו־נאַכט —

...דאָס שבתדיקע ליכט־בענטשן...

ענטוועדער די פאָעטעסע אַליין מיט איר גאַנצער צאַרטקייט פלעגט זיך שטאַרקן אויפצושטייגן פון איר שטול אויף רעדלעך צו בענטשן די שבת־ליכט, און זי פלעגט זיין אָנגעטאָן אין איר שבתדיקן קאָלאָריט: אַ פּתּום־טונקל קלייד מיט אַ ווייס קראַגנדל און ווייסע מאַנזשעטלעך, און אַ ווייס־זיידן שפּיצן־טיכל אויפן קאָפּ; און די מיידלעך, חברטעס פון די שעפער, פלעגן זיך באַלד אויסשטעלן אַרום איר ווי הייליקע וועכטערינס צו באַשיצן זי, טאָמער, חלילה, זי קען אומפאַלן. אָדער בעת נישט זיין זיכער מיט זיך, פלעגט זי אויפרופן וועמען פון די פאַרחברטע מיידלעך, און די אויסגערופענע

פלעגט עס דורכפירן אויף איר אייגענעם לשון־יידיש, און אינעם שטייגער פון איר מאַמען אין דער אַלטער היים.

געסט, אַמעריקאַנישע, שוין פון צווייטן און דריטן דור, פלעגן עס אויפ־נעמען מיט פאַרטיפטן ערפורכט. יידיש אויף יונג־מיידלשע ליפּן אין מאַ־מעשן סטיל און ניגון פון דער אַלטער וועלט האָט אַן אייגנאַרטיק פרום־ליבן חן. אַזאַ ליכט־בענטשערין, אָנגעשטרענגט פון סענטימענטן, פאַרענדיקט צו־מאָל די תפילה אירע מיט אַ טרער. היים־בענקשאַפט. מ׳איז פאַרוואָגלט, הגם אין אַן אידל־פיינער סביבה. דורך דעם ווערט אַ שמועס וועגן יידישע גלותן און יידישן קיום.

צומאָל פלעגט אין די פרייטיק־צו־נאַכטן זיין באַטייליקט אויך ווער פון דער נישט־יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ מיט דירות אינעם „יו־ניוואוירסיטי־סעטלמענט״. יאַרן־יאָרן שפּעטער האָט מיר דערציילט דער אַמעריקאַניש־סאָציאַליסטישער היסטאָריקער און פּובליציסט אינגליש וואַלינג, אַז זיין הייראַט מיט דער רוסיש־יידישער טאָכטער אַנאַ סטרונסקי, אַ קענע־רין אין רוסישער ליטעראַטור און אין די אונטערשיידן פון די רעוואָלוציאָ־נערע באַוועגונגען אין רוסלאַנד, האָט זיך גענומען פון באַגעגענישן ביים שבתדיקן ליכט־בענטשן אין דער סאָמפּטער־דירה.

מיטן פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד צו זיין איר שבת־גאַסט האָט דזשעסי עטל סאָמפּטער זיך איבערגענומען. דרויסנדיקע רעקלאַמע איז ניט געווען. אַזוי האָט די דיכטערין איינגעשטעלט אירע פרייטיק־צו־נאַכטן. איר שבת איז אירס. ביי איר שבת־טיש וויל זי האָבן פאַרבעטענע געסט, וואָס דערהייבן איר שבתדיקייט, און זי דערשפּירט, אַז דערמיט דערהייבן זיי שבתדיקייט אין זיך אַליין, צי זיי זיינען רעליגיעז־פאַרפרומטע, אָדער ניט. ביים ריכטן זיך אויפן „שבת־אורח״, מאָריס ראָזענפעלד, איז איר געמיט געווען ממש ווי אָנגעצונדן.

מאָריס ראָזענפעלד, דעמאָלט דער באַרימטסטער ליטעראַרישער נאָמען אין יידישן ניי־לאַנד, די אימיגראַנטישע איסט־סאַיד.

דער פּאָעט, וואָס די לידער זיינע האָט מען געזונגען אין שעפּער און אין טענעמענט־הייזער.

די סאָמפּטער־פּאָעטעסע האָט זיך געהאַלטן אין אינטימער נאָענטשאַפט מיט דער ראָזענפעלד־פּאָעזיע דורך די איבערזעצטע לידער זיינע אין ענג־ליש און אין דייטש. אין ענגליש דורכן פּראָפעסאָר ליאָ ווינער ביים האַר־

וואַרד־אוניווערזיטעט, וואָס אינעם פינאַנסירן די אויסגאַבע „סאָנגס אָוו דהי געטאָ״ — איז אויף אַ גרויסן שטייגער געווען באַטייליקט איר פריינט, וואָס ער איז איר געווען ווי אַ ברודער: דער פּראָפעסאָר עדווין ראָבערט אַנדערסאָן זעליגמאַן.

אַ גייסטרייכער זון מיט אידייען און סענטימענטן פון דער היסטאָריש־מיליאָנערישער זעליגמאַן־משפחה, וואָס אַרום איר איז געווען שטאַרקע דראַמע ביים אויפקום און ביי אירע אַנטוויקלונגען. אַליין אַ פּראָמינענטע פּערזענלעכקייט ביים קאָלאָמביאַ־אוניווערזיטעט, אַן עקאָנאָמיסט און אַ סאָציאַלער רעפאָרמער מיט אַקאַדעמישער אַנערקענונג פון אייראָפּעאישע אוניווערזיטעטן, דייטשלאַנד און פראַנקרייך. גע׳שמ׳ט אויך ווי אַ חבר מיט ד״ר פעליקס אַדלער און סעמועל גאָמפּערס ביי דער עטישער קולטור־געזעלשאַפט, און ווי אַ כח מיטצוהעלפן אינעם אויפשטייג פון דער מזרח־אייראָפּעאיש יידישער אינטעליגענץ ביי וויסנשאַפטן און ליטעראַטור. איינער פון די גרינדערס פונעם יוניוואוירסיטי־סעטלמענט״, און אַן אָפטער גאַסט דאָרטן ביי פריינט זיינע אין דער סאָציאַליסטן־גרופּע נאָכצוקומען זיינס אַ ליבן צייט־פאַרברענג, פירן דיסקוסיעס וועגן מאַרקסיזם, ער אַ קעגנער; און צו פאַרברענגען מיט דער דיכטערין סאַמפּטער, זיי זאָלן ביידע זיך טיילן מיט זייערע איינדרוקן פון דער יידישער קולטור ביי דער אימיגראַציע. די איבערזעצטע ראָזענפעלד־לידער אויף ענגליש האָבן זיי אויפגענומען ווי נשמה־געזאַנגען פונעם אימיגראַנט.

אינטימער, אָבער, זיינען די ראָזענפעלד־לידער געוואָרן דער סאַמפּטער־דיכטערין דורך די שאַפּ־מיידלעך אַרום איר. ווער פון זיי פלעגט צומאָל זינגען פאַר איר אַ ראָזענפעלד־ליד, און ביי איר פלעגט פאַרבלייבן אַ יידישע ראָזענפעלד־שורה, אַפילו אַ גאַנץ פערז, אויך די מעלאָדיע.

אַ ניי ראָזענפעלד־בוך איז דערשינען („געזאַמלטע לידער״, 1904), האָט די סאַמפּטער־פּאָעטעסע דעמאָלט פאַרבעטן דעם דיכטער, ער זאָל זיין איר שבת־גאַסט. און זי האָט פאַרבעטן אירע פאַרהברטע שאַפּ־מיידלעך צו קומען באַגעגענען זייער פּאָעט, און צום דיכטער האָט זי געשריבן, ער זאָל קומען באַגעגענען די זינגערקעס זיינע, אין די שעפּער, וואָס אין זייער זינגען אים איז אַ באַקלאָגן זייער אייגענעם גורל.

אויך דעם פּראָפעסאָר זעליגמאַן האָט זי פאַרבעטן, און מיט אים די

מיט יידיש קולטור אין זיך ביים איסט-סאַידער עטישן קולטור-הויז אויף מעדיסאָן סטריט, ד״ר פּאָול אייבעלסאָן בראש.

מאָמענטן פון יענעם פּרייטיק-צונאַכט זיינען פאַרבליבן אין מיין זכרון מיט אַ צאָל כאַראַקטעריסטישע איינצלהייטן.

אַ פול שבתדיק הויז איז עס געווען, און די דיכטערין האָט ביים ליכט-בענטשן געזאָגט איר ליכט-תפילה מער אין יידיש ווי אין ענגליש. זי האָט געבעטן ביים בורא-עולם, אין שיין פון די שבת-ליכט, ער זאָל געבן גבורה און פאַרשאַפן נחת דעם, וועלכער רופט אַרויס געזאַנגען צום געטלעכן כבוד אין דער שפּראַך פון זיין פאַרהאַרעוועט פאָלק (יידיש).

דאַן אַ מאָמענט, ד״ר אייבעלסאָנס אַ פאַרטייטשן די ראָזענפעלד-פּאָעזיע, אַז עס איז אַ „בייער תהלים-זאָגן״. אַ חוץ די תהלים-פּסוקים גופא, איז דאָס געמיט ביי די, וועלכע „זאָגן תהלים״, וואָס שאַפט דאָס תהלים-פּראַכט.

אַ וועלכע פאַרשטעלן וועמען איז ניט געווען. ווער פון די מיידלעך האָט גענומען זינגען ראָזענפעלדס אַ פּאָפּולער ליד ביי שאַפּ-אַרבעטערינס —

...„מיין רוהע פּלאַץ״...

די וועלכע האָט אים ליב זאָל אים ניט זוכן —

...וואו די מירטן גרינען, נאָר
וואו לעבנס וועלקן ביי מאַשינען...
...ניט וואו פייגלען זינגען, נאָר
וואו קייטן קלינגען...
...ניט וואו פאָנטאַנען שפּריצן, נאָר
וואו טרערן רינען און ציינער קריצן...

אַנדערע מיידלעך האָבן עס באַלד מיטגעזונגען, און אינעם געזאַנג זיינען אַריין אַלע שבת-געסט. איך האָב געקוקט צום געזיכט פון דיכטער. ער איז געזעסן איינגעבויגן ווי פאַרקאַרטשעט אין זיך מיט אַ האַנט אויפן שטערן. די אויגן האָבן געבליצט, און אַט האָט זיך געוויזן אַ טרער. פאַרטיפטער דאַנק. ער האָט זיך געשטעלט אַליין פאַרלייענען זיינס אַ ליד.

זיין חנעוודיק ליד אין סטיל פון אַ מעשהלע —

...מעשה בראשית...

דער באַשעפער פון אַלע וועלטן פירט אַ דיאַלאָג מיט זיין הימלשן „גע-פליגלטן סענאַט״, די מלאכים זיינע, וויאַזוי דער מענטש זאָל זיין געמאַכט. הערט ער די מלאכים זאָגן —

...מאַך דעם מענטש נאָך אונדזער שניט;
גיב אים שכל, גיב אים גבורה, דאָך
קיין פליגל גיב אים ניט...

דער בורא עולם הערט ווייטער —

...ווען דער מענטש פליגל האָבן,
וועט ער פליען מיט זיין שווערד;
ניט באַטראַכטן זאָל דעם הימל,
דער וואָס באַהערשט אַזוי די ערד...

דעמאָלט ענטפערט אָפּ דער בורא —

...איר האָט רעכט,
דאָך איין אויסנאַם וועל איך מאַכן;
דער פּאָעט זאָל יאָ זיין געפליגלט,
ער באַקומט מיין העכסטן ראַנג;
עפּעס וועל איך מיינע הימלען
פאַר דעם מייסטער פון געזאַנג...

און דער האַר אין הימל פאַרנעמט זיך אויסקלייבן אַ מלאך —

...זאָל ער גרייט זיין טאָג און נאַכט
דעם פּאָעט די פליגל אָנצוהעפטן
ווען זיין הייליק ליד דערוואַכט...

געלייענט האָט עס מאָריס ראָזענפעלד, פאַרשטייט זיך, אין יידיש. און הגם דאָס ליד איז שוין געהאַט אַריין אין זיין בוך „געזאַמלטע לידער", האָט ער עס געלייענט פון זיין האַנטשריפט, און אויף זיין שטייגער: צוגעקלאַפּט מיט אַ פוס־טראָט ביי יעדן גראַם, און אַ הייב־געטאָן די אויגן צום אַרום, צו זען אויב מען כאַפּט־אויף געבוי דעם סיפור און דעם באַטייט פון זיין שיר. דער איינדרוק האָט איבערגעוועלטיקט. שוין ניט צו רעדן פון אַלעמענס אַפּלאָדז. די פּאָעטעסע סאַמפּטער האָט אים געבעטן צוקומען צו איר שטול אויף רעדלעך, און אין אָנשטרענג זיך אַ שטעל־געטאָן און אים אַ קוש־געטאָן. און ווידער אַן אַפּלאָדז, שוין אָנגעפירט פון פּראָפעסאָר זעליגמאַן.

בעת זיין איינהערן זיך אין ראָזענפעלדס לייענען האָט פּראָפעסאָר זע־ליגמאַן געהאַט ביי זיך אַן ענגלישע איבערזעצונג, און יעדע ווילע אַריינגע־קוקט ווי ער וואָלט געפּרואווט פאַרגלייכן דאָס ענגליש מיטן יידיש. אָבער צומייסטנס זיינען די בליקן זיינע געווען אָנגעשפּיצט צו ראָזענפעלדן, און צו אונדז, ראָזענפעלדס יוגנטלעכע „יידיש־מחנה".

אין זכרונות ווייטער קומט אַרויס די זעליגמאַן־געשטאַלט מיט מער דייט־לעכקייט ווי אַ פאַרבענקטע נשמה צווישן וועלט און יידיש פאָלקס־לעבן.

# 5

נאָר גאָר אַן אייגענע „סענסאַציע" איז דעמאָלט מיר אַקעגנגעקומען אין דער „יוניווערסיטי סעטלמענט". איך האָב דאָרטן געפונען מרים'ען — מיין שיף־שוועסטער מרים. דאָס אייניקל פון פּלונגיאַנער רב. די צוזאַ־מענפירערקע פון די מוסרניקעס אויף אונדזער רייזע־וועג.

איך האָב זי דערזען צווישן די פּאָר'חבר'טע שאָפּ־מיידלעך אַרום דער דיכטערין אין שטול אויף רעדלעך.

עס איז שוין כמעט געהאַט אַוועק מיין ערשטער יאָר אין אַמעריקע. פון צייט־צו־צייט פלעגט מיך אַ צופּ־טאָן אַ וואונדערן־זיך וואָס עס האָט געקענט פּאַסירן מיט מרימען. און ביים אַ קלער־טאָן וועגן איר איז מיר תמיד געוואָרן פאַר די אויגן ווי אַן אָפּשטראַל פון ערגעץ. אויב איך דאַרף דאָ אַוועקשטעלן דאָס וואָרט „ליבע", קען עס נאָר מיינען פאַרליבט אין מרימס אינערלעכער ליכטיקייט. אונדזער פּלוצלינגער אָנטרעפן־זיך איז פאָרגעקומען ווי פון אַ ברודער מיט שוועסטער, וואָס האָבן געהאַט זיך פאַרלאָרן, און אומגעריכט זיך געפונען. מיט אימפּעט אין איר רעדן האָט מרים באַלד גענומען מיר דער־ציילן ממש אויסטערלישעס, גוטס און שלעכטס.

מיין דערגיין אַהין דווקא יענעם פרייטיק־צו־נאַכט האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ שליחות, וואָס ד"ר פעסקין האָט מיר צוגעטיילט ווי אַן אויפגאַבע פאַרן „ראָבערט אָוען־קלוב". צו אים האָט זיך געווענדט זעלדע פון דער „אָפּטאָ־נער וואַי"־ביבליאָטעק. זי קריגט אָנפראַגעס פון שאָפּ־מיידלעך אין האַרלעם וועגן „קאָאָפּעראַטיווע דירות", לויט ווי מ'האָט אַזוינס אויף דער „דאַונטאַנער" איטס־סאַיד. אַ פיר, און אַפילו פינף, פּאָר'חבר'טע שאָפּ־מיידלעך נעמען זיך אַ דירה ,אַ „פלעט", אַן „אַפּאַרטמענט", און שטעלן זיך איין מיט שותפותדיק־איינגעקויפטע אַלטע מעבל און קיך־זאַכן, וואָס אַ דירה דאַרף האָבן, אָנשטאָט יעדע זאָל זיין אַ קוואַרטיראַנטקע (אין אונדזער אַמעריקאַנער יידיש „אַ באָר־דערקע") ביי אַ וועלכער פאַמיליע. מען פלעגט עס אָנרופן אי „קאָמונעס", אי „שותפותדיקע באַלעבאָסטעס". דאָס ווערט דערמונטערט און באַשיצט פון „יוניווערסיטי סעטלמענט". ד"ר פעסקין האָט געוואָלט מער אינפאָרמאַציע דירעקט פון די שותפותדיקע מיידלעך. ס'האָט געשפּילט אין אים אַ ניגון פון האָפנונג —

...אפשר וועט מעגלעך ווערן טאַקע אַזוי אָרגאַניזירן יידישע אימיגראַ־ציע אונטער אַ פאַן פון אַ סאָציאַליסטישן פרינציפּ... אַ פאַרזעצונג פון די חלומות פון „עם־עולם"... ניט אויף פעלד, נאָר אין שטאָט...

אין גוטן מזל מיינעם, איך בין אויסגעקליבן געוואָרן צו דערגיין אַזאַ וויכ־טיקייט, וואָס מיר וועט עס זיין אַ נייער פונקט אויף די יידישע וועגן אין דער נייער וועלט. זעלדע, אַ געלאַדענע צום מאָריס ראָזענפעלד־שבת ביי דער דיכטערין סאַמפּטער, האָט זיך אָנגעבאָטן פאַרצושטעלן מיך צו די מיידלעך אין „יוניווערסיטי סעטלמענט" אַרום דער פיזיש־פאַרשוואַכטער פאַעטעסע —

...זיי, די מיידלעך אַרום איר, דאַרפן עס וויסן... זיי זיינען די אָנפּי־רערקעס ביי אַזעלכע דירות...

און אָט בין איך מיט אַ גרופּע פון די מיידלעך, און מיט מרימען בראש, פריער ביי דער דיכטערינס ליכט־בענטשן, און ביים מאָריס ראָזענפעלד־אויפנאַם. און איך זע זיך ווי אַן אָנגענומענער גאַסט זייט־ביי־זייט מיט זעלדען און מיט מרימען. און אַלץ איז מיר אַזוי וואונדערלעך ניי, און אַזוי וואונדער־לעך שיין. און שפּעטער בין איך מיט מרימען און אירע חברטאָרינס אין דער ביבליאָטעק פון „יוניוואוירסיטי סעטלמענט". אויך זעלדע איז מיט אונדז. און איך הער אי שפּאַנענדיקס, אי ביטערע טראַגיק פון אונדזער אימיגראַ־ציע, וואָס איך וועל דאַרפן באַריכטן צו ד"ר שמואל פּעסקין.

## 6

שפּאַנענדיקס —

דאָס צוזאַמענלעבן פון די מיידלעך אין יעדער שותפותדיקער דירה. נישט אומעטום איז אין זעלבן שטייגער.

איך הער וועגן צוועלף אַזעלכע דירות, וואָס פיר פון זיי גיבן זיך אָן אַלס „קאָמונעס" —

זיי האָבן אייך קאַסע פאַר אַלעמענס אויסקומעניש. יעדע מיידל גיט אַריין דערין איר גאַנצע וואָך פאַרדינסט. אַביסל מער פון וועמען, און ווע־מענס אַביסל ווייניקער, און עס מישט זיך אויס אין גלייכהייט. און יעדע וואָך באַשטימט מען, לויטן נעקסט ווער עס זאָל אָנפירן מיט דער דירה־ווירט־שאַפט, זאָרגן פאַר אַלעמענס הצטרכותן, צוגרייטן שפּייז, האָבן אין זינען

יעדע מיידלס אויספוץ, און איר הילפס־אינטערעס צו טאַטע־מאַמען אין דער אַלטער היים...

אויך וואָס שייך גייסטיקס. גיין צו אַ לעקציע, קויפן אַ זשורנאַל, אַ בוך, אַ בראָשור, און גיין אין טעאַטער. לייענט מען אין ציימונג („פאָרווערטס") וואָס „אב. קאַהאַן שרייבט" וועגן אַ ניי־געשפּילטער דראַמע, ווערט אַ מוז ביי אַלעמען צו גיין זען דאָס טעאַטער־שפּיל. ענטוועדער אַלע אינאיינעם, אָדער מען טיילט זיך איין דורך וואַרפן גורל ווער עס זאָל גיין פריער און ווער שפּעטער. און אַלע גייען צו אַ פאַרזאַמלונג ביים אויפנעמען אַ רוסישן רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז געקומען נאָך הילף, און מען רופט זיך אָפּ מיט הייליקן נשמה־ציטער...

סוף חודש צעטיילט מען זיך גלייך אויף גלייך וואָס עס בלייבט פונעם קאָמונע־פאָנד, און דער חשבון הייבט זיך אָן פון־דאָס־ניי...

און איך הער אויך, אַז מיידלשער אינטים לעבן ווערט נישט צעשטערט דורך די דירה־שותּפותן —

...פאַרטרויט ווער פון די חברטאָרינס זי גייט ווערן אַ כּלה, נעמט מען אויף דעם צוקונפטיקן חתן ווי אַלעמענס צוקונפטיקן שוואָגער...

אין די שותּפותדיקע נישט־קאָמונע דירות גילט מער אינדיווידועלעס, הגם די ווירטשאַפט דאָרטן ווערט אויך אָנגעפירט אין גייסט פון געמיינשאַפט.

נאָר איך הער וועגן גאָר און גאָר זעלטענעס אין אַלע שותּפותדיקע דירות. ממש אַ הערלעכע זעלטנקייט. איך געדענק דאָס אויפצאַפּלען אין מיין האַרצן ביים הערן דערפון —

...מען בענטשט ליכט אין די מיידלשע דירות...

...שבת־ליכט, וואָך־איין, וואָך־אויס...

ביים קומען פון שאַפּ פרייטיק פאַרנאַכט, וואַשט מען זיך אָרום, און מען טוט זיך איבער אין אַ בעסער קלייד, און מען שטעלט זיך ליכט־בענטשן...

מרים, אין באַשיידנקייט, האָט געפּרואווט באַשטרייטן אירע חברטאָרינס, אַז דאָס ליכט־בענטשן, וואָס איז זיי אַזוי ליב, איז אירס אָן אויפטו. איך נעם־אָן זייערע צוואוינקעניש, אַז וואָס זיי זאָגן איז ריכטיק. און מרימס פאַרטייטשן עס איז אין מיין זינען ווערטפול —

...פולע שבת־פרומקייט שטעקט נישט אינעם מיידלשן ליכט־בענטשן...

די שבת־פרומקייט רייסט זיך דאָך איבער גלייך דעם נעקסטן פרימאָרגן... ווער פון די מיידלעך מוז גיין אין שאָפּ אַריין...

זי אַליין אַרבעט נישט שבת. עס איז אַ גרויסער שאָפּ ביי פרויען־וועש אין זייד. דער באַלעבאָס איז אַ פּלונגיאַנער לאַנדסמאַן. ער געדענקט איר זיידן, דעם פּלונגיאַנער רב. און מחמת רעספּעקט צו דער רבנישער משפּחה, האָט ער מיט אַ צושטימען אַנגענומען איר מעלדן, אַז שבת וועט זי קיינמאָל נישט אַרבעטן.

און זי רעדט ווייטער, מרים —

...אינעם מיידלשן ליכט־בענטשן איז דאָס געפיל ביי ידישע טעכטער פאַר שבתדיקער היים־טראַדיציע... עס איז דאָך געווען אַזוי ליב צו קוקן אויף דער מאַמען ווען זי בענטשט ליכט מיט די קינדער אַרום איר, וויל מען דאָס נישט פאַרגעסן... און מען דאַרף עס אָפּשאַצן... עס איז היים־בענקעניש... עס איז היים־גאַנצקייט, אַפילו ווען ימ׳ען האַלטן עס צעשיידט...

נאָך און נאָך הער איך: אויך פון מרימס חברטאָרינס; און זיי זיינען פון שעפּער ביי בלוזעס און מענערשע קראַוואַטן —

...ס׳האָט זיך געשאַפן אין די מיידלעך־דירות אַן אייגענער ריטואַל פאַרן ליכט־בענטשן... וואו אין אַ דירה קלייבט מען אויס יעדן פרייטיק פאַרנאַכט אַן אַנדער ליכט־בענטשערין, און מיט אירע תפילהדיקע ווערטער רופט זי אויס די נעמען פון די חברטאָרינס אין דער דירה, און די נעמען פון זייערע טאַטע־מאַמעס, און פון די שטעט און שטעטלעך אין דער אַלטער וועלט, וואו זיי געפינען זיך...

...עס פלייצן אַריין אין די שבת־פייערלעך די שטעט־און־שטעטל־נעמען: קאָוונע און דווינסק פון דער ליטע, די גרויסע לובלין און די קליינינקע אָסטראָלענקאָ פון פוילן, און וויטעבסק איז אויך דאָ, און בערדיטשעוו, און פון ערגעץ אין אונגאַרן...

...ווידער אין אַנדערע דירות וויל יעדע מיידל בענטשן אירע שבת־ליכט אויף אַן אייגענעם שטייגער... און אין אַזאַ דירה שטעלן זיך אויס פיר, אַפילו פינף, ליכט־בענטשערינס ביי באַזונדערע מעשענע לייכטערס מיט צינדן אין זיי שבת־ליכט...

...די דירה קוקט אויס פרייטיק פאַרנאַכט ווי אַ זעלטענער טעמפּל...

...אויף אַלע זייטן שבת־פלעמלעך...

...און יעדע פּאָר לייכטערס האָבן דאָך אייגענע „ביאָגראַפיעס"...

מאַמעס האָבן עס מיטגעגעבן אַ טאָכטער פאַרן אָפּרייזן צו דער ווייטער אַמע־ריקע... די טאָכטער קען ווערן אַ כלה, און זי וועט חתונה־האָבן, און בענטשן ליכט אין אַן אייגענער היים, וועט דעמאָלט די מאַמע איר שטיין פאַר די אויגן...

אַ מאַמעס קישעלע צוקאָפּנס, און טאָקע פון פעדערן, אַליין־געפּליקטע, און אַ פּאָר שבת־לייכטערס — ביידע זאַכן אַ באַהאַרצט־ברכהדיק פּעקעלע אויפן ווייטן וועג — אַזוינס געהערט צום געפילפולסטן פאָלקלאָר אין יידישער וואַנדערונג.

און פון די שותפותדיקע מיידלעך־דירות לאָזט פון זיך הערן אויך היס־טאָרישעס מיט אָנוויז אויף נאָך מער גרויסער געשיכטע, וואָס די ווייטערדיקע יאָרן קענען צושטעלן.

יעטווידע דירה האָט געהאַט זיך איינגעשטעלט אַליין, אָן אַ וועלכן וויסן צי עס זיינען פאַראַן נאָך אַזוינע דירות, אָבער איזאָלירט איז מען נישט גע־בליבן. צוויי דרויסנדיקע מענטשן האָבן אָנגעהויבן באַזוכן אַלע צוועלף קאָאָפּעראַטיווע דירות, האָט מען אָנגעהויבן וויסן איינס פון אַנדערן. נאָר אַ צו־לאַנגן לעבן האָבן די שותפותדיקע מיידלעך־דירות דאָך נישט געהאַט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן חתונות. ממילא האָבן זיך צעשיידט די חברטאָרינס פון יעדווידער וואוינונג. איז עס געווען אַ שטומער קאַפּיטל. אַרויף אויף דער סצענע אָן עפנטלעך־געזעלשאַפטלעכער אויפמערקזאַמקייט, און אַזוי אויך אַראָפּ, אָבער גרויס ירושה פון זיי איז פאַרבליבן.

פון זייער נשמהדיקן איינלעבן־זיך דורך היים־בענקעניש און פּרייטיק־פאַרנאַכטיקן ליכט־בענטשן האָט אַרויסגעשפּראָצט אויפבלי פון די מיידלעך־יוניאָנס מיט זייער אַריינטאָן כאַראַקטער אין דער יידישער אַרבעטער־באַווע־גונג, מ׳זאָל אין איר זען, נישט אַזוי אַ פּראָדוקט פון „קלאַסן־קאַמף״ ווי פון יידישער קולטור־טראַדיציע.

דערצו אַ ספּעציעלער צוגאָב —

פאַרהאָרעוועטע, פאַרבענקטע יידישע טעכטער אונטער אַ הימל, וואָס איז זיי נאָך פרעמד, קענען מיט זייער צניעות און גייסטיקע כוחות אויפשטייגן אָפּצושלאָגן יידיש פאָלקס־בויט אין ביטערסטן טראַגיק.

צוערשט האָט זיך געהאַט באַוויזן אַן אָפּשטאַמיקער פון עם־עולם״, איינער פון די סאַמע לעצטע אויפשיינען פון דער היסטאָריש־בכבודיקער געזעלשאַפט אין דער רוסיש־יידישער אימיגראַציע, און ער איז באַלד גע־

וואָרן ווי אַ פּאָטשט־טרעגער פון דירה צו דירה. מ׳פלעגט אויף אים וואַרטן. מ׳האָט געוואוסט זיין אידעאַלן אינטערעס אויף וויפל עס איז פאַראַן אין אַזעל־כע דירות אַ באַשטימטער ירושה־וועג פונעם „עם־עולם״, בכדי מען זאָל קענען פּרוּווון זיך פאַרנעמען צו גרינדן נאָך און נאָך שטאָטישע קאָמונע־געזעל־שאַפטן, לויט די „עם־עולם״־וויזיעס ביי אַגריקולטור־ווירטשאַפט. דער נאָמען זיינער —

אברהם באַראָף...

אַ קורצע צייט איז ער געשטאַנען ביי דער סעקרעטאַרשאַפט פונעם אָקאַרשט־אויפגעקומענעם אַרבעטער־רינג. וויכטיקן באַטייט האָט ער אָנגע־הויבן קריגן ביים קומען צו־הילף די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן אין צוגרייטן דעם גענעראַל־סטרייק פון די „צוואַנציק טויזנט מיידלעך״ (נייטאָ־רינס ביי בלוזעס) אין יאָר 1909. געלויכטן אין זיין פולער ליכט האָט ער אין די שפּעט־וויטערדיקע יאָרן ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר ביי דער „אינ־טערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״, זייט־ביי־זייט מיט אירע דעמאָלטדיקע באַרימטקייטן, בען שלעזינגער און מאָריס זיגמאַן, ביז דער יונגער, שפּעטערישער דוד דובינסקי איז אַרויף אויף דער סצענע מיט אַר־בעטער־פירערשאַפט בשלימות. נאָר דער נאָמען באַראָף שליסט־איין אויך גאַנץ און גאָר אייגנאַרטיקס —

וואָס אינעם דראַמאַטישן, דריי־חדשימדיקן 1909־קאַמף פון די „צוואַנ־ציק טויזנט מיידלעך״ מיט אַן אויפרודער אין קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן, און מיט סאָציאַלע דראַמעס אַרום זיי ביים ניו־יאָרקער אַריסטאָקראַטישן פּני, האָט אַריינגעשפּילט אויך די דראַמע פון שבתדיקן ליכט־בענטשן...

אַ נויט איז געהאַט אָנגעשטאַנען ביי אַ געזעמל פון שפּער פּאַנאַנדערצוי־טיילן „שאַפּ־פּיקעטן״: קריסטלעכע סטרייקערינס זאָלן איבערנעמען די וואָך פון פרייטיק־צונאַכט ביז אויף מאָרגן אַ גאַנצן טאָג שבת; און שבת־נאַכט זאָלן די יידישע סטרייקערינס אַוועקלאָזן זיך פּיקעטן פאַרן גאַנצן טאָג זונטיק.

מ׳האָט עס דורכגעפירט מיט צערעמאָניע.

דורך צווייערליי סימבאָלן.

אַ שבתדיק ליכט־בענטשן ביים איבערגעבן פּיקעט־פליכט צו די קריסט־לעכע סטרייקערינס; און אַ זונטיקדיק קלינגען פון קלויסטער־גלאָקן ביים באַגעגענען אין פּיקעטן די יידישע סטרייקערינס.

דראַמע פון געאייניקטע שאַפּ־שוועסטערס לויט אייגענער אמונה.

אין אַלע לעצטע יאָרן פלעגט באַראָף זיך צוכאַפּן צו מיר מיט רייד וויפל אויף אים האָט געווירקט דאָס ליכט־בענטשן אין די שותפותדיקע מיידלעך־דירות; און ס'האָט געהאַלטן מיך וואַך צו געדענקען נאָך אַ דרויסנדיקע גע־שטאַלט, וואָס פלעגט זיך וויזן דאָרטן, און זיין משפחהדיק־אייגן מיט די מיידלעך —

אַ מאַמעשע מאַמע אין אויסקוק פון עלטערע יאָרן מיטן נאָמען חיה־שרה, אַן אלמנה פון אַ ליטוויש־פויליש־פּרייסיש גרענעץ־שטעטל, און אַ ליכט־פּעדלערקע...

נישט מיט אַ „פּושקאַרט״, נאָר אַרומגייענדיק פון הויז צו הויז, אויך צו שעפּער, מיט אַ קאָרב אונטערן אָרעם, באַלייגט מיט ליכט, גרעסערע און קלענערע, שבת־און יום־טוב־ליכט, חופּה־ליכט און געבורטסטאָג־ליכטלעך, און יאָרצייט־ליכט.

און זי קוקט דערויף אַז זי פאַרנעמט זיך מיט אַ הייליקער זאַך, און זי איז דערמיט ווי אַ פערטע שטאָט־מאַמע אויף די איסט־סאַידער גאַסן. דורך איר קלעטערן אויף טרעפּ אין די טענעמענט־הייזער, און אָנקלאַפּן אין טירן, זאַמלען זיך ביי איר געשיכטעס פון לעבעדיקן לעבן, סיי מיט דערהייבנקייט, סיי מיט טראַגיזם, און זי נעמט זיי צו די „סעטלמענט״־הייזער מ'זאָל דאָרטן וויסן פון יעדן ביסל גוטס און יעדן טראָפּן אומעט אין די אימיגראַנטישע היימען.

איר אייגן לעבן איז דערפון אַ געהייבענער מיטן צוגאָב דעם נחת וואָס זי האָט פון איר פאַריתומטן יונגן זון, מייקל. זי רופט אים „מיכעלע״. ער מאַכט פון זיך אַ לייט. ער לערנט ביי טאָג און ביינאַכט. ער צילט צו זיין אַן אַדוואָקאַט. און מענטשן העלפן אים. און ער איז געטריי דער מאַמען. ער איז איר אַ גרויס געהילף פאַר זייער ביידנס אויסקומעניש.

די דירה זייערע אין אַ קעלער פונקט אַקעגן דער „הויז אויף מעדיסאָן סטריט״, איסט־סאַידער צענטער פון ד״ר פעליקס אַדלערס עטישער קול־טור־געזעלשאַפט מיט דעם דאָקטאָר פּאָול אייבעלסאָן אַלס אָנפירער, און דער פילאָזאָפיש־קריסטלעכער טעאָלאָג מיט פאַרטיפטער וואַרעמקייט פאַר יידן און יידישקייט, טאָמאַס דייווידסאָן, איז דאָרטן אָוונט נאָך אָוונט אַ לעק־טאָר. מייקל איז דאָרטן ווי אַן אייגענער. און צומאָל באַט מען אים אַן גע־וויסע ביבליאָטעק־אַרבעט, וואָס ברענגט אים אַ באַשיידן איינקונפט, און ער גיט עס באַלד דער מאַמען. און אַרום צוועלף אַזייגער ביינאַכט, אַפילו אין

פראַסטיקער קעלט, לאָזט ער זיך אַוועק צום אַראָפּ־שטאָט ביים „ברוקלין־בריק", וואו גרויסע צייטונגען ווערן געדרוקט, און ער שטעלט זיך אויף די גאַסן ווי אַ צייטונגס־פאַרקויפער, און קומט אַהיים פאַרטאָג מיט גאַנצע הויפנס פעניס און ניקלס. און די מאַמע האַלט פאַר אים אָנגעגרייט הייסע מילך און נאָך הייסערע ברכות.

מיין וויסן וועגן חיה־שׂרהן מיט איר זון שטאַמט פון ד"ר אייבעלסאָן. אויך ווי זי איז דערגאַנגען מיט איר ליכט־פעדלעריי צו די שותפותדיקע מיידלעך־דירות, און געוואָרן דאָרטן אַן אַריינגייערקע, און זי פלעגט זיי רופן: „מיינע ליכטיקע פנימער". אָבער זיי אויך האָבן געבראַכט פאָלקס־טראַגיק —

...אַ ביטערער מאָמענט דעמאָלט אין דער יידישער אימיגראַציע...

הינטער די כמעט־שטומע, טרוקענע, אָפיציעלע ווערטער — „קעיס נומער איינס" און „קעיס נומער פינף" — אין פאָליציייאישע פּראָטאָקאָלן פון ניו־יאָרק ביז סאַן פראַנציסקאָ געפינען זיך די נעמען פון צוויי יידישע טעכטער, פאַרבלאָנדזשעטע, אַריינגענאַרטע, אַריינגעצוואונגענע אין דער אונטערוועלט. דערצו צעקרענקטע. פאַרלאָרן דעם זינען. קוים געווען צוויי יאָר אין לאַנד, האָט מען זיי פאַרמשפּט אָפּצושיקן צוריק פון וואַנען זיי זיינען געקומען. די „קעיס־נומערן" צוויי, דריי און פיר האָבן געהאַט אירישע נעמען. דער זעלביקער גורל. מען האָט זיי אַלעמען אַרעסטירט אין סאַן פראַנציסקאָ, דעמאָלט אונטער רעקלאַמע מיט איר מאַרק פון זינד ביים פאַסיפישן ים־ברעג. זייער אַריינקומען אין לאַנד דורכן אַטלאַנטיק, און וואָס זייער אונטערוועלט־וועג האָט זיך אָנגעהויבן אין ניו־יאָרק, האָט ניו־יאָרק געדאַרפט ווערן אויך דער פּונקט פון זייער געשיקט ווערן צוריק.

פאַר די אירישע קרבנות האָבן זיך אָפּגערופן קלויסטער־אָרגאַניזאַציעס. זיי וועלן נעמען זייעריקע צו אַן אייגענעם וואַנזין־שפּיטאָל; און נישט די פּאָליציי, נאָר זיי אַליין וועלן אָפּשיקן די קרבנות צו זייערע היימען. דאָס האָט געקענט זיין חל אויך פאַר די צוויי יידישע קרבנות; איז, אָבער, אַקעגנגעקומען אַ שווער פּראָבלעם —

...אָרגאַניזאַציע...

לאָגיק האָט געפירט צו האַיאַס, די שוין היסטאָריש־איינגעשטעלטע באַשיצערין פון אימיגראַנטן, אָבער מ'האָט עס באַלד אָפּגעפרעגט: עס קען שעדיקן די רעפּוטאַציע ביים באַגעגענען ווייטערדיקע אימיגראַציע...

איבערגעבן עס צום ראַט פון יידישע פרויען" (קאָונסיל אָוו דזשואיש

ווימען), דעמאָלט נאָך אין די ערשטע יאָרן? ווידער אַן אָפּפרעג: דערפון קען ליידן דער יידישער נאָמען בכלל...

עס האָט געגאָלטן דער יידישער פּחד: חלילה־וחס, מען טאָר נישט זען ביי אונדז קיין זינד...

דאָס פּראָבלעם איז געווען מער געדיכט —

...מען מוז האָבן אין זינען די משפּחות איבער די ימים... אַ טאָכטער איז אַוועק קיין אַמעריקע, און מען וואַרפט זי אַרויס פון גאַנצן לאַנד איבער איר זינד־לעבן... וועט עס האַלטן אַזאַ פאַמיליע אין שאַנד, אין אומגליק, דורות־לאַנג...

דורך דער „הויז אויף מעדיסאָן סטריט" האָט מען פאַרזיכערט, אַז מ'וועט נישט אַרויפוואַרפן די קרבנות אויף אַ שיף פאַר דעפּאָרטירן אַן ווייטערע פאַרהערן, און מ'האָט אין די „סעטלמענט"־הייזער געוואָרט אויף באַריכטן פון חיה־שרהן. אַוודאי רוט זי ניט. און צופאַל האָט אייגענע וועגן און אַן אייגענעם אָנטרעף.

ווי אַן איינגייערקע מיט איר ליכט־פּעדלעריי אין די מיידלשע קאָאָפּעראַטיווע דירות, האָט חיה־שרה פאַרטרויט וועמען פון די מיידלעך וואָס עס קומט פאָר שטילערהייט מיט די צוויי מיידלעך־קרבנות. און דערפון איז אַרויס אי אַן אידייע, אי אַ זין און אַ פּלאַן.

די אידייע —

...נישט וואַרטן אויף די און יענע פירער פון אָרגאַניזאַציעס, וואָס מען רופט זיי „קהלשע קליאַמקעס", נאָר דאָס פאָלק אַליין זאָל עס נעמען אין די הענט....

...און ווער איז דאָס פאָלק?...

...די לאַנדסלייט פון די שטעטלעך, פון וואַנען די צוויי מיידלעך־קרבנות זיינען געקומען...

אַ זין און אַ פּלאַן —

...נישט יעדער לאַנדסמאַן זאָל עס שרייבן צום שטעטל, נאָר איינער, וועלכער קען זיך צוזאַמענשרייבן מיטן רב פון שטעטל... און עס וועט זיין פאַרטרוילעך...

די „הויז אויף מעדיסאָן סטריט" האָט עס אויפגענומען אַזוי צו האַנדלען, און ביי אַ פאַרהער מיט לאַנדסלייט און מיט מיידלעך פון די שותפותדיקע הייזער געמאָלדן: מ'וועט העלפן ברענגען אַהער די טאַטע־מאַמעס פון די

קרבנות, און אויספּועלן ביי דער רעגירונג, זיי זאָלן קענען פאַרבלייבן ווי אימיגראַנטן, און האַלטן זייערע טעכטער ביי זיך.

נאָר ס'איז געקומען אַן אויפרודער, ממש אַ הרעש־עולם. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינע פון די מיידלעך פון די קאָאָפּעראַטיווע דירות (איך רוף זי אָן בעלאַ), און איינע פון די צוויי קרבנות (איך רוף זי אָן צפּורה) זיינען לאַנדס־מיידלעך, פון זעלביקן שטעטל.

מער נאָך, זיי זיינען געקומען צוזאַמען אין אַמעריקע, און צפּורה איז באַלד פאַרשוואונדן. מ'האָט נישט געוואוסט וואו זי איז אַהינגעקומען. ווי אין וואַסער אַריין. אין אירע בריוו פון דער היים פלעגט בעלאַ צומאָל קריגן בעטענישן פון אירע עלטערן, זי זאָל אויסגעפינען פאַרוואָס צפּורה שרייבט נישט צו איר טאַטע־מאַמען. אָבער זי האָט געקענט געבן בלויז איין ענטפער: זי ווייסט נישט וואו זי איז אַנצוטרעפן. זי האָט אַפילו אַריינגעגעבן אַ באַצאָלטן נאָטיץ אין אַ צייטונג — „צפּורה רוף זיך אָפּ צו בעלאַן" — און קיין שום אָפּקלאַנג. איצט ווייסט זי וואָס מיט צפּורהן האָט געטראָפן — און בעלאַ האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קול.

עס איז געבליבן: בעלאַ שרייבט צו אירע עלטערן דעם פולן אמת מיט אַ פאַרזאָג אַז איר בריוו זאָל מען איבערגעבן בלויז דעם רב. און ווען די עלטערן וועלן איר שרייבן וואָס דער רב דענקט וועגן דעם, וועט ער באַקומען אַ בריוו מיט אַ סך איינצלהייטן פון אַ יידישן געלערנטן, אַ פּראָפעסאָר מיטן נאָמען פּאָול אייבעלסאָן.

פּאָלאַ האָט דעם בריוו געשריבן און פאַרבעטן חיה־שרהן צו זיין אַ גאַסט ביי איר אויף דער דירה פּרייטיק פאַרנאַכט, און זי וועט פאַרלייענען פאַר איר און פאַר אירע חברטאָרינס וואָס זי האָט געשריבן, און אויב עס איז אַויסגעקומען גוט, וועט זי עס אָפּשיקן.

אין איר לייענען האָט בעלאַ זיך פאַנאַנדערגעוויינט נאָך יעדע עטלעכע שורות, און די חברטאָרינס האָבן מיטגעוויינט.

חיה־שרה האָט זיך אַ שטעל־געטאָן —

...אַ גוטער בריוו... בענטשט איצט ליכט... עס איז שוין שבת!...

קיינע פון די מיידלעך האָט נישט געהאַט אין זיך אַ וועלכן געפיל פאַר ליכט־בענטשן, האָט חיה־שרה זיי אַ זאָג־געטאָן, זי וועט בענטשן פאַר זיי די שבת־ליכט, נאָר זיי זאָלן אויפהערן וויינען. עס איז שוין שבת!...

און חיה־שרה האָט זיך געשטעלט ליכט־בענטשן, און אַליין זיך פאַנאַנ־דערגעוויינט...

נו, מיינע ליבע לייענערס, ווי אַ זאָג דורך מיינע זכרונות —

...בענטשן שבת־ליכט — הגם דעם שבת אַליין אפשר פאַרלאָרן — איז געווען פון די רגשי־קודש ביים בויען די יידישע אַמעריקע...

# ייִד און וועלט אינעם לאַנד פֿון אַנאַרכיזם

## תּקופֿה פֿון אַ ניי גײַסטרײַך ייִדישע אינטעליגענץ

## 1



ס איז מײַן ערשטער „פֿערטער דזשולאַי״, אַמעריקעס היסטאָרישער טאָג אין פֿרײַהייט. דער אַמעריקאַנישער „יום־העצמאות״ מיט דער פּראָקלאַמירטער אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

אַ ליכטיקער פֿרימאָרגן. אַ זעלטענע שטילקייט אויף די האַרלעמער גאַסן. מען גייט נישט צו דער אַרבעט. געשעפֿטן שטייען געשלאָסן. בלויז אַן אַפּטייק איז אָפֿן. און ווײַלעוויִיז הערט מען אַ „שאָס״ פֿון אַ קנאַקפֿייערל, אַ ייִנגלשע שפּילערײַ צוליבן יום־טובֿ.

איך זע אַמעריקעס פֿאָן, „שטערן און שטרײַפֿן״, אַרויסגעהאַנגען פֿון די פֿענצטער אין די נײַע פֿינף־שטאָקיקע טענעמענט־הײַזער, וווּ עס וווינען ייִדישע און איטאַליענישע אימיגראַנטן. איך גיי צום ראָבערט אָוען־קלוב אויף אַן אַנדער גאַס מיט צוויי־עטאַזשיקע הײַזער, צוויי פֿאַמיליעס אויף יעדן עטאַזש, דורכאויס פֿון אײַדישע אימיגראַנטן. און, פֿאַרשטייט זיך, אויך דאָרטן פֿלאַטערט אַמעריקעס יום־טובֿדיקע פֿאָן. מײַן גיין אַהין איז געצילט צו זײַן פֿאַרטאָג אין קלוב עטלעכע שעה מיט לייענען פֿאַראַיאָריקע זשורנאַלן, דײַטשע און ייִדישע, מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן אַמעריקעס פֿרײַהייט־דעקלאַראַציע, און וויאַזוי דער „פֿערטער דזשולאַי״ האָט זיך אַנטוויקלט פֿון יאָר צו יאָר.

ד״ר שמואל פּעסקין האָט געבראַכט די זשורנאַלן דעם אָוונט פֿריִער, און געהאַלטן אַ פֿאָרטראָג פֿאַר אונדז, „גרינע״, וועגן דעם וועלט־באַטײַט אין אַמעריקעס פֿרײַהייט־דעקלאַראַציע, און וועגן דער היסטאָרישער פּערזענלעכ־

קייט, טהאָמאַס דזשעפערסאָן, וועמען אַמעריקעס געשיכטע האַלט פאַרשריבן ווי דעם פאַרפאַסער פון דער דעקלאַראַציע, מיט אַ סברא, ער זאָל האָבן זי געשריבן אין דער היים פון אַ יידישער משפחה אין פילאַדעלפיע, וואו ער האָט צייטווייליק געוואוינט.

אַ נחתדיק געפיל איז מיר געווען ביים טראַכטן וועגן ד״ר פעסקינס רייד. אונדזער פאָלק איז דאָך געווען באַטייליקט אינעם אויפקום פון דער נייער וועלט. און פאַראַן דערפון דראַמאַטישע קאַפּיטלעך סיי פון די קאָלאָניע־צייטן, סיי פון דער רעוואָלוציע־צייט, און סיי פונעם אַריינטאָן גייסט אינעם אָרגאַניזירן די רעפּובליק. און אייגנטלעך ערשט אין די היינטיקע טעג מיט די אָנגעזאַמלטע עשירותן פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן, שטראַלט פון זיי גרויס־יידישע ליכטיקייט. דעמאָלט, אָבער, בעת אונדזער אימיגראַציע אין אָנהייב פון יאָרהונדערט האָט זיך צו אונדז באַוויזן ווי אַ צוויבערלעכע אַנטפּלעקונג, יידישע נאָנטשאַפט אויך מיט אַמעריקעס נשמה, איר דעקלאַראַציע פון אומ־אָפּהענגיקייט מיט פרייהייט ווי אַן אַקט פון שטאַטס־מאָראַל.

די פּסוקים אירע וועגן חשיבות פון מענטש, און אַז אַלע מענטשן ווערן געבוירן גלייכע צו דערוואַרבן זיך גלייכן לעבן אין גליק, וואָס דאָס אַמע־ריקאַנער פאָלק האָט עס אויפגענומען ווי אַ געטלעכן באַפעל, האָבן אין מיר אויפגעציטערט ווי זאָגענישן אין אונדזערע מוסר־ספרים.

אַ צאָל אָנווייזן פון ד״ר פעסקינס פאָרטראַג האָבן מיך געהאַלטן אויפ־געהייטערט אויך אויף אַ גאַנץ באַזונדער שטייגער —

זיין זאָגן, אַז די דזשעפערסאָן־אידייען, און פריער נאָך די טהאָמאַס פעין־אידייען, וואָס זיינען געווען ווי פייער־פונקען, אי מיט לויכטעניש, אי מיט דערוואַרעמען דאָס האַרץ פון דער קאָלאָניסטן־רעוואָלוציע פאַר אַן אַמערי־קאַנער רעפּובליק אין פולער פרייהייט, קען מען אָננעמען, אַז זיי שטימען מיט דער אַנאַרכיסטישער פילאָזאָפיע.

מיינע טראַכטענישן האָבן אָבער אָנגעהייבן זיך פּלאָנטערן —

... אין אַ שפּעטערדיקער צייט איז דאָך טהאָמאַס דזשעפערסאָן געוואָרן דער פּרעזידענט פון אַמעריקע, האָבן די דעמאָלטדיקע געדאַנקען זיינע אויך געשטימט מיט דער אַנאַרכיסטישער פילאָזאָפיע ? ... נאָר וואָס, אייגנטלעך, איז אַנאַרכיזם ? ... מיינט עס אַ וועלט, אינגאַנצן אָן רעגירונגען, וויאַזוי וועלן לענדער זיך האַלטן אָרגאַניזירט ? ... און אויב עס מיינט יאָ אַ מלוכה, נאָר זי זאָל רעגירן צום ווינציקסטן, וויפל איז „צום ווינציקסטן״ ? ... און אַז די

פרייהייט־דעקלאַראַציע זאָגט בפירוש, אַז דאָס פאָלק האָט אַ פליכט אַרונ־טערצואוואַרפן אַ רעגירונג אויב זי פירט זיך נישט לויט די אָנגענומענע פרינציפּן פון מענטש־גלייכקייט מיט גלייכע רעכט אויף פרייהייט און גליק, מיינט עס, מ׳קען נעמען וועקן צו אַ פאָלקס־רעוואָלוציע ?...

זיך אַליין האָב איך אויך אַריינגענומען אין קאָן פון מיינע טראַכטענישן —

...קען איך ווערן אַן אַנאַרכיסט ?... וואָס וועל איך דאַרפן טאָן אָנצו־געבן זיך אַלס אַנאַרכיסט ?...

איך בין נאָך געווען יונג, און טאַקע רוי ; איך האָב געלייענט אַ סך, און זיך צוגעהערט מיט אַלע מיינע חושים צו די רייד פון וויכטיקע פּערזענ־לעכקייטן ; אָבער ביים איבערקלערן בעת מיין זיין מיט זיך אַליין, האָב איך זיך געשטעלט פראַגעס נאָך פראַגעס, און ניט געהאַט קיין ענטפערס.

בין איך געגאַנגען אַ פּאָרטראַכטער צום ראָבערט אָוען־קלוב אין מיין יע־נעם ערשטן „פּערטן דזשולאַי", און פאַרבייגייענדיקע מענטשן אַרום מיר, אַלט צי יונג, האָבן מיך ווייניק־וואָס אינטערעסירט. איך האָב זיי געזען ווי פאַרביי־שוועבנדיקע סילועטן דורך אַ שלייער. איך האָב געזען פון וויטנס אַ כאַ־ליאָסטרע יינגלעך, און אַז ביי זיי טוט זיך עפּעס, אָבער עס האָט אין מיר נישט אויפגעוועקט אַ וועלכן אינטערעס.

און אָט בין איך שוין ביי דער טיר פון קלוב ; און פּלוצלינג —

אַ שטיין פליט פון ערגעץ, און דער שטיין פליט אַריין אין מיין פּנים צו מיין רעכטער אויג — און איך פאַל אַנידער...

געננוי וואָס און ווען האָב איך אַבסאָלוט נישט געוואוסט, איך זאָל קענען געדענקען, אַחוץ וואָס איך האָב דערשפּירט מענטשן אַרום זיך, און מיט זיי איז אַ פּאָליציסט, און איך געפין זיך אין דערבייאיקן אַפּטייק, און מען ווישט בלוט פון מיין שטערן, און איך דערהער עמעצן זאָגן —

...וואָלט דער שטיין צוגעפאַלן נאָך אַ ברעקעלע נאָענטער צום אויג, וואָלט עס אויסגעקלאַפּט דאָס גאַנצע אויג...

מ׳האָט מיר געגעבן אַ פּיל אַראָפּצושלינגען מיט אַביסל וואַסער צו שטאַרקן מיך. און מ׳האָט וואָס אַריינגעטריפט אין אויג, און אַרויפגעטאָן אַ צודעק, און עס פאַרבונדן, אויך אַ העלפט פון מיין שטערן פאַרבונדן, און ס׳האָט געמיינט —

שלי־מזל וואָס איך בין, האָב איך פאָרט מזל...

דער שטערן איז נישט צעשפּאָלטן, נאָר ס׳האָט טיף אַ ריס־געטאָן דאָס

הויט, איז אַרויס בלוט. און דאָס אויג איז נישט באַרירט, נאָר עס איז ווי אָנגעצונדן, אָנגעשטרענגט, דאַרף מען עס איינשטילן.

מ׳האָט עס געטאָן אין אַפּטייק, און ס׳האָט באַטייט מ׳קען מיך נעמען „אַהיים״, לויט מיין אַדרעס ביי מיין טאַנטע צירע.

איך האָב זיך באַלד אַ זאָג־געטאָן —

...אָ, ניין, מיין צירע, אַז זי דערזעט עפּעס אויף מיר שלעכטס, נעמט זי וויינען אויפן קול מיט אַ טענה: צו וואָס האָט מען מיך פאַרשיקט אין אַמעריקע?...

מיינס אַן אָנשטעל אין בראַוואַדע איז עס געווען —

...מען דאַרף מיך נישט נעמען אַהיים... איך האָב אַ שליסעלע צום ראָבערט אָוען־קלוב... איך דאַרף דאָרטן וואַרטן אויף פריינט...

אפשר אַ קליינינקייט, דאָך אַ וויכטיקייט, כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט מיט הילף פון מענטש צו מענטש. הגם מ׳האָט אין אַפּטייק זיך פאַר־נומען מיט מיר אין טרחה, און גענוצט אַ פּיל און מעדיצין־טראָפּן און אַ באַנדאַזש, האָט מען נישט דערוואַרט אַ וועלכן באַצאָלט. אַן אונטערשריפט פונעם פּאָליציסט איז געווען גענוג. ס׳האָט באַטייט די שטאָט באַצאָלט...

אַ קורץ־געוויקסיק מענטשעלע מיט אַ טונקל פּנים און אַ האַלב־גרוי קמץ־בערדל האָט זיך אָפּגערופן —

ער וועט גיין מיט מיר, ער וועט אויפּפּאַסן אויף מיר...

ווער ער איז האָב איך נישט געוואוסט. דער פּאָליציסט האָט אים אָנ־גערופן „ראַבאַי״.

איך האָב אַ פרעג־געטאָן דאָס מענטשעלע אין יידיש —

...איר זייט אַ רב?...

ער האָט אַ וואָרף־געטאָן זיין האַנט —

...אַז מ׳וועט באַדאַרפן, קען ער זיין אַ רב...

דער פּראָוויזער פון אַפּטייק, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט מיר, האָט מיר איינגערוימט אַ סוד, אַז דאָס קליינינקע מענטשעלע איז אַ מיסיאָנער, און ער פירט־אָן אַ מיסיאָנערסקע שטיבל אויף אַ דערבייאיקער גאַס, און ווען ער דערשפּירט דאָרט שנאה צו זיך פון יידן, פּרואווט ער עס אָפּשלאָגן מיט זאָגענישן, אַז זיינע קעגנערס זיינען „בלויז אַנאַרכיסטן״.

אַנאַרכיסטן פון ליווערפּול, ענגלאַנד, און שפּעטער אויך פון לאָנדאָן, האָבן אים פאַריאָגט קיין אַמעריקע...

ווען ער איז ווידער צוגעקומען צו מיר, און אָנגענומען מיך פאַרן אָרעם — ער וועט „אויפפּאַסן" אויף מיר — האָב איך אים אַ זאָג־געטאָן —

...צי איר זייט אַ ראַבאַילע, צי ניט, זייט איר דאָך אָבער אויך אַזאַ קליינטשיק מענטשעלע, אַז אפשר דאַרף איך גאָר רחמנות האָבן אויף אייך, נישט איר אויף מיר...

ער האָט זיך אָפּגעטראָגן.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער אַפּטייק־פּראָוויזער איז געווען אַ סטודענט אינעם פאַרמאַצעווטן־קאָלעדזש אין ברוקלין, און מיין קרוב־פּראָפעסאָר, יאָזעף קאָהן, איז געווען זיין העכסטער לערער צו באַשטימען ווען ער קען זיך שטעלן צום עקזאַמען מיט דערוואַרטן אַ דיפּלאָמע. מיר זיינען געוואָרן פריינט. ער האָט מיך דערפירט צום ראָבערט אָוען־קלוב און גע'עצהט איך זאָל אַריינקומען אין אַפּטייק פאַרנאַכט, וועט ער אַראָפּנעמען דאָס צודעק פון אויג און אַ קוק־טאָן ווי עס האַלט.

אין אָנשטרענג נישט צו קלערן וואָס עס האָט פּאַסירט, האָב איך זיך באַלד אַריינגעלאָזן אין לייענען (אויף איין אויג) אָפּהאַנדלונג נאָך אָפּהאַנדלונג וועגן אַלע די, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט טהאָמאָס דזשעפערסאָן און מיט דער „דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס". אין דער דייטשער „שטאַטס־צייטונג" איז דעמזעלבן טאָג געווען אָפּגעדרוקט די גאַנצע דעקלאַראַציע, אי אין ענגליש, אי אין דייטש. איך האָב עס געלייענט אין דייטש, און פאַרגליכן וואָרט מיט וואָרט פון ענגלישן טעקסט, און דערמיט געלערנט זיך אַליין ענגליש. און איך האָב באַלד געלייענט אַ מאמר אין יידיש פונעם אַנאַרכיסטישן שריפטשטעלער ד"ר הלל זאָלאָטאַראָוו. שטימונגספול, און מיט דער שורה —

...די פּראָקלאַמאַציאָן האָט זיך געטראָגן פון פאָלק צו פאָלק איבער אַלע ימים ווי אַ בת־קול פון די הימלען...

נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם שטיין וואָס איז פון וועמען געוואָרפן געוואָרן, און וואָס איך האָב געקענט פאַרבלייבן מיט איין אויג אויפן גאַנצן לעבן, און דווקא יאָ געטראַכט.

יעדע ווײַלע, אין מיין לייענען, האָט מיך אַ צופּ־געטאָן —

...ווער האָט עס געקענט וואַרפן דעם שטיין?... און פאַרוואָס?... איז עס געקומען פון דער יינגלשער כאַליאַסטרע, וואָס איך האָב געהאַט געזען פון ווייטנס?... און אויב יאָ, איז עס געווען סתם ווילדקייט, אָדער אַמערי־

קאָנער שקצימלעך האָט זיך פאַרוואָלט עפּעס אַפּטאָן אַ יידיש „גרינעם" בחורל?...

ליבער לייענער, דער ענטפער איז געקומען אַכצן יאָר שפּעטער, „פּערטער דזשולאַי", 1922.

אַ טשיקאַווע דורכלעבעניש.

דעמאָלט איז געהאַט אָנגעשטאַנען די באַוועגונג פאַר אַרבעטער־באַנקען, אַ נייעס אין אַמעריקעס יוניאָן־וועלט. צוערשט ביי די באַן־אַרבעטער. מ'האָט שוין דערוואַרט אויך די אַמאַלגאַמייטעד שניידער־באַנק אין שיקאַגאָ. און מ'האָט גערעדט, אַז נאָך שיקאַגאָ וועט מסתמא קומען אַ שניידער־באַנק אין ניו־יאָרק. וואָרן סטאָון פון די באַן־אינזשענירן, אין אויסזען געאיידלט אַריס־טאָקראַטיש מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר און אַ יונג פּנים, רעפּובליקאַניש אין פּאָליטישן איינשטעל, אָבער אַ מאמין אין קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, ער און סידני הילמאַן פונעם יידיש־שניידערשן יוניאָניזם, זיינען געווען אי די באַגרינדערס, אי די פּראַקטישע אָנפירערס, פון אַזאַ יוניאָן־ווירטשאַפט. עס האָט אַ שטראָם־געטאָן פּאָפּולאַריטעט. עס איז געוואָרן אַן אַמביציע ביי ניו־יאָרקער יוניאָנס מיט טויזנטער אייריש־מיטגלידער אויך איינצושטעלן אַן אייגן באַנק. דער אָנפירער דערפון איז געווען „פּיט" ברעדי מיט אייג־פלוסן אין יוניאָנס ביי הייזער־בוי און אין דרוקעריי־פאַכן, דערצו אַ וואָרט־זאָגער אין דער איריש־פּאָליטישער באַוועגונג קעגן ענגלאַנדס באַהערשן זייער היימלאַנד. ער האָט געצילט צו אַן אַרבעטער־באַנק מיט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, אַ פינאַנץ־צענטער פון אירישן נאַציאָנאַליזם. „פּיט" ברעדי האָט געהאַפּט אויף אַ ברכה פון סעמועל גאָמפּערס. גלויבט דאָך גאָמפּערס אין פעלקערלעכער קעמפערישקייט פאַר זעלבסטשטענדיקייט אין פרייהייט. „פּיט" ברעדי האָט פאַרמאָגט אינטעליגענץ, אויך וויזיע, אַרטיסטישעס. גאָמפּערס האָט אים געהאַט גערן, אָבער געפילט, ער דאַרף אים צוימען. זיין ענטוזיאַזם קען אים פאַרשלעפּן אויף ווייטע וועגן. היינט זיין אַ פילאָזאָפישער אַנאַר־כיסט און מאָרגן אַ פאַרערער פון טעמעני האָל־פּאָליטישנס. און גאָמפּערס האָט פאַרבעטן מעטיו וואָל און מיך צו זיין דערביי בעת זיין דיסקוסיע מיט „פּיט" ברעדין.

מיך האָט גאָמפּערס געוואָלט פאַר אַן אויפקלערנדיקן עדות, ווי אַ פאַר־שטייער פון „פאָרווערטס" צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז די „סידני היל־מאַן באַנקען" וועלן נישט זיין יידיש־פּאָליטישע אינסטיטוציעס ווי „פּיט"

ברײדי האָט זיך געלאָזט אײנרעדן פון װעמען. און ער זאָל טאַקע הערן פון מיר אַן אויפקלערונג, אַז יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אַרום אַ שניידערשן יוניאָן־באַנק, מיט יידישע אַרבעטער־פירערס בראש, איז אַ נאַטירלעכע דער־װאַרטונג, אָבער אַ פּאָליטישער חשבון איז אין דעם נישטאָ. עס איז אַ פּסי־כאָלאָגישער אַרויסװאוקס פון יידישער פאָלקס־געשיכטע. אַ נאָכמאַך פון ניט־יידן קען דאָ נישט גילטן.

אָפּגעזעסן עטלעכע שעה אין גאָמפּערס־צימער אינעם קאָנטינענטאַל־האָ־טעל אויף בראָדוויי, האָט דער שמועס װעגן אַרבעטער־באַנקען געהאַט גע־הייבענע מאָמענטן. ס׳איז ליב געװען גאָמפּערסן צו רעדן מיט אַ פאַררופן־זיך אויף דער היסטאָרישער סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור װעגן באַנקען װי סימבאָלישע אַקטישע אַגענטורן פון אייגנטום, לויטן פאַר־טייטש פונעם פּראַנצויזיש־אַנאַרכיסטישן דענקער פּיער זשאָזעף פּרודאָן. אַזוינס פלעגט תמיד אויפקומען אין אַ גאָמפּערס־געזעלשאַפט. זיינס אַ כאַראַקטער־שטריך: אַריינפלעכטן אַ טיפן געדאַנק אין אַ לייכטן שמועס, און פאַרקערט. און צו „פּיט" ברײדין האָט גאָמפּערס אוודאי געקענט אַזוי רעדן. אין זיינע קאָלעדזש־יאָרן האָט „פּיט" ברײדי געלערנט סאָציאַלע פילאָזאָפיע. װען גאָמ־פּערס האָט דערמאָנט דעם נאָמען פּרודאָן, האָט „פּיט" ברײדי אַריינגעװאָרפן אַ זאָג —

...אָן פּרודאָן װאָלט נישט געװען קיין קאַרל מאַרקס...

איך האָב שוין געהאַט געקענט „פּיט" ברײדין פון אַ פריערדיקער באַ־געגעניש מיט אים אינאיינעם מיט לעאָנאַרד ד. עבאָט פון די פיינסטע אַמע־ריקאַנישע אינטעלעקטואַלן ביים אַנאַרכיזם. „פּיט" האָט דעמאָלט פיל גע־רעדט װאָס זיין טרוים־געשטאַלט אין סאָציאַלער פילאָזאָפיע איז —

...דער פּאָעט־פילאָזאָף הענרי דייװיד טהאָראָו...

מיר זיינען אַריין אינעם האָטעל־רעסטאָראַן פאַר אַן אָנבייסן. גאָמפּערס האָט זיך פאַרמאָסטן צו באַשטעלן פאַר אונדז אַלעמען זיין מאכל — „אויס־טערס".

...נישט פאַר מיר...

...סטייטש ?...

...קוים נעם איך עס צום מויל, דוכט זיך מיר, איך גיי אַראָפּשלינגען קליינינקע לעבעדיקע זשאַבעס...

ס׳איז געװאָרן אַ געלעכטער. מעטיו װאָל האָט זיך געשטעלט אויף מיין

זייט. נאָר עס איז דאָך געווען דער „פערטער דזשולאַי״, האָט גאָמפּערס אונדז מוחל־געווען דעם רעוואָלט קעגן די „אויסטערס״, און ער איז אַריין אין אַ דערציילן וועגן זיין סאַמע ערשטן „פערטער דזשולאַי״, וואָס פאָרגעקומען איז עס אויף דער שיף אין מיטן דער רייזע קיין אַמעריקע פון זיין גאַנצער פאַמיליע, טאַטע־מאַמע און אַלע קינדער. דאָס יאָר 1863.

אַ שיף־רייזע פון די וואַסערן ביי לאָנדאָן, זייער היים, ביזן קעסל־גאַרדען אין ניו־יאָרק, וואָס האָט געדויערט העכער זיבן וואָכן, און מ׳איז געלעגן ווי אויף ברעטער, וואָס ווערן געוואָרפן פון ים־כוואַליעס.

אין דער פערטער וואָך אויפן ים איז אָקעגנגעקומען דער „פערטער דזשולאַי״.

דער קאַפּיטאַן האָט גערופן אַלעמען צום דעק —

...מען דאַרף יום־טובן דעם יום־טוב פון פרייהייט...

עס איז דעמאָלט געווען די אַמעריקע פון לינקאָלן. די גאָמפּערס־שילדערונג דערפון איז געווען אי איינטים, פון דער אייגענער נשמה אַרויס, אי פּאַטעטישעס, היסטאָרישעס, וואָס פאַר אים האָט עס באַטייט אַ געשפּאַנט דערוואַרטן אַריינצוקומען אינעם לינקאָלן־לאַנד, ווי אַ צוגאָב צו דער „דעקלערייישאָן אָוו אינדעפּענדענס״.

ער, אַ ייִנגל אין דרייצנטן יאָר, אַ ייִדישער גמרא־ייִנגל פון אַ לאָנדאָנער ספרדישן חדר, וואָס דערמיט האָט ער שוין געהאַט אין זיינע יונגע באַגריפן ייִדישן וועלט־גורל און מענטש־גורל. עס האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין געמיט בעתן נאָכקומען זיין ליבשאַפט צו דעקלאַמירן און זינגען דאָס דעמאָלטדיק פּאָפּולערע ליד וועגן אַ מוטער און אַ קינד אויף אַ שקלאַפן־שיף. אין לאָנדאָן פלעגן עס זינגען אַרבעטער אַרויסצורופן שטימונגען פאַר פּרעזידענט לינקאָלן אין אַמעריקע, און דער יונגער ייִנגל, סעם גאָמפּערס, פלעגט עס נאָכזינגען. און ער האָט עס געזונגען אויף דער שיף, און איצט האָט ער עס שטילערהייט אונטערגעברומט. מ׳האָט אים געבראַכט זיינע „אויסטערס״, אויך „פּיט״ ברײדין, און מעטיו וואָל האָט זיך געווערטלט מיט זיי, און איך האָב אַ זאָג־געטאָן —

...הערט איצט וועגן מיין ערשטן „פערטער דזשולאַי״...

גלייך ווי איך האָב דערמאָנט דעם שטיין, וואָס איז מיר אַריין אין פּנים, איז „פּיט״ ברײדי אויפגעשפּרונגען, זיין פּנים, אָט בלייך, אָט רויט —

...האַרי, אַי דיד איט... אַי דיד איט... אַי וואָז דהי ליטל רעסקל...

ער, הייסט עס, האָט געוואָרפן דעם שטיין; ער איז עס געווען יענער יינגלשער יונגאַטש...

מיט אַן אויסגעשריי איז עס פון אים געקומען; מ׳האָט געגומען קוקן צו אונדז פון אַנדערע טישן. גאַמפּערס האָט אים איינגעשטילט ער זאָל דער־ציילן זאַכלעך.

אַ זעלטענע קאַנפעסיע.

נישט צו מיר איז דער שטיין געווען געצילט, נאָר צום פענצטער פון ראָבערט אָוען־קלוב. די כאַליאַסטרע צעשטיפטע ווייסע־חברהניקעס אויפן בלאָק האָבן דערזען, אַז אַלע שטיבער זיינען באַדעקט מיט אַמעריקעס פאָן, און ביים קלוב איז עס נישטאָ, איז דער קלוב „אוודאי״ אַ נעסט פון „קראַיסט־קילערס״ און „ענערקיסטס״ (קריסטוס־מערדערס און אַנאַרכיסטן), און מען דאַרף זיי אַנלערנען. „קראַיסט־קילערס״ און „ענערקיסטס״, און עס מיינט יידן. אַ קאָמבינאַציע פון אַ וויסטן גאַס־לשון, וואָס צעווילדעטע קינדער כאַפּן עס אויף, און עס זינקט אין זיי איין. דער פּאָליציסט אויפן בלאָק איז גע־גאַנגען פון שטוב צו שטוב אויסצוגעפינען וועגן געוואָרפענעם שטיין. באַ־פוילן פון טאַטע־מאַמע, האָבן חברה זיך מודה־געווען אין דער „מיטשפּילע־ריי״, אָבער אַז געוואָרפן דעם שטיין האָט „פּיט״ ברײדי. זיי האָבן אים אויס־געקליבן פאַר דעם דורך אַ שפּיל אין „וואַרפן גורל״. אין „פּיט״ ברײדיס היים איז אָפּגעלאָפן אַ שאַרפע סצענע. דער איינדרוק, לויטן פּאָליציסט, איז געווען, אַז איך, דער קרבן, האָב אַוודאי פאַרלאָרן אַן אויג אויפן גאַנצן לעבן. טאַטע־מאַמע ברײדי האָבן דערלאַנגט פּעטש דעם יונגן זון „פּיט״ אין דער אַנוועזנקייט פונעם פּאָליציסט. אויך נאָכדעם, ווען דער פּאָליציסט איז אַוועק. און ממש פּלוצלינג האָט ער, „פּיט״, אַריינגעקראָגן אין זיך אַ געפיל, אַז טאַטע־מאַמע זיינען גערעכט. פאַרוואָס איז ער אַריין אין אַזאַ ווילדקייט, וואָס האָט געקענט „בלינד־מאַכן״ אַן אומשולדיק בחורל, אַן אימיגראַנט?... דער־פון האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענדערונג אין זיין יונגן לעבן. ער האָט מער נישט מיטגעמאַכט קיין שום יינגלשע שפּילעריי. ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין לערנען. שוין אין זיינע הויכשול־יאָרן, און נאָך מער אין זיין קאָלעדזש־צייט, האָט ער זיך פאַרטיפט אין דער קריסטוס־געשיכטע, און געלערנט פיל־פיל אַנדערש וואָס מען קריגט עס אַרויס פון נייעם טעסטאַמענט. און נאָך מער האָט ער געלערנט, אַז דער אויסדרוק „קראַיסט־קילערס״ פאַר יידן איז אַ בלבולדיקער זשאַרגאָן־וואָרט אַרויסצורופן רשעות. און פיל־פיל אַנדערש

האָט ער אויך געלערנט וועגן אַנאַרכיזם, וואָס מען פאַרשפּרייט דערויף ליג־נערייען. בעתן רעדן האָט „פּיט" זיך אַ ווענד־געטאָן צו מיר, און איך געדענק זיינע רייד לויט מיין יידיש —

...האַרי, גלויב מיר... איך דערצייל דעם פולן אמת... אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן האָט מיך אין די פאַרשיידנאַרטיקסטע מאָמענטן אַ צופּ־געטאָן אין מח און אין האַרצן די פּרעגנאַנטיש וואָס האָט געקענט ווערן פון יענעם בחורל, דעם קרבן פון מיין געוואָרפענעם שטיין?... און אָט זיינען מיר דאָך ביידע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג!...

די גאַנצע רעדעריי אַרום דעם האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן אין הומאָר: אַ זאָג פון גאָמפּערסן, אַז „פּיט" זאָל זיך אויסקויפן פון זיינע יינגלשע זינד מיט באַצאָלן פאַר אונדזער אַלעמענס אָנבייסן, און מיט נעמען אַ שבועה, אַז אויב איך וועל אָנהייבן עסן „אויסטערס", ווען און וואו עס זאָל נישט זיין, וועט ער דערוואַרטן אַ רעכענונג, און באַצאָלן. אָבער גאָמפּערס האָט עס באַלד אַוועקגעקערט דווקא צו טיף־ערנסטעס, הגם דורך געשפּעט און סאַטירע —

...אַ וואַזשנע קאָמבינאַציע... קריסטוס־מערדערס, אַנאַרכיסטן... יידן... נו, איך געהער דאָך צו זיי, און עס פעלט מיר נישט אין מורא צו האָבן... איך שמייכל...

מעטיו וואָל האָט זיך אָפּגערופן —

...איך גיי אויף דיזעלבע וועגן...

פאַר אַ ווײַלע זיינען מיר זאַלבעפערט פאַרבליבן זיצן אין אַ שטיל־שווייגן...

## 2

מיין אַנאַרכיסטישער אַרבעט־געבער, „היינריך היינעס לאַנדסמאַן", האָט מיך גענומען צו יאָהאַן מאָסט. איך האָב שוין געהאַט געהערט עטלעכע רעדעס פונעם בראַנד־פייערדיקן נביא ביים אַנאַרכיזם; און שוין געהאַט געלייענט אַלטע און ביייעסטע נומערן פון זיין וואָכנשריפט „פרייהייט", וואָס ער האָט געגרינדעט אין לאָנדאָן, און זי מיטגעבראַכט אין אַמעריקע נאָך זיין אָפּזיצן אַ יאָר־און־אַ־האַלב אין אַ לאָנדאָנער טורמע. איך האָב שוין געהאַט געוואוסט

פיל איינצלהייטן פון זיין שטורמישער לעבנס־געשיכטע, זיינע זיצענישן אין טורמעס אין דייטשלאַנד און עסטרייך, אין ענגלאַנד און אַמעריקע.

אין דייטשלאַנד פאַר פלאַמיקע רעדעס קעגן דעם קייזער און דעם יונ־קערשן מיליטער, און דעם קאַנצלער ביסמאַרק, הגם אַליין אַ מיטגליד אין רייכסטאַג, אין דער פראַקציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין עסטרייך פאַר אָנפירן אַ רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציע ביי די טירן פון פּאַרלאַ־מענט, און נאָך זיין אָפּזיצן זיין טורמע־טערמין האָט מען אים אַרויסגעטריבן פון לאַנד. אין ענגלאַנד מחמת זיין באַגריסן אין זיין „פרייהייט" די רוסישע רעוואָלוציאָנערן פאַר זייער טויטן דעם צאַר, אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ לוסטיקער האָפענונג, אַז אינגיכן וועלן האָבן אַזאַ סוף אַלע „געקרוינטע קעפּ". און אין אַמעריקע צוויי מאָל אין דערזעלבער טורמע מיט קרימינעלע פאַרברעכערס אויף „בלעקוועלס איילאַנד". די זינד זיינע — אַ דונערדיקע רעדע אין ניו־יאָרק גלייך נאָך דער שיקאַגער טראַגעדיע, די אַנאַרכיסטן אויף דער תליה; אַ פּופצן יאָר שפּעטער, זיין איבערדרוקן אין זיין וואָכנשריפט דאָס קאַפּיטל „מאָרד קעגן מאָרד", פון אַ בוך, געשריבן פונעם היסטאָריש־דייטשן, פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער, קאַרל היינצען, אַ פופציק יאָר פריער, וואָס מ'האָט אויסגעטייטשט, אַז דערמיט האָט מאָסט געהעצט מ'זאָל דערמאָרדן פּרעזידענט מעקינלי, הגם ס'האָט איינס צום אַנדערן גע־פּאַסט ווי „אַ פּאַטש צו גוט־שבת".

ווי אַ פאַרביטערטער וועלט־רעוואָלוציאָנער איז ער מיר דערשינען, יאָהאַן מאָסט, לויט אַלץ, וואָס איך האָב געלייענט פון אים און געהערט וועגן אים; באַזונדערס טאָקע פון זיין גרויסן פאַרערער, „היינעס לאַנדסמאַן", וועל־כער האָט מיך גענומען צו אים. ער, מיט זיין אינטימען וויסן, אַז פאַרבי־טערטקייט איז אַריין אין מאָסטס האַרצן אין די סאַמע יינגסטע טעג זיינע.

יאָהאַן מאָסט האָט קיינמאָל נישט געוואוסט געהעריק, נישט פון אַ פאָטער, נישט פון אַ מוטער. געבוירן אַן אומגעזעצלעך קינד, בחור און מיידל נישט אין אַ הייראַט. און די מוטער איז באַלד געשטאָרבן, און אַ צווייטע פרוי, ביים פאָטער האָט געהאַט אַלע שטיפמאַמעשע רשעותן, האָט דאָס עופעלע זיך גע־וואַלגערט ווי אַן אָפּגעוואָרפן חיהלע. יאָהאַן מאָסט פלעגט עס אַליין אַרויס־זאָגן אין רעדעס זיינע, אַז ער איז אַריין אין דער וועלט „להכעיס אַלע געזעצן און להכעיס דער פּאָליציי", און אַז דאָס איז „דער איינציקער טראָפּן נחת", וואָס איז אים פאַרבליבן פון זיינע יינגסטע טעג.



ה. לאַנג און זיין מוטער פרידאַ, 1928



ה. לאַנג מיט זיין טאָכטער נעמי אַלס אַ קינד



ה. לאַנג מיט זיין טאָכטער נעמי אַלס אַ דערוואַקסענע



זיין שוועסטער עלאַ



זיין ברודער מאַקס



זיין שוועסטער חנה



זיין שוועסטער פלאָרענס



זיין שוועסטער מערי



**ה. לאַנג פייערט זיין 50־יאָריקן געבורטסטאָג, ניו־יאָרק, 1938**

**ביים הויפּט־טיש פון לינקס צו רעכטס: שלום אַש, שרה קאַהאַן, אַלעקס קאַהאַן, לוסי לאַנג, מאָרריס פיינשטיין, הערי לאַנג, מרס. אייב קאַהאַן, אייב קאַהאַן, מרס. אַדאָלף העלד און אַדאָלף העלד.**




ה. לאַנג קריגט פון ,,סיטי אָף האָופּ" אַן אויסצייכענונג
צום 80סטן געבורטסטאָג



ה. לאַנג און פריינד זיגמאַן, פּרעזידענט פון א.ל.ג.וו.יו.



ה. לאַנג און שלעזינגער, פּרעזידענט פון א.ל.ג.וו.יו.



סעמועל גאָמפּערס, לוסי און ה. לאַנג



א.פ.ל. קאָנווענשאָן אין באָסטאָן, 1942. פון לינקס צו רעכטס: מעטיו וואהל, וויצע־פּרעזידענט פון א.פ.ל., ישראל מערעמינסקי, פירער פון ישראל־הסתדרות און הערי לאַנג.



פון רעכטס צו לינקס: דייוויד דובינסקי, לוסי לאַנג, נעמי לאַנג און ה. לאַנג.



**אייב קאַהאַן**
געוועז. רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס"



**דייוויד דובינסקי**
געוועז. פרעזידענט פון א.ל.ג.וו.יו.



**לואיס האָלענדער**



ה. לאַנג און אליהו טענענהאָלץ פייערן 65 יאָר פריינדשאַפט




**ביים 3טן סדר פון הסתדרות**

פון לינקס צו רעכטס: שלום אַש, שרה קאַהאַן, וויליאַם גרין, אַלעקסאַנדער קאַהאַן. שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: אייזיק העמלין און ה. לאַנג.



ה. לאַנג און שלום אַש




י. זרובבל פון ארץ ישראל מיט ה. לאַנג



**17טער קאָנווענשאָן יובילעאום פון א.ל.ג.וו.יו., באָסטאָן, מאַי 1924**

פון לינקס צו רעכטס: אברהם ראָזענבערג, פּרעזידענט, א.ל.ג.וו.יו., ה. לאַנג, יוסף באַראָנדעס, אַ גרינדער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און ס. פּאָלאַקאָף, וויצע־פּרעזידענט פון א.ל.ג.וו.יו.



וויליאַם גרין



סאַמועל גאָמפּערס



אַלעקסאַנדער קאַהאַן



דזשאָרדזש מיני



עמאַ גאָלדמאַן



סעם שאָהר

אין אונדזער יידיש רופן מיר עס אָן — „אַ ממזר". און קינדער אין זיין עלטער אין דער בייערן־שטאָט, אויגסבורג, האָבן מסתמא געהערט וועגן אים ענלעכעס פון זייערע טאַטע־מאַמעס. זיי האָבן אים תמיד באַגעגנט מיט רייצן אים ווי מען רייצט אַן אומבאַהאָלפן הינטל. און קיינער נעמט זיך נישט אָן פאַר אים. אפשר איז ער נישט ווערט, אַז מ׳זאָל אים האָבן אין זינען אויך פאַר אַ ביסל גוטס. עס האָט אים געפּלאָגט. און מיטן יונגינקן אומגליקלעכן יאָהאַן מאַסט האָט פּאַסירט נאָך אומגעווייינלעכעס.

אין זיבעטן יאָר איז ער באַשלאָגן געוואָרן מיט אַ שמאַרצנדיקער ביי־סעניש אין זיין פּנים. ער האָט געריבן דאָס פּנים מיט זיינע הענטלעך, פלעגט עס אים ווערן ערגער. ער האָט כסדר געוויינט. עס איז אָנגעשטאַנען אַ בויט פּאַר אַן אָפּעראַציע, אויפצושניידן זיינס אַ באַק. מ׳האָט עס געטאָן, און אַ שטיק פון זיין קין איז געבליבן הענגען אויסערן נאָרמאַלן אָרט. אַ פאַרקרימט פּנים אויפן גאַנצן לעבן, און ווידער — ווילדע רייצענישן פון קינדער, אָפּ־לאַכענישן דורך וויסטן חוזק.

אין מיין לאַנגן־לאַנגן לעבן האָט זיך מיר תמיד אויסגעוויזן, אַז איך זע אין נאָרמאַלע קינדער גרויס רחמנות פאַר נישט־נאָרמאַלע, הגם אָנגע־טראָפן האָב איך, אייגנטלעך, פונקט פאַרקערט. און דאָס איז דער ריינער אמת. קינדערשע ברוטאַליטעט. קליינינקע דיקטאַטאָרלעך. יאַטעבעדאַמני־קעס. אַ פאַראַדירן ווי גאַנצע קנאַקערס. דעם פאַרצרהטן יונגינקן יאָהאַן מאַסט איז באַשערט געווען צו באַגעגענען אַזוינע קינדערשע מגובלים טאָג־איין, טאָג־אויס, און ס׳האָט אין אים געהאַלטן אויפגעטליט אַ שנאה צו דער וועלט אַרום, און ס׳איז אים מיטגעוואָקסן.

אַ פאַרביטערט גאַסן־יינגל, איז ביי אים געוואָרן ווי אַ להכעיס צו דער־לערנען זיך אַליין לייענען און שרייבן. און ס׳האָבן זיך באַוויזן סימפּאַטישע לערערס, וועלכע האָבן עס אָנערקענט אַלס אַ גרויסקייט ביי אים, און זיי האָבן אים אַרויסגעהאָלפן. „שטילע" סאָציאַליסטן זיינען זיי געווען. ביי אים, אָבער, איז שוין געוואָרן אַן איינגעאייגנטע תאווה אויפצוזוכן די שאַרפסטע ווערטער, וואָס זאָגן אַרויס האַס, קללה, פאַראַכטונג, בלוטיקע נקמה.

אין זיין פופצנטן יאָר האָט ער זיך דערלערנט אויך דאָס פאַך פון אַ בוכבינדער, דעמאָלט אַן אַרומוואַנדערנדיקער בעל־מלאכה פון שטאָט צו שטאָט אין אייראָפּעאישע מדינות. דאָס האָט אים מיטגעהאָלפן אין גייסטי־

קער אַנטוויקלונג. און דורך איינבינדן ביכער איז ער דערגאַנגען צו סאָציאַ־ליסטיש־אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור.

אַ פאַרשעמטער און פאַרכמורעטער זיין גאַנצן יונגן לעבן, האָט ער אין די אויסגעוואַקסענע יאָרן אַנגעהויבן קריגן גלוסטן צו דערשיינען אויף אַ בינע, אַ פלאַטפאָרמע, מענטשן זאָלן אים אָנקוקן, און צוהערן זיך צו אים. פסיכאָלאָגיש, אַ נאַטירלעכקייט. זיין ערשטער חשק איז געווען פרואוון זיך אָנגעבן אַלס שוישפּילער. ער האָט, אָבער, באַלד איינגעזען: דער צעקרימטער פנים זיינער וועט אים זיין אין וועג. ער האָט אַ חלום־געטאָן וועגן פלאַטפאָרמעס ביי אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען. דאָ וועט מען אים אויפנעמען. דאָ וועט דער צעקרימטער פנים גאָר זיין אַ מעלה. דערמיט האָט ער געטראָפן. זיינע ערשטע רעדעס זיינען געווען ספּאָנטאַן. ער איז געגאַנגען וואו אין דייטשע און עסטרייכישע שטעט צו אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען ווי „איינער פון דער מאַסע". אין זיין דוכטעניש, אַז די אַרבעטער זיינען נישט דערוואָרעמט גענוג פאַר די צילן פון דער פאַרזאַמלונג, האָט ער געבעטן „דאָס וואָרט". נאָך די ערשטע צוויי־דריי מינוט אין זיין רעדן האָט דער פאָרזיצער אים פאַרבעטן צו דער פלאַטפאָרמע. ער האָט ממש פאַרכאַפּט הערצער.

זיין זעלטענע רעדנער־קראַפט מיטצורייסן מאַסן האָב איך איינגעזען ביי מיין סאַמע ערשטער פאַרזאַמלונג צו הערן אים.

אַ זונטיק בייטאָג. עטלעכע טויזנט אין אַ פול־געפּאַקטן פּאַרק אין ניו־יאָרקער האַרלעם ביי די ניינציקער גאַסן אויף צווייטער עוועניו, וואָס דייטשע און יידישע אימיגראַנטן, קאַרפּענטערס און פּיינטערס, און אַרבעטער ביי די ביר־ברויערייען, האָבן צונויפגערופן דורך די יוניאָנס זייערע, און באַטייליקט איז דערין געווען אויך אונדזער ראָבערט אָוען־קלוב.

און פאָרגעקומען איז עס מחמת אַ מאָמענט אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה (1904־5), ווען די צאַרישע רוסלאַנד האָט אָנגעהויבן פאַלן פון מפּלה צו מפּלה, און ביי אימיגראַנטישע עלעמענטן פון די פאַרשיידנסטע פעלקער איז געוואָרן אַ האַרץ־פאַרלאַנג אויסצודריקן שמחהדיקייט.

איך פאַרצייכן דאָ עטלעכע איינצלהייטן פון יענער פאַרזאַמלונג, אויך ווי אַ באַווייז אַז „גרינע" וואָס מיר זיינען דעמאָלט געווען, האָבן מיר פונדעסט־וועגן זיך דערדערט וויאַזוי צוצוקומען אי צו אימיגראַנטן פון כלערליי פעל־קער, אי צו אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַלן, און קריגן זיי אין אַ פאַר'חבר'ט־קייט מיט אונדז. איך געדענק פון יענער פאַרזאַמלונג וואָס אונדזער ד"ר

פעסקין האָט זי געעפנט און פאַרגעשטעלט דעם פאַרזיצער, ארטור בריסביין, דעמאָלט פון די רעדאַקטאָרן אין די ניו־יאָרקער הוירסט־צייטונגען, אַ זון פון איינעם פון די ערשטע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע; און איך געדענק די צוויי הויפּט־רעדנערס —

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, אָקאָרשט געהאַט געקומען אין אַמעריקע אינאיי־נעם מיט דער באַבושקאַ ברעשקאָווסקאַיאַ צו באַקענען די נייע וועלט מיט די צילן פון די רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן; און גערעדט האָט ער טיילווייז דייטש, טיילווייז יידיש, און פּסוקימווייז רוסיש — אין נאָמען פון דער „באַבושקאַ״.

און בפירוש אַ שטורעם־רעדע פון יאָהאַן מאָסט, וואָס זיין רעדנער־קראַפט, רייך אין פילזייטיקייט, האָט אַ הייב־געטאָן די פאַרזאַמלונג צו אַ זעלטענעם עקסטאַז.

זיינע ווערטער, אָט האָבן זיי געביסן, אָט אַ וואָרף־געטאָן הומאָר, אָט אַ מינוט־צוויי אין אַ טעאַרעטישער פּאָלעמיק מיט רעפאָרמערס און סאָציאַ־ליסטן, און צווייערליי שולעס אין אַנאַרכיזם, און אָט אַ שמייסן מיט פייער־דיקע בייטשן יעטווידע פּאָליטישע פאַרשטייערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם אין מאַכט.

אין זיין וואָרענען אַמעריקע ניט צו האַלטן זיך צוגעבונדן צו די איי־ראָפּעאישע קעניגרייכן האָט ער ווי אָפּגעשפּילט אַ טעאַטער־סצענע. מיט זשעסטן און כאַראַקטעריזאַציעס האָט ער ווי אויפגעזעצט ביי אַ טיש דעם רוסישן צאַר, דעם דייטשן קייזער, דעם ענגלישן קעניג, אַ פראַנצויזישן דיפּ־לאָמאַט און אַן אַמעריקאַנער באַנקיר, און געלאָזט זיי אַליין רעדן מיט בלאָפן איינער דעם צווייטן. דער עולם האָט אי געקייכט מיט געלעכטערס, אי גע־שטעלט זיך מיט אויסגעשרייען, ווער אַפילו מיט פויסטן אין דער הויך.

אַרייך אין דער רעדע איז דער גאַנצער מאָסט־וועג צו זיין געחלומטער וועלט מיט מענטשלעכקייט אין פרייהייט, הגם ס׳האָט געקענט אַרויסרופן גרויל. מ׳האָט עס אָנגערופן „פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט״; מאָסט אַליין האָט עס באַצייכנט: „אַ דרייפאַכע ראָלע פאַר גוואַלדטאָטן צו דערגרייכן יושר״ —

...אומברענגען דעספּאָטן...

...אַנוואַרפן אימה־ופחד אויף די הערשער־קלאַסן

אָפּצושוואַכן זייער ווידערשטאַנד...

## ה. לאַנג / פיר דורות

... צינדן פייערן פון אויפשטאַנד ביי די אַרבעטער־
מאַסן ביז אַ מעכטיקן רעוואָלוציאָנערן פלאַ־
קער ...

אַפּנים, עס האָט אין מיר געווירקט מיין מוסר־יידישקייט. איך בין נישט אַריין אין אַ וועלכער באַגייסטערונג פאַר אַזוינע רייד, הגם מיט אַ גלי אין האַרצן צו זיין באַטייליקט אין פרייהייט־באַוועגונגען. איך בין געזעסן אַ שווייגעוודיקער. איך האָב אַפּלאָדירט בלויז איין שטעלע אין דער מאָסט־רעדע —

רעספּעקטפולע ווערטער, געצילט צו ד״ר זשיטלאָווסקיס אָנווייזונגען אויף די יידישע רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד, און אַ דראַמאַטיש פאַרנייג פון מאָסטן פאַר הערש לעקערט אויף דער תליה...

אַט דער מאָמענט האָט מיך באַוואויגן צו בעטן ביי מיין פריינט, דעם קינסטלערישן פייפער־הענגער, דזשעק, „היינעס לאַנדסמאַן״, ער זאָל מיך ענדלעך נעמען צו יאָהאַן מאָסט אויג־אויף־אויג, ווי ער האָט עס געהאַט פאַר־שפּראָכן. מיך האָט געצופּט צו קענען פרעגן דעם באַרימטן מאָסט וועגן די שטילע רעדערייען אין אַנאַרכיסטישע קרייזן אַז ער איז „אַנטיסעמיטיש״.

די רעדערייען האָבן זיך געשטיצט אויף דער פּיקאַנטקייט, וואָס איז אָפּגעלאָפן ביים אינצידענט —

... יאָהאַן מאָסט, עמאַ גאָלדמאַן, אַלעקסאַנדער בערקמאַן ...

בערקמאַנס פּרואוו אין די ניינציקער יאָרן צו דערשיסן דעם שטאָל־מאַג־נאַט הענרי קלער פריק פאַר זיין ראָל אין צוגרייטן אַ מוראדיקע שחיטה אויף די סטרייקערס אין די קאַרנעגי־פאַבריקן אין האָמסטעד, פּענסילווייניע, און מאָסטס טאַדלען בערקמאַנען.

עס איז אויסגעקומען ווי אַ ווילדע רעטעניש.

מ׳האָט געקענט אורטיילן, אַז דער יונגער בערקמאַן האָט זיך פאַרמאָסטן נאָכצוקומען די מאָסט־טעאָריעס וועגן גוואַלדטאַטן פאַר מענטשלעך וואוילזיין; און דווקא ער, מאָסט, טאַדלט דעם תלמיד זיינעם...

נאָך מער.

די רעטעניש ווינקט־אָן אויף רשעות.

דער אופן פון מאָסטס פאַרשטעלן בערקמאַנען פאַר אַמעריקעס זשור־נאַליזם — בערקמאַנס אימיגראַנטישע יידישקייט.

מ׳זאָל, הייסט עס, וויסן מיט וועמען מ׳האָט צו טאָן —

...אַלעקסאַנדער בערקמאַן, יידישער סטודענט־אימיגראַנט פון קאָוונע, רוסלאַנד...

עמאַ גאָלדמאַן האָט אַריינגענומען אין זיך אַז פון מאָסטן האָט אַרויסגע־רעדט „דייטשער אַנטיסעמיטיזם". און פּיקאַנטקייט אַרום דעם האָט עס פאַנאַנדערגעטראָגן —

...עמאַס קומען צו מאָסטס אַ לעקציע מיט אַ באַהאַלטענער בייטש אַרום זיך... עמאַס פאָדערן פון מאָסטן ער זאָל צוריקציען זיין בערקמאַן־טאַדל מיט אַ בעטן מחילה... מאָסט איגנאָרירט עמאַן... עמאַ שפּרינגט צו מאָסטן מיט דער בייטש...

ווער עס האָט אָנגענומען עמאַס פּאַרטייטש און באַרעכטיקט איר האַנד־לונג, און ווער ניט; מאָסט אַליין האָט געשוויגן — און אַנאַרכיסטן האָבן זיך גע׳סוד׳עט.

און ווידער האָט מאָסט געלאָזט הערן פון זיך אין שייכות צו „ייד". און דעמאָלט איז אים שוין אַקעגנגעקומען דער שאַרפער ש. יאַנאָווסקי, דער רע־דאַקטאָר ביי דער „פרייע אַרבעטער שטימע", דער בר־סמכא ביים יידישן אַנאַרכיזם.

עס איז גלייך נאָכן קישינעווער פּאָגראָם. אָנשטענדיקע מדינות אויף אַלע קאָנטינענטן מעלדן האַרבע רייד צום צאַרישן סעינט־פּעטערסבורג. וואונדערלעכע אָפּרופן קומען פון ענגלישן פּאַרלאַמענט און פון די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, אי דורך דער אָפיציעלער וואַשינגטאָן, פון פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט און פון קאָנגרעס, אי דורכן גרויסן זשורנאַליזם אין לאַנד, אייג־געשלאָסן די דייטשע פּרעסע, איינגעשטעלט דעמאָלט מיט אַל־בירגערלעכע און סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס אין ניו־יאָרק, שיקאַגאָ און סעינט־לואיס. די יידישע וועלט אין אַמעריקע, פון די „בני־ברית" מיט רייכע קלאַסן ביזן אַרבעטער־רינג מיט די אַרבעטער־גרופּירונגען אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד, איז צערודערט ביים אַרויסברענגען אַ וואָס שאַרפערן בילד פון פּאָג־ראָם. די יידיש־אַנאַרכיסטישע אינטעליגענץ, דעמאָלט פון פיינסטע קולטור־דערהייבנדיקע פּערזענלעכקייטן ביי דער ניי־אויפקומענדיקער יידישער לי־טעראַטור, איז אין אַ גייסטיקן מאַטערן זיך צי מען זאָל אָנהאַלטן די אידייען פון קאָסמאָפּאָליטיזם, אָדער אַריינגעמען אינעם אַנאַרכיזם גאַנץ באַזונדערס און ספּעציעל שוץ פאַרן יידישן פאָלק אַפילו מיטן טרוים פון ציוניזם. ד״ר הלל זאָלאָטאַראָוו, אין זיין התרוממות פאַר באַנייטער יידישקייט, פריער ביים

„עם־עולם", שפּעטערביים שטאָטישן אַנאַרכיזם, איז פון די אויסגעשפּראָ־כנסטע מאָנערס אויפצונעמען שוץ אין די גלותן און צוקונפט־וויזיעס פאַר ארץ־ישראל. ש. יאַנאָווסקי, הגם מיט אָפּפרעגעגנישן, נעמט אים אויף מיט פולער פרייהייט צו דיסקוטירן זיינע אידייען אין „פרייע אַרבעטער שטימע". אַנאַרכיסטן רעדן דערפון מיט צעקאָכטקייט. מען פירט דעבאַטעס. יאָהאַן מאָסט הערט וועגן דעם, און ער טוט אַ פרעג—

...צו וואָס טומלט מען זיך אַזוי מיט קישינעוו? ... די גאַנצע זאַך איז דאָך נישט מער ווי אַ הריגה פון צוויי רעליגיעזע סעקטעס, די רוסיש־גריכישע און די היברו־ביבלישע!...

הגם געצוימט זייך אויפּרעגונג אַנצוהאַלטן טאַקט, האָט יאַנאָווסקי אַ וואָרף־געטאָן מאָסטן —

...פלוידעריי!... צופיל רעדט ער וועגן זאַכן וואָס ער ווייסט נישט... טאַקע אָן אַ שום באַגריף... און אַפּנים, עס איז ביי אים אָן אייגנאַרטיקע לוסט אַ שטאָך־צו־טאָן יידן, אַפילו אייגענע גענאָסן...

מאָסט האָט נישט רעאַגירט דערויף. עס איז פאַרבליבן אָן אומהיימלעכע שווייגעניש ביי אַלע אַנאַרכיסטן —

...נישט רעדן דערפון...

שוין געווען אַוועק אַ יאָר און אַ האַלב, און אַז יאַנאָווסקי האָט געהערט פון מיר אַז איך גיי מיט מיין פריינט, „היינעס לאַנדסמאַן", פאַר אַ שמועס מיט יאָהאַן מאָסט אין זיין „פרייהייט"־דרוקעריי, האָט ער מיך אָנגעקוקט, און ממש ווי אַ געשריי־געטאָן —

...אַ ווילדע אידיאָטסטווע... אַ משוגעת!...

איך האָב נישט געהאַט קיין חרטה וואָס איך האָב יאַנאָווסקין נישט געפאָלגט. און אָט זיינען מיר אין דער דייטשער „פרייהייט"־דרוקעריי, מיין אַרבעטגעבער דזשעק און איך. עס איז אַ בייטאָג. מאָסט האָט אָקאָרשט געהאַט פאַרענדיקט זיין רעדאַקטאָרשע אַרבעט פאַרן נאָענטסטן נומער „פרייהייט". ער איז וואַרעם פריינטלעך. ער שפּאַסט מיט „היינעס לאַנדסמאַן". זיי גיבן ביידע אַ זינג היינעס „לאָרעליי". און ביידע דעקלאַמירן אין שפּאַס שורות פון היינעס אַ צוויטע ליד־באַרימטקייט —

...איך בין די שווערד,
איך בין דער פלאַם...

(דוד עדעלשטאַט און אברהם רייזען האָבן עס אַריינגענומען אין יידישער דיכטונג; ביי מיר, דעם לייענער, איז פאַרבליבן אַ שטיקל ספק־שמייכל צי יידישע דיכטערס אין לשון פון פאַרווייַנטע יידישע אותיות „קליידט" אַזאַ בראַוואַדאַ־שורה — „איך בין די שווערד"...)

נאָר מיך צויבערט דער אינטערעס ביי יאַהאַן מאָסט צו פרעגן ביי מיר וועגן דער רוסיש־דייטשער קורלאַנד, וואָס אין יענע גרעניצן איז מיין שקוד. דער אינטערעס זיינער איז וואָס פון דיזעלביקע קורלאַנדישע קאַנטן האָט געשטאַמט די פערזענלעכקייט סערגעי שעוויטש; דער קורלאַנדיש־דייטשער באַראָן מיט זיינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידעאַלן, און געקרוינט מיט היס־טאָרישער גרויסקייט ביי דער רוסיש־יידישער אינטעליגענץ אין דער אימי־גראַציע; איינער פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן ביי דער דייטשער „פאָלקסצייַ־טונג", און גאָר באַזונדערס געערט סיי פון אב. קאַהאַן, סיי פון סעמועל גאָמ־פערס.

שעוויטש האָט דאָך געהאַט פּיקאַנטעס אין זיין אייגענעם לעבן. ער האָט געהייראַט מיט דער העלדין פונעם געשיכטלעכן פערדינאַנד לאַסאַלס ראָמאַן, העלענאַ פאָן ראַקאָוויץ, צוליב וועמען דער סאָציאַליסטן־פירער איז געפאַלן טויט אין אַ דועל. אַ טראַגישע דראַמע אין וועלט־סאָציאַליזם, הגם פערזענ־לעך.

ביידע פון די שאַרף־פאַנאַנדערגעטיילטע, אידייאישע מחנות, צומאָל אין שטורמישע קאָנפראָנטאַציעס — סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אַנאַרכיזם — דאָך האָט מאָסט גערעדט וועגן שעוויטשן אין אַ הויך־געערטן לשון, דערצו סענטי־מענטאַל, בענקשאַפט צו אַ געבענטשטן מענטש מיט אינטעלעקט און טאַלענט פון אַ פאַרגאַנגענער צייט.

מינוטנווייז געפין איך זיך ווי פאַרכאַפּט ערגעץ אַנדערש. מיין אַריינ־קוקן אין מאָסטס צעקרימטן פנים האַלט מיך דערשיטערט. עס איז גאַנץ און גאָרנישט דאָסזעלבע ווי בעת מען זעט אים ווען ער רעדט פון אַ פלאַטפאָרמע. זיין באָרד, מער ווייס ווי גרוי, הגם אין יאָרן נאָך נישט אַריבער זעכציק, האָט געהאַלטן פאַרדעקט דאָס הענגענדיקע שטיק מאָרדע ביי אים. אָבער זיצנדיק נאָענט, האָט מען געזען די שיטערקייט פון דער באָרד, האָר פאַנאַנדער־געשפּרייט מיט ליידיקייטן צווישן בינטעלעך האָר, און די ליידיקייטן זיינען רויטלעכע אָדערן.

געזאָלט האָבן מיר זיין מיט אים אַ דריי פערטל שעה, און ער האָט אונדז

פאַרהאַלטן פולע דריי שעה. צווי מאָל האָט ער געבעטן ביי איינעם אין דער דרוקעריי אַריינצוברענגען אַ פול קעסעלע ביר פאַר אים און זיינע געסט, און אים אָנגעזאָגט נישט צו פאַרגעסן שטיקלעך האַרטע קעז מיטן ביר. „היי־נעס לאַנדסמאַן" האָט וואָס אַ זאָג־געטאָן מאָסטן וועגן מיין לערנען אין אַ „תלמודישן סעמינאַר" אין רוסלאַנד (סלוצקער מוסר־ישיבה). מאָסט האָט באַלד געוואָלט וויסן דעם פולן באַטייט פון „לערנען מוסר", מאָראַל, עטישע פּרינציפּן, צי עס מיינט אויך זיי נאָכצוקומען לויט אַ באַשטימטער הדרכה, אָדער דיסציפּלין. דער שמועס אַרום דעם האָט געעפנט די געלעגנהייט פאַר מיר צו פרעגן ביי אים וועגן די רייד זיינע, וואָס האָבן איבערגעלאָזן ביי יידישע אַנאַרכיסטן אַ שווער געמיט.

מאָסט האָט, אַפּנים, דערויף זיך געריכט. דעם עמאַ גאָלדמאַן־אינצידענט האָט ער אויסגעמיטן. מיין איינדרוק איז פאַרבליבן: ער איז אַ דזשענטלמאַן, ער וויל נישט רעדן קיין שלעכטס אויף אַ דאַמע. זיין טאַדלען בערקמאַנען, און זיין דערמאָנען דערביי וואָס בערקמאַן איז אַ ייד, איז געווען נישט מער ווי אַ צופאַל־זאָג. וועגן טאַדל גופא וויזט ער אָן, אַז בערקמאַן אַליין האָט עס שוין פאַרענטפערט. ער האָט געזאָגט ענלעכעס אין דער פּיטסבורגער טורמע וועגן דעם טשאָלגאָטש־מאָרד־אָנפאַל אויף פּרעזידענט מעקינלי. דער עיקר, אָבער, איז מאָסטן געווען אויפן האַרצן יאַנאָווסקיס טשאַלענדזש, אַז די רייד זיינע וועגן קישינעווער פּאָגראָם איז פלוידעריי. ער האָט אָפּנהאַרציק אונדז אַ זאָג־געטאָן —

די יאַנאָווסקי־קריטיק האָט אים שטאַרק וויי־געטאָן. ער האָט אים אַריינ־געטראָפן מיטן אמת. ער, מאָסט, האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין מיטן פוסטן זאָג זיינעם וועגן פּאָגראָם. אונדז איז דאָ באַשערט געווען צו הערן אַ זעלטענע קאָנפעסיע פון אַ זעלטענער פערזענלעכקייט. יאַנאָווסקי האָט אים אויך אַריינגעטראָפן מיטן אמת וואָס ער, מאָסט, רעדט צופיל וועגן זאַכן, פון וועלכע ער האָט נישט קיין באַגריף. און צוגעטראָפן אַפילו מיטן פאַרוואורף, אַז ביי אים קען זיך אַן איגנאָראַנטיקע לוסט „אַ שטאָך־צו־טאָן יידן"...

עס איז מיר געוואָרן ווי אַן אויפטרייסל ביים הערן אַזאַ ווידוי. איך האָב אַ קלער־געטאָן: אפשר קאָפּ איך נישט אויף געהעריק דאָס דייטש־רעדן. מאָסט האָט עס, אָבער, ווידערהאָלט. און באַלד אויך ווי אויסגערופן —

... עס איז נישט מחמת אַ שנאה צו יידן... אַזוינס איז ביי מיר נישטאָ...
פאַרוואָס זאָל עס יאָ זיין?...

אין געדענקען זיין געבוירן־שטאָט אויגסבורג קומט אַריין וואָס בעת זיין יאָמערלעכער פאַרליטנקייט אין די יונג־ייִנגלשע טעג מיטן קראַנקן פּנים און די ביטערע פאַרפאָלגונגען פון געזונטע קינדער, פלעגט ער אַריינלויפן מיט אַ געוויין אין אַ ייִדישער שטוב מיטן נאָמען פעלמאַן. און די מוטער פעלמאַן פלעגט פּרוּוון אים קילן דאָס פּנים מיט אַ זאַלב, און אים געבן וואָס צו עסן, און זי פלעגט דערביי אים אָנרופן —

...מענטשלעך קינד, מענטשלעך קינד...

און טאַקע די פעלמאַנס האָבן אים געגומען צו אַ דאָקטאָר פאַר אַן אָפּע־ראַציע. און ער האָט באַלד אויך געגומען אויסרעכענען פאַר אונדז די ייִדיש־שעפערישע מענטשן, וואָס ער איז שטאָלץ מיט זייערע פריינטשאַפטן צו אים און זיין פריינטשאַפט צו זיי. אויך יאַנאָווסקי איז צווישן זיי. און ד״ר הלל זאָלאָטאַראָוו, און ד״ר מיכאל קאָהן, און מ. קאַטץ, און דער געשעפטס־מענטש י. קאָפּילאָוו, וועלכער העלפט אים פינאַנציעל ביים אַרויסגעבן די דייטשע „פרייהייט״. און אויפן צעטל זיינען אויך סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ייִדישע מענטשן, דער „פאָרווערטס״־רעדאַקטאָר אב. קאַהאַן, דער סאָציאַליס־אַדוואָקאַט מאָריס הילקוויט, דער אַרבעטער־פירער יאָזעף באַראָנדעס. און די אויגן ביי מאָסטן לויכטן־אויף בעת זיין דערמאָנען אויך דעם נישט־ייִד עדוואַרד קינג...

ער, דער ראָמאַנטישער „גוי״ צווישן די ייִדן; דער אַלטער בחור; דער שאָטלענדישער פילאָזאָף, וואָס די גאַנצע ייִדישע אימיגראַציע איז אים ווי זיינס אַ וועלט־משפּחה; און זאָרגן, אַז אַמעריקעס טויערן זאָלן זיין אָפן פאַר יעדן צוואָוואָגלער איז אים אַ דירעקטער געבאָט פון די הימלען; און טאַקע דורך זיינע באַמיאונגען מיט קעמפערישקייט ווי איינער פון אַמעריקעס אַר־בעטער־באַוועגונג מיט גרויס אָנזען, איז דערלויבט געוואָרן מאָסטן אַריינ־צוקומען אין לאַנד גלייך נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעזעסן זיין טורמע־טערמין אין ענגלאַנד; און מאָסט רופט אים אָן דערפאַר „מיין מלאך״; הגם עס איז נישטאָ קיין איין פּונקט איןביידנס געדאַנק־וועלטן מיט אַן איינשטימען; און דאָך האָט ער צו אונדז אַ זאָג־געטאָן, מאָסט —

...קען ווער ערן קינגן מיט זיין נאָבלקייט, און גלייכצייטיק פיינט האָבן ייִדן?... נישטאָ אַזאַ בריאה!...

פאַרוואָס־זשע, אָבער, איז אים גערן אַ שטאָך־צו־טאָן ייִדן?

...נישט שׂנאה איז עס, נאָר פאַרדראָס...

מאָסטן פאַרדריסט וואָס ער קען נישט דערוואַרטן, אַז דענקנדיקע יידן זאָלן זיך איינשליסן אין זיין גאַנג אין אַנאַרכיזם. אַפילו נישט די מיט בייגיר צו הערן זיינע הייסע רעדעס און אָפענטפערן זיי מיט אַפּלאָדיסמענטן. אַפילו נישט די באַטייליקטע אין אַנאַרכיסטישע גרופּעס. ער האָט דעם גאַנג זיינעם פּראָקלאַמירט מיט זיין אויסגעפּורעמטער פּראָזע —

...ליבע האָט די וועלט פאַרשקלאַפט,
האַס ווירד זי בעפרייען...

און די ביין ווערטער זיינען שאַרף דערווידער דעם יידישן זין. עס שטימט נישט מיט דער יידישער פּערזענלעכקייט זינט אברהם אבינוס בונד מיט געט־לעכקייט. נישט ביבליש, נישט תלמודיש, נישט לויט יידישער תפילה, און נישט לויט יידישער פאָלקס־געשיכטע. די יידישע פילאָזאָפיע און די גאַנצע יידישע טראַדיציע זיינען איינגעשטעלט, אַז דווקא ליבשאַפט איז דער גרויסער כוח פאַר מענטשלעכער דערהייבנקייט אָפּצוטאָן קנעכטשאַפט פון דער וועלט. האַס ביי אונדז איז געצילט צו האַסן האַסערס. בענטשן האַסערס קען ביי אונדז נישט געמאָלט זיין. האַס, לויט אונדז, איז דער כוח, וואָס האַלט די וועלט פאַרדאָרבן. אַ היינצייטיקער מענטש, ייד אָדער ניט־ייד — און טאַקע ייד פאַראויס, מחמת זיין נאַציאָנאַלער פּאָזיציע — נעמט עס אויף ווי אַ נאַטיר־לעכקייט. ער האָט מיט די אייגענע אויגן געזען דעם צווילינג־מאָנסטער פון האַס, באָלשעוויזם־נאַציזם, וואָס האָט צעשאָכטן, פאַרברענט און באַגראָבן לע־בעדיקערהייט, מיליאָנען מענטשן — און אונדזערע זעקס מיליאָן...

אין דער מאָסטיאַנישער צייט האָט אַזוינס געקענט זיין בלויז אין דער ווילדסטער משוגעים־פאַנטאַזיע, האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן וואָס דווקא די יידישע אינטעליגענץ ביים אַנאַרכיזם, הגם מיט וואַרעמער סימפּאַטיע צו אים פּערזענלעך פאַר זיין ביטער לעבן, פאַר זיין עקשנות אַפילו אין מאַרטירעריי, כסדר אין טורמעס, האָט זיך געשטעלט דורכאויס קעגן זיין גאַנג אין אַנאַרכיזם.

דאָ קען גילטן פּסיכאָלאָגישער פּאָרטייטש. און ש. יאַנאָווסקי האָט עס איינגעזען און געשריבן אַ גאַר וואַרעמען הספד ווען מאָסט איז (1906) אָפּגע־טראָטן פון לעבן. און אין אַ וועלכן אַרכיוו דאַרף זיך געפינען אַ גייסטרייכע פּאָלעמיק־קאָרעספּאָנדענץ פון ד״ר הלל זאָלאָטאַראָוו און יאָהאַן מאָסט.

# 3

אפשר מיין ברענגען אים אַן אויפגעקלערטן יאָהאַן מאָסט וואָס שייך יידן; און געווירקט, מסתמא, האָבן אויך אונדזערע אָפטע אַנטרעפעניש אינעם איסט־סאַידער נעסט ביי דער אימיגראַציע־אינטעליגענץ פון ריגע; ש. יאַנאָווסקי האָט מיך אַריינגענומען — „גרינער" וואָס איך בין נאָך געווען — אין דער „קאָמיסיע", וואָס ער האָט צונויפגעשטעלט צו פאָרן אָנקוקן דעם גייסטיק־צוזאַמענגעבראָכענעם דיכטער, יוסף באָוושאָווער, אין זיין „געשטאָרבענעם לעבן": משוגעים־שפּיטאָל, „אָפּ־סטייט" ניו־יאָרק...

אַן עפּיזאָד וואָס האָט ממש זיך אַריינגעברענט אין מיינע בלוטן, און קיינמאָל נישט זיך פּאַרלאָשן.

אין אַלע וויטערדיקע יאָרן, ווען נאָר איך האָב געלייענט וואָס פון ווענען וועגן די ערשטע יידישע פּאָעטן אין אַמעריקע, אָדער וועגן יידיש־סאָציאַלער דיכטונג, צי געלייענט טאָקע ווענענס אַ ליד מיט רעוואָלוציע־כאַראַקטער, האָב איך אין זינען באַלד זיך דערזען פון־דאָס־ניי פּנים־אל־פּנים מיטן איינגעחושכטן, איינגעהויקערטן און איינגעזונקענעם אין זיך, וואָס דערזעלביקער האָט אַמאָל געהייסן —

...דער געקרוינטער, שטאָלצער, שיינער פּאָעט, יוסף באָוושאָווער...

אַחוץ זיינס אַ בילד, האָב איך פריער אים קיינמאָל נישט געהאַט געזען. און אַזאַ בילד האָבן מיר מיט אונדז געהאַט וואָס יאַנאָווסקי האָט אונדז מיטגעגעבן. ענלעכעס צום באָוושאָווער פון אַמאָל האָט מען, לויטן בילד, דערזען בלויז ווען ער האָט אַ גלאָץ־געטאָן מיט די אויגן. אָבער דערמיט האָט זיך געוויזן אויך אַן אויפגעשוידערטקייט אין אים ווי פון אַ פּלוצלינג־אָנגעפאַלענער שרעק אין זיך, און ער שטעלט אַ טראָט ווי צו נעמען לויפן, אָבער ער כאַפּט זיך באַלד צוריק, און בלייבט אויף זיין אָרט מיט אַן אַראָפּלאָזן זיך צו זינקען ווייטער.

ס'איז פון די מוראדיקסטע דורכלעבענישן ביים זען אַ מענטש אין צוזאַמענפאַל, וואָס אָט ווערט ער אויס מענטש. ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער מעשה דערפון —

ניו־יאָרקער דייטשע צייטונגען האָבן דערטאַפּט אַ ברעקל נייעס פון אַן „אָפּ־סטייט"־בלאַט, אַז דעם גייסטיק־צעקרענקטן פּאָעט פון ניו־יאָרקער איסט־

סייד בעיזל דאהל מוז מען אין דולהויז גאָר אָפּט צוימען דורך שלאָגן אים „מיט בייטשן״..

„בעיזל דאַהל״ — עס האָט געמיינט באָושאָווער. ער האָט געהאַט אויס־געקליבן דעם נאָמען פאַר זיין ליד, וואָס ער האָט אַליין איבערזעצט פון יידיש אויף ענגליש, און עס איז געוואָרן געדרוקט אינעם אינדיווידואַליסטיש־אַנאַר־כיסטישן זשורנאַל „ליבערטי״, און עס האָט ממש אַ שטורעם־געטאָן אין אַמע־ריקעס ליטעראַטור. דער רעדאַקטאָר בענדזשאַמין ר. טאַקער האָט עס געגעבן גרויס רעקלאַמע. אַ נייער, אַ ליכטיקער שטערן אין אַמעריקעס פּאָעזיע מיט אַן עשירות פון געדאַנק, געפיל און שפּראַך, און מ׳האָט באַלד גענומען אים שטעלן צווישן די באַרימטסטע פּאָעטן. מיטן זעלביקן נאָמען איז ער שפּע־טער אַריין אין משוגעים־שפּיטאָל.

אין אונדזער יידיש קולטור איז זיין גייסטיקער איינבראָך פאַרבליבן ווי אַ מאַוימדיקע וואונד. און אָט הערט מען ווייטער וועגן זיין פינצטערן גורל. מען שלאָגט אים מיט בייטשן.

סצענעס פונעם שלאָגן זיינען אויך אַריין אין דרוק. דער קרבן ווערט געטריבן פון איין בייטש צו אַ צווייטן, און דעמאָלט צעטראָגן זיך איבער אַלע דולהויז־געביידעס יסורים־געשרייען ביז דער קרבן פאַלט אַנידער אין שטיל־קייט. מ׳האָט, הייסט עס, אַרויסגעשמיסן פון אים דאָס שלעכטס וואָס דער קראַנקער מח האָט געצילט אָפּצוטאָן.

...אַזוי איז באָושאָווערס ענדגילטיקער גורל ?...

ס׳האָט אויפגערודערט די יידישע אינטעליגענץ. מער אינטים די סאָ־ציאַליסטישע. נאָך מער די אַנאַרכיסטישע.

אין יענע טעג איז גראָד פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די „פרייע אַר־בעטער שטימע״־אַנאַרכיסטן, וואָס מ׳האָט אָנגערופן „קאָנווענשאָן״. אַ זונ־טיק בייטאָג צונויפקום אויף פאָרסייט סטריט, ניו־יאָרקער איסט־סאַיד. איך געדענק אַ מעלדן־זיך פון געקומענע פון פילאַדעלפיע און באָסטאָן, און פון באַלטימאָר און ניו־הייווון. איך געדענק אויך דעם פאָרזיצער, סאַל פאַלאַקאָף, שפּעטער פון די וויכטיקע אָנפירערס ביי דער קלאָוקמאַכערס־יוניאָן. מ׳האָט זיך געריכט צו הערן פון יאַנאָווסקין באַשטימטעס וועגן דעם יאָמערלעכן באָושאָווער־גורל, זיינען געקומען אויך, ווי פאַראומערטע געסט, די נאָנטסטע צו באָושאָווערן אין דער ליטעראַטור, אין דער ריגער לאַנדסמאַנשאַפט, אין

דער איסט־סאַידער געזעלשאַפטלעכקייט, און ווער מיט פערזענלעכער פאַר־
בענקטקייט צום דיכטער. אין זכרון קומען און גייען געשטאַלטן —

די ריגער מאַאיסייעוו לעאָנטעף און דער שווייגעוודיקער פריידוס, און
מיט זיי דער פּראָפעסאָר קאַהן; די „עם־עולמניקעס" ד"ר הלל זאָלאָטאַראָוו,
ד"ר פּאָול קאַפּלאַן און ניקאָלאַי אַלייניקאָוו; דער דיכטער אברהם ליעסין, דער
דראַמאַטורג יעקב גאָרדין, דער יונגער פּאָעט ה. רויזענבלאַט, און דער
„התקוה"־פּאַרפאַסער, נפתלי־הערץ אימבער; דער שוישפּילער יאַקאָב אַדלער
איז אַריינגעקומען, באַוושאָוער האָט דאָך געהאַט איבערזעצט פאַר אים שעקס־
פּירס „שיילאָק"; און דער אַרבעטער־פירער יוסף באַראָנדעס; און דער נאָך
גאָר יונגער סאָציאַליסטישער אַדוואָקאַט מאיר לאָנדאָן, וואָס אין דער היים
פון זיין פאָטער אפרים לאָנדאָן, אַנאַרכיסטיש געשטימט, פלעגט באַוושאָוער
אַריינקומען ווי אַן אָפטער גאַסט מיט דער גאַנצער גרויסקייט, וואָס ער האָט
געשפּירט אין זיך, און תמיד האָט אים באַגלייט זיין אינטימסטער פאַרערער
ד"ר מיכאל קאַהן.

און ער, ד"ר מיכאל קאַהן, האָט דעם באַוושאָוער־טראַגיזם אַרויסגעוויינט
ביים צונויפקום. בפירוש אַרויסגעוויינט. געשטעלט זיך רעדן און געגומען
וויינען. און שווער אין געמיט ווי יאַנאָווסקין איז געווען, געדענק איך, זיין
באַריכטן מיט אַ זאַכלעכקייט וויאַזוי ער האָט פאַראינטערעסירט דעם אידעאַ־
אַליסטישן אַדוואָקאַט הוגאָ פּענטעקאָסט, ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַן אויס־
פאָרשן דעם גאַנצן באַוושאָוער־צושטאַנד, און וואָס עס קען באַטייטן די
מוראדיקע נייעס וועגן שלאָגן אים מיט בייטשן.

פּענטעקאָסט, אַ קירך־פערזענלעכקייט מיט גרויס אָנזען, און מיט גראַ־
ציעז ביבלישן סטיל אין רייד זיינע, האָט אָנגעהויבן ווידמען זיינע זונטיק־
פאָרומס דעם גייסט פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס די דעמאָלטדיקע
יידישע אימיגראַציע האָט געבראַכט. ער האָט זיך אָפּגעקערט פון קירך־צענ־
זור און זיך געשטעלט ווי אַן אַדוואָקאַט אין דינסט פון סאָציאַליזם־אַנאַרכיזם־
אידייען. מאַאיסייעוו לעאָנטעף און מאיר לאָנדאָן האָבן איינגעטיילט יאַנאָווסקין
שבחים פאַר זיין איבערגעבן דעם צערפולן באַוושאָוער־שיקזאַל צו פּענטע־
קאָסטס אויפמערקזאַמקייט, יורידיש און געזעלשאַפטלעך. נאָר ער וועט קענען
דערגיין דעם אמת, און דווקא אָן סענסאַציעס.

קוים אַ וואָך איז אַוועק. פּענטעקאָסט האָט פאַרטראַכט זיין ראָל, נישט
אויפצונעמען באַלד ווי אַן אָפיציעלער אַדוואָקאַט. ער וועט נישט שרייבן קיין

אַדוואָקאַטישן בריוו צו די פאַרוואַלטערס פונעם משוגעים־שפּיטאָל. ער ווערט נישט מעלדן אַ וועלכע קלאַגע און נישט אַרויסשטעלן טענות. ער האָט קאָנט־שאַפט ביי די שפּיטאָל־דאָקטוירים, באַזונדערס איינער אַ ייד. ער, פּענטעקאָסט, גלויבט נישט, אַז מען וועגדט־אָן אַזאַ שטראָף־מעטאָדע, אָדער אַ צוימען עמעצנס קראַנקען זינען, דורך שלאָגן מיט בייטשן.

ניין, ער גלויבט עס נישט. ער איז געוועזן פון די קירך־פאַרטרעטערס ביים איינשטעלן סאָציאַלע געזעצן פאַרן אנשטאַלט מיט אומקורירלעכע גייסט־קראַנקע; און וואָלטן פאָרגעקומען ענדערונגען, וואָלט ער דערפון געוואוסט. נאָר עס איז דאָך אוודאי וויכטיק פעסטצושטעלן גאַנץ גענוי, האָט ער זיין וועג.

פּענטעקאָסט האָט געשריבן זיין פריינט, דעם יידישן דאָקטאָר, אַ פּערזענ־לעכן בריוו. דערציילט אים וועגן זיין אינטערעס אין דעם יונגן דור יידישע אימיגראַנטן פון מזרח־איירופּע. אַ היפּשע צאָל זיינען „תלמודישע סטודענטן״. אַנדערע קומען מיט אַ סטאַזש פון באַטייליקטע אין רעוואָלוציאָנערע קולטור־גרופּעס. ביידערליי זיינען גרויסע ליבהאָבערס פון דער יידישער ליטעראַטור. דער נאָמען פון אַ גייסטרייכן יידישן פּאָעט איז ביי זיי ווי פון אַ פּריסטער, אָדער אַ ביבלישן נביא. מ'הערט אַזוינס ביי זיי אויך וועגן דעם גייסטיק־איינגעבראָכענעם פּאָעט, וואָס זיין נאָמען אין אַמעריקע איז געוואָרן בעיזל דהאַל, אָבער פאַר זיי גילט זיין יידישער נאָמען, יאָסיף באָושאָווער, און ער געפינט זיך דאָך ביי אים אין שפּיטאָל אונטערן צייכן —

...קיין שום האָפנונג...

און געשריבן דעם דאָקטאָר האָט פּענטעקאָסט אויך וועגן צוויי יונגע אימיגראַנטישע בחורימלעך, וואָס זיי זיינען אים שטאַרק געגרן מחמת זייער התמדה אין לערנען די נייע וועלט דורך זייער אייגענער שפּראַך. ענגליש איז זיי נאָך פרעמד. ער פאַרשטענדיקט זיך מיט זיי דורך דייטש. ביים דערוויסן זיך, אַז זייער פאַרערטער דיכטער מיט אַ פאַרהייליקן אים איז אַ גייסטיק־איינגעבראָכענער, און געפינט זיך אין אַ משוגעים־שפּיטאָל, האָבן זיי עס אויפגענומען ווי אַ פּערזענלעכן אומגליק. זייער האָפן, אַז ער וועט זיך נאָך אַ ווייז־טאָן אין אַ נייעם אויפלעב, איז פּאַטעטיש. ער האָט זיי פאַרשפּראָכן, אַז אַ זונטיק וועט ער אַ פאַר־טאָן צום שפּיטאָל, און ער וועט זיי מיטנעמען, און זיי וועלן הערן פונעם דאָקטאָר, און אויב עס וועט נאָר מעגלעך זיין, וועלן זיי קענען פּרואוון רעדן צום פּאַציענט.

די צוויי — מיט מיר מיינס אַ חבר, אַ יאָר עלטער פון מיר, אין אויסקוק יינגער, בלאָנד, אַ ליכטיק פּנים. דער נאָמען: „באַקונין״. טאַקע אויפן נאָמען פונעם קלאַסישן וועלט־פירער ביים אַנאַרכיזם. פאַראַן דערין דראַמע. ער האָט פאַרביטן דעם אייגענעם יידישן פאַמיליע־נאָמען אויף באַקונין אויס רעס־פּעקט, אויך ליבשאַפט, צו זיין פאָטער, אַ פאַרעלטערטער רב אין אַ גאַליציש שטעטל. עס וואָלט ביים פאָטער געפּלאַצט דאָס האַרץ ווען ער דערוויסט זיך, דורך לאַנדסלייט, אַז זיין בן־זקונים, אַ לערנער אין לובלינער ישיבה, איז אין אַמעריקע געוואָרן אַן אַנאַרכיסט. מיר זיינען ביידע געהאַט געוואָרן ווי צונויפגעהאָפטן אין אַ זעלטענער חברשאַפט צו לערנען אינאיינעם סאָציאַלע אידייען און דערשיינונגען. ער, גוט באַהאַוונט אין תלמודישער אגדה, האָט תמיד ליב געהאַט אָנצואווייזן אויף אַ היינט־צייטיקער דערשיינונג אַז מ׳האָט דערפון שוין געוואוסט אין די תלמודישע דורות. יאַנאָווסקי האָט אונדז צו־נויפגעפירט מיט פענטעקאָסטן.

עס איז אונדז געווען אַ נחת־רוחדיקע באַן־רייזע מיטן אַמעריקאַנישן בונטאַר קעגן זיין קירך, אָבער אין תוך געבליבן רעליגיעז. באַקונין און איך האָבן געוואָלט זיך אויספיינען פאַר אים מיט אונדזערע ישיבות. מיין „סלוצ־קער״, זיין „לובלינער״; און פענטעקאָסט האָט עס געוואָלט פאַרגלייכן מיט „האַרוואַרד״ און „יעיל״. ער האָט מער באַנומען אונדז ווי מיר אים. און אָט זיינען מיר דערפאָרן און דערגאַנגען צו אייזערנע טויערן, וואָס מיר גייען זיי דורך אַריינצוקומען אין אַ פּאַרק, ביימער, בלומען, אָבער באַלד געביידעס, וואָס פון זיי האָט זיך געטראָגן אומהיימלעכקייט.

עס האָט געקענט זיין די אומהיימלעכקייט פון מיין אייגן געמיט. מיין טראַכטן —

...אפשר טרעפן מיר דאָ אָן אומגעריכט דעם פאַר׳יסורימטן באָוושאָ־ווער...

נאָר אַקעגן קומט אונדז דער יידישער דאָקטאָר, צו וועמען פענטעקאָסט האָט געשריבן. ער וויזט אַרויס פריינטשאַפט. ער נעמט אונדז צו זיך אין זיין אָפיס. ער רעדט וועגן זיך צו די צוויי „גרינע״. ער איז אַ געבוירענער פון דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד, „פייק סטריט״; זיין מוטער וואוינט אויף הענרי סטריט. די פאַמיליע שטאַמט פון דער „קאַלוואַריער אימיגראַציע״. ער וואַרפט אַריין אין זיין לשון יידישע זאָגענישן. ווײַלעוויז צערעדט ער זיך אין יידיש. עס קלערט זיך אויף די געשיכטע מיט „די בייטשן״. פענטעקאָסט

האָט אים דירעקט אַ פרעג־געטאָן. צוערשט איז געקומען אַ גיכער ענטפער —

...דורכאויס אַן אויסטראַכטעניש פון אַ דייטשן ציײטונגס־רעפּאָרטער...
אַפּנים, אַליין אַ חברה־מאַן מיט באַרבאַרישע, סאַדיסטישע וויזיעס...

די אַפּלייקעניש איז אָנגעגאַנגען אויף אַ ברייטן שטייגער, און יעדער פונקט האָט געאָטעמט מיט אמתדיקייט. מיר האָבן זיך באַקענט מיט בײיעסן.

אונדז האָט דאָך געהאַט זיך אויסגעוויזן, אַז אין דער גאַנצער באָוושאָ־וועך־טראַגעדיע האָבן אַ צערדיקן אינטערעס בלויז די „פרייע אַרבעטער שטי־מע"־אַנאַרכיסטן, און געציילטע ייִדישע ליטעראַטור־מענטשן. ווייטער קיינער. לאָזט זיך אויס אַנדערש.

דער ייִדישער דאָקטאָר ביים משוגעים־שפּיטאָל האָט אַרויסגענומען פון זיין אָפיס־אַרכיוו פּעקלעך בריוו מיט פּראָטעסט־אָנפרעגענישן וועגן די „בייטשן". איינס אַ לענגערע קאָרעספּאָנדענץ מיט אָנרופן דעם דיכטער בעיזל דהאָל (ייִדיש: יוסף באָוושאָווער) —

...דער נביא עמוס פון אונדזערע דורות...

און געשריבן האָט עס דער הויפּט־רב פון אַמעריקעס ספרדים־געמיינדעס, פּערייראַ ה. מענדעס.

נישט סתם אַ זאָג, נאָר אַ גאַנצער מאמר.

מיר איז ווידער דורכגעלאָפן אַ טראַכטן —

...ייִדיש לעבן אונטער אַמעריקעס הימלען איז נישט דווקא אויף אונ־דזערע אימיגראַציע־גאַסן...

נאָר מיר ווערן פאַרכאַפּט פון אַן אָנגעצונדן אינטערעס אין אַ צווייטער בײיעס, וואָס מיר הערן פון פּענטעקאָסטס בײידע דאָקטוירים־פריינט. עס איז וועגן זייער אמתן באָוושאָווער־פּראָבלעם. און אונדזער באָוושאָווער־צער ווערט ערשט פאַרטיפט. און איך מיין, אַז עס איז צו פאַרשרייבן אין אַלע אונדזערע ליטעראַטור־פּנקסן ווי דער צער פון אונדזער גאַנצער ייִדישער פּאָעטן־גע־שיכטע.

נאָך די ערשטע עטלעכע יאָר מיט אַ זיכערקייט ביי די דאָקטוירים, אַז ביים אומגליקלעכן באָוושאָווער איז נישטאָ קיין שום זין וועגן גוטס אָדער שלעכטס, שיין אָדער מיאוס, און קיין שום ציל אין מח, און קיין שום לוסט אין האַרצן, אַפילו ווי שטום, קיין שום כח אַרויסצוברומען אַ גאַנץ וואָרט, ממש טאַקע אַ „געשטאָרבן לעבן", האָט ער אין אַ פרימאָרגן פלוצלינג זיך אַנט־פּלעקט מיט אַן אַרויסרעדן שווער, אָבער גאַנץ באַשטימט —

...ער וויל מ׳זאָל אים געבן פּאַפּיר, אַ פעדער און טינט...

די דאָקטוירים איז עס געווען ווי אַ נס־אַנטפּלעקונג. דער פּאַציענט פאַרלאַנגט עפּעס, האָט ער דאָך דראַנג אין זיך און אַ באַשטימטן ציל, אויך וויפל־ניט־איז כוח פאַר לשון, איז עס נישט קיין „געשטאָרבן לעבן״...

זיין פאַרלאַנג דאַרף מען אוודאי נאָכקומען, אָבער וויאַזוי?

געטרויען אַ גייסט־קראַנקן ער זאָל האָבן מיט זיך טינט און פעדער און פּאַפּיר, קען מען נישט, סיידן אַ וועכטער זאָל אים זיין ביי דער זייט; אַ דאָק־טאָרשער, נישט קיין פּאָליצייאישער וועכטער. קוים וואַכן־אויף באַגערן ביים פּאַציענט, קען ער פּרוּוון אָפּטאָן שלעכטס זיך אַליין. מיט טינט קען מען זיך פאַר׳סמ׳ען. מיט אַ פעדער קען מען זיך צעשטעכן דעם האַלדז, אָדער די צונג. די דאָקטוירים האָבן אים באַזעצט ביי אַ טיש אין זייער סעקציע און אים דערלאַנגט טינט און פעדער און פּאַפּיר, און אַליין געהאַלטן זיך פון וויטנס, זאָל ער מיינען אַז ער קען טאָן וואָס ער וויל.

עס איז בפירוש געווען מענטשלעך־שווער צו קוקן וויאַזוי דער קראַנקער ראַנגלט זיך מיט פאַנאַנדערנעמען זיינע צוזאַמענגעפּאַלענע פּלייצעס און אָרעמס, און נאָכדעם מיט די פינגערס זיינע, צו קענען אַריינגעמען די פעדער. העלפן אים וואָלט נישט געטויגט. די דאָקטוירים האָבן געצילט ער זאָל זיך אָנשטרענגען וואָס מער, און האַלטן אין זיך וואָך די פאַרלאַנגען זיינע. זיי האָבן געמערקט אויף דעם כעס זיינעם ביים אָפּשטופּן אַלץ פון זיך, וואָרים ער האָט עס נישט געקענט באַהערשן, און זיי איז עס ליב געווען. ער האָט אין זיך כעס, איז עס נאָך אַ סימן, אַז נישט אַלץ אין אים איז אָפּגעשטאָרבן. זיי האָבן אויסגעפּרוּווט אַן אַנדער וועג ער זאָל קענען זיך פאַרמעסטן צו שרייבן.

זיי האָבן אויפגעהאַנגען אַ ברייטן שוואַרצן טאָוול אויף אַ פּוסטער וואַנט אין זיין שפּיטאָל־צימערל, און דערביי אַוועקגעלייגט ווייסן קרייד. האָט ער שטאַרקן לוסט וואָס צו שרייבן, וועט ער דערמיט זיך באַנוצן.

די דאָקטוירים האָבן אַ טאָג שפּעטער אויסגעפונען אַז ער האָט עס געטאָן. באַשריבן דעם גאַנצן טאָוול, אָבער בלויז איינצלנע פּאָעטישע ווערטער, הויך־ענגלישע, „שעקספּירישע״, אָבער נישט אַ גאַנצן זאַץ, וואָס אַנטשפּרעכט אַ באַשטימטן געדאַנק. און גאָר אַ זעלטנקייט האָבן די דאָקטוירים דערזען. צוויי שורות, די אונטערשטע אויפן טאָוול, מיט אויסגעשטעלטע ווערטער פון

די רונדיקע אותיות פון רעכטס צו לינקס, אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך פאַר זיי — יידיש.

און ס׳האָט זיך אַ וויַיז־געטאָן אַ מערקווירדיקער סימבאָל.

דער צעקרענקטער באָוושאָווער האָט געוואָלט וויַיטער שריַיבן, האָט אַ וועכטער געפּרואווט אָפּווישן דאָס געשריבענע מיט קראַיד, ער זאָל וויַיטער האָבן אויף וואָס צו שריַיבן. ער האָט ניט געוואָלט דערלאָזן אַז מען זאָל עס אָפּווישן. נאָר אַפּנים ער האָט איינגעזען אַזוי מוז געטאָן ווערן. אָבער ער האָט זיך אַ וואָרף־געטאָן מיט ביידע אָרעמס צו באַשיצן די יידישע אותיות, אַז זיי זאָל מען נישט אָפּווישן...

צום פּופּציקסטן יאָרצייט זיינעם האָבן זיך אָפּגערופן מיט עסייען די צוויי דיכטער: יעקב גלאַטשטיין און מלכה חפץ־טוזמאַן. אפשר אַנדערע אויך, נאָר עס איז צו מיר נישט דערגאַנגען.

יעקב גלאַטשטיין מערקט־אָן מיט צער: „דער יידישער פּאָעט האָט אין משוגעים־שפּיטאָל אַפילו פאַרגעסן דאָס יידישע לשון״.

אייגנטלעך פאַרגעסן אַלץ פון זיך, אָבער געראַנגלט זיך אין זיין „גע־שטאָרבן לעבן״ אַז יידיש לשון זאָל אים בלייבן...

מלכה חפץ־טוזמאַן, אין איר עסיי, ציטירט באָוושאָווערס גרויס פאַרערן אַמעריקעס דיכטער וואָלט וויטמאַן „וואָס ער שרייבט פּאָעזיע אין דעם סטיל, און זייער אָפּט אין דעם טאָן, פון דער ביבל״, „ער זינגט ווי די אַמאָ־ליקע נביאים״. און די דיכטערין צייכנט־אָן אַז באָוושאָווער האָט געקענט האָבן אַזוי געשריבן וועגן וואָלט וויטמאַן מיט ליבשאַפט, „און אפשר אויך מיט קנאה״...

האָט אויך דאָס געקענט זיין אינעם קראַנקן מאָטיוו ביי אים צו וועלן באַשיצן דווקא די צוויי לעצטע יידישע שורות זיינע, הגם שטומע שורות.

ווי עס איז געווען אונדזער גורל מיר זאָלן טאַקע דערזען באָבשאָווערן. מ׳האָט אים נישט אַרויסגעבראַכט צו אונדז, און מ׳האָט אונדז נישט געפירט צו אים. עס איז געהאַט אָנגעשטאַנען די צייט וואָס יעדער פאַרנומענער אין שפּיטאָל, נישט אין אַן אומרו, האָט געקענט אַ „שפּאַציר־טאָן״, דער יידי־שער דאָקטאָר האָט אונדז אָנגעוויזן —

...אָט קומט אָן דער פּאָעט... שטעלט אים אָפּ, אויב איר ווילט...

מיר האָבן עס נישט געטאָן. באַקוקן און איך האָבן זיך אַ כאַפּ־געטאָן איינער צום אַנדערן אין שווידער. פענטעקאָסט האָט פאַרמאַכט די אויגן. דער

שוידער איז געקומען פון דערזען אַ מענטש וואָס ווערט אויס מענטש. דער פנים ווערט אויספּ פּנים. פאַרמאַגערט מיט אַזאַ בלייכקייט, אַז עס ווערט ווי אַ מאַסקע פון באַקאַלכטע בלעך. די אויגן פאַרקרימט און איין צאַפּל ווי צו שפּאַרן זיך אַריבערצוקריכן איינס צום אַנדערן. און דאָס מויל הענגט אַראָפּ. און דער גאַנצער גוף, דער רוקן צעקרימט ווייל די פּלייצעס פאַלן אַראָפּ צו דער ברוסט, און די הענט הענגען. עס שטימט מיט גלאַטשטיינס ציטירן פּופ־ציק יאָר שפּעטער דעם צעשוידערטן פּאָעטס ליד פון העכער זעכציק יאָר פריער, אַ באַשרייבן זיך אַליין ווען ער האָט דערשפּירט דער אומגליק קומט אויף אים, אָבער אַז מען דערזעט עס, קומט אויס פיל מער, מאוימדיקער.

אויף דער באַן־רייזע צוריק האָבן מיר נישט גערעדט איינער צום אַנדערן. פּענטעקאָסט האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן דעם גאַנצן וועג.

פאַרשטייט זיך, מיר האָבן צוגעשטעלט יאַנאָווסקין אַ באַריכט. פּענטע־קאָסט האָט אים צוגעשיקט אַ בריוו נישט צו פאַרעפנטלעכן. זיינע דאָקטוי־רים־פריינט האָבן אים געבעטן ער זאָל נאָכקומען דעם איינשטעל פונעם שפּי־טאָל צו רעדן וועגן אַ וועלכן פּאַציענט בלויז צו פאַמיליע. אָפּצולייקענען די „בייטש־מעשה" האָט יאַנאָווסקי זיך באַנוגנט מיט ענטפערן אָנפרעגערס דורך זיין באַרימטן „בריפקאַסטן". די אָנפרעגערס האָבן געוואוסט וואָס די ענטפערס זאָגן. אַנדערע האָבן געקענט מיינען, אַז „יאַנאָווסקי קיבעצט ווע־מען"...

ביטער צערייצט איז ש. יאַנאָווסקי געווען וואָכן־לאַנג. מ'האָט אויף אים נישט געזען קיין שמייכל. ס'האָט אים געפּלאָגט אַ גאַנץ ספּעציעלער מאָמענט פון דער באָוושאָווער־טראַגעדיע —

... אַ ציניש פאַרהאַלטן זיך פון בענדזשאַמין ר. טאָקער, רעדאַקטאָר ביים זשורנאַל „ליבערטי"... ער האָט געמאַכט גרויסע רעקלאַמע באָוושאָווערן ווען ער איז דערשינען פאַר אים אַלס דער פּאָעט „בעיזל דאַהל", און ער האָט געקענט שטאָלצירן מיט זיין ליטעראַרישן געפינס... אָבער וואָס פאַר אַ אינ־טערעס קען ער האָבן אין אַ יידישן פּאָעט באָוושאָווער ווען מ'האָט פאַר־נומען אין משוגעים־שפּיטאָל?... „ייד" איז ווידער געוואָרן אַ שטילע רעדעריי ביי אַנאַרכיסטן...

# 4

גוטער מזל האָט פון מיר זיך אָפּגעטאָן. אַרויף איז שלי־מזל. איך האָב פּלוצים זיך איינגעפונען אַ פאַרזעצטער אין טורמע.

איך, אין אַ טורמע אין פרייען אַמעריקע ?

בפירוש אינעם גרויסן ניו־יאָרקער „טומבס־פּריזאָן״, וואו מ׳האָט דעמאָלט געהאַלטן פאַרברעכערס אָן „בעיל״ ביז די טעג פון זייער משפּט.

האָב איך וואָס געטאָן להכעיס געזעץ ?

ניין.

האָט מען מיך פאַרנומען אונטער אַרעסט על־פּי־טעות ?

ניין.

האָט ווער געמאַכט אויף מיר אַ בלבול ?

ניין.

וואָס האָט פּאַסירט ?

עס געהערט צום יחוס פון אַנאַרכיזם אין יענע טעג. און אײדער איך דערצייל עס, איז וויכטיק אויך צו פאַרצייכענען, אַז דער אינצידענט האָט אַריינגעשפּילט אין דער שטילער גערעדעריי מיט זאָרג וועגן „ייד״ און „אַנטי־ייד״ ביים אַנאַרכיזם דורך האַנדלונגען, אָדער שטימונגען פונעם שרייבעריש־פילאָזאָפישן אַנאַרכיסט־אינדיווידואַליסט בענדזשאַמין ר. טאָקער.

עס איז 1907. פינף יאָר זינט דער טראַגעדיע : „פּרעזידענט מעקינלי און דער טשאָלגאָטש־אַקט״. עס איז געווען אַנאָנסירט אַז אינעם אַנאַרכיסטן־קלוב אויף דער איסט־סאַידער פאָרסייט סטריט וועט פאָרקומען אַ „מעקינלי־טשאָלגאָטש״־אָוונט. מ׳וועט פאַרברענגען פאַקטן, וואָס דערפון וועט קענען ווערן אַ דיסקוסיע צי דער שמיד טשאָלגאָטש איז יאָ אָדער נישט געווען אַן אַנאַרכיסט, און וואָס פאַר אַ שלעכטס פּרעזידענט ווילי‌אַם מעקינלי זאָל האָבן געטאָן אַרויסצורופן אַ האַס צו זיך מיט „אַן אַנאַרכיסטישן אַטענטאַט״.

די אַנאַרכיסטן־גרופּע אויף פאָרסייט סטריט איז מיר נישט געווען ליב. איך האָב געוואוסט וועגן איר ווילדער עקסטרעמיטעט. מען שעלט דאָרטן ש. יאַנאָווסקין און די „פרייע אַרבעטער שטימע״, נאָר דערפאַר, ווייל ש. יאַ־נאָווסקיס אַנאַרכיזם איז פאַרטיפטע מענטשלעכקייט, און די „פרייע אַרבע־טער שטימע״ ווערט דער צענטער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. די

גרופּע האָט געפּרואווט אַרויסגעבן אַן אייגענע צייטונג, איז זי ממש געווען אַ מוסטער פון עם־הארצות. דאָך בין איך געגאַנגען אַהין הערן.

געפירט האָט מיך מיין געדענקען וואָס בעת אַמעריקעס פּרעזידענט־מאָרד, אין 1902, בין איך געווען אין דער סלוצקער מוסר־ישיבה; און אינעם העברעאישן זשורנאַליזם דעמאָלט איז געהאַט געווען ספּעציפישעס וועגן דעם נאָמען טעאָדאָר רוזוועלט, וועלכער האָט געדאַרפט איבערנעמען די פּרעזי־דענטשאַפט. ס'האָט געגאָלטן אַ קלערעניש צי דער שורש פונעם האָלענדישן נאָמען „רוזוועלט" שליסט־איין אויך דעם יידישן משפחה־נאָמען „ראָזענפעלד", און אויף וויפל זיי האָבן געקענט זיין קרובים. מיין נייע וועלט אַמעריקע האָט מיך כסדר גערייצט צו דערגיין געגנוי איר בייז ווי איר גוטס. איז אויך דער „טשאָלגאָטש"־אָוונט געווען פאַר מיר אַן ענין.

ביים צוקומען צום קלוב אויף פּאָרסייט סטריט האָב איך דערזען וויאַזוי פּאָליציי שלעפּט אַריין בחורים און מיידלעך אין אַ פּאָליציי־וואָגן. איך בין געבליבן שטיין אויפן טראָטואַר מיט הונדערטער אַנדערע צוקוקערס, און גע־הערט זייער פאַרדאַמען די פּאָליציי און סאַטירישע רייד קעגן גאַנץ אַמע־ריקע —

...קאָלאָמבוסעס מדינה?... „פרייהייט" האָט אַ „פּיי" ביים אָנהייב, „בלאָף" האָט „פּיי" ביים סוף, שטימען זיי ביידע...

מיין געמיט איז נישט געווען לייכט, איך זאָל האָבן וואָס בייגעוואוינט צו פאַרגעסן עס באַלד.

אַ וואָך שפּעטער איז ווידער וואָס אויפגעקומען אַרום דערזעלביקער זאַך, נאָר אויף אַ העכערער מדרגה.

אַ פאַרזאַמלונג אין „בעטהאָוון האָל" אויף דער פינפטער גאַס, צונויפ־גערופן פון דער „געזעלשאַפט צו באַשיצן פאַרזאַמלונגס־פרייהייט", אין פּראָ־טעסט קעגן דעם פּאָליציי־אָנפאַל אויף פּאָרסייט סטריט.

באַוואוסטע רעדנערס זיינען געווען אָנאָנסירט. פונעם אַנאַרכיסטן־קרייז בלויז איין נאָמען — עמאַ גאָלדמאַן. דערוואָרט האָט מען אויך אַ גאָר וויכ־טיקע פּערזענלעכקייט פון אַמעריקעס פּאָליטישער שרייבער־וועלט, שוין דע־מאָלט אַ באַרימטהייט, און וואָס ווייטער איז דער פירסום זיינער געשטיגן — לינקאָלן סטעפּענס. ער האָט געזאָלט רעפערירן צו באַווייזן אויף כלערליי אופנים, אַז דער אַנטי־אַנאַרכיסטן־געזעץ, וואָס דער קאָנגרעס האָט איינגע־שטעלט נאָכן מעקינלי־מאָרד, איז פּונקט אַזוי אי טראַגיש, אי סקאַנדאַליעז,

פאַר אַמעריקעס געשיכטע ווי דער פרעזידענט־מאָרד גופא. ער איז, אָבער, צום וואָרט נישט געקומען. גלייך ווי עמאַ גאָלדמאַן האָט זיך באַוויזן אויף דער פּלאַטפאָרמע, און אויף איר שטייגער, מיט אַ רעדעניש צו דער געהיים־פּאָליציי, וואָס קען זיך געפינען אין זאַל צו צעשטערן די פאַרזאַמלונג, האָט מען זי אַרעסטירט, און די פאַרזאַמלונג איז געוואָרן אָפּגעבראָכן אין טומלעריי און מיט נאָך אַ צאָל אַרעסטן. און דאָ קומט אַריין מיין אייגן „קעיס".

יענער טאָג איז מיר דווקא געהאַט געווען אַ געראָטענער, נחתדיק, וואָס שייך מיין פּערזענלעך לעבן. איך בין געוואָרן אויס געהילף ביי מיין „פּייפּער־הענגער"־פּריינט, הייִנעס „לאַנדסמאַן", און געשטעלט זיך אויף אַן אייגן לעבנס־וועג. דזשעק, „הייִנעס לאַנדסמאַן", האָט מיך דערין געהאָלפן. איך האָב זיך איינגעשאַפט אַלע נויטיקע „טולס" (אַרבעטס־כלים), פון אַ צונויפגעלייגט ברעטענעם טיש ביז באַרשטן און אַ שער און מעסערלעך, און אַן עמער פאַר קלעפּיקייט; און דזשעק האָט דערצו מיך צונויפגעפירט מיט קאָנטראַקטאָרן אָנצובאָטן מיך טאַפּעצירעריי־אַרבעט. מיר איז דעמאָלט ליב געווען נאָך אַ שריט מיינס: איך האָב זיך פאַרשריבן אינעם האַרלעמער אָפּטייל פון פּראָפעסאָר איראַנס שולע פאַר לערנען ענגליש, נישט לשם פּראָפעסיע, נאָר לשמה, כדי צו קענען זיך אַריינלעבן אין לייענען און לערנען ענגלישע ליטעראַטור.

און נאָך וואָס גוטס האָב איך דעמאָלט געהאַט געטאָן. איך האָב איינגעטראָפן מיט אַריבערציען זיך אין אַ נייער דירה, אַ צימער אין אַן אַפּאַרטמענט ביי צוויי פאָר־פאָלקס. די פרויען, צוויי שוועסטער; די מענער, איינער ס. זיידמאַן, אין שפּעטערדיקע יאָרן אַ וויצע־פּרעזידענט ביי דער „אינטערנעשאָנאַל לידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן", ווי דער פאָרשטייער פון דער מיידלעך־אָרגאַניזאַציע „לאָקאַל 25"; דער צווייטער, ד"ר לואיס לעווין, דעמאָלט ווי אַ שרייבער פון אַרטיקל־סעריעס אין „פרייע אַרבעטער שטימע" וועגן אַנאַרכיסטישער געשיכטע אין פאַרשיידענע לענדער, און שפּעטער ווי אַ היסטאָריקער ביי דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַ בוך געשיכטע פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר", אַרויסגעגעבן פון אַרבעטער־רינג, און אַ צווייט בוך, די „אינטערנעשאָנאַל־געשיכטע", און אין די ווייטערדיקע „ניו־דיל־יאָרן", אַ היסטאָריקער אונטערן נאָמען ד"ר לואיס לאָרווין.

יענעם טאָג, מיטן געפיל אין זיך פון פייערלעכער זעלבסטשטענדיקייט און אייגענע אַרבעט־חשבונות, האָב איך פאַרענדיקט די טאַפּעצירעריי אין אַ צאָל קאַמערן אין אַ ביי הויז אין „גריניטש־ווילעדזש", און איבערגעלאָזן

ווייטערדיקס פאַרן נעקסטן טאָג, און איך בין אַוועק בייצואוואוינען די פאַר־זאַמלונג פאַרן רעכט פון אַנאַרכיזם צו זיין אומגעשטערט ווי אַ געזעצלעכע אידעאָלאָגיע. און מיט אַ טראַסק איז אויף מיר אַרויף שלי־מזל.

איך האָב זיך איינגעפונען אין אַ פול־געפּאַקטן זאַל. מ'האָט באַצאָלט ביים אַריינקומען. יונגע מענטשן. דער אויסזען איז אינטעליגענט. די שטי־מונג אויך. אַ סך יונגע פרויען. מען רעדט רוסיש און ענגליש און יידיש. און אָט דערזעט מען עמאַ גאָלדמאַן אויף דער פּלאַטפאָרמע מיט איר וואָ־רענען געהיים־פּאָליציי. מען דערזעט ביי איר זייט וואַקסן־אויס צוויי מענער, הויך און שטאַרק, מיט בלעכלעך אין די לאַצן, פּאָליציי־צייכנס. עמאַ איז אַרעסטירט. מען הערט אַ געשריי פון עולם: „ביין, ביין". אַ גאַנצע מחנה פּאָליציי לאָזט זיך אַריין. מען נעמט טרייבן אַלעמען. עס ווערט אַ שטורמי־שע שטויסעריי. פּאָליצייאישע רשעות. געשרייען פון מיידלעך. מען אַרעס־טירט זיי. אַ געשלעג־שטופּעריי איז ביי דער טיר. איך האַלט זיך צוריק נישט צו זיין אינעם געשלעג־געדרענג. איך שטעל זיך ביים לאַנגן טיש, באַ־שטעלט מיט פרייהייטלעכע ביכער, בראָשורן, זשורנאַלן. מיין האָפן איז אי־בערצואוואַרטן ביז דער געדרעגנ וועט אַריבער. פּלוצלינג דערשפיר איך אַ האַנט אויף מיין פּלייצע פון עמעצן הינטער מיר, און דערמיט קומט אַ זאָג —

— דו ביזט אַרעסטירט ... און שוויינג שטיל ... מאַך נישט קיין טראָבל ...

איך טו יאָ אַ פרעג —

... אַרעסטירט, פאַרוואָס ? ...

דער ענטפער —

... דיר וועט זיין בעסער ווען דו וועסט עס פרעגן אין פּאָליציי־סטאַנ־ציע ...

די האַנט אויף מיין פּלייצע, לאַנגע בלאַסע פינגערס, און דיזעלבע האַנט מיט די לאַנגע בלאַסע פינגערס ביים אָנהאַלטן פעסט מיין אָרעם אַריינצו־שטופּן מיך אינעם פּאָליציי־וואָגן אויף דער גאַס, איז מיר פאַרבליבן בילדלעך אין זכרון אַלע מיינע ווייטערדיקע יאָרן. און איך פאַרצייכן פאָראויס, אַז איך האָב דיזעלבע האַנט באַגעגנט אין ווייטערדיקע יאָרן בעת די ביטערע סטרייק־מאָמענטן אין דער לעבנס־געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ האַנט פון אַ ייד, אָבער נישט קיין „יידישע האַנט". איך בין דערגאַנגען זיין נאָמען. זאָל ער הייסן ראַפּסקי. איך האָב דערקענט זיין האַנט אַ פינף

יאָר שפּעטער, און אים אָפּגעשפּילט אַ דראַמאַטישע סצענע, פּנים־אל־פּנים, אין מיטן רעדן ביי אַ פאַרזאַמלונג פון די פאַראייניקטע יידישע געווערק־שאַפטן, וואו ער איז געקומען כלומרשט ווי אַ באַאָבאַכטער, אַ פריינט פון יידישע יוניאָנס, בעת אַ דעבאַטע וועגן „וועלט און אונטערוועלט אין יידישן אַרבעטער־לעבן".

די אַרעסטירטע מיידלעך מיט עמאַ גאָלדמאַן בראש, האָט מען גענומען צו דער פּאָליציי־סטאַנציע ביים נאַכט־געריכט פאַר פרויען, דעמאָלט אויף זעקסטער עוועניו און ניינטער גאַס. מיט מיר אין מענערשן פּאָליציי־וואָגן זיינען געווען צוויי, וועלכע זיינען שוין געהאַט געווען אַרעסטירטע, נאָר „אויף בעיל", פון דער אָפּגעבראָכענער פאַרזאַמלונג אויף פאָרסייט סטריט; און אַ דריטער מיטן נאָמען סוואַרץ. דער נאָמען איז מיר געווען באַקאַנט. אַ זעל־טענער מושלם אין שרייבעריי. אַ בעל־לשון אין דייטש, פראַנצויזיש, אי־טאַליעניש און ענגליש, אין פאַרטייטשן דורך איינפּאַלערישע משלים דעם אונטערשייד פון קאָמוניסטישן און אינדיווידואַליסטישן אַנאַרכיזם, און דעם אַנאַרכיזם פון פראַנצויזישן פּרודאָן און דעם אַמעריקאַנישן טאָקער, וואָס אַ צאָל פון זיי האָט יאַנאָווסקי איבערזעצט און אָפּגעדרוקט אין „פרייע אַרבע־טער שטימע". און אונדזביידן, סוואַרצן און מיך, האָט מען גענומען — צו אַ קעמערל אין „סדום"...

טאַקע נאָר אַזוי דאַרף עס הייסן — „סדום"...

מ'האָט אונדז אָפּגעטיילט פון די צוויי פריערדיקע אַרעסטירטע. פאָרמעל האָבן זיי געהאַט דורכצומאַכן גאָר אַן אַנדער פּראָצעדור (אַרעסטירט צום צווייטן מאָל). סוואַרץ און מיך האָט מען אַרויפגענומען אויף אַ דאַך־שטיבל אין דער פּאָליציי־סטאַנציע אויף מאָט־סטריט, דעמאָלט אַן איטאַליעניש־אימיגראַנטישער צענטער. און דאָרטן האָט דער ראַפּסקי אונדז איבערגעלאָזן מיטן אָנזאָג צו צוויי זייניקע —

...גאָרנישט זאָל אונדז געשען דורך דער נאַכט... אינדערפרי וועט מען אונדז נעמען צום פּאָליציי־געריכט ביי דער 54סטער גאַס... אַלץ, וואָס מ'האָט צו טאָן מיט אונדז איז פאָטאָגראַפירן אונדז פאַרן פּאָליציי־רעקאָרד אַזויווי מיר זיינען, אָנגעטאָן אין אונדזערע קליידער... און ביים פאָטאָגראַפירן דאַרף מען אויפפּאַסן, אַז די קעפּ זאָלן זיין הויך־אויפגעהויבן, און די פּנימער ברייט אָפן... און קיין שום צייכן זאָל נישט פאַרבלייבן אונטער די אויגן, אויך נישט אויפן שטערן, און אויך נישט ביי דער נאָז, אָדער ביי די ליפּן...

אין די אָנזאָגענישן איז געווען בולוואַנישע שמד־שטיק, צוגעשפּיצט צו דער רשעות פון „סדום". פאָטאָגראַפירן די קעפּ הויך אויפגעהויבן האָט גע־מיינט מען זאָל אונדז קלאַפּן אויפן געניק און אויפן רוקן־ביין, וואָס אַ וועל־כער אויסערלעכער צייכן וועט דערפון נישט ווערן. און מ'האָט אַזוי געטאָן צו אונדז. און עס איז געווען אַ מאָמענט מיט סוואַרצן ווען דער וויטיק איז ביי אים געוואָרן אַזוי שאַרף, אַז ער האָט דעם פייניקער אַ בריק געטאָן היב־טערוויילעכס, און דער פייניקער איז געפאַלן אויף זיין רוקן. ער האָט זיך באַלד אַ שטעל־געטאָן מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט. נאָר דער פאָטאָגראַפיסט האָט ווי אַ געשריי געטאָן —

...ניין!... מיר האָבן אַ באַפעל... טאָן גאָרנישט...

זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזן אַליין. מיר זיינען געזעסן אויף אַ בענקל צוגעשפּאַרט צו אַ וואַנטל ביזן פרימאָרגן.

סוואַרץ איז געווען מיט אַ פינף־זעקס יאָר עלטער פון מיר. קיין מונטער פּנים האָט ער נישט געהאַט. אַ טונקל געזיכט, שוואַרצע אויגן, געדיכט־שוואַרצע ברעמען, אַ קורצן שטערן און אַ שוואַרצן קאָפּ האָר. איך האָב גע־האַט אַ חשד, אַז זיין אמתער נאָמען איז נישט „סוואַרץ", נאָר געפרעגט ביי אים האָב איך נישט. די גאַנצע שווערע שוואַרצקייט זיינע האָט זיך נישט גע־מערקט ווען ער האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט. און ער האָט דורך דער נאַכט גערעדט גאָר אַ סך. סתם גערעדט, כדי איבערצוקומען לייכטער די פאַר־שאָלטענע נאַכט. ער האָט געהאַלטן אין איין ציטירן פרידריך ניצשעס „זאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ". ביי אַ פּונקט וועגן פאַסטוכער ביי שאָף און פירער ביי מענטשן, האָט זיך מיר שוין אויך פאַרוואָלט אַרויסוויזן אַביסל קענטשאַפט. איך האָב אַ זאָג־געטאָן —

...לויט יידישער טראַדיציע, האָט די גרויסקייט פון משה רבנו און דוד המלך געשטאַמט פון דעם, וואָס זיי זיינען געווען גוטע, געטרייע פאַסטוכער...

אים איז עס גאָר שטאַרק געפעלן. צי ער איז יידיש האָב איך ביי אים נישט געפרעגט.

אינעם פרימאָרגן, שוין ביי דער טיר פון דער קליינער טורמע אויפן הויף פון פּאָליציי־געריכט אויף דער 54סטער גאַס, האָבן מיר זיך דערזען אַז מיר זיינען אין אַן אַנדער ווינקל פון „סדום". עס איז אַ שטאַלכל אָן פענצטער. אינעווייניק שטייען אַרעסטירטע פאַרברעכערס, און זיי בריקענען מיט די פיס. עס איז נישט קיין טאַנץ ביי זיי. עס איז אַ מלחמה מיט ראַצן אַזוי גרויס ווי

קעץ.ביידע, סוואַרץ און איך, האָבן זיך פאַרשטענדיקט אָן רייד, אַז מיר לאָזן זיך נישט אַריינשטופּן דאָרטן. און מיר האָבן עס געזאָגט אונדזערע פּאָליציי־באַגלייטערס. די „ראַפּסקי־האַנט" האָט זיך ווידער באַוויזן —

אונדז וועט זיין בעסער, ווען מיר וועלן פאָלגן...

סוואַרץ רעדט אויך פאַר מיר —

...מיר דאַרפן וואַרטן ביז דער געריכט וועט זיין אָפן, וועלן מיר שטיין אויפן הויף... עס רעגנט, וועלן מיר פאַרנעמען דעם רעגן, אָבער נישט די ראַצן... איר וועט אונדז פריער מוזן שלאָגן, אָדער דערשיסן, איידער ווער פון אייך וועט אונדז אַריינוואַרפן ביי די ראַצן...

פאַרט אַן אָפּשיין פון מזל, אַביסל רחמנות פונעם בורא־עולם. מיר האָבן דערהערט אַ וועכטער ביי דער טיר פון געריכט־הויז רופט אויס אונ־דזערע נעמען —

...אַדוואָקאַטן ווילן אייך זען...

די „ראַפּסקי־האַנט" האָט זיך אָפּגעטראָגן.

מ'האָט אונדז אָנגעוויזן אויף אַ צימער. מיר זיינען אַריין, און ביידע, סוואַרץ און איך, האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן, און זיך געשעמט נישט פאַנאַנדערוויינען זיך אויפן קול. צוויי אַדוואָקאַטן פאַר אונדז, צוויי מלאכים אונדזערע — הוגאָ פּענטעקאָסט און מאיר לאָנדאָן...

פּענטעקאָסט איז מיר געהאַט פאַרבליבן גאַר שטאַרק ליב דורך אונ־דזער רייזע צום אומגליקלעכן דיכטער יוסף באָוושאָווער. ער האָט זיך אַ הייב־געטאָן פון זיין אָרט און ווי צוגעלאָפן צו מיר.

מאיר לאָנדאָן, אים האָב איך געקענט פון וויטנס. איך האָב געוואוסט ער איז באַליבט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ד"ר פּעסקין פלעגט תמיד רעדן וועגן אים מיט אַ סך וואַרעמקייט. און מער געקענט האָב איך אים דורך זיין דערשיינען אויף דער קאָנפערענץ אַ יאָר פריער (1906) ביים באַנייען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג מיט דער רעדע זיינער, אַ פאַנאַנדערגלידערונג פון די „בונד"־אידייען.

ביידע, פּענטעקאָסט און מאיר לאָנדאָן, זיינען פאַרבעטן געוואָרן פון דער „געזעלשאַפט צו באַשיצן פאַרזאַמלונגס־פרייהייט", זיי זאָלן זיין אויך אונדזערע פּערזענלעכע באַשיצערס. אַ פלינקע אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורכן אָוונט און דורך דער נאַכט אַז דערצו זאָל עס קומען. לעאָנאַרד ד. עבאָט, דער פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט, האָט געזאָלט זיין אויך דער פאָרזיצער

ביי דער פאַרזאַמלונג. ער האָט געזען אַלעמענס אַרעסטן. ער האָט באַלד פאַראינטערעסירט דערין ש. יאַנאָווסקין, און זיך באַזאָרגט אויך מיט אַ שריפטלעכער דערקלערונג פון ליבקאָלן סטעפּענס. אַדוואָקאַטן ביים נאַכט־געריכט פאַר עמאַ גאָלדמאַן און די אַרעסטירטע מיידלעך זיינען געווען אַנ־דערע. זיי האָבן דורכגעפירט אַז אַפילו עמאַ זאָל אָפּקומען מיט אַ לייכטער שטראָף. עמאַ איז דאָך שוין געווען באַרימט, און זי האָט שוין געהאַט כלערליי אַרעסטן אין פאַרבינדונג מיט דער „מעקינלי־טשאָלגאָטש־טראַגעדיע". איצט איז די פּאָליציי־קלאַגע געווען: „נישט פאָלגן פּאָליציי". גאָר אַנדערש איז געווען מיט סוואַרץ און מיט מיר. דווקא מיר צוויי, די אומשולדיקסטע פון אומשולדיקע, בלויז באַאָבאַכטערס ביי דער פאַרזאַמלונג, זיינען געשטעלט געוואָרן אונטער דער שווערער קלאַגע (די „ראַפּסקי־האַנט"), אַז מיר זיינען „געפערלעכע אַנאַרכיסטן", און אַז עס איז אונדזער ציל צו רופן פאַרזאַמ־לונגען אויפצורייצן פּרעזידענטן־מאָרד.

דער שמועס מיט אונדזערע צוויי אַדוואָקאַטן, בפירוש צוויי מלאכים אונדזערע, האָט געהאַט כאַראַקטער פון באַקענען זיך מענטש מיט מענטש. און וואָס שייך מאיר לאָנדאָן און מיין וויניקייט — ייד מיט ייד. ער איז גאָר אַריין אין אַ גערייד מיט מיר וועגן דער ראָל פון מזרח־אייראָפּעאישע ישיבה־לערנערס אין דערהייבן דעם גייסט־צושטאַנד אין דער יידישער אימיגראַציע.

זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזן אַליין. זיי האָבן געוואוסט אַז אונדזער זאַך וועט אויפקומען פאַרן ריכטער שפּעט בייטאָג. זיי האָבן אַראַנזשירט מיט דער געריכט־פּאָליציי, אַז מיר זאָלן הייסן „אַרעסטירטע אין אַ געריכט־צי־מער", און זיי, די אַדוואָקאַטן, זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדז. זיי האָבן אויך באַשטעלט פאַר אונדז שפּייז.

ליבער לייענער פון מיינע זכרונות, איך בין זיך דאָ מודה, אויב איר וועט לייענען וויטער וועגן מיין התלהבות פאַר מאיר לאָנדאָנס ראָל אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, נעמט זיך עס פון יענעם אינצידענט אין מיין לעבן. ער, אַמעריקאַניש, סאָציאַליסטיש, יוריסטיש; איך מזרח־אייראָפּעאיש, ישיבה־בחוריש און אַנאַרכיסטיש; אוןביידע ווערן מיר געפירט אידעאַליס־טיש צו דערגרייכן דערפאָלג פאַרן יידישן פאָלקס־מענטש אין אַמעריקע.

אין געריכט, שפּעטער אין טאָג, איז פאָרגעקומען אַ דראַמאַטישע סצענע מיט אַ היפּש ביסל הומאָר.

דער ריכטער, אַלט אין יאָרן, בייז צו אונדז. ווען עס איז אויפגעקומען

די פראַגע ווער איז ווער אין געריכט, ווער איז דער אַדוואָקאַט פאַר סוואַרץ און ווער פאַר מיר, און ביידע אַדוואָקאַטן האָבן געמאָלדן, אַז זיי זיינען איינ־איינעם בײדנס, האָט דער ריכטער געאורטיילט —

...דאָס וועט מען באַשליסן שפּעטער...

און אָט נעמט מאיר לאַנדאָן דאָס וואָרט וועגן מיר. ער דערציילט דעם ריכטער, אַז בעת דער פּרעזידענט מעקינלי־טראַגעדיע אין 1902 בין איך געווען אַ סטודענט אין אַ תלמודישן סעמינאַר אין ווייס־רוסלאַנד; און ער האָט דערקלערט דעם כאַראַקטער פונעם סעמינאַר, וואָס עס באַטייט די סלוצקער מוסר־ישיבה; און ער האָט געבעטן ביים ריכטער צו דערלויבן אים אויפצורופן מיך אויפצושטעלן זיך, ער, דער ריכטער, זאָל אַריינקוקן אין מיינע פּנים־שטריכן, צי מען קען אין זיי דערזען איינעם, וועלכער איז מסוגל צו באַרעכטיקן אַ פּרעזידענט־מאָרד, אָדער יעטווידן מאָרד.

דער ריכטער האָט אויפגעהויבן זיינע ברילן, אַ קוק־געטאָן אויף מיר און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ —

...אַזאַ פּנים?... יאָ, עס קען באַרעכטיקן מאָרד...

ס'האָט זיך געהערט געלעכטער.

אַ קורצער דיאַלאָג:

מאיר לאַנדאָן —

...וואָלט דער הויכווירדיקער ריכטער געהאַט דעמזעלבן איינדרוק ווען דאָס פּנים וואָלט ביט געווען אַ גאַנצע נאַכט אין שרעק פאַר אַ געוויסער האַנט (ראַסקי־האַנט), און וואָלט אינדערפרי געקענט נוצן אַ היימישן ראַזירמעסערל?...

דער ריכטער —

...צילט דער יוריסט צו אַ שפּיל אין הומאָר?...

מאיר לאַנדאָן —

...בלויז דאָס צושטימען פונעם הויכווירדיקן ריכטער, אַז מיר וועלן איבערלאָזן דאָס פּנים צו אַלע ווייטערדיקע יאָרן פונעם יונגנמאַן...

ווידער געלעכטער.

עס האָט געקענט זיין אָפּרוף פון אייגענע. ביי מיר איז פאַרבליבן אַ צייטונגס־קאָפּיע פון אַ געריכט־פאָטאָגראַפיע פון יענעם מאָמענט. אַליין שוין אויף דער פריי, איז עמאַ גאָלדמאַן געקומען באַזוכן בייוואוינען וואָס עס גייט זיין מיט אונדז. עטלעכע פריינט אירע האָבן זי באַגלייט. זיי זיינען געזעסן

אין דער נעקסטער ריי גלייך הינטער אונדז, די צוויי אַדוואָקאַטן און די צוויי אָנגעקלאָגטע. לויט דער פאָטאָגראַפיע איז אויסגעקומען, אַז עמאָס קאָפּ איז נאָנט צו מיין פּלייצע, ווי זי וואָלט מיר געזאָגט אַ סוד. דאָס בילד איז געווען אָפּגעדרוקט דעם נעקסטן טאָג מיטן צושרייב —

...עמאַ גאָלדמאַן און איר נייעסטער געליבטער...

מיר געדענקט זיך אַ קורצער מאָמענט מיט הוגאָ פּענטעקאָסט, זייט־ביי־זייט מיט מאיר לאָנדאָן. ער האָט זיך דערלויבט מער סאַטירע. ער האָט געזאָגט דעם ריכטער, אַז ער וויל דורך אים דאַנקען דער געהיים־פּאָליציי פאַרן אַרעסטירן די צוויי יונגעלייט, און פאַרן באַהאַנדלען זיי מיט אַ פּרואוו אַרויסציען זייערע קעפּ פון די פּלייצעס מיט איבערברעכן זייער געניק, אַ זאַך וואָס ביז איצט איז נישט געווען בירגערלעך באַוואוסט אַז ניו־יאָרק האָט ביי זיך אַ ווינקעלע פון דער ביבלישער „סדום״.

דער ריכטער האָט דערויף בלויז רעאַגירט —

...אַוודאי ווייסט דער יוריסט וואָס צו טאָן דערמיט... ברענגען פאָרמעלע קלאַגעס...

און פּענטעקאָסט האָט באַלד אָפּגעענטפערט —

...איכ׳ל עס טאָן... איכ׳ל עס טאָן...

אויך אַ קורצע שריפט פון לינקאָלן סטעפענס האָט פּענטעקאָסט פאָרגעלייענט; ער האָט געזאָלט רעדן ביי דערזעלביקער פאַרזאַמלונג, און פּאָליציייִשער אָנפאַל האָט עס צעשטערט. דער ריכטער האָט געאַנטוואָרטעט: לינקאָלן סטעפענס צילט מסתמא אָנצוזאָגן, אַז ער איז גרייט אויפצוטרעטן אַלס עדות, וועט ער עס קענען טאָן ווען די גאַנצע זאַך וועט ווערן איבערגעשיקט צו אַ פּיל־העכערן געריכט מיט יוריסדיקציע צו אורטיילן די לעגאַליטעט פון אַזעלכע פאַרזאַמלונגען אין ליכט פונעם אַנטי־אַנאַרכיסטן־געזעץ.

און דאָס האָט ער געטאָן, דער פּאָליציי־ריכטער. און ס׳האָט געמיינט, אויך מיר וועלן אָפּגעשיקט ווערן צום העכערן געריכט. נאָר ער מוז באַשטימען אַז מען זאָל אונדז פאַרנעמען צום „טומבס־פּריזאָן״, סיידן מיר קענען צושטעלן, יעדער באַזונדער, אַ סומע געלט פאַר „בעיל״ — די סומע פון צוויי טויזנט דאָלאַר, יעדער.

צוויי טויזנט דאָלאַר דעמאָלט איז ווי היינט צוואַנציק טויזנט. אַזוי־פיל? די אַדוואָקאַטן האָבן געפּרואווט אַראָפּדינגען. עס איז געבליבן, זיי קענען אויפנעמען מיט דער פּאָליצייִשער באַלעבאַטישקייט ביים „טומבס־פּריזאָן״.

אַ קליינע סצענע בעת יענע מינוטן —

פענטעקאָסט רעדט צו אונדז באַהאַרצט־זיסע רייד. נישט זיין פּאַר־צווייפלט. מ׳וועט פירן אַ קאַמף פאַר אַ קלענערן „בעיל״, און פאַר אונדזער גאַנצער פרייהייט. מיר וועלן הערן פון אים. צו מיר פערזענלעך זאָגט ער, אַז ער וועט טאַקע באַלד רעדן צו ש. יאַנאָווסקין. מאיר לאַנדאָן, ווידער, האָט אויף אונדז געשריגן. נאָר עס איז געווען אַ געשריי פון אַן עלטערן ברודער, צי גאָר פּאַטערלעך. אַזוי איז געווען זיין נאַטור. איך האָב עס געמערקט אין אים צענדליקער מאָל אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן בעת קריזיס־מאָמענטן אין סטרייקס. ער פלעגט זיך צעשרייען נישט אויף די פּאַר־אורזאַכערס פונעם קריזיס, נאָר אויף די, וועלכע פאַרלירן דעם וועג איבער־צוקומען. דערפאַר האָבן מיר אים טאַקע ליב געהאַט, פּשוט ליב געהאַט. צו מיר האָט ער, פאַר מיין ווערן אַריבערגענומען צום „טומבס־פּריזאָן״, אַ זאָג־געטאָן מיט אַ טענה: פאַרוואָס בין איך נישט געבליבן אַ ישיבה־לערנער אין ליטע? און ער האָט זיך באַלד צעלאַכט, און אָנגענומען מיינע בײדע הענט.

מיר האָבן געהאַט אַ שווערע מינוט ביים ווערן צעשיידט, סוואַרץ און איך. מ׳האָט אים גענומען צו אַ צעל אויפן צווייטן עטאַזש פון טומבס־פּריזאָן; מיך צו אַ צעל אויפן פערטן עטאַזש. מיר האָבן ביידע זיך געטרייסט, אַז ווער עס וועט קומען צו וועמען פון אונדז, וועט עס, פאַרשטייט זיך, זיין צו ביידן.

איך בין באַלד אַריין אין מיין פערזענלעכער פּריזאָן־דראַמע.

מענטשלעכעס און יידישעס.

געבליבן אַליין אין אַ צעל מיט בלויז אַ בעטל, צוגעשמידט צו דער וואַנט; און אַ קליין טישל, צוגעשמידט צו דער וואַנט; און אַ קראַן וואַסער, צוגעשמידט צו דער וואַנט; און אַזוי אויך אַן אָפּטריט מיט אַ צודעק. איך וואָלט געדאַרפט אַוועקפאַלן שלאָפן נאָכן גאַנצן מעת־לעת דורכלעבונגען, אָבער נישט געקענט. מיין דראַמע האָט מיך געהאַלטן וואַך.

אָט בין איך אַ טאָג פריער געווען אַזוי פריי אין זיך, און אַזוי בנחתדיק, מיט אייגענע אַרבעטס־חשבונות, און אַן אַריינשרייבן זיך אין אָוונט־קורסן צו לערנען ענגלישע ליטעראַטור, און אַ פיינע דירה זיך איינגעשאַפט — און פון אַלץ ווערט גאָרנישט, גאָרנישט...

ווער ווייסט, ווי לאַנג איך וועל זיין אין דער טורמע?...

און דאָס איז נישט אַלץ, ווייט נישט אַלץ. דער מח שפּאַלט זיך מיר.

איך האָב זיך געכאַפּט: דער אַנטי־אַנאַרכיסטן־געזעץ, וואָס אין דעם בין איך אַריינגעוויקלט, האָט אַ פּונקט —

אויב איינער פאַרנעמט זיך מיט אַנאַרכיזם אין זיינע ערשטע דריי יאָר אַלס אימיגראַנט, און ער מאַכט נישט קיין פאַרזוך אַרויסצוגעמען די „ערשטע פּאַפּירן" פאַר בירגערשאַפט, זאָל ער ווערן אַרויסגעשיקט פון לאַנד צוריק צו זיין היימלאַנד, פון וואַנען ער איז געקומען...

עס איז ווי אַנגעמאָסטן פאַר מיר, האָב איך זיך געזאָגט מיט אַ ברען אין מיין מח. ווען איך וועל ווערן פאַרגעבראַכט פאַרן העכערן געריכט, וועט מען פאַנאַנדערנעמען מיינע דריי יאָר אין אַמעריקע, מען וועט ציילן די טעג, און איך קען פאַראורטיילט ווערן: אַרויס פון די פאַראייניקטע שטאַטן!... און עס וועט דאָך הייסן: אַמעריקע וואַרפט מיך אַרויס!... און איכ'ל צוריקקו־מען קיין שקוד!... און מיין טאַטע־מאַמע?... און די גאַנצע פאַמיליע אונ־דזערע?...

איך האָב זיך געפּייניקט אין מיינע אייגענע טראַכטענישן, געציילט מיינע טעג פון דער ערשטער וואָך אין מאַי, 1904, ביז איצט אין 1907; און אין די געדאַנקען מיינע איז צוגעקומען נאָך שאַרפערעס, ערגערעס.

פאַרן אַריינפאַלן אינעם פּריזאָן־אומגליק, האָב איך געהאַט באַקומען אַ בריוו פון דער היים מיטן אָנווייז פון מיין פאָטער, אַז מיין ברודער מאָטל רייזט אָפּ קיין אַמעריקע און, פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל אים אָפּנעמען פון דער שיף. איז — וואָס וועט זיין ווען איך וועל זיך נאָך אייגעפינען אין טורמע בעת זיין אָנקומען?... און צי וועט נישט מיין אַנאַרכיסטישע „קעיס" רעפלעקטירן אויף אים, און מ'וועט אים נישט אַריינלאָזן אין לאַנד, און מיך אַרויסטרייבן!...

דריי טעג זיינען אַזוי אַוועק מיט כלערליי ביטערע חשבונות, אָנצינדע־נישן אין מח, און אַ שטילן האַרץ־געוויין, און אַ גאַסט איז געקומען צו מיר, אַ ליבער גאַסט, אַן ערן־גאַסט —

...אַלעקסאַנדער בערקמאַן...

ער, דער מאַרטירערשער העלד פון אַמעריקעס אַנאַרכיזם, וועלכער איז געהאַט אָפּגעזעסן אין אַ פּיטסבורגער טורמע אַרום פערצן יאָר. ער איז גע־קומען אין יאַנאָווסקיס נאָמען, אַז מען טוט אַלץ צו קריגן „בעיל" פאַר מיר, און ער האָט מיר געבראַכט צווייערליי נייעסן.

איינס צו מיין צופרידנקייט — וואָס מיין פּראָפעסאָר־קרוב איז נישטאָ

אין לאַנד, ער וואָלט אַוודאי געקומען מיך העלפן. ער איז ביי אַ קאָנגרעס פון כעמיקערס אין קאַנאַדע, און פון דאָרטן וועט ער אפשר רייזן פאַר אַ פאָר וואָכן קיין לאָנדאָן.

דאָס צווייטע, אַ ביטערע אַנטוישונג — סוואַרץ איז שוין נישט מער אין „טומבס־פּריזאָן". גלייך אויפן צווייטן טאָג האָט בענדזשאַמין ר. טאָקער פונעם זשורנאַל „ליבערטי" געשיקט אַ פאָרשטייער מיטן „בעיל" פאַר אים. סוואַרץ איז אים נאָגנט געווען, און ער האָט געהאַט מעגלעכקייטן, האָט ער זיך פאַר אים איינגעשטעלט.

און איך הער פון בערקמאַנען, אַז יאַנאָווסקי איז אויפגערעגט. ער קאָנטראָלירט זיך נישט אַנצושרייבן אַ ביטערע אַטאַקע אויף טאָקערן. יאַנאָווסקי באַשולדיקט אים אין אַ מיאוסן סנאָביזם קעגן אַלץ, וואָס קומט אַרויס פון יידישן אַנאַרכיזם. ער האָט זיך אַזוי אָפּגעקערט פון דער באָוור־שאָוער־טראַגעדיע. און איצט אין פונאַנדערגעמען סוואַרצן און מיך.

נאָר אַ מתנה פון יאַנאָווסקין האָט ער מיר אויך געבראַכט, בערקמאַן — אַ זעקל שטיקלעך צוקער...

ס'איז געבליבן פונעם לעצטן „בויערן־באַל", וואָס די „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט יעדן יאָר. זאָל איך עס נוצן מיט דער קאַפע וואָס מען קריגט אין „טומבס־פּריזאָן" און עס איז ווי אַ חלשותדיקע ציקאָריע. און איך זאָל עס אויך געבן וועמען פון אַנדערע אַרעסטאַנטן. זיי וועלן זיין אין גוט־פריינטשאַפט מיט מיר.

בערקמאַנס וויזיט איז מיר גאָר שטאַרק ליב געווען. איך האָב אים דערציילט פון מיין פערזענלעכער דראַמע. ער האָט מיר פאַרזיכערט, ער אַליין וועט זיך איצט אַריינלאָזן אין מיין גורל. ער וועט עס אויפנעמען מיט פענטעקאָסטן און מאַיר לאָנדאָן.

אַ פולע וואָך איז אָפּגעגאַנגען, און עס איז מיר אויסגעקומען איך גיי „זיך אַריינלעבן" אין דער ספּעציעלער טורמע־אַטמאָספער. געבויט אין דער ברייט, ווי אין דער הויך, איז אויף יעדן עטאַזש אין טומבס־פּריזאָן געווען איינגעשטעלט אַן אַרעסטאַנטישער „שפּאַציר־וועג" אַרום־און־אַרום אַלע טורמע־קעמערלעך. די „שפּאַצירן", צוויי מאָל אַ טאָג, אַ האַלבע שעה יעדעס מאָל. מ'איז געגאַנגען זאַלבעצווייט, איינער ביים אַנדערן, און ניט אַלעמאָל דיזעלביקע „שותפים". פאַרשטייט זיך, ביים „שפּאַציר־וועג" זיינען געווען צעשטעלט טורמע־פּאָליציאַנטן מיט זייער פאָרמעלער אָנטועכץ, זייערע פּאָליציי־קלאָבס

און רעוואָלווערן אויף די היפטן, אויפפּאַסערס עס זאָל נישט ווערן אַ וועל־כער געשלעג צווישן די „שפּאַצירנדיקע טורמע־בירגער". עטלעכע מאָל איז מיין שותף יאָ געווען דערזעלביקער. און פאַראַן אַרום דעם אַ ליב מעשהלע פון ווייט־שפּעטערדיקע יאָרן.

אַ סקאַנדינאַווישער סטודענט פון דענמאַרק איז ער געווען, יענער „שותף" מיינער אויפן אַרעסטאַנטישן „שפּאַציר־וועג". צוויי קעפּ העכער פון מיר, און בלאָנד, און מיט וואונדערלעך גרויסע, ברייט־צעעפנטע, לאַכעדיקע, בלויע אויגן. זיין סקאַנדינאַווישער דייטש און מיין יידיש מיט האַלב־דייטש האָבן זיך געפּאָרט. ער האָט געוואָרט אויף אַ משפּט, ווייל ער האָט זיך געהאַט אַריינגעגנבעט אין אַמעריקע, וואָרים ער איז באַגאַנגען אַ זינד אין קאָפּענ־האַגן. ס'האָט מיט אים געהאַט צו טאָן דער ניו־יאָרקער קאָנסולאַט פון קאָ־פּענהאַגן, אויך ניו־יאָרקער קרובים זיינע. מיינס אַ ציטירן פאַר אים אַ הומאָריסטיש ווערטלעריי ביי קינדער פון מיין ליטווישן שקוד נאָענט צו די דייטשע גרעניצן, האָט אים אַזוי אַמוזירט, אַז איך האָב עס געמוזט איבער־זאָגן עטלעכע מאָל, און ער האָט זיך עס אויסגעלערנט, און דאָס נעקסטע מאָל האָט ער מיך באַגעגנט מיטן זעלביקן ווערטלעריי —

... הער פאָן האַגן,
מאַג איך פראַגן,
וויפיל קראַגן
זי געטראַגן
אין דעם שטאָט פון קאָפּענהאַגן? ...

דעמאָלט האָב איך אים אויך געזאָגט אַז אין אונדזער יידיש ליטעראַטור האָבן מיר אַן איבערזעצט עסיי פון געאָרג בראַנדעס, און אַז ער איז אַ וואַ־רעמער פאַרערער פון יידישע דיכטערס. מיין שפּאַצירנדיקער טורמע־שותף האָט דערפון געלויכטן. און יאָרן־יאָרן וויטער, ליבער לייענער, איז דערפון אַרויסגעקומען ווי אַ סאָרט פאַנטאַסטיש מעשהלע —

ביי דער פּאָליטישער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד (1924) צו נאָמינירן דעם סענאַטאָר ראָבערט לאַפאַיעט פון וויסקאָנסין פאַר פּרעזידענט, געשטיצט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, בין איך געווען דער אַריינגעמעלדעטער קאָרעספּאָנדענט פון „פאָרווערטס"; און ביים פּרעסע־טיש האָט זיך געזעצט אויך אב. קאַהאַן, הגם פון די איינגעלאַדענע ערן־געסט ביי דער קאָנווענשאָן; און מיט אונדז איז געזעסן אויך נחום כאַנין, הגם אַ דעלעגאַט צו דער קאָנ־

ווענשאָן פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד; האָט פלוצלינג זיך באַוויזן אַ מיטגליד פונעם קאָנווענשאָן־קאָמיטעט, הויך און שלאַנק, און פּאַסן האָר זיינע גרוי, און ביי זיין נאָמען איז געווען געצייכנט דער טיטול „פּראָפעסאָר, מינעסאָטאַ אוניווערזיטעט", און ער האָט אַ פרעג־געטאָן —

...ווער איז דאָ דער האַרי לאַנג?...

איך האָב זיך אויפגעשטעלט.

ער האָט אַ זאָג־געטאָן —

...מיר זיינען ביידע געווען אַרעסטאַנטן אין ניו־יאָרקער טומבס־פּריזאָן...

יאָ, דערקענט איינס דעם אַנדערן. מיר האָבן געלאַכט. איך האָב פאַר אים פאָרגעשטעלט אַב. קאַהאַנען און כאַנינען. ער האָט געזאָגט שבחים קאַהאַנען פאַרן ווערק „דייוויד לעווינסקי". כאַנין האָט ליבלעך אַ זאָג־געטאָן קאַהאַנען —

...מיט לאַנגן טאָר מען זיך נישט אָנהייבן, ער קען די גאַנצע וועלט...

קאַהאַן האָט זיך פאַררופן: איך זאָל עס אים דערמאָנען אין ניו־יאָרק, און טאָקע אָנשרייבן מיין גאַנצן דורכלעבן אין „טומבס־פּריזאָן" מיטן פּראָפעסאָר פון מינעסאָטאַ. מחמת כסדרדיקער פאַרנומענקייט איז עס געבליבן נישט געשריבן.

נו, איך בין אַוועק פון מיין טורמע־געשיכטע. דער „טומבס־פּריזאָן" איז מיר געוואָרן אַביסל וואַרעמער דורך מיין סקאַנדינאַווישן שותף. דערצו איז געווען דערלויבט צו קריגן ביכער צו לייענען, און איך האָב זיי געקראָגן פון פריינט דורך ד"ר פּעסקין, ש. יאַנאָווסקי און אַלעקסאַנדער בערקמאַן. יאַנאָווסקי האָט געמאַכט אויך זיכער, דורך ד"ר לואיס לעווין, אַז די דירה מיינע ביי זיין משפּחה זאָל בלייבן פאַר מיר ווען איך וועל אַרויס אויף „בעיל".

נאָך אַ פריינטשאַפט. דזשעק, „היינעס לאַנדסמאַן", האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ וויזיט ביי מיר. ער האָט איבערגענומען מיין אַרבעטס־פאַרפליכטונג, און ער האָט זיך ווידער אַרויסגעשטעלט ווי אַ זעלטענער חבר. עס איז ביי אים געווען אַ האַרציקער שטאָלץ וואָס ער זעט אין מיר אַ פאַרפאַלגטן צוליב אַנאַרכיזם, האָט ער געטאָן מיין אַרבעט, און ער איז באַשטאַנען אַז ער וועט זיך טיילן מיט מיר דאָס פאַרדינטע, איך זאָל זיך ניט פילן פאַרלאָרן.

דערגאַנגען צו מיר איז אויך אַזאַ פריינטשאַפט. עס איז געווען דערלויבט צו קריגן שפּייז פון דרויסן, וואָס פריינט קענען ברענגען, און איך האָב עס

אָנגעהייבן קריגן פון דער האַרציק־וואַרעמער היים פון די איזגורס — יצחק איזגור, אַ ליבע געשטאַלט אינעם יידישן ראַדיקאַליזם מיט אייגנאַרטיק־פאַר־טיפטער אַרבעטער־אינטעליגענץ, דערוואָרבן זיך ווי איינער פון די תלמידים ביים היסטאָרישן גריגאָרי גערשוני אין די מינסקער שבת־פאַרנאַכטן, און מיטן לערנען סאָציאַלן אידעאַליזם אין אַמעריקע ווי אַ יוניאָן־אַרבעטער ביי שטרויענע קאַפּעלושן, און ווי אַ פאַרליבטער אין דער רודאָלף ראָקער־ליטע־ראַטור דורכן זשורנאַל „זשערמינאַל״ פון לאָנדאָן, און מיר ביידע האָבן אַ יאָר פריער טאַקע געגרינדעט די האַרלעמער „זשערמינאַל־גרופּע״, וואָס דער לייענער וועט דערפון זיך דערוויסן אינטערעסאַנטעס אין מיין וויטערדיקער באַשרייבונג.

די אַלע פריינטשאַפטן האָבן געמאַכט געדיכטער מיין האַרץ־דראַמע: איך בין אין אַ טורמע!... און עס קען זיך אויסלאָזן ביטער. אפשר וועט מען מיך אַרויסוואַרפן פון אַמעריקע. און אפשר וועט מען צוליב מיר נישט אַריינלאָזן מיין ברודער מאָטל אין דער נייער וועלט; און ווי וואָס פאַר אַ גייסטיקער חורבן עס וועט דעמאָלט זיין ביי מיין טאַטע־מאַמען!...

און צוגעקומען איז אַ גאָר שאַרפע שרעק. פלאָג אויף פלאָג.

געוועזן דער איינשטעל אין „טומבס־פּריזאָן״ —

זוכט פּאָליציי אַ מערדער, און פאַראַן ביי דער פּאָליציי געוויסע סימנים, און לויט זיי, ווערט אַ חשד אויף וועמען, און דער עמיץ קען זיך געפינען אין „טובס־פּריזאָן״, מחמת פאַרגלייכענישן פון פינגער־צייכנס, שטעלט מען אויס אויף אַ גאַלעריי צוועלף אַרעסטאַנטן, און ווער פון די נאָענטסטע פון קרבן, אָדער אַ געפעלשטער עדות, אָדער אַ פּאָליציי־שפּיאָן מיט גאָר ווייניק חכמה, צי מאָס ערלעכקייט, ווערט גענומען צו באַטראַכטן די צוועלף אַרעס־טאַנטן, און אַז ער ווייזט־אָן אויף וועמען — ער קען עס זיין — מוז דער אָנגעוויזענער דורכגיין כלערליי אינקוויזיציעס, און עס הייסט דעמאָלט, ער איז מסוגל צו ווערן פאַרשריבן ווי דער אפשרדיקער געזוכטער מערדער...

מ׳האָט מיך אַריינגעשטעלט אין אַזאַ גאַלעריי דריי מאָל. ס׳האָט מיר געריסן אין מח —

—...פאַרוואָס?... גאָט, אין הימל, פאַרוואָס?...

און טאָג נאָך טאָג האָב איך געהאַלטן זיך אין איין זאָגן —

...ווער ווייסט וואָס דערפון קען זיך אויסלאָזן!... אָט בין איך דאָך

אַריינגעפאַלן אין גאַנצן אַרעסט מיט אַבסאָלוטן אומשולד, פאַרוואָס נישט פאַלן ווייטער, טיפער, אין אָפּגרונט אַריין?...

אָפּגעלאָזן האָט מיך אויך נישט די מאַטערניש וועגן דער האַנדלונג פון די מענטשן ביי בענדזשאַמין טאַקערס אַנאַרכיזם. פאַרוואָס איז נישט געווען קיין שום ביסל זאָרג אויך וועגן מיר?...

שוין אַריין אין דער פערטער טורמע־וואָך, האָב איך אָפּגעשיקט אַ בי־טערן בריוו צו ש. יאַנאָווסקין. נישט, חלילה, אַ וועלכע ביטערקייט צו אים פערזענלעך. געווען אינעם בריוו אַלע מיינע שרעקן. אפשר נישט קיין קלוגער בריוו. געווען אויך שורות מיט אַ טשאַלענדזש: מ׳זאָל מיר זאָגן דעם אמת, צי מ׳קען יאָ, אָדער ניט קריגן די סומע „בעיל" פאַר מיר. אויך אַ בקשה איז געווען: דער בריוו זאָל געוויזן ווערן די אַדוואָקאַטן הוגאָ פּענטעקאָסט און מאיר לאָנדאָן, און דערפון זאָל וויסן אויך אַלעקסאַנדער בערקמאַן. ער, די האַרציקע מאַרטירער־געשטאַלט ביים אַנאַרכיזם, וועלכער האָט מיר אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אומדערוואַרטעטע וואַרעמקייט מיט זיין קומען צו מיר, הגם פאַרשטעלטערהייט מען זאָל אין „טומבס־פּריזאָן" נישט וויסן, אַז ער איז דער באַרימטער אַנאַרכיסט פון פּיטסבורגער טורמע. און אַן עצה האָב איך געבעטן: צו וועמען קען איך זיך ווענדן מ׳זאָל איבערזעצן מיינס אַן אָפּיל־בריוו צום אַמעריקאַנישן זשורנאַליזם. איך האָב געשריבן: איך גלויב נאָך אַלץ אַז אַמעריקע איז נישט קיין לאַנד, וואָס איז גערן אומצוברענגען אַ יונג־יידישן אימיגראַנטישן בחורל.

אָבער דעמזעלבן טאָג שפּעט פאַרנאַכט, אַט שוין באַלד אין אָוונט אַריין, האָב איך אָנגעהייבן זיך שעמען מיטן אָפּגעשיקטן בריוו.

אַן אומגעריכטע סצענע ביי דער אייזערנער טיר מיט גראַטעס פון מיין טורמע־קאַמערל.

איך פּרואוו פאַרטויבן מיינע שרעקן און פאַרדרוסן דורך לייענען אַן אַפּיקורסיש בוך צוגעשיקט פון אַ פריינט מיינעם ב. דובאָווסקי, אין די ווייטערדיקע יאָרן פּאָפּולער מיט זיינע מעדיצין־דאָקטאָרשע אַרטיקלען, פריער אין „מאָרגן־זשורנאַל", שפּעטער אין „פאָרווערטס". דאָס בוך „כשר און טרפה" פונעם סאָציאַליסטישן שריפטשטעלער בנימין פייגענבוים. איך בין פאַרטיפט אינעם לייענען. איך באַוואונדער דעם פאַרפאַסערס לומדות אין גמרא און אין מדרשים, אין רמב״ם און אין „שולחן־ערוך", אָבער איך פרעג זיך פאַרוואָס ליגט אין זיין גרויסן וויסן עפּעס אַזוינס ווי רוגזה? און אַט

דערהער איך גאָר אַ קלונג פון די טורמע־שליסלען ביי מיין קעמערל־טיר מיט די גראַטעס.

איך זע דער וואָרדען נעמט עפענען. איך פיל די אויגן מיינע רייסן זיך אויף —

...וואָס גייט דאָ זיין?...

איך פאַרשטיי קוים די ווערטער זיינע —

...נעם אַלץ וואָס דו האָסט דאָ, און קום!...

איך וויל פרעגן: וואוהין פירט מען מיך?

דער וואָרדן ווידערהאָלט —

...מאַך עס גיך... נעם אַלץ וואָס דו האָסט דאָ, און גיי נאָך מיר...

ער קוקט אויף זיינס אַ זייגערל, און גיט אַ זאָג —

...אויב עס וועט געדויערן מער ווי פינף מינוטן, וועסטו מוזן דאָ בלייבן איבער נאַכט... מען וואַרט אויף דיר אונטן...

איך האָב גענומען אַריינכאַפּן וואָס פון מיינע זאַכן אין אַ פּאַפּירענעם זעקעלע. איך האָב אַרויפגעוואָרפן אויף זיך מיין רעקל און אַריינגענומען אין די קעשענעס הויפנס שטיקלעך צוקער וואָס יאַנאָווסקי האָט געהאַט מיר צו־געשיקט דורך אַלעקסאַנדער בערקמאַן, אָבער פאַרגעסן צו נעמען אַ ניי ווייס אויבערהעמד, אַ מתנה צו מיר פון יצחק איזגורס היים, זיינס אַ שוועגערין, מערי סידאָרסקי, אין שפּעטערדיקע יאָרן, די מוטער פון מיין טאָכטער נאַאָמי (נעמי). און פאַרגעסן האָב איך אויך דאָס פייגענבוים־בוך, וואָס איך האָב אָקאָרשט געהאַט געלייענט. און נאָך אַ בוך: אַלעקסאַנדער האַרקאַווים ענג־ליש־יידיש ווערטערבוך.

נאָר אָט גיי איך נאָכן וואָרדן. ער נעמט מיך אין זיין אָפיס, און איך דערזע פנימער, וואָס פאַרכאַפּן מיך. איך מיין אַז איך חלום —

...מאיר לאָנדאָן, אַלעקסאַנדער בערקמאַן, ד״ר פּאָול קאַפּלאַן פון „עם־עולם" און פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, און עמיץ אומבאַקאַנט...

ליידער, ליידער, זיין נאָמען איז מיר אַרויס פון זינען. מאיר לאָנדאָן וויזט־אָן אויף אים —

איך מעג אים זאָגן אַ דאַנק. ער גיט פאַר מיר אַ „משכון" זיין גאַנצע דרוקעריי.

דערביי חוזקט ער, מאיר לאָנדאָן —

...צוויי מיליאָנערן האָבן עס אויסגעפועלט ביי אים... דער מיליאָנער

יאַנאָווסקי, ער דרוקט ביי אים די „פרייע אַרבעטער שטימע״; און דער „עם־עולמ׳ניק״־מיליאָנער פון קאָלאָניע־חלומות אין דער וועסט...

איך האָב שוין לאַנג, דוכט מיר, נישט געהאַט געזען אַזעלכע לאַבעדיקע פנימער. דער וואָרדן טרעט־אָפּ. ער לאָזט אונדז אַליין. איך נעם הערן פון מאיר לאָנדאָן ווי עס האַלט מיט מיר, און וואָס איך האָב צו טאָן.

אייגנטלעך בין איך שוין פריי. און נישט מען דאַרף אַ סומע געלט „בעיל״ פאַר מיר, און נישט עס וועט זיין אַ משפּט. די דרוקעריי אַלס אַ „משכון״ איז בלויז אַ צייכן פון זיכערקייט, אַז איך וועל נישט ווערן משוגע און אַנטלויפן פון אַמעריקע ביז דער געריכט וועט, לויט אַ פאַרשטענדיקונג, אויפנעמען די צוגעגרייטע פּאַפּירן פון מאיר לאָנדאָן און הוגאָ פּענטעקאָסט. איך מוז דערפאַר זיין מאָרגן אין דערפרי אין לאָנדאָנס אָפיס אונטערצושרייבן איינס פון די פּאַפּירן. מיין געוועזענער „חבר־אַרעסטאַנט״ סוואָרץ וועט אויך זיין. פּענטעקאָסט אויך. וואָס עס זאָגט זיך אין די פּאַפּירן, וועל איך הערן מאָרגן.

דאָס אַלץ, און נישט מער.

איך האָב געוואָלט לאַכן, איך האָב געוואָלט וויינען.

דער מענטשלעכער מענטש מאיר לאָנדאָן, און פּונקט אַזאַ מענטשלעכער מענטש אַלעקסאַנדער בערקמאַן,ביידע האָבן געוואָלט וויסן צי איך האָב ביי זיך גענוג קליינגעלט פאַר „קאַרפער״ קיין האַרלעם צו מיין שטום וואַרטנדיקער דירה, און אויך אויף צו קענען קומען מאָרגן צו מאיר לאָנדאָנס אָפיס. ביידע האָבן זיי אויסגעשטרעקט צו מיר הויפנס קליינגעלט. פּאַרטיפּטע מענטשלעכקייט. אַ שטיל טרער האָט מיך געוואַרעמט.

## כ

גוטער מזל מיינער איז צוריקגעקומען. דעם נעקסטן טאָג אין מאיר לאָנדאָס אָפיס בין איך שוין געווען באַרואיקט, און האָב וואָס געלערנט צו געדענקען עס אין אַלע וויטערדיקע יאָרן —

...אַז אין אַמעריקע גילט נישט בלויז איין קאָליר, ענטוועדער שוואַרץ, אָדער ווייס...

...אַז אַ רעגירונגס־מענטש קען גלייכצייטיק זיין אַ בונטאַר...

...אַז דער גורל פון אומבאַוואוסטע נעמען, טאַקע פון די טיפענישן פון פאָלק, קען זיך צונויפקומען מיט די סאַמע באַרימטקייטן, אַפילו מיטן פּרע־זידענט פון לאַנד...

...אַז גאָר פיינע לייט און גרויסע מאמנים אין פרייהייט און מענטש־לעכע רעכט, קען מען געפינען „אויך" ביי „קאַפּיטאַליסטן", און אַפילו ביי פּאָליציי־אָנפירערס...

די גאַנצע צייט פון איינהערן־זיך מיט יעדן אָטעם אין מאיר לאָנדאָנס לייענען און טייטשן פאַר אונדז די צוגעגרייטע פּאַפּירן, איז מיר יעדע ווילע דורכגעלאָפן אַ טראַכט: וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע אַרבעט עס איז געוואָרן אָפּגעטאָן שטילערהייט בעת מיינע נאַרישע אַרעסטאַנטן־טעג אין שרעקן. הינ־טער די פּאַפּירן האָט געאָטעמט אַרבעט פון באַרימטן שריפטשטעלער לינקאָלן סטעפענס צו דערגיין צו פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט, וואָס דורך זיין ערשטן פּרעזידענט־מעסעדזש נאָכן מעקינלי־מאָרד האָט דער קאָנגרעס איינ־געשטעלט דעם אַנטי־אַנאַרכיסטן־געזעץ. ער דאַרף לאָזן הערן פון זיך, אַז דאָס טאָר אויף קיין אופן נישט צילן צו פאַרוואַנדלען די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַ פּאָליציי־מדינה. און געאָטעמט הינטער די פּאַפּירן האָט אויך די פּענ־טעקאָסט־אַרבעט, אַז דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק מוז אויפהערן אַריינשטעלן געהיים־פּאָליציי אין אַ בירגערלעך־אָנאַנסירטער פאַרזאַמלונג, און אַז די סיסטעם וואָס איך רוף־אָן „ראַפּסקי־האַנט" ווערט פאַרדאַמט און באַזייטיקט אין אַלע אירע פאָרמען. און מיט דעם אַלעמען האָט מאיר לאָנדאָן אַפילו געהאַט אין זינען צוצוגרייטן אַ מעלדן „האַיאַס" אויפצונעמען מיין ברודער, טאָמער ווייזט זיך אַ שוועריקייט איבער מיין אַרעסטירט ווערן. און דאָס אַלץ איז דאָך געטאָן געוואָרן אין לויטערן גייסט פון אידעאַליסטישער הילף צו די אין שלי־מזל, וואָס האָבן געקענט ווערן מאויםדיקע קרבנות, הגם אין אַבסאָלוטן אומשולד. מיין יראת־הכבוד פאַר זיי אין פרימסטן שטייגער.

דאָ בעט זיך אַ באַמערקונג. אַ מאָראַלער אָפּמאַך איז געווען צווישן מאיר לאָנדאָן, הוגאָ פּעטנעקאָסט און ש. יאַנאָווסקין צוריקצוהאַלטן זיך פון עפנטלעכע דערקלערונגען, אָדער פּראָטעסטן, בכדי אויסצומיידן פּערזענלעכע בייזקייט. בלויז איין מאָל איז געווען אָפּגעדרוקט אין „פרייע אַרבעטער שטימע" אַ ציטאַט פון מיינס אַ בריוו צו ש. יאַנאָווסקין נישט וועגן דער זאַך אונדזערער, נאָר וועגן זונטיקדיקע קירך־געזאַנגען אין „טומבס־פּריזאָן", וואָס דערמיט איגנאָרירט מען דעם סעפּאַראַ־ציע־געזעץ פון רעליגיע און מלוכה. נאַריש יינגל וואָס איך בין געווען, אַז דאָס זאָל מיר אויך זיין אין זינען...

ווי אַ וויסטער חלום איז אַוועק די מעשה טורמע, און די ווייטערדיקע

טעג מיינע זיינען צוריק אַריין אין דער פריערדיקער סביבה, וואָס דער פאַר־נעם אירער איז דעמאָלט געהאַט געוואָרן שטאַרק פאַרגרעסערט.

עס איז געשטיגן אימיגראַציע פון ישיבה־לערנערס. דורכפאַל פון די רוסישע בונטן (6־1905) און גלייכצייטיק פאָגראָם־כוואַליעס האָבן געשטויסן יוגנט־אויסוואַנדערונג פון צאַרן־לאַנד. באַרימטע ישיבות זיינען געוואָרן פאַר־קלענערט. איך האָב אָנגעטראָפן „סלוצקער" און „סלאָבאָדקער", אויך „טעל־זער" און „מירער" און „לידער" און „לאָמזשער", אויך „וואָלאָזשינער", אַפילו „ווילנער". און ס'האָט זיך צונויפגענומען אַ מערקווירדיקייט.

זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, מיטגעבראַכט העברעאישעס, אָבער באַלד אַריינ־גענומען אין זיך —

זיי ווילן לערנען די וועלט און איר מאָראַל דורך יידיש.

געשולטע מוחות אין פלפול איבער מענטשלעכע אינטערעסן, נויטן, גלוסטן, גוטס און שלעכטס, קדושה און טומאה, לויט תלמודישער אגדה און הלכה, ווילן זיי אינעם וויטערן גייסטיקן לעבן מיט יידיש זיך באַקענען אויפן זעלבן שטייגער מיט די גרויסע וועלט־אידייען וואָס שייך מענטש און אמונה און מאָראַל.

צום השכלה־וועג האָבן זיי נישט געפּרואווט גיין.

משכילישע ליטעראַטור האָט זיי כסדר באַליידיקט, געשפּילט אויף זיי חוזק־געלעכטערס, אָדער ביטול. און עס איז זיי בפירוש נישט געווען, נישט צום זינען, נישט צום האַרצן, דאָס משכילישע אַרויסשטעלן פאָלקס־טראַדי־ציעס ווי יידישקייט וואָלט געווען אַ וויסטער, ווילדער האָטנטאָטנשער לעבנס־סדר.

רעספּעקט האָבן זיי יאָ געפונען דווקא ביי די אָפּגעטראָטענע פון השכלה, ביי די סאָציאַליסטן, ביי די אַנאַרכיסטן, ביי די, וואָס לויט היינטיקע טער־מינאָלאָגיעס, קען מען זיי אָנרופן אינטעליגענץ ביי סעקולערער יידישקייט, בשום אופן נישט, עס זאָל קענען זיין אין אַ וועלכן זין אַ דערווייטערן זיך פון יידיש פאָלקסלעבן, אָדער יידיש קולטור. פאַרקערט. דווקא דער סאָ־ציאַליסט, דער אַנאַרכיסט, מאָנט יידיש באַוואוסטזיין, און אַז מיט פרייהייט דאַרף קומען זעלבסטווירדע.

נאָך אַ מערקווירדיקייט גדענקט זיך ביי יענער ישיבהשער אימיגראַציע. אַריינלאָזן זיך אין לערנען וועלט־לעבן און וועלט־קולטור דורך שריפטן אין יידיש האָט געצילט מער צום אַנאַרכיזם, ווי צו אַמעריקעס סאָציאַליזם.

עס האָט געהאַט אַ דערקלערונג. דעם אַנאַרכיזם איז געווען לייכטער תופס־צו־זיין.

אויפנעמען סאָציאַליזם האָט שוין באַטייט, אַז מ׳האָט צו טאָן מיט רע־אַליטעטן, מיט בירגערשאַפט, מיט פּאַרטיי, און אַמעריקעס סאָציאַל־פּאָליטישע סטרוקטור איז דעם יידישן אימיגראַנט דעמאָלט דערשינען ווייט און פרעמד. בעת דער אַנאַרכיזם האָט בלויז איין זאַך — פרייהייט; אומגעצוימטע פריי־הייט, נישט געבונדן אַפילו צו בירגערשאַפט, אַ „פרייער פויגל״, אַ יידיש „פרייער פויגל״; דער עיקר איז גייסט, אַ וואָס רייכערע יידיש ליטעראַטור; עס איז לייכט און געשמאַק מיטצופליען.

די נייע מחנה לייענערס מיט אייגן־פיינער רוחניות האָט באַרייכערט די אַטמאָספער פונעם שפּעטערישן אינטעלעקטואַל, דענקער און שריפטשטעלער, פון פריערדיקן אימיגראַציע־דור, און עס האָט זיך אָנגעהייבן די לויכטנדיקע תקופה פון אַ ניי, גייסטרייך, יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט איינגעשלאָסן אי סאָציאַליסטישע, אי אַנאַרכיסטישע, אי נאַציאָנאַל־יידישע וואָרט־פירער־שאַפט.

אידעאָלאָגישער איינשטעל האָט זיך געמערקט בלויז אין פּעליטעטאָניס־טישן „קיבעץ״. דאָס היסטאָריש־וויסנשאַפטלעך קאַרל מאַרקס־ווערק „קאַפּי־טאַל״ האָט אַריינגעטראָגן אין יידיש דער אַנאַרכיסט ד״ר פ. מעריסאָן. די פּאַרטיפּסטע פּאָעטישע אָפּשאַצונג פונעם אַנאַרכיסטישן וועלט־קעמפער מי־כאַיל באַקונין האָט געשריבן דער יידיש־געבענטשטער דיכטער און יידיש־געקרוינטער סאָציאַליסטישער פּובליציסט, אברהם ליעסין. ש. יאַנאָווסקיס גרויסער נצחון איבער די אייגענע אַנאַרכיסטישע שריפטשטעלערס, וועלכע האָבן אים געהאַט באַיקאָטירט אַלס רעדאַקטאָר, איז געקומען דורך באַווייזן, אַז דווקא מיט אים קומען אַריין אין „פרייע אַרבעטער שטימע״ אַזעלכע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע באַרימטהייטן ווי פיליפּ קראַנץ, און יצחק אייזיק הורוויץ (מיטן לאַנגן נאָמען זיינעם: יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי). און דער סאַמע שטאָלץ, יאַנאָווסקיס, איז געווען די מיטאַרבעטערשאַפט פונעם דענקער אחד־העמיסט, ד״ר איסר גינזבורג.

מיין אינטערעס איז, פאַרשטייט זיך, געווען ביים לייענער־עולם ווי איינער פון דער מחנה. און מיר האָבן אינעם לאַגער אַריינגעטראָגן אָרגאַניזאַציע.

דריי צענטערס האָבן זיך איינגעשטעלט, קליין אין מאָס, אָבער פון גרויס־היסטאָרישן באַטייט.

איינס —

דער בונדישער קעלער־קלוב אויף איסט־בראָדוויי ביי קלינטאָן סטריט, וואָס פון דאָרטן זיינען אַרויסגעוואַקסן די ערשטע לאַנדסלייט־ברענטשעס ביים אַרבעטער־רינג, און וואָס צו זיי געהערט דער כבוד פון שאַפן די וואונדער־לעכע זעלבסטשוץ־באַוועגונג פאַרן אַלט־היימישן „שטעטל", אי צו האָבן וואָפן אָפצושלאָגן די צאַרישע פּאָגראָמען דורך באַגעגענען זיי אין שלאַכטן, אי צו דערהאַלטן דערביי יידישע רעוואָלוציאָנערישקייט. און דעמזעלביקן בונדישן קלוב איז גלייכצייטיק אויך באַשערט געווען פּיאָנערישקייט פאַר יידיש לעבן אין אַמעריקע, און אַמעריקע בכלל. דורך דעבאַטעס דאָרטן זיינען געוואָרן אויסגעשטריטן צווייערליי וועגן פאַר דער באַנייטער יידישער אַרבעט־טער־באַוועגונג, וואָס האָט געהאַלטן אין אויפקומען. אַ וועג אויף „ביין", און אַ וועג אויף „יאָ", און זיי זיינען געוואָרן איר כאַראַקטער פאַר אַלע ווייטער־דיקע דורות, און דער גרויסער ביישטייער אירער צו אַמעריקעס אינדוסטריע־לער וועלט. דער וועג אויף „ביין" — נישט פירן זאָל ער צום צעפלאַמטן ראַדיקאַליזם פון דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו" (אינדאָסטריעל וואָרקערס אָוו דהי וואָרלד"), הגם אָרגאַניזירט פון סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע פּלאַטפאָר־מע־מענטשן. דער וועג אויף „יאָ" — דווקא פירן זאָל ער צו באַקלערן אַ סיסטעם פון קענען פאַרענדיקן סטרייקס דורכן אַלט־יידישן שטייגער פון „דין־תורה" (אַרביטריישאָן). דער ערשטער וועג איבערן פאַרמעסט פון דער „אַי־דאָבליו־דאָבליו" אומצוברענגען די יוניאָן פון די קירזשנערס. דער צווייטער וועג מחמת די צעשלאָגענע קעפּ פון ישיבה־לערנערס אין אימי־גראַציע, סטרייקערס ביים נייען קינדערשע קליידלעך, וואָס איז געהאַט גע־וואָרן זייער מלאכה. דער אָנפירנדיקער דעבאַטאַנט ביים ערשטן וועג — וויליאַם עדלין; אָקאָרשט געהאַט געקומען ווי אַ סאָציאַליסט פון קאַליפאָרניע, און פאַרחברט מיטן סאָציאַליסטישן שריפטשטעלער דזשעק לאָנדאָן, און גע־וואָרן דער רעדאַקטאָר ביים יוניאָן־זשורנאַל פון די קירזשנערס. דער אָנפי־רנדיקער דעבאַטאַנט ביים צווייטן וועג — בנימין שלעזינגער; אָקאָרשט גע־האַט געקומען פון שיקאַגאָ, און אָנגעפירט דעם ביטערן סטרייק ביי די קינ־דערשע קליידלעך, און אים איז פאַרגעשטאַנען די גרויסע קאַריערע צו ווערן פון די וויכטיקסטע פּרעזידענטן ביי דער „אינטערנעשאָנאַל". ביידערליי וועגן, אַרויס פון יענעם בונדישן קלוב ווי אַן ערשטער טראָט צו די ווייטער־

דיקע גרויסע יוניאָן־אַנטוויקלונגען, און מיט זיי יידיש פאָלקסלעבן אין אַן אַרויפגאַנג צו די הויכע הויכקייטן.

צווייטער צענטער —

דאָס קליינע פּועלי־ציון־„אָפּיסל" אויף איסט־בראָדוויי ביי ראָטגערס סטריט, וואו צוויי יונגע בעל־מלאכהשע בחורימלעך — איינער מיטן פאָלקישן נאָמען וועלוול, אין אַ ראָל אויך ביי דער ניו־יאָרקער יוניאָן פון „קאַטערס" ביי „קלאָוקס" און אַ צווייטער מיטן נאָמען באַנטשעק, וואָס אויך אין די היינטיקע ישראל־צייטן שוועבט ער אַרום מיט האָווענישע אויף דיזעלבע וועגן — האָבן זיך געצאַפּלט אין פּלפּול מיט ישיבה־לערנערס צי עס זאָל זיין „פּאַ־לעסטינע", אָדער „מעסאָפּעטאמיע", נאָר נישט „אוגאַנדע", דער פעריאָד נאָך ד"ר הערצל און צייטווייליקן אויפשיין פון ישראל זאַנגוויל. און פון די פונקען פון אַלע יענע הייסע פּלפּולדיקע דעבאַטעס האָט אויפגעבליצט דער פּועלי־ציוניזם אין גערודער, וואָס האָט געגומען זאַמלען אַרום זיך כלערליי פאָלקס־באַוועגונגען, און דעם גאַנצן ציוניזם. און דער ערשטער וועלט־קריג איז געקומען, און דער „בראַנדייס־ציוניזם", און באַלפור־דעקלאַראַציע, און יידי־שע דורותדיקייט האָט געקלאַפּט אין אַלע טירן און פענצטער. און לעגיאָן, און חלוצים, און נישט ווייניק בלוט און טרערן, טרוים און טויט, אין פּרוואוון באַנייען ארץ־ישראל דווקא דורך סאָציאַליזם, צומאָל אויך מיטן גייסט פון אַנאַרכיזם. און פון אַלץ מיט אַן אַנדער אַרום דעם אַלעמען, און מיט דער וועלטס אַרויפוואַרפן אויף אונדז די פאָלקס־אבילות, די שחיטות, די גאַז־טויטן פון אונדזערע „זעקס מיליאָן", האָט ענדלעך געגומען זיך אויסשטעלן דער גאַנצער אבילותדיק־דראַמאַטישער וועג צו ישראלס מדינה־מלוכה־פאַר־נעם אין ירושלים, „של מעלה" און „של מטה" — ווייניג היסטאָרישעס פאַר יענעם איסט־בראָדווייער „אָפּיסל" ?...

מער.

געגאַרט האָט דאָס „אָפּיסל" אויך יידיש־אַמעריקאַנישעס. זאָרג פאַר דורותדיקן המשך דורך געבענטשט יידיש שריפטום מיט ספרים, און מיט זשורנאַליזם, און ליטעראַטור. די זאָרג איז נאָך דאָ.

דריי —

דער אַנאַרכיסטן־צענטער „זשערמינאַל" אין האַרלעם. נישט קיין קלוב, נישט קיין אָפּיס, נאָר דרייערליי היימען, און יעדן צווייטן פרייטיק־צו־נאַכט אַ לעקציע אין אַ זאַל פאַר דריי הונדערט באַזוכערס, נישט פּראָפּאַגאַנדע, נאָר

לומדות, אָנגעפּירט פון אויטאָריטעטן. היסטאָרישעס איז אין די דרייערליי היימען. יעדע מיט אייגענעם כאַראַקטער.

די היים פון די איזגורס — יצחק איזגור פון די שבת־פּאַרנאַכטיקע גער־שוני־תלמידים אין מינסק — האָט פאַרמאָגט ניגון. אַ היים מיט געזאַנג. דער פאָטער פון איזגורס פרוי איז געווען אַ חזן אין סמאַרגאָן (סידאָרסקי), האָט זי נאָכגעזונגען דעם טאַטן, אָבער דער זמר איז שוין געווען אַן אַנדערער, אַ רעוואָלוציאָנערער, אויך פאָלקס־לידער, און אַ צוגעקומען טעאַטער־ליד. איז־גורס מיטזינגען האָט געשטאַמט פון גערשוניס שבת־פּאַרנאַכטן. די תלמידים האָבן נישט געוואוסט ווער ער איז, זייער לערער אין נאַטור־וויסנשאַפט. און אוודאי האָבן זיי זיך נישט געריכט צו דערוויסן זיך געציילטע יאָרן שפּעטער אין אַמעריקע וועגן זיין וועלט־באַרימטקייט אַלס רעוואָלוציאָנער. נאָר עס איז געווען איינגעפּירט זיי זאָלן געדענקען טאָמער בעתן לערנען אין מינסק קומט־אָן פּאָליציי, זאָל מען זינגען דעם שבת־ניגון פון „יום זה מכובד״, און ניגונים ביים תהלים־זאָגן. אין דער איזגור־היים האָט געגאָלטן וואָס יעדער געווע־זענער גערשוני־תלמיד איז אַ מנגן. ווער פון די תלמידים פלעגן קומען צו די איזגורס ווי לאַנדסלייט, און זיי האָבן עס באַשטעטיקט מיט זייער איי־גענעם זינגען. און עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס אַלע זיינען זיי געווען קירזשנערס, צי ביי היטלען, אָדער ביי שטרויענע קאַפּעלושן, און וואָס גע־קומען קיין אַמעריקע זיינען זיי דורך ענגלאַנד, און זיי האָבן געהאַט רעקאָ־מענדאַציע־בריוו פון רודאָלף ראָקער, לייענערס זיינע, פאַרערערס זיינע; ער, דער שפּעטערישער רעדאַקטאָר ביים „זשערמינאַל״, און מיטן ראָמאַנטיזם, דייט־טשער „גוי״, און ער באַרייכערט יידישע ליטעראַטור מיט סאָציאַל־פילאָזאָפיע, און מיט עסייען איבער וועלט־ליטעראַטור. און איז ווער געקומען צו איזגורס היים, איז מען ממילא געוואָרן אַ „זשערמינאַל״־אַנאַרכיסט.

די צווייטע היים, מאַקס גאָרנשטיינס — ער, הויך־געוויקסיק, יונג און בלאָנד, און תמיד מיט אַ בלום אין לאַץ. אַ פאַרדונגענעם צימער האָט אָנגע־האַלטן דווקא אַ קורץ־געוויקסיקער מיט אַ טונקל פּנים, דער יונגער פּאָעט, אב. שיינוק, וואָס פלעגט שרייבן קורצע, צוויי־פערזיקע לידער, און זיי פלעגן זיין געדרוקט, וואָך נאָך וואָך, אין „פרייע אַרבעטער שטימע״, אונטערן פּסעוודאָ־נים „בן־צבי״. ער האָט זיך געלערנט עלעקטריק־אַרבעט, און דערביי גע־האַט זיין אויסקומעניש, און אויך ער פלעגט אַרומגיין מיט אַ בלום אין לאַץ. די היים איז געווען ביי די ניינציקסטע גאַסן, און דערביי אַ איטאַליעניש

בלומען־גאָרטן, האָבן זיי ביידע זיך געקויפט יעדן פרימאָרגן אַ פריש בלום, „צוויי סענט אַ בלום". ווען־מען פון אונדז האָט געשיינט, אַז ביי זיי איז עס אַ צייכן פון אַריסטאָקראַטישקייט, אַ סימבאָל פון גייסטיקער העכערקייט. מאַקס גאָרנשטיין איז געווען פון זיין היימשטאָט אין רוסלאַנד אַ יונגער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, און ער האָט טאַקע געגלויבט, אַז זיין סטאַזש איז העכער פון אַ רוסישן פּלעכאַנאָוו־סאָציאַליסט־דעמאָקראַט, „איסקראָוועץ", און ווער רעדט שוין פון „זיין אַ בונדיסט"... דעם „זשערמינאַל"־אַנאַרכיזם האָט ער געדינט אויף אַ שטייגער וואָס האָט ביי אונדז אַרויסגערופן באַוואונדער. עס האָט געהאַט צו טאָן מיט די דעמאָלטיקע „רענט־סטרייקן", נישט צאָלן די הויכע דירה־געלט, און פאַרוואָס נישט קענען צאָלן ביסלעכווייז וואָך נאָך וואָך? אין האַרלעם האָט זיך עס אָנגעהויבן מיט דער ישיבהשער אימיגראַציע. אָן אַ באַשטימטער מלאכה איז געלט־איינקונפט קוים געווען איבערצוקומען אַ טאָג. פאַר באַלויכטעניש אין די אָוונטן האָט מען געקוקט מיט שרעק אויפן „געז־מיטער". מען דאַרף קענען אַריינוואַרפן אַ „קוואָטער". און איז געקומען צו צאָלן דירה־געלט פלעגט זיין אַ פאַרצווייפלונג. „זשערמינאַל" האָט אויסגעקליבן מאַקס גאָרנשטיין און מיך צו זיין אין די „רענט"־סיטואַציעס. מיר האָבן זיך איינגעפונען זייט־ביי־זייט מיט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי־מענטשן: פאַליאַ ניומאַן, אַ ליבע געשטאַלט אויף ביי די יוניאָן־קאַמפן אין אַלע ווייטערדיקע יאָרן, און דער אדוואָקאַט ניקאָלאַס אַליניקאָוו פון די „עם־עולם"־צייטן. מאַקס גאָרנשטיין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פועלן ביי שכנים אַריינצונעמען צייטווייליק אַ פאַרפאַלק מיט אַביסל זאַכן פון דער דירה, וואָס שטעלט זיך אין סטרייק, בכדי צו קענען זיין אויף דער וואָך: נישט לאָזן פאַרדינגען די ליידיקע דירה צו אַנדערע. אין גאָרנשטיינס באַריכטן פלעגט שפּילן הומאָר, וואָס דער כח זיינער איז „די בלום" אין זיין לאַץ און „די וואָלאָזשינער ישיבה"...

מיט דער בלום אין לאַץ האָט ער זיך געהאַלטן העכער אויך לגבי די קלאָוקמאַכערס אין זיין שאַפּ, ער איז געווען אַ „קאַטער". אגב, ער האָט געשפּילט אַ באַטייטנדיקע ראָל בעתן גענעראַל־סטרייק פון די קלאָוקמאַכערס אין יאָר 1910. מ'האָט אים אויסגעוויילט צו זיין דער פאָרזיצער איינעם סטרייקצענטער פון „קאַטערס", און ער פלעגט קריגן לויב פון דער סטרייק־אָנפירערשאַפט וואָס ער האַלט די „קאַטערס" אויף דער סטרייק־ליניע. ער האָט שפּעטער אויך געשפּילט אַ ראָל ביי דער „אינטערנעשאָנאַל" ווי אַ ווייס־פּרע־

זידענט, און ווי אַ דעלעגאַט צו קאָנווענשאָנס פון דער „אַמעריקען פעדעריי־שאָן אָוו לייבאָר" בעת דער אַדמיניסטראַציע פון בנימין שלעזינגער, און אים פלעגט זיין שטאַרק ליב וואָס ער קען הערן אינטימע רייד פון סעמועל גאָמ־פּערס. און זיינס אַ געשיכטע־בלאַט איז אויך ביים דוד דובינסקי־אויפקום אַלס אַרבעטער־פירער פאַר־עקסעלאַנץ.

נאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ מענטש מיט זיין געוואוינהייט —

יאָרן און יאָרן־לאַנג שפּעטער האָב איך אים אָנגעטראָפן אין קאַליפאָר־ניע, אָפּגעשטעלט פון יעטווידער אַרבעט וואָס שייך פּרנסה, אָבער אויס ליב־שאַפט מיט אַקטיוויטעט ביים אַרבעטער־רינג און ביים יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, און נאָך אַלץ מיט אַ בלום אויף זיין לאַץ, שוין אַן אייגן בלום פון אַן אייגן גאָרטן אין פּאַסאַדינאַ, וואָס רחל, זיין פרוי, האָדעוועט די בלומען ווי מענטשלעכע קינדער, און מיט אירע ליבשאַפטן ברענגט זי אַרויס גאָר וואונ־דערלעך פאַרשיידנאַרטיקע בלומען, און זי ברענגט זיי צו שטעלן אויף די טישן ביי יעטווידער לעקציע צו וועלכער זי און מאַקס קומען — און רחל טוט עס אויך אין איר אלמנהשאַפט.

עס איז נישט סתם פערזענלעכעס. און פאַרצייכנט זאָל עס טאַקע ווערן ווי אַ אינטערעסאַנט־היסטאָרישע זאַך. גאָרנשטיינס טאָן וואויל „זשערמינאַל" מיט בלומען האָט געשאַפן אַ מין בלום־טראַדיציע. ער האָט אויסגעפונען אַז די איטאַליענישע פאַמיליע מיטן בלומען גאָרטן איז פון איין משפחה מיטן איטאַליענישן קלאָוקמאַכער־פירער, סאַלוואַטאָרע נינפאָ. גאָרנשטיין האָט אין אַ זונטיק צונויפגעפירט עטלעכע פון אונדז מיטן נינפאָן אין דער היים פון דער איטאַליענישער פאַמיליע. זיין ציל איז געווען קריגן דורך נינפאָן בינט־לעך בלומען פאַרן קלענסטן פּרייז, און ער אַליין וואָלט עס באַצאָלט, עס זאָל זיין אַ מתנה פאַר „זשערמינאַל", און יעדער באַזוכער ביי אַ „זשערמינאַל"־לעקציע זאָל ביים טיר קענען קויפן אַ בלום פאַר אַ ניקל. עקסטראַ איינקונפט פאַרן זשורנאַל „זשערמינאַל". עס איז געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכע פריינט־שאַפט, און מער. נינפאָס יוניאָן, „לאָקאַל 48", האָט אויך אַן אייגן נאָמען, דעם פריייהייטס־נאָמען „גאַריבאַלדי". מיר האָבן געהאַט מיט אונדז אַ נומער „זשערמינאַל" מיט ראַקערס אַן עסיי וועגן די פריייהייטס־קאַמפן אין רוים. דורך אַ דריי־שפּראַכיקייט (יידיש, ענגליש און איטאַליעניש) האָבן מיר גע־לייענט פּסוקים פון דער עסיי. דער רעזולטאַט: די פאַמיליע אַליין האָט אויך אָנגעהייבן שיקן בלומען אַ מתנה פאַר „זשערמינאַל". און עס איז אָפּגעגאַנגען

אַ גאַנצער סעזאָן מיט אַ באַבלומטן עולם ביי די לעקציעס. און דער רעדנער איז, פאַרשטייט זיך, אויך געשטאַנען מיט אַ בלום אין לאַץ. און אַרויסגעקומען איז נאָך פיינערס. ניגפּאָס יוניאָן האָט געפייערט אַ יובילײ. זי האָט געשיקט באַשיידענע געלט־מתנות צו ביבליאָטעקן — קלויסטערשע און פרייע. און אַ מתנה איז אויך אָנגעקומען צום „זשערמינאַל״ מיטן שריפט דערויף — „פון גאַריבאַלדי צום זשערמינאַל״...

פון איזגורס היים איז געקומען אַ ניגון, דורך גאַרנשטיינס אַ בלום, אָבער די דריטע היים האָט אונדז כסדר געגעבן אומעט, אַ מוראדיק שווערן אומעט. עס איז די היים פון דער אלמנה שנור פונעם היסטאָרישן פאָטער פון דער אידייע צו שאַפן אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אויף גאַר דער וועלט, איי־דער נאָך דער „בונד״ איז אויפגעקומען און איידער נאָך עס האָט זיך אָנ־געהייבן די רוסיש־יידישע אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע, וואָס האָט גע־בראַכט דערצו — אהרן ליבערמאַן.

געשיכטע האָט עס פאַרצייכנט ווי אַ טראַגיש־ראָמאַנטישע זאַך וואָס ער האָט געררייזט קיין אַמעריקע מיט אַן עגונה, זי זאָל ענדלעך באַגעגענען איר מאַן אין דער שטאָט ראָטשעסטער, און ער איז נאָכדעם דאָרטן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אַ זון זיינער, אַ געשולטער שריפטזעצער, האָט אַ געוויסע צייט געלאָזט הערן פון זיך אין דער ניו־יאָרקער יוניאָן־וועלט. סעמועל גאָמפּערס איז גע־וואָרן פאַראינטערעסירט צו העלפן אים שטייגן אין דער אַרבעטער־באַווע־גונג, טאַקע ווייל ליבערמאַנס אַ זון. ער איז אָבער פּלוצלינג אַריין אין אַ „מרה־שחורה״, פאַרנומען געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, וואו ער איז געשטאָרבן. די אלמנה־שנור, אַ שניידערקע פאַר גוטע פרויען־קליידער מיט איר אַרבעט ביי זיך אין דער היים, פלעגט קומען צו די „זשערמינאַל״־לעקציעס און הערן אונדזערע באַריכטן אַז מיר נויטיקן זיך אין אַ דריטן היים־צענטער, האָט זי אונדז אָנגעבאָטן איר היים. קיינער פון אונדז האָט נישט געהאַט קוראַזש אַרויסצוואווייזן קעגנערשאַפט. גלייך ביים ערשטן צונויפטרעף האָבן מיר דערשפּירט אַז מיר וועלן כסדר זיין אין שאָטנס פון טויט: זעלבסטמאָרד פונעם היסטאָרישן אהרן ליבערמאַן, וואַנזין און טויט פונעם זון. אָבער אַרויס־ציען זיך פון דאָרטן האָבן מיר שוין נישט געקענט. אונדזערס אַ מיטגליד, דאַוויד איזאַקאָוויטש, אַ שריפטזעצער און אַ שרייבער איבער סאָציאַלע פראַגן,

אָקאָרשט געהאַט געקומען פון ענגלאַנד, האָט וועגן דעם געשריבן צו רודאָלף ראָקער. דער ענטפער —

...אַזאַ הויז טאָר מען נישט פאַרלאָזן; געשיכטע איז העכער פון טויט...

און אין דער הויז איז צוגעקומען נאָך אַ טויט־טראַגיזם. אַ שותפטע ביי דער שניידעריי־אַרבעט, אויך אַן אלמנה; איר מאַן, אַ הויז־מאָלער איז אַראָפּ־געפאַלן פון אַ „סקעלפאָלד" ביים פינפטן עטאַזש.

אַ פאַרשאָלטן הויז?

כאַראַקטעריסטישע ליכטיקייטן פון יענעם אימיגראַציע־פעריאָד זיינען צו אונדז אויך דערגאַנגען, אַפילו אין דער שטוב פון דער אלמנה שנור־ליבער־מאַן. מיר פלעגן הערן ביי אונדזערע זיצונגען וואָס עס גייט־אַן אינעם געמיש פון דער ישיבה־לערנערישער, סטודענטישער און רעוואָלוציאָנערישער איינ־וואַנדערונג. עס זיינען אויפגעקומען פאַרמעסטן צו באַווייזן, אַז וואָס די נייע דורות קענען פאַרשלאָגן פאַר גוטס און שיינקייט אין דער וועלט, האָט יידישע קולטור שוין פאַרגעשלאָגן אין די תלמודישע און בעלי־קבלהשע צייטן. צו אונדז פלעגן עס ברענגען צוויי געסט. ביידע נישט קיין אַנאַרכיסטן. איינער —

קאַרל מרמר. געקומען פון ענגלאַנד אין אַמעריקע צו ווערן דער רעדאַק־טאָר ביים „יידישער קעמפער". פאַרשטייט זיך, אַ פועל־ציון. אים איז גערן געווען באַזוכן אָפט די היים מיט שאַטנס פון היסטאָרישן אהרן ליבערמאַן. און אים איז גערן געווען אַריינצוקומען דווקא בעת אונדזער „זשערמינאַל"־אָוונט. דער טראָפּ איז געווען דיסקוסיע. יאָרן־יאָרן שפּעטער האָט מרמר פאַרלאָזן פועלי־ציוניזם, און נאָך שפּעטער איז ער אַריין אין קאָמוניסטישן לאַגער, און פאַר אַ צייט אַפילו געווען פון די רעדאַקטאָרן ביי דער „מאָרגן־פרייהייט". בעת זיינע באַזוכן ביי אונדז האָט ער מיט פיל וויסן פאַרטיידיקט דעם געדאַנק אַז די מאָדערנסטע יידישע קולטור וועט האָבן אַ ווערט נאָר ווען זי וועט זיך אָנגעבן אַלס געטרייע יורשטע פון דער אַלטער יידישער קולטור. און ער פלעגט פאַרפירן פאָלעמיקעס מיטן צווייטן גאַסט —

ד"ר פראַנק ראָזענבלאַט פון יינגערן דור פון דער פרייער יידישער אינטע־ליגענץ. אַ פאַרטייטשער פון יידישער ליטעראַטור אין דעמאָלטיקן ראַדי־קאַלן זשורנאַליזם, און אַ שרייבער אויך איבער סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגן. אַ צייט שפּעטער דער גענעראַל־סעקרעטאַר ביים אַרבעטער־רינג, און נאָך שפּעטער ביי דער אינטעליגענץ אַרום „דזשאָינט". אַ קרוב פון דער אהרן ליבערמאַן־פאַמיליע האָט ער געוואָלט מיטהעלפן און האַלטן וואַך דעם היס־

טאַרישן נאָמען. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ווער פון די שפּעטערדיקע בויער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וויל פּרוּאוון האַלטן דעם ליבער־מאַן־נאָמען אין אַ פאַרגעסנקייט. אָבער דער נאָמען פראַנק ראָזענבלאַט איז אַליין אַ ווייטערדיקער צוגאָב צו די טויט־שאָטנס פון דער ליבערמאַן־משפחה. נאָך זיין געזעלשאַפטלעכער קאַריערע אין גרויס חשיבות און מיט אַ סך איידל־קייט אין זיך, האָט ער נאָך אַ באַזוך אין באָלשעוויסטישן רוסלאַנד אַליין פאַרענדיקט זיין לעבן.

פאַרענדיקט די גאַנצע ליבערמאַנשע טויט־זאַגאַ האָט איינער פון די יונגע דורות ליבערמאַנשע קרובים און לאַנדסלייט, לעאָן אַרקין, אַ פאַרוואַלטער ביים „פאָרווערטס" אין באָסטאָן, און פאַר אַ צייט דער פּרעזידענט ביים אַר־בעטער־רינג. אים האָט וויי־געטאָן וואָס ווי אַ זעלבסטמערדער איז דער אהרן ליבערמאַן־קבר פאַרלייגט ביים פּלאָנקן אויף אַן אַלטן בית־עלמין פון אַן אַלטער יידישער קהילה אין ראָטשעסטער. ס'האָט באַטייט ווי אַן אָפּגעוואָר־פענער פון אַלע יידישע מתים. אַרקין האָט געפּועלט ביי זיינע קאָלעגן אַרי־בערנעמען דעם קבר מיט גרויס כבוד צום אַרבעטער־רינג בית־עלמין אין ניו־יאָרק. פאַראַן קאַפּיטלעך אָנשטרענגג ביים אויפמישן געשיכטע־בלעטער פון יידישן ראָטשעסטער און קאָורט־און־פּאָליציי־געשיכטע. עס זיינען דאָך שוין אַוועק גאַנצע דורות. לעאָן אַרקין האָט עס דורכגעפירט. אהרן ליבער־מאַן האָט געהאַט אַ צווייטע לוויה, אַן אמתע, יראת־הכבוד.

## 6

מיר זיינען געזעסן זאַלבעדריט: ש. יאַנאָווסקי, אַלעקסאַנדער בערקמאַן און איך. די גרופּע „זשערמינאַל" איז יאַנאָווסקין נישט געווען שטאַרק צום האַרצן. ער האָט געהאַלטן פון די נייעסן, וואָס מיר ברענגען אַריין אין יידישן אַנאַרכיזם. מיר האַלטן זיך נישט איזאָלירט. מיר באַטייליקן זיך אין דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכקייט פון יידישן ראַדיקאַליזם. מיר שיקן פאָרשטייערס צו די כלערליי קאָנפערענצן, צו וועלכע עס קומען אויך בונדיסטן און פּועלי־ציון, און די אַלע יידישע פּאַרטייען פון רוסלאַנד, און פון די יידישע דיסטריקטן פון דער ניו־יאָרקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און מיר לאָזן זיך הערן ביי די קאָנפערענצן, באַזונדערס ווען צונויפגערופן פון די פאַראייניקטע

יידישע געווערקשאַפטן מיט מאַקס פּיין בראָש וועגן באַנייען דעם יידישן יוניאָניזם. ביז אונדז איז אַזוינס קוים געווען. מען פלעגט אומעטום פאַר־בעטן יאַנאָווסקין צו קומען, אָבער נאָר מחמת זיין ליטעראַרישער און געזעל־שאַפטלעכער פּערזענלעכקייט. אַ „פרייע אַרבעטער שטימע"־אָרגאַניזאַציע איז כמעט נישט געווען. יאַנאָווסקי האָט אויך געהאַלטן פון דעם גייסט ביי דער „זשערמינאַל"־גרופּע. עס איז אים אייגנס. אַזוי פירט ער דאָך די „פרייע אַרבעטער שטימע". אַ פרייע פּלאַטפאָרמע אין פיינקייט. ער האָט אַפילו אַ זאָג־געטאָן, אַז אין האַרצן האָט ער פאַר אונדז ספּעציעלע שבחים, ווייל מיט אונדזערע אַקטיוויטעטן האָבן מיר געשאַפן פאַר אים אַ לייכטקייט אָפּצושטעלן די „יום־כיפור־בעלער" און „כל־נדרי־פאַרזאַמלונגען". אים האָט, אָבער, פאַר־דראָסן (און איז אפשר געווען גערעכט) פאַרוואָס מיר טוען עס אַלץ פאַרן זשורנאַל „זשערמינאַל" אין לאָנדאָן. זיינע ברוגזן האָבן אונדזביידן ניט צע־שיידט, הגם ביי אַ געוויסער „פרייע אַרבעטער שטימע"־פאַרזאַמלונג האָט ער אונדז ביטער אַטאַקירט. איצט האָט אַלעקסאַנדער בערקמאַן געהאַלטן ביים אָפּרייזן קיין קאַליפאָרניע צו באַזעצן זיך אין סאַן פראַנציסקאָ, וואו ער וועט רעדאַקטירן אַן ענגליש וואָכנשריפט אין טאָן פון דאָרטיקן ראַדיקאַלן יוניאָניזם, און ער האָט מיך פאַרבעטן צו גיין מיט אים צו יאַנאָווסקין פאַר אַ געזעגענען־זיך. דער שמועס, וואָס איז אָנגעגאַנגען, האָט גרויס באַטייט אַפילו איצט, נאָך סיטואַציעס אַנדערש איינגעשטעלט.

אַ באַקלאָג אין יאַנאָווסקיס רייד האָט אויפגעדעקט ממש אַ וואונד אין אַנאַרכיזם, אויך אין ראַדיקאַליזם בכלל. ער האָט גענוצט דעם אויסדרוק —

...ייד און וועלט אין אַנאַרכיזם"...

נישטאָ קיין געמיינשאַפט פון נישט־יידן ביים אַנאַרכיזם, אַפילו דענקערס און שריפטשטעלערס, מיטן אַנאַרכיזם אין יידישן לשון, די „פרייע אַרבעטער שטימע" קריגט גאָרנישט אַריין, אַפילו נישט אַ וועלכע אָנפראַגע וויאַזוי עס האַלט ביי אונדז. מען ווענדט זיך צו אונדז ענטוועדער פאַר אַביסל „פּובליסיטי", אָדער אַ פּאָר דאָלאַר פינאַנציעלע הילף, אַז אָך און אַז וויי. דער נישט־ייד, אַנאַרכיסט, זאָל ווען אַ קלער־טאָן וועגן יידיש־גייסטיקן ביישטייער, נישטאָ אַזוינס. געווען אַזוינס אויך מיטן „אַרבעטער פריינט" אין לאָנדאָן. ראָקער איז אַן אויסנאַם. און מיט ראָקערן איז דאָך דיזעלביקע זאַך. טאַקע מיטן „זשערמינאַל". ראָקער ברענגט די וועלט־ליטעראַטור צום יידישן אַנאַרכיסט; פאַרוואָס נישט אויך ברענגען די יידישע ליטעראַטור צום וועלט־אַנאַרכיסט?...

דאָס באַקלאָג איז געגאַנגען אויך צו דער היים, דאָ אין אַמעריקע. עמאַ גאָלדמאַנס באַוועגונג. דער זשורנאַל „מאַדהער אוירט". עמאַ וויל וואָס מער „פובליסיטי" פאַר אירע זאַכן פון יאַנאָווסקין; פאַרוואָס גיט זי נישט קיין קלער, אַז זי דאַרף דערציילן אירע צוהערערס און אירע לייענערס, אַז עס איז דאָ אַ יאַנאָווסקי? עס איז ביי אים אַבסאָלוט ניט פערזענלעך. ער האָט וואָס צו זאָגן אין אַנאַרכיזם, אין פירונגען פון אַרבעטער־באַוועגונג, און אין אַמע־ריקאַנישער קולטור־פראַגן. שריפטשטעלער אין „פרייע אַרבעטער שטימע" שטייען מיט הונדערט קעפּ העכער ווי יעדע אַנאַרכיסטישע שריפט קען צו־שטעלן. מען איגנאָרירט יידן, ווייל מען האַלט, זיי זיינען געטאָ־מענטשן, און וואָס קען אַ געטאָ־מענטש וויסן?... יאַנאָווסקי שפּרינגט אויף מיט אַ כעס. ער דערמאָנט די יאָהאַן־מאָסט־טעמע. ער ווערט שאַרף וועגן בענדזשאַמין טאָקערס פאַרהאַלטן זיך צום גורל באַוושאָווער. ער נעמט פאַר אַ ביישפּיל אים און מענטשן זיינע אין באַהאַנדלען מיך אין דער „בעיל־פראַגע" מיטן „טומבס־פּריזאָן". ער איז נישט געווען מחויב צו קענען מיר, אָבער האָט דאָך געקענט אָנפרעגן ביי דער „פרייע אַרבעטער שטימע", צי ביי די אַדוואָקאַטן פענטעקאָסט און לאָנדאָן. אָבער מיט אַ צעפלאַמט פּנים נעמט ער אַרויס אַן אויסשניט פון אַ ציייטונג אין דייטשלאַנד וואָס וויזט אַ באַנייאונג פון טאָ־קערס — יאַנאָווסקי רופט עס אָן „שווייַנעריי" — אַטאַקעס אויף ד״ר מאַקס נאָרדוי.

עס איז די געשיכטע פון די ביינציקער יאָרן. ד״ר מאַקס נאָרדוי האָט דעמאָלט זיך געשטעלט זייט־ביי־זייט מיט ד״ר הערצל פאַר ציוניזם, און אַ קורצע צייט פריער האָט ער פאַרעפנטלעכט זיינע ווערק „די קאָנווענציאָנעלע ליגנס פון דער ציוויליזאַציע". האָט טאָקער עס געווידמעט אַ גאַנצן נומער פון זיין זשורנאַל „ליבערטי" מיט אַן אַטאַקע פון בערנאַרד שאָו אויף נאָרדוין, וואָס אין דער אַטאַקע ווערט געזאָגט: סטייטש, נאָרדוי איז אַ פאַרשטעלטער נאָמען. זיין אמתער נאָמען איז „זידפעלד", און ער איז אַ זון פון אַ רב אין בודאַפּעסט, ראַבאַי גבריאל זידפעלד, ווי גרויס איז זיין חוצפה צו קומען לערנען אייראָפּע וועגן איר ציוויליזאַציע. עס האָט געהאַט גערוך פון אַנטי־סעמיטיזם, אפשר נישט אַזוי שאָוס שרייבן ווי אין טאָקערס אַרויסשיקן זיין ספּעציעלן זשורנאַל צו יעטווידער ציייטונג אין גאַנץ אייראָפּע, אַ פאַרנעם פון פּרוּוון טויטן נאָרדוין מאָראַליש. יאַנאָווסקי האָט געגרעשט אַז אפשר דאַרף ער אַרויסקומען מיט אַ שטורעם. מ'האָט דעמאָלט נאָך ד״ר הערצלס טויט

גערעדט אַז אפשר זאָל דער ציוניזם אויסקלייבן ד״ר נאַרדוין אויף זיין אָרט — באַנייט מען עס...

זאָל מיין לייענער מיך מוחל־זיין וואָס איך שטעל דאָ אַריין מיין נאָמען ווי אַ זייט־ביי־זייט־קרבן פון טאָקערס האַנדלונגען. איך טו עס, ווייל אויף איי־נער פון מיינע וועלט־רייזעס מיט מיין פרוי, לוסי, און אַ באַגעגעניש מיט אַלעקסאַנדער בערקמאַן אין ניצע, זיד־פראַנקרייך, האָט ער אונדז געזאָגט, אַז טאָקער, הגם שוין אַלט, לעבט אין גוטן געזונט און צאַפּלדיק נישט ווייט פון ניצע. איך האָב געקראָגן חשק אים צו זען. בערקמאַן איז מיט אונז געפאָרן. בערקמאַנען האָט ער געקענט, און אונדז האָט ער אויפגענומען מיט אַ וואַ־רעמקייט ווי סתם־טוריסטן פון אַמעריקע. מיר זיינען אַריין אין דער זאַך. איך האָב אים געפרעגט דירעקט וועגן דער נאַרדוי־פראַגע. ער האָט גערעדט מיט אַ געלעכטערל ווי ער האָט אָפּגעטאָן אַ זשורנאַליסטיש שפּיצל. אַ קליין פּנים ביי אים, אָבער פריש; זיינע באַקן האָבן זיך גערויטלט, די אויגן האָבן געגלאַנצט —

...אַ שטעכעניש די ייִדן?... ניין, אַ שטעכעניש נאַרדוין!...

מען האָט אונדז סערווירט הייסע טיי אין אַ קליין גאָרטנדל ביי זיין הויז. מיין פרוי מיט איר געבענטשטן קוראַזש האָט אָפּגעדאַנקט. סטייטש? האָט זי ביי אים גאָר אַ פרעג־געטאָן צי עס פּאַסט אים איין צו שרייבן אַ בריוו צו העברי פּאָרד מיט אַ שטעכעניש פאַר זיין בעטן מחילה ביי די ייִדן איבער דאָס ביכל „זקני ציון״, וואָס זיינס אַ רעדאַקטאָר האָט איבערגעדרוקט. ער האָט ניט געוואוסט פון גאַנצן פאָרד־ענין, בפירוש ניט געוואוסט.

ייִד און וועלט אין אַנאַרכיזם — אַלעקסאַנדער בערקמאַן האָט וואָס צו דערציילן דערפון. אַלעקסאַנדער בערקמאַן, לויט מיין מיינונג, דער פיינסטער ייִד ביים אַמעריקאַנער ראַדיקאַליזם. מיין לייענער וועט אים נאָך באַגעגענען.

# פונקען פון ווייטע פייערן

## ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג — אַלט און נײַ

## 1



כרונות נעמען מיך איצט צו דער גאַנצער לענג און ברייט פון די שטאָטן.

אַפילו נאָך ווייטער, איבער ימים.

ביי מיין שרייבן עס שטייען־אָן טעג מיט היסטאָרישן חשבון.

צום נײַנציקסטן יאָר זינט דעם אויפקום פון אונדזער פאָלקס אַרבעטער־באַוועגונג אין דער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַציע.

איינשטעל פון די ניו־יאָרקער פאַראייניקטע ייִדישע געווערקשאַפטן מיט דרכים צו דער וועלטס וויטקייטן.

עס איז אַ זעלטענער אויסשטראַל פון דער ייִדישער קולטור — אַלט און נײַ. אַ נייער רוף צו משיחות. פאָלקס־דערלייזונג דורכן בעל־מלאכהשן יוניאָניזם.

אַוודאי איז עס היסטאָריש; ניט דווקא מיט קלאַס־מאָטיוון האָט זיך איינגעשטעלט די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג. געווירקט מער האָבן פאָלקס־מאָטיוון.

אויסראָטן דורך יוניאָניזם דלות און שאַפּ־קנעכטשאַפט אין אומבאַהאָל־פנקייט אויף פרעמדער ערד, וואָס אַמעריקע איז אונדז דעמאָלט נאָך געווען, איז געוואָרן דרינגענדיקע פאָלקס־נויט, ממילא אַ וויכטיקייט קודם אַנצוצינדן אַ נשמה־פייער פאַר גייסטיקער דערהייבנקייט.

קולטור־מענטשן אונדזערע אין דער דעמאָלטיקער אימיגראַציע מיטן כלל־נאָמען סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ, אַליין פאַרהאָרעוועטע ביי דער פאַרביטולטער שער־און־נאָדל־האָרעוואַניע, האָבן בעתן שאַרפן שניידערשן יוניאָניזם אַריינגעקראָגן אין זיך אַ ליכטיקן געמיט, און גענומען טראָגן צו די טענעמענט־הייזער און אין שאַפּ אַריין יענע אייביקע גייסט־און־מאָראַל־

עשירותן, וואָס יעטווידער האָט זיי געהאַט אָפּגעהיט אויך אינעם דלותדיקן איינגעשראָקענעם מזרח־איראָפּעאישן שטעטל.

טענעמענט־הויז און שאָפּ זיינען געוואָרן דערוואַרעמט. ס׳האָט אויפגעשיינט נשמה יתירה. יאָ, בפירוש, יידישער יוניאָניזם האָט דערמיט זיך געבויט אַנדערש ווי אַרבעטער־צונויפגעזאַמלטקייט ביי אַלע אַנדערע פעלקער, דער אייביקער „יוצא מן הכלל״. יידן ווי דער „עם־סגולה״.

די זכרונות ברענגען מיר תמיד באַוויינן, אַז אונדזערס איז געצילט צו העכערס, צום ליכט פון אונדזער פאָלקס־טראַדיציע, צום וויזיאָנעריש־משיחישן „עולם־התיקון״. און דער וועג אונדזערער איז צדק און קדושהדיקע חשיבות פאַר דעם מין מענטש וואָס אין היינטיקן לשון ווערט עס אָנגערופן סאָציאַלע גערעכטיקייט.

אויך אַז אונדזערס איז איינגעקלאַמערט אין עטישע פרינציפּן ווי אַ חוב פון מענטש צו מענטש, צי מ׳איז אַרבעטס־חברים אין שאָפּ, צי שכן מיט שכן אין טענעמענט־הויז, און אין דער פיל ברייטערער סביבה: קלאַס, פאָלק, אמונה.

דערצו באַווייזן וואָס תמיד איז אונדזערס געווענדט צו דעת־הקהל און דער כוח אונדזערער איז מאָראַלישע אַחדות, און ס׳איז דורכגענומען מיט יראת־הכבוד פאַר לומדות, אָנפירערס זאָלן זיין מענטשן מיט גייסט. און דער אויסבליק גייט נישט אַזוי צום זעלבסט־אינטערעס, ווי צו אהבת־אחים מכל העמים, אוניווערסאַליזם, אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס דערמיט איז געשטאַרקט אונדזער נאַציאָנאַליזם.

און טאַקע דערמיט האָט זיך אויסגעשמידט, אינעם אָפּלויף פון די ניינציק יאָר, אַמעריקעס יידישע טורעמדיקייט וואָס געשמידט האָט מען עס מיט אין לשון — יידיש — און מיט דער גאַנצער יידישער פאָלקס־אייגנשאַפט, פולע קערב טאַלענט אויסצופורעמען אַן אייגענע געזעלשאַפט.

וואונדער איבער וואונדער. יאָ, אַ באַנייט יידיש פאָלק אין פרייהייט דורך בעל־מלאכהשן אויפשטייג. און נאָך אַ וואונדער.

מיטן בעל־מלאכה איז געגאַנגען אויפן גאַנצן וועג דער ניי־אָפּגעפרישטער לשון יידיש, וואָס האָט אַלע חנען פון אַ יידיש היים, און אַלע קנייטשן פון אַ יידישן מוח, און אַלע רעגונגען פון אַ יידיש געמיט, און עס וואַשט זיך אין טרערן, און עס לייטערט זיך אין געלעכטערס פון פרייד, און אין טרוים פון בטחון.

דערצו אַ מעכטיקער אייגנאַרט. דעם בעל־מלאכה האָט אַרומגערינגלט די גאַנצע ניי־יידישע ליטעראַטור.

דער באַשרייבער, דער זשורנאַליסט, דער דערציילער, דער מוסר־זאָגער און עצה־געבער דורך פּובליציסטיק, דער וועלט־פּאַרטייטשער, דער תנ"ך־קענער מיט זיין אויפקלערן דעם צויבער פון די נביאים, דער גמרא־למדן מיטן זיס־אומעטיקן ניגון און מיט לאַגישער הסברה, דער ראָמאַניסט, דער דראַמאַטורג דורך טעאַטער און דער פּאָעט מיט זיין ליד — דער פּאָעט מער ווי אַלע. מען זינגט זיין ליד.

קיין אַרבעטער־באַוועגונג ביי אַ וועלכן פאָלק האָט נישט געהאַט אַרום זיך — און האָט נישט אויך איצט — אַ צונויפנעם פון הימנעס און תפילות, און ווער רעדט שוין פון אַ גאַנצן סדר פון סאָציאַלע פּיוטים, וואָס זאָל זיין דאָס האַרץ פון דער גאַנצער פאָלקס־ליטעראַטור, ווי דאָס איז דער יום־טוב־דיקער מזל ביי אונדז.

אין זיין גרויס־רעדאַקטאַרשן עדעלשטאַט־ווערק האָט דער דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי אויסגעשטעלט אַ פולע רשימה פון די פּאָעטן ביי דער סאָציאַ־לער דיכטונג אין דער יידישער ליטעראַטור, און ממש דער גאַנצער פּאָע־טישער שבט אונדזערער איז אין די רשימה־שורות.

די עלטסטע און די ייִנגסטע; די כהנים אין דער יידישער פּאָעזיע און די, מיט זייער באַשיידענער שעפערישקייט; די, וועמענס דיכטער־נשמות פאַרנע־מען זיך מיט די מיסטישע אַנטפּלעקונגען אין אונדזער פאָלקס־געשיכטע, און די, וועמענס רעאַלע דורכלעבענישן רעגן אָן זייערע פּאָעטישע וויזיעס.

יעדע תקופה פון אַרבעטער־קאַמפן און אַרבעטער־שטייגונג אין די אָפּ־געגאַנגענע ניינציק יאָר האָט געהאַט אַ ניי־שעפעריש דיכטעריש וואָרט — ליריק, באַלאַדע און פּאָעמע — וואָס דערמיט האָט יידישע פּאָעזיע פאַרטיפט די בעל־מלאכהשע דערגרייכונגען צו ווערן פאָלקס־אייגנשאַפט.

זיינען אין מיין מחשבה יענע דיכטונגען, וואָס איצט זיינען זיי פונקען פון ווייטע פייערן.

איך קלער וועגן מאָריס ווינטשעווסקי און מאָריס ראָזענפעלד, פון די סאַמע ערשטע סאָציאַלע דיכטער אין אונדזער פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס די מאַטיוון זייערע זיינען אָרעמקייט און שאַפּ־קנעכטשאַפט.

מאָריס ווינטשעווסקי פון זיינע לאָנדאָנער יאָרן און מאָריס ראָזענפעלד

פון זײַנע ערשטע טעג אין דער אימיגראַציע מיט אירע סוועט־שעפּער אין קעלערן פון פאַרפינצטערטע טענעמענט־הײַזער.

צום זינען קומט מיר ווינטשעווסקיס ליד „עטעלע":

איך קען אַ קלײנע מײדעלע,
אַן אַרבעטערס אַ קינד;
איר פּנימל, דאָס אײדעלע,
דערפרײט דאָס הויזגעזינד.

זי בליט, דאָס שײנע מײדעלע,
אַפילו אין צײַט פון נויט;
בײַם פאָטער איז איר קלײדעלע
פיל בילכער ווי זײַן ברויט.

ער זיצט אָפט בײַ איר בעטעלע
פאַראומערט אויף אַ שטול,
און טראַכט פון זײַן קלײן עטעלע
מיט אויגן רויט און פול...

איך געדענק דאָס „עטעלע"־געזאַנג בײַם שוועל פון אַ נײַער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, בײַם גרויסן, ביטער־שלעגערישן סטרײַק (1907) פון די ניו־יאָרקער ריפער־מאַכערס, שנײַדערס בײַ קינדערשע מאַנטעלעך, וואָס מחמת דער לײַכטקייט אויסצולערנען זיך די מלאכה איז עס געהאַט געוואָרן דאָס פאַך פון היימישע ישיבה־לערנערס אין דער אימיגראַציע. און איך געדענק ווי טאַטעס מיט באַנדאַזשירטע קעפּ, צעשלאָגענע אויף די „פּיקעט־ליינס", האָבן אין די זונטיק־פרימאָרגנס געטראָגן אויף זײערע פּלײצעס זײערע „עטעלעך" צו דער ערשטער אַרבעטער־רינגס ענגלישער זונטיק־שולע אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סאַידער העברי סטריט צו לערנען דאָרטן אין זײערע יינגסטע טעג וועגן סאָציאַליזם...

אין זײער אויסגעוואַקסנקײט זײַנען יענע „עטעלעך" אַוודאי אַרײַן אינעם דור פון לערערינס בײַ אַמעריקעס פרײַער דערציאונג; איך קלער, אַז פונקען פון די פײַערן, אָנגעצונדן פון דער יידיש־סאָציאַלער דיכטונג, האָבן געגליט אויך אַרום זײ, און אין אַ ווײַטערן דור אויך, און נאָך ווײַטער.

אויך די ערשטע שורות פון מאָריס ראָזענפעלדס „מײַן יינגעלע" קומען מיר צום זינען: —

איך האָב אַ קלײנעם יינגעלע,
אַ זונעלע גאָר פײַן;
און ווען איך דערזע אים דוכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מײַן...

גוט באַוואוסט איז דאָס ליד. עס איז אויפֿן געמיט פֿון דור נאָך דור. און איך געדענק ווי מ'האָט עס געזונגען אויף אַ ספּעציעלן שטייגער, אָנגעפֿירט פֿונעם יונגן לואיס האָלאַנדער, דער איצט באַוואוסטער אַרבעטער־פֿירער, בעתן גרויסן שניידער־קאַמף אין ניו־יאָרק (1912־13) ביים פֿאַרזאַמלען זיך אין די נעכט צו גיין פֿאַרהיטן די שעפּער פֿון סטרייק־ברעכערס. און מ'האָט יענע נעכט אָנגערופֿן מיטן פֿאַרהייליקטן פֿאָלקלאָריסטישן אמונה־נאָמען — „חצות". אַ וואָרט־שאַפֿן פֿונעם אַרבעטער־פֿירער מאַקס פּיין.

„חצות" פֿאַר משיחישער פֿאָלקס־גאולה איז אַריבער אויך צו אַרבעטער־גאולה.

ווער זאָגט עס, אַז דאָס אָרגאַניזירן די פֿאַרהאָרעוועטע יידישע אימיגראַ־ציע האָט פֿאַרגעשטעלט אַ פּעריאָד פֿון אָפּוואָרפֿן יידישקייט?

מען קען עס נישט דרינגען אַפֿילו פֿון דעם אַנאַרכיסטישן עדעלשטאַט־פּעריאָד. מחשבות מיינע וועגן יענער צייט דערגייען אַפֿילו צו אַ זעלטענעם דרייפֿאַכיקן גלגול פֿון דוד עדעלשטאַטס ניגון, זיין מאַרטירעריש קרוין־ליד, די „צוואה" זיינע: —

אָ, גוטער פֿריינט, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מיין קבר די רויטע פֿאָן...

דער דרייפֿאַכער גלגול, הגם אין ענגליש, מיט גאָר אַנדערע ווערטער, זיינען אָבער תוכן און סטיל אין מאָטיוו פֿון עדעלשטאַטס „צוואה".

גלגול נומער איינס — דאָס צוואה־ליד פֿון דעם מאַרטירער־פּאָעט דזשאָו היל. ער, דער שוועדיש־אַמעריקאַניש אַרבעטער־פּאָעט, וועלכער האָט גע־שריבן די מיינסטע לידער צום זינגען ביי די דעמאָנסטראַציעס פֿון דער „אַי־דאַבליו־דאָבליו", און אַ מאָרד־בלבול איז אויף אים אַרויף בעת אַרבעטער־קאַמפֿן אין שטאַט יוטאַ, און באַוויזן און פּראָטעסטן האָבן נישט געהאָלפֿן, הגם פֿאַר אים האָבן זיך איינגעשטעלט דער שוועדישער קעניג און אַמעריקעס פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן, האָט ער אין דער לעצטער שעה, וואָס אָט וועט ער שטאַרבן אַ פֿאַרמשפּטער צום טויט, אָנגעשריבן זיין לעצטן פֿערז: —

„נאָ קענדלס, נאָ פּרעיערס,
עי וואָבלי באָטן וויל דו..."

נישט צינדן קיין ליכט, נישט זאָגן קיין תּפֿילות, נאָר לייגן אים צוקאָפּנס דאָס רעוואָלוציאָנערע עמבלעם־קנעפּל פֿון די וואָבלי־חברים...

אַ גלגול פון עדעלשטאַטס „רויטע פאַן צוואה״; און גילגול נומער צוויי, דאָס צוואה־געזאַנג פונעם אַנאַרכיסטישן פּאָעט, וויליאַם פראַנציס באַרנאַרד:

„דיער פרענדס,
ווהען אָל איז אָווער...״

און זיין געבעט איז מ׳זאָל אים ברענגען צום קבר אַן אָפּגעהאַקטן רינג פון אַן אייזערנער קייט, „אַ סימבאָל פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן געשמידט אין קייטן...״

ביידע, דזשאָו היל און פראַנציס באַרנאַרד, פלעגן אָפט באַזוכן יידישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען בעתן באַנייען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, און זיי האָבן פאַרנומען עדעלשטאַטס „צוואה״־געזאַנג מיט דער „רויטער פאַן״, וואָס דערין איז געווען יידישע הייליקייט.

דער דריטער גלגול האָט גאָר גרויסע דראַמע. עס איז די קורציניקע צוואה־פּאָעמע פונעם היסטאָרישן לאָס־אַנדזשעלעסער סאָציאַליסט־אַדוואָקאַט דזשאָב האַרימאַן, דער סאַמע גרינדער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ביים אָנהייב פון יאָרהונדערט.

זאָל דער נאָמען נישט פאַרפירן. ער איז נישט געווען יידיש. ער איז אָבער מיט זיין עלעגאַנץ, ביים פּאַרטייטשן מאַרקסיזם, געשטאַנען פאַרחברט מיט די יידן־סאָציאַליסטן, מאָריס הילקוויט און אב. קאַהאַן. אַ צעקרענקטער אין די לונגען, האָבן ביידע געשאַפן פאַר אים געלט־הילף צו קענען אָפּרייזן פון ניו־יאָרק קיין זיד־קאַליפאָרניע. ס׳האָט באַטייט, ער רייזט אַהין שטאַרבן. ער האָט אָבער אָפּגעפרישט לעבן, און איז אויפגעשטיגן צו ווערן די פּאָפּו־לערסטע פּאָליטישע פיגור אין קאַליפאָרניע. עס איז געקומען אַן אַראָפּפאַל דורך זיין דראַמאַטישער ראָל אין דער „מעקנאַמאַראַ־אַפערע״, אַ טראַגיש קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אַמעריקעס אַרבעטער־באַוועגונג.

אַ פאַראייניזאַמטער אין זיינע לעצטע יאָרן, איז ער געוואָרן אַ מאַמין אין אומהיימלעכע „הימלישע גייסטער״, וואָס באַהערשט די וועלט.

ביים קומען צו זיין לוויה פון בלויז אַן אַכט מענטשן, מיין וויניקייט צווישן זיי, האָבן מיר געפונען זיין געבעט־צוואה, אויסגעשטעלט ווי אַ פּאָ־עמע: —

...מ׳זאָל ביים קבר לייענען די ביבלישע פסוקים פון יעקבס חלום...

...ערשט אַ לייטער שטייט אויף דער ערד, און זיין שפּיץ גרייכט

ביזן הימל... און זע, מלאכים פון גאָט גייען אַרויף און נידערן אַראָפּ... און אָט שטייט גאָט איבער אים, און ער זאָגט... דאָס לאַנד, וואָס דו ליגסט דערויף, צו דיר וועל איך עס געבן, און צו דיין זאָמען... און דיין זאָמען וועט זיין ווי שטויב פון דער ערד... און בענטשן וועלן זיך מיט דיר און מיט דיין זאָמען אַלע משפחות פון דער ערד...

זינט די אַמעריקאַניש־יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אויפגעקומען מיט אַ ניינציק יאָר צוריק, האָט זי תמיד געהאַט אין זיך שטריכן פון יידישע פאָלקס־הייליקייטן, און זי איז דערמיט געווען אַנדערש ווי די אַל־אַמעריקאַנישע, און די אַל־אַמעריקאַנישע האָט זיך ביי איר געוואַרעמט. צי עס איז געווען דורך סעמועל גאָמפּערס, אָדער דורך יודזשין וועבס.

אַ בראָשור פון אַב. קאַהאַן האָט דעמאָלט געגאָלטן — „עולם־הזה און עולם־הבא".

„עולם־הזה" — יוניאָניזם; „עולם־הבא" — סאָציאַליזם...

און דער יידישער געדאַנק, אַז „עולם־הזה" איז נאָר אַ פּרוזדור צו „עולם־הבא"...

פונקען פון ווייטע פייערן; און הגם באַלד איז אַקעגנגעקומען דער אומעטיקער קאַהאַן־קאַפּיטל פונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין בריסל, בעלגיע: אונדזער יידיש יוניאָניזם, יידישע געווערקשאַפטן, יידיש פאָלק, איז אין עלנט דווקא גאָר ביי וועלט־סאָציאַליסטן; מען וויל נישט זיך אָננעמען פאַר אונדז מיט אַ פּריי אָפן האַרץ קעגן אַנטיסעמיטיזם אין אייראָפּע; און געהערט האָבן מיר עס פון קאַהאַנען ביי די פאַרשיידנסטע געלעגנהייטן אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן, סיי „פאָרמעל", סיי אינטים; און אַלע מאָל מיטן אונטערשטרייכן: ער איז געקומען צום קאָנגרעס אין נאָמען פון יידישע אַרבעטער „מיט אַ האַרץ פול מיט אינטערנאַציאָנאַלער ליבע", און ער האָט זיך דערשפּירט אַזוי איינזאַם, אַזוי עלנט, ווי קיינמאָל אין זיין לעבן, נישט פריער, נישט שפּעטער; וואָס באַטייט האָט עס אונדזער אַלעמענס איינזאַמקייט, אונדזער פאָלקס עלנט — דאָך האָט דער ביטערער פיינלעכער פאַרדרוס אונדז נישט דערשלאָגן.

מיר האָבן געהאַט אונדזערע אייגענע פייערן צו האַלטן אונדז אין גלי מיט קעמפערישקייט.

און מיר האָבן אויפגענומען אַ פולען דרייסטן באַניי פון דער יידישער

אַרבעטער־באַוועגונג צו ווירקן נישט אונטער אַ צוים פון אַ וועלכער ריכ־טונג אין ראַדיקאַליזם, נאָר געשטעלט אינעם ראָם פון מאָראַלע ווערטן און פּרינציפּן פון ייִדישער טראַדיציע און ייִדיש פאָלקס־אינטערעס, וואָס אַלע פרייע ריכטונגען אין סאָציאַליזם וועלן עס מוזן אָנערקענען, אויב אויך ביי זיי וועט גילטן מענטשלעכע ווירדע.

## 2

קאָנפערענצן, אין כאַראַקטער פאָלקס־קאָנפערענצן, צוויי אַזעלכע, יאָר נאָך יאָר, 1906 און 1907, און מיר האָבן געאָטעמט אַ פרישערע לופט.

צונויפגערופן די קאָנפערענצן האָט מאַקס פיין. אָקאָרשט געהאַט געוואָרן דער סעקרעטאַר ביי די פאַראייניקטע ייִדישע געווערקשאַפטן, דעמאָלט דער וויכטיקסטער צענטער ביים אָרגאַניזירן די ייִדישע אַרבעטער־אימיגראַציע, האָט ער געפועלט מ׳זאָל אים דערלויבן צונויפצונעמען כלערליי אימיגראַציע־גרופעס פאַר אַ דורכריידן־זיך.

דער ציל, מאַקס פיין האָט עס אַ נאָמען געגעבן —

... פאַרמינדערן דעם דלות אויף דער איסט־סאַיד...

נאָר „איסט־סאַיד" איז שוין געהאַט געוואָרן דער שם־הכולל פאַר אונ־דזער גאַנצער ייִדישער אַמעריקע.

מאַקס פיין, וואָס פאַר אים האָט געקענט גילטן דער ביינאָמען „פאָלקס־מענטש" אין יעטווידן זין, אַחוץ, פאַרשטייט זיך, אויב מען טוט אַריין אין „פאָלקס־מענטש" אומגעבילדעט, אומגעהובעלט. אָפּט פלעגט זיך אים דווקא יאָ וועלן אַריינשטעלן זיך אין אַזאַ ליכט. צו אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, וואו אים פלעגט ליב זיין אַ שיין־צו־טאָן, פלעגט ער קומען אָנגעטאָן אין אַ סור־דוט, פיין פאַרקנעפלט, און מיט אַ שטייפן ווייסן קראַגן און אַ לאַנגן שניפס, ווי אַ דוקאַוונע געשטאַלט, אָבער אַ זאָג־טאָן פלעגט ער באַלד פון דער פלאַטפאָרמע —

... שרעקט זיך נישט פאַר מיר... איך בין נישט קיין אינטעליגענט... איך בין אַ פּראָסטער חי־וקם...

געוועזן ביי אים אַזאַ חנדל.

נאָר אין דער פאָלקישקייט זיינער האָט געשטעקט אַ יראת־הכבודיקע

געטריישאַפט באַהילפיק צו זיין יעטווידע גרופע אַרבעטער; און אַ מעשהלע מיט אים כאַראַקטעריזירט עס, און כאַראַקטעריזירט אויך דעם גייסט, וואָס ער האָט געפּרואווט אַריינטאָן אין די צוויי קאָנפערענצן.

בעתן ווערן אויסגעקליבן סעקרעטאַר ביי די געווערקשאַפטן, האָט די יוניאָן זיינע פון „ניפּענטס"־מאַכערס, שניידעריי ביי קורצע ייִנגלשע הייזלעך, אים געגעבן אַ מתנה, אַ „וואַטש־ענד־טשעין", אַ גאָלדענעם זייגער אויף אַ קייט, צו טראָגן אין וועסטל־קעשענע מיטן קייט איבער דער ברוסט, אויס־געשפּרייט פון איין זייט צו דער צווייטער. מאַקס פּיין האָט געטראָגן די מתנה מיט שטאָלץ — אָבער, אוי וויי, נאָר ביז מאָרגן. ער איז געהאַט געוואָרן פאַרבעטן צו האַלטן אַ רעדע צו עטלעכע צענדליק קלאָוקמאַכערס, נישט קיין יוניאָן־לייט, וואָס דער יוניאָן־אָנפירער, סאָל פּאָלאַקאָף, האָט זיי צונויפגע־נומען. עס איז נישט געווען קיין פּאַראַויס־געלט צו באַצאָלן פאַרן פאַרזאַמ־לונגס־פּלאַץ; דער חשבון האָט געצילט: די פאַרזאַמלטע וועלן זיך איינשרייבן אין דער יוניאָן וועט ווערן די גויטיקע סומע געלט. דער אייגנטימער פון פּלאַץ האָט פאַרלאַנגט אַ משכון. די באַלמעלאָכעס זיינען געשטאַנען אויף דער גאַס. פּאָלאַקאָף האָט דערזען מאַקס פּיין קומט־אָן, איז ער אים געלאָפן אַקעגן. אפשר וועט ער קענען פּועלן מ׳זאָל געטרויען די יוניאָן. ער האָט דערזען ביי פּיינען דעם זייגער. הקיצור, דער זייגער איז געוואָרן דער משכון. און נאָך דער רעדע, מאַקס פּיינס, האָבן די פאַרזאַמלטע גלייך אויפן אָרט זיך דערקלערט אין סטרייק. איינגעצאָלט אין דער יוניאָן האָבן זיי שוין נישט. וויבאַלד אין סטרייק, ווער קען בעטן ביי סטרייקערס „איינ־צאָלן"?...

דער סוף —

דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטן דריי טעג און פאַרלאָרן; און מאַקס פּיין האָט פאַרלאָרן זיין זייגער.

ער האָט זיך געשעמט צו גיין בעטן ביי דער קלאָוקמאַכערס־יוניאָן מ׳זאָל אויסלייזן זיין מתנה־זייגער, און ער האָט זיך געשעמט צו דערציילן זיינע יוניאָן־ברידער ביי די „ניפּענטס", וואו זייער מתנה איז אַהינגעקומען...

פון די קליינע חדרימלעך אונדזערע, מיט מלמדים ביי „קאָמעץ־אַלעף־אָ", זיינען אַרויסגעוואַקסן גרויסע ראשי־ישיבות. פון דער קליין־שניידעריי ביי קורצינקע קינדערשע הייזקעס האָט זיך באַוויזן אין אַמעריקעס יידישער וועלט דער נאָמען יוסף באַראָנדעס מיט די גרויסע דראַמעס זיינע אין דער

אַרבעטער־באַוועגונג. און פון זעלביקן אָך־און־ווייאיקן „פּראָלעטאַריאַט" אונ־דזערן ביי דער הייזלעך־שניידעריי האָט זיך אַרויסגעצויבערט דער פּאָעטישער נאָמען מאָריס ראָזענפעלד — ער, דער דיכטער מיט זיינע גרויסקייטן, נאַציאָ־נאַל און סאָציאַל, גאָר ווי אַ יוניאָן־אָרומוואָגלער ביי די „ניפּענטס". און יאָרן־לאַנג נאָכן מאַקס פּיין־פּעריאָד איז פּאַר אַ ווײַלע אַריין אין דערזעל־ביקער וועלטעלע דער נאָמען דוד דובינסקי פון די סאַמע ערשטע „גרינע" טעג זיינע ביים לערנען אַן אַמעריקאַנער מלאכה.

אפשר האָט אין דער קליין־שניידעריי טאַקע געשטעקט אַ באַהאַלטן קוואַל פון גרויסע בענקשאַפטן, גייסטיקע שטרעבונגען און פעאיקייטן. אין פּאַר־שיידענע צייטן האָט דאָרטן געשטעלט אירע ערשטע אַמעריקאַנער מלאכה־טריט אויך אַזאַ גרופּע —

טשאַרלס זימערמאַן און יצחק סטענזאָר און לואיס נעלסאָן מיט זייערע אידעאַליסטישע זוכענישן אויף „רעכטס" און אויף „לינקס" אין דער אַר־בעטער־באַוועגונג ביז אַ דערגיין צו גרויס־נייער פּאָלקס־אַרבעט, דער עיקר, ביי ייִדיש פּאָליטישער באַשיצנוג און ייִדיש קולטור.

און מער נאָך —

דער אויסוואוקס פון לואיס האָלאַנדער ווי דער פּראָמינענטסטער ניו־יאָרקער אָנפירער ביי דער אַמאַלגאַמייטעד גרויס־שניידעריי, מיטן צוגאָב זיין ניו־יאָרקער פּאָליטישער סטייט־פירערשאַפט ביי אַמעריקעס אַרבעטער־באַ־וועגונג (א. פ. ל. ־ סי. אַי. אָ.) שטאַמט דאָך אויך פון דער קליין־שניידעריי, און דווקא אין די „ניפּענטס"־שעפּער.

איז מיר ליב צו געדענקען וואָס פונעם יוניאָניזם ביי די צוויי פּאָלקס־קאָנפערענצן (1906־7) איינצושטעלן די געטרוימטע, באַנייט ייִדישע, אַרבע־טער־באַוועגונג האָבן די הויפּט־ראָל געשפּילט די צוויי קליין־שניידעריי־יוניאָנס —

די וואָס ביי די ייִנגלישע „ניפּענטס", און די וואָס ביי די „ריפערמאַ־כערס", שניידערס ביי קליין־מיידלשע מאַנטעלעך, היסטאָריש: „לאָקאַל 17" ביי דער אינטערנעשאָנאַל.

דעם אויבן־אָן האָט זיי איינגעטיילט די געווערקשאַפטן. ביידע קליין־שניידעריי־יוניאָנס האָבן דעמאָלט געהאַט ביי זיך דעם אינטעליגענטסטן יונג־ייִדישן עלעמענט פון דער אימיגראַציע: ישיבה־לערנערס, גימנאַזיסטן, רע־וואָלוציאָנערע אָנפירערס פון זייערע שטעטלעך, רבנישע טעכטער.

די היסטאָריש־לאָגישע אויפקלערונג —

...עס איז געווען לייכט זיך אויסצולערנען שטעפּן אויף אַ מאַשין אַ קינדערש בגדל...

נאָר נישט די דעמאָלטיקע יוניאָנס האָבן געשאַפן דעם כאַראַקטער פון די צוויי קאָנפערענצן. ס׳איז געווען דער ערשטער צונויפקום פון אונדזער גאַנצן דור אין דער אימיגראַציע, קאָלירפול לויט אידייען און ספּעציעלע אַקטיוויטעטן —

אַן אויסגעשפּרייט נעץ פון אַרבעטער־רינג־בראַנטשעס, בונדישע לאַנדס־מאַנשאַפטן, אויך זעלבסטשטענדיקע בונדיסטן־גרופּעס, אַחוץ דעם אַרבעטער־רינג, דערצו געזעלשאַפטן פון אַנדערע רוסיש־יידישע רעוואָלוציאָנערן: יידי־שע „עס־עסאָווצעס” (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן), און יידישע „איסקראָוו־צעס” (געאָרג פּלעכאַנאָווס רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע), און יידישע „פּע־פּע־עס־ניקעס” (מאמינים אין דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי), און סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פאַראייניגן פון דער גאַליציאַנער אימגראַציע מיט די דענקערס פון דער דייטשער און עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין זייער זין, און פון אַלע יונגע נאַציאָנאַל־יידישע באַוועגונגען: פּועלי־ציון, „עס־עסאָווצעס”, סאָציאַליסטן־ציוניסטן־טעריטאָריאַליסטן, דער „סערפּ” און „סיימאָווצעס”, און יידיש־אַנאַרכיסטישע גרופּעס. און איבער אַלעמען דער זעלטענער געזעמל פון ספּעציעלע שאַפּ־אָרגאַניזאַציעס, אַ שאַפונג דורכן „פאָרווערטס”.

נאָכן קישינעווער פּאָגראָם איז דאָך געהאַט דערגאַנגען קיין אַמעריקע וועגן דעם אויפשטייג פון „בונד” מיט געהיימער אָרגאַניזאַציע פאַר זעלבסט־שוץ ביי דער יידישער יוגנט אין אַלע טיילן פון רוסלאַנד, האָט מען גענומען עפנטלעך זאַמלען פאָנדן פאַר געווער פאַר די קעמפערס.

פאָנדן פאַר וואָפן, עס איז געוואָרן אַ נייע צדקה, אַ יידישע פאָלקס־זאַך מיט נייער רירנדיקער הייליקייט. עס האָט פאַנאַנדערגעטריבן די צעשראָקנ־קייט, וואָס האָט געהאַלטן יידיש לעבן אין אַ קלעם. עס האָבן זיך אָפּגערופן אַלע יידישע קלאַסן, רייך ווי אָרעם. עס איז געוואָרן אַ באַנייט יידיש פאָלק אין רוסלאַנד גופא, און לויט אָפּקלאַנג אין דער אַמעריקאַנער אימיגראַציע. דאָרטן דורך פאַרזאַמלונגען פון יונגע רעוואָלוציאָנערן אין די וועלדער; דאָ דורך דער שטייגנדיקער אימיגראַציע מיט די פּאָליטישע און געזעלשאַפט־לעכע פרייהייטן אַרום זיך, הגם אין דלות.

יידיש אַרבעטער־לעבן האָט פאַר די זעלבסטשוץ־פאַנדן ממש זיך גע־טיילט מיטן ביסן, און אין די שעפּער זיינען אויסגעוואַקסן אייגענע קאָמיטעטן און גאַנצע אָרגאַניזאַציעס אויפצוזאַמלען וואָס מער.

דעמאָלט האָט געגאָלטן דער שאַפּ־איינפיר, אַז דאָס וואָך־פאַרדינסט קריגט מען מיטוואָך, פלעגט מען יעדן מיטוואָך פאַרנאַכט זען זען שורות נאָך שורות פון שאַפּ־קאָמיטעטן מיט געלט און חשבונות אין די הענט ביי די טירן פון „פאָרווערטס". עס איז געווען דער הייליקסטער צדקה־טאָג. און אָט די שאַפּ־קאָמיטעטן און שאַפּ־אָרגאַניזאַציעס האָבן געשיקט פאָרשטייערס צו די פאָלקס־קאָנפערענצן פאַר אַ באַניי אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. און ס'האָבן זיך באַוויזן פאָרשטייערס פון נאָך צוויי גרופּעס פון די טיפּעניש פון פאָלק, געבליבענע פון פאַמיליעס, וואָס האָבן אָנגעפירט די „רענט־סטרייקס", און מיט זיי פון די קאָאָפּעראַטיווע מיידלעך־דירות. און אַלע גע־קומענע האָבן מיטגעבראַכט אַ ספּעציעלע אַטמאָספער, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַ פאַרטיפט אייגנאַרט, נשמהדיק התרוממות, גלי פון די רעוואָלוציאָנערע געסט דעמאָלט פון רוסלאַנד —

מאַקסים גאָרקי...

און פון פריער די „באַבושקאַ" ברעשקאָווסקאַיאַ...

גאָרקי, ער איז אונדז געווען אייגן ווי אונדזערס. ער איז דאָך געווען אַזוי אינטים מיט אונדז ווי פאַרפאָלגטע, פאַרטריבענע פון רוסלאַנד. און זיינע ווערק זיינען דאָך שוין געהאַט אַריין אין אונדזער יידיש ליטעראַטור ווי אייגנס. און די „באַבושקאַ", מיר האָבן שוין געהאַט אין אונדז איר כאַ־ראַקטער־געשטאַלט, וואָס דערציילט אונדז וועגן איר האָט דער אינטימסטער יידיש־רעוואָלוציאָנערער חבר אירער מענדל ראָזענבאַום. מיר האָבן אויפ־גענומען ביידן, גאָרקין און די „באַבושקאַ", ווי זיי וואָלטן געקומען ניט צו גאַנץ אַמעריקע, נאָר צו אונדז. און דעמאָלט האָבן מיר דאָך אויך געהאַט אייגענע משפחה־געסט —

גריגאָרי גערשוני מיט זיין סענסאַציאָנעלן אַנטלויפן פונעם סיבירישן טויט־קאַמער דורך יאַפּאַן...

דער בונד־דענקער רפאל אַבראַמאָוויטש...

דער „בונד"־מאַרטירער און קעמפער מאַרק ליבער — און איך דאַרף דאָ דערציילן פון אַ סצענע אַרום אים...

אַ זונטיק פרימאָרגן. אַ פאַרשנייטע ניו־יאָרק. מאַרק ליבער איז דער

גאַסט ביים זונטיק־פאָרום פון הוגאָ פּענטעקאָסט אויף ניו־יאָרקער זעקסטע עוועניו און 42סטע גאַס, אַ זאַל צווישן קירכעס, מיט ליבערן געפינט זיך דער איבערזעצער פון זיינע רוסישע רעדעס, מאיר לאַנדאָן. דער זאַל פון העכער טויזנט פּלעצער איז איבערפילט. מען שטייט ביי די ווענט. דער שניי האָט נישט צוריקגעהאַלטן. דער עולם, אין גאַר גרויסער צאָל, קוקט אויס נישט־יידיש. מ׳האַלט אין די הענט קריסטלעכע תפילה־ביכלעך פון קירכעס. אַ רעזולטאַט פון פּענטעקאָסט אַ זאָג אין אַ צייטונגס־אינטערוויו, אַז ער קוקט אויף ליבערן ווי אויף „קריסטוס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט". עס ווערט דורכגעפירט דער צערעמאָניאַל פון פאָרום. שטילע מוזיק. אָרגל. קירכלעכ־קייט. פּענטעקאָסט שטעלט זיך ביי זיין עמוד, ער פאַרבעט זיינע געסט, מאַרק ליבערן און מאיר לאַנדאָן צו שטעלן זיך זייט־ביי־זייט מיט אים. פּענטעקאָסט זאָגט ווידער וועגן זיין „קריסטוס"־קוק אויף ליבערן. אַ געמורמל ביים עולם פון צושטימונג. מען זעט דאָך ליבערס פּנים, זיין באָרד, זיין בלאָס געזיכט, זיינע גרויסע טרוימערישע אויגן. עס איז אַ קריסטוס־געשטאַלט. מאיר לאַנדאָן זאָגט ליבערן אין רוסיש וואָס פּענטעקאָסט האָט געזאָגט אין ענגליש. ליבער נעמט עס אויף מיט אַ שמייכל, און וואָס ער זאָגט וועגן דעם אין רוסיש, גיט מאיר לאַנדאָן איבער אין ענגליש. און דער זאָג איז —

...מיין ליבע אַמעריקע... גלייבט מיר, איך בין נישט קיין קאָקעט מיט מיין פּנים... עס איז נישט קיין געמאַכטער פּנים... יעדער קולטור־מענטש פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ווייסט וועגן דעם קריסטוס־געשטאַלט... די קינסטלערס, וואָס מאָלן זייערע פּאָרטרעטן, און זיי טוען עס מיט אַן ערלעכ־כער ליבשאַפט, האָבן אַן צווייפל אין זיבען אים פאַרצושטעלן, לויט ווי זיי ווילן ער זאָל אויסזען... און אויב מיין באַשעפער האָט מיר געגעבן וויפל־ניט־איז דערפון, וואָרף איך זיך נישט אָפּ... פאַרוואָס יאָ?... עס איז אַן איידל געזיכט... און לויט מיין וויסן די קריסטוס־געשיכטע מיטן יידישן אָפּשטאַם, וואָרף איך אַוודאי זיך נישט אָפּ דערפון.... ווער קען זיך אָפּוואַרפן פון ביבלישער געשיכטע, וואָס ווערט געהאַלטן וואָך שוין אַ פאָר טויזנט יאָר?... בפירוש, עס טוט מיר ווי וואָס מיליאָנען און מיליאָנען קריסטן, אונטערן דרוק פון טיראַנען, האָסן מיין פאָלק... אַזעלכע טיראַנען האָבן דער־מאָרדעט קריסטוסן... און איך האָב עס דערציילט מיין ליבן פריינד פּענטע־קאָסט פּריוואַט, וואָס איך זאָג אייך דאָ... רוסלאַנד איז פון די גרעסטע לענ־דער אין דער וועלט... זי האָט הונדערטער טויזנטער טורמעס... אין יע־

דער טורמע ביי איר געפינט זיך אַ קריסטוס... דאָס איז מיין אויפגאַבע צו זאָגן עס צו אייך, ליבע אַמעריקאַנער...

מאיר לאַנדאַו האָט עס איבערגעגעבן אין ענגליש שורה נאָך שורה. און איך פאַרצייכן דאָ לויט ווי איך געדענק עס גאַנץ גענוי. אין מיין גאַנץ לעבן, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַמעריקעס פאַרזאַמלונגען אויף יעטוועדן געביט, האָב איך ניט בייגעוואוינט אַזאַ דעמאָנסטראַציע ווי די וואָס האָט באַגלייט מאַרק ליבערן. מיט די קריסטלעכע תפילה־ביכלעך אין די אויפגעהויבענע הענט האָט מען געריפן און גערופן —

...טייערער מיסטער ליבער, טייערער מיסטער ליבער, מיר וועלן זיין מיט אייך... מיט אייך... מיט אייך...

דאָס איז דעמאָלט געווען אַמעריקעס אַטמאָספער אַרום אונדז, וואָס איז אַריין אין די צוויי פאָלקס־קאָנפערענצן מיט געשטאַלטן פון דער יידישער אינטעליגענץ אינעם זאַל אויף גרענד סטריט (1906) און אין קלינטאָן האָל (1907). די אינטעליגענץ —

דר. חיים זשיטלאָווסקי, אברהם ליעסין, דר. הלל זאָלאָטאַראָוו, ש. יאַנאָווסקי, מ. זאַמעטקין, ב. פייגענבוים, דר. שמואל פּעסקין, דר. נחמן סירקין, מאָריס ווינטשעווסקי, דר. קאַרל פאַרנבערג, יואל ענטין, לעאָן קאָברין, יעקב מילך, מאיר לאַנדאַו, דזשייקאָב פּענקין, מאָיסעיעוו־לעאָנטעוו.

אַב. קאַהאַן האָט ביי דער 1906־קאָנפערענץ זיך ניט געוויזן. אַ ספּעציעלע אורזאַך. עס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען די מלחמה צווישן אים און לואיס מילער, „פאָרווערטס" און „וואָרהייט". ער וואָלט ביי דער קאָנפערענץ באַגעגנט „וואָרהייט"־מיטאַרבעטער, און עס וואָלט געוואָרן אַ „קאַהאַן־מילער" קאַמף און עס וואָלט אפשר געשעדיקט די קאָנפערענץ־אויפגאַבע: איינשטעלן אַ באַנייטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

מאַקס פּיינ'ס אַ שורה אין זיין שטייגער ביים דערעפענען די 1906־קאָנפערענץ האָט אַרויסגערופן אַ יום־טובדיקע לוסטיקייט. זיין זאָג —

...אַז איר קוקט מיך אָן, מיינט איר אַוודאי אַז איך בין אַ גאַנצער „יאַ־טעבע־דאָם", בין איך דאָ ניט מער ווי אַ שמש... איך האָב אייך אַלעמען גערופן אַהער טאַקע ווי אַ שמש רופט פרייטיק־פאַרנאַכט דעם רב און דעם גבאי און די קרעמער, אַז זיי זאָלן קומען אין שוהל אַריין... איר זייט געקומען, פיל איך איצט, ווי מיין נשמה וואָלט זיך געטובלט אין די וואַסערן ערגעץ אין אַ מקווה ווי אין די הימלען... „דהאַטסאָל!"...

יידיש שטייגער דערין, האָט מען וואָרעם אַפּלאַדירט. דזשייקאָב פּענקין איז געוואָרן דער פאָרזיצער און עס איז באַלד געוואָרן אַ שטורמישע דיס־קוסיע וועד איז ווער. עס האָבן זיך איינגעמאָלדן גרופּעס פון דער „אַי־דאַבליו־דאַבליו", בעת די געווערקשאַפטן איז געווען איינגעשטעלט קעגן זיי, און עס איז געווען אַ באַריכט פונעם בונדישן קלוב אויך קעגן. אָבער דריי נעמען פון די אָנגעמאָלדענע האָבן אַרויסגערופן אַפּלאָדיסמענטן. אין זייערע שפּע־טערדיקע יאָרן דווקא אויף ליסטעס פון די פאַראַנטוואָרטלעכסטע יידישע אַרבעטער־פירערס —

מאָריס זיגמאַן... ס. לעפקאָוויטש... מאַקס קאַזימירסקי...

אינטערנעשיאָנאַל שניידעריי און בעקערס.

די „פאָרווערטס"־ספערע, וואָס אין איר איז אויפגעוואַקסן די אַמערי־קאַנער יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַ באַזונדערע ריכטונג אין יידישן פאָלקס־לעבן און אירס אַ פאָרשטייער ביי די קאָנפערענצן איז געווען דער יונגער אַדוואָקאַט אַלעקסאַנדער קאַהן, גע־בענטשט מיט איידעלן חן פון שטילן טאַקט. ער איז געהאַט געקומען פונעם נייעם כח אַרום אונדז. די ניט־יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געזאַמלט ביים אַמעריקאַנעם סאָציאַליזם. די קאַלעדזש־אינטעליגענץ און די פון זשור־נאַליזם און ביי דער ליטעראַטור, און פון סאָציאַלע רעפאָרם־באַוועגונגען, און מיט זיי די אַמעריקאַניש שטודירנדיקע יידישע יוגנט.

זיי האָבן אינאיינעם און באַזונדער אַקעגנגעטראָגן דעם יידישן אימיגראַנט די וואונדערלעכע מתנה פון „ברוך הבא", דאָס אַבסאָלוט־נויטיקע פאַר אים: האָפענונג מיט אַ נייעם לעבנס־זין, אמונה און אידעאַלע צילן און אָנווייז אויף נייע לעבנס־וועגן, וואָס אָן דעם וואָלט ער אויף דער פרעמדער ערד ענטוועדער געוואָרן אַריינגעטריבן אין הפקרות אָדער פאַרזונקען אין אַ מרה־שחורהדיקן עלנט.

ווי אַ פירנדיקע געשטאַלט ביי יענער אַמעריקאַניש־סאָציאַליסטישער יידישער יוגנט איז אַלעקסאַנדער קאַהן דערשינען ביי די צוויי היסטאָרישע פאָלקס־קאָנפערענצן אין 1906 און 1907, וואָס מיט זיי האָט זיך אָנגעהויבן דער וועג פאַר די ווייטערע אַנטוויקלונגען ביי דער יידישער אַרבעטער־אימיגראַציע.

זיין וואָרענען קעגן אַריינלאָזן זיך אין חברשאַפט מיט דער „אַי־דאַבליו־דאַבליו" האָט איבערגעלאָזן רושם. דער אָנווייז זיינער —

פאַרגעסט וואָס עס שיינען דאָרטן אַזעלכע באַרימטע סאָציאַליסטישע נעמען ווי יודזשין דעבס און „ביל" העיוואוד, און דער רעוואָלוציאָנערער נאָמען מאָדהער דזשאָונס. מיר מוזן זיי ניט נאָכגיין אין אַלץ — זייער רעוואָלוציאָנערער יוניאָן־ראָמאַנטיזם פּאַסט זיך אפשר פאַר די מינען־אַרבעטער אין די ווייטע שטאַטן פון דער וועסט, בעת ביי דער יידישער אימיגראַציע קען זיך עס אויסלאָזן מיט אַ וויסטער אַוואַנטורע. יידישע אימיגראַציע קען זיך ניט פאַרגינען צו טשאַלענדזשן אויף אַזאַ שטייגער די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע און די לעגיטימע אַרבעטער־באַוועגונג. מיר האָבן אייגענע זאָרג, נויטן, פּראָבלעמען, אינטערעסן, און מיר מוזן פאַר זיי געפינען אַן אייגענעם אויסוועג דורך איינשטעלן זיך אַן אייגענע אידייען־וועלט.

ס'איז צו דעם טאַקע געקומען אַ יאָר שפּעטער, וואו מ'האָט פאַנאַנדער־גענומען דעם גאַנצן גורל פון דער יידישער אימיגראַציע.

ס'האָט זיך פאַרבונדן מיטן דעמאָלטיקן קאַמף אין לאַנד אַרום „אָפּען שאָפּ" און „קלאָוזד שאָפּ", וואָס באַטייט האָט עס אויך פרייע אימיגראַציע אָדער אַ געשלאָסענע אַמעריקע. ביי אונדז האָט זיך עס אָפּגערופן, אַז מיר זאָלן שטיין מיט עקשנות פאַר פרייער אימיגראַציע און גלייכצייטיק שטרעבן צו דערגרייכן געווּנג קאָנטראָל אין שאָפּ־לעבן, וואָס זאָל העלפן פאַרגרעסערן די מעגלעכע אַרבעטס־פעלדער פאַר די כסדר־אָנשטראָמענדיקע נייע יידישע אימיגראַנטן. אַ קלאַסן־ענין איז ביי אונדז איבערגעגאַנגען אין אַ פאָלקס־ענין, און עס איז צוגעקומען די פּראָבלעם וועגן אויסשפּרייטן די יידישע אימיגראַציע צו וואָס מער פונקטן אין לאַנד, ניט דווקא זיך האַלטן קאָנצענטרירט אין געציילטע שטעט. אין אונדזערע רייד איז געווען פליכטס־געפיל צו האַלטן פאַרשטייפט די בענדער מיט אונדזערע אַלטע היימען, אונדזער פאָלק איבער ימים, און דער ביישטײַג פון אַלעקסאַנדער קאָהן דערביי איז געווען אין זיין שטייגער ריידן, וואָס האָט אונדז געשטאַרקט.

ס'האָט געלויכטן מיט דרך־ארץ און ליבשאַפט צום עולם. מיר זיינען נאָך טאַקע געווען אַ „גרינער" עולם, אָבער ניט פון עם־הארצים. און אַוודאי זיינען מיר ניט געווען קיין אָפּגעפאַלענע בלעטער פון יידישן בוים.

אַ פונקט אין דר. חיים זשיטלאָווסקי'ס רעדע —

...גרינדן אַ בונד אין אַמעריקע...

ש. יאַנאָווסקי'ס אַ באַמערקונג —

...אפשר יאָ, אָבער מיט אַ באַשלוס אָפּצוהיטן ניט באַטייליקן זיך אין פּאָליטישע וואַלן... דער מדינה׳ס, אָדער שטאָטישע, אָדער שטאָטלעכע...

מאיר לאָנדאָנ׳ס ווערטער —

„בונד״, דער נאָמען געפעלט מיר, אָבער די אויפגאַבן און די וועגן דאַרף מען פריער געהעריק שטודירן...

נאָר מאיר לאָנדאָנ׳ס ראָל ביי בײדע קאָנפערענצן איז דער עיקר געווען אַרום דעם גאַסט זיינעם, וואָס ער האָט געבראַכט, און וואָס דאָס האָט אַריינ־געשטעלט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אינעם אייגענעם אנטערנאַציאָ־נאַליזם — מלחמה מיט דער צאַרישער רוסלאַנד...

# צוויי דורכלעבענישן
# ביים אָנקומען אין אַמעריקע

## 1



רייערליי וועגן האָבן מיך דערפירט אַהין. און מיר האָט זיך געדוכט איך הער פון ערגעץ אַ קול —

...אין אַמעריקעס פרייהייטן איז יידישע גייסט־געשיכטע ניט קיין בית־עלמין... דער שר־השכחה געוועלטיקט דאָ ניט... וועסט דאָ מערקן אָפּפריש... המשך, הגם אין גלגול...

די דרייערליי וועגן —

קודם, דער וועג פון מיין אַרבעט. אַ טאַפּעטן־קלעפּער אין באַוואוינטע הייזער. אַ פּאַפּיר־הענגער אין פאַמיליע־היימען. עס איז ניט קיין שטומע מלאכה. דער טאַפּעצירער מוז זיך צונויפריידן מיט דער באַלעבאָסטע פון דער דירה. ער דאַרף איבערשטעלן זאַכן פון וואַנט צו וואַנט. זיי דאַרפן זיך אייניקן וועגן קאָלירן. ער דערזעט אומגעוויינטלעכע חפצים. ער דערשפּירט היסטאָרישס. עס קומט אַקעגן אָפּשטראַל פון זיידעס. גייסטיקע ירושה. סימנים פון לומדות. אַ פּאַפּיר־הענגער האָט די פרייהייט אַריינצוקוקן אין אַלע צימערן, אַפילו אין אינטימן „בעד־רום". און איז פאַראַן אַ פאַמיליע־ביבליאָטעק, וועט אים קיינער ניט אויסריידן ווען ער נעמט אַרויס אַ בוך, אַ ספר, און קוקט

אַריין. ער איז ניט קיין טאָג־אַרבעטער, אויך ניט לויט דער וואָך. דאָס באַצאָלטס איז לויטן ראָל פון די טאָפּעטן אויף די ווענט. מען ווייזט אים אַרויס רעספּעקט. ער איז דאָך אַ באַלמעלאָכע, און עס ציט אים צו ביכער. אַזוינע דערפאַרונגען האָט געהאַט אַ גאַנצע גרופּע אונדזעריקע, און מיר פלעגן צווישן זיך ריידן וועגן דעם. איינער פון דער גרופּע י. עבעריל, אַ פּאַרטאַנענער אין סאָציאַליסטישער קולטור־אַרבעט, און אין ווייטערדיקע יאָרן דער פּרעזידענט ביים אַרבעטער־רינג; אַ צווייטער, הערמאַן גאָלדינגער, פון די גרינדערס ביי דער ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער קינדער־שול פון די פּועלי־ציון; אַ דריטער און אַ פערטער בלויז אַ קורצע צייט ביים פּאַפּיר־הענגען, די פּאָעטן משה לייב האַלפּערין און זישאַ לאַנדאַו; און באַדאַרף מען דען האָבן אַ גרעסערן יחוס צו פאַרשאַפן טאַפּעטן־קלעפּערס גרויס כבוד, ווי עס איז געווען דער דיכטער ה. לייוויק?...

מיין צווייטער וועג — דורך דער אַרבעטער־באַוועגונג.

יוניאָניזם ברייטערט אויס השגות. מען באַגעגנט דעם קעגנערישן קלאַס פּנים־אל־פּנים. עס גילטן כעסן, אויך אָנשטעל, אָבער אויך וואוילע, ערלעכע רייד. עקאָנאָמישע חשבונות שטעלן זיך אויס אויף באַזעס ביי געזעלשאַפטלעכע פעלדער. עס שיינט אויף אינטעליגענץ. עס וואַכט אויף פּאָלקלאָר. עס לויכט אַריין אָפּשטאַם, דאָס „שטעטל". דווקא די שאַטנס מאַכן ליכטיק פּאַרוואָלקנטע סיטואַציעס...

און דער דריטער וועג — מיין זשורנאַליזם. דאָס איז שוין גאָר געהויבן. עס פירט צו אַלע ווייטקייטן. היימען מיט גייסטיקע פּאַרמעגנס פון פריער־דיקע דורות האַלטן זיך אָפּן. דער שרייבער ווערט פאַרבעטן אַריינצוקוקן. דער זשורנאַליסט איז איניציאַטיוו. אַ מזוזהלע ביי אַ טיר, און די גאַנצע הויז שטעלט זיך אים אויס אַנדערש. אַ „פּסח־הגדה", אָדער ניט מער ווי אַ בלעטל נאָטן פון „כל־נדרי", און עס עפנט זיך פאַנאַנדער אַ פאַרצווייגטע משפּחה, אי מיט שווערע פּראָבלעמען, אי מיט אַ שטיל, האַרציק־תפילהדיקן געזאַנג פאַר אַ כלה־טאָכטער צו געדענקען איר אָפּשטאַם און זיין אַ „יידישע מאַמע" פאַר אַ ווייטערדיקן דור. און זשורנאַליזם אַנטוויקלט דאָך חוש פאַר געזעל־שאַפטלעכער דראַמע. אַן איינציק משפּחה־פּינטל רעגט דעם שרייבערס מחש־בות צו שוועבן איבער ימים ביז ער דערגייט צום תנ״כישן ארץ־ישראל...

נעם איך דאָ אויף צוויי דורכלעבענישן מיינע, מוסטערן פון געפינסן אין די דורותדיקע שאָטנס, וואָס איך האַלט זיי פאַר וויכטיקייטן אין מיינע

ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען, און וואָס זיי קענען האָבן אינטערעס, אי פאַר אַנדערע פון מיין דור, אי פאַר די, וועלכע פאַרשן אונדזערע דורות; און איןביידע שפּילט אַריין אויך דער דיכטער־נאָמען אברהם וואָלט־ליעסין...

## 2

עס איז האַרבסט, יאָר 1905. איך אַרבעט נאָך ווי אַ געהילף ביים קינסטלערישן טאַפּעצירער דזשעק, „היינעס לאַנדסמאַן", און מיר געפינען זיך אין דער פאַמיליע־היים פון באַרימטן באַנקיר, יעקב שיף.

אַ צוויי־עטאַזש הויז פון סקולפּטאַריש־געקאַרבטן טונקל־ברוינעם שטיין מיט אַ סאָלידקייט און אַ ברייטקייט אויף פינפטער עוועניו. פענצטער אי צום סענטראַל־פּאַרק, אי צום ראָג ביי די זעכציקער גאַסן. הינטער דער הויז אַ סאָד, אַ בוים־און־בלום־גאָרטן מיט אַן אַנטוויקלט טייכל פאַר קלייניקע, וויס־בלאָאינקע און גאָלדענע פישעלעך און אַ קאָנטראָלירט קלימאַט פאַר זיי.

בעתן אַריינקומען אין הויז, וואָס אַ באַדינער האָט פאַר אונדז געעפנט טירן, פריער צו אַ העל־באַלויכטענעם קעלער, אַ ווייסע עלעקטרישע טאָג־ליכטיקייט, איז ביי אונדז ביידן אין געמיט געווען גרויס אַכטונג.

שוין צום נאָמען אַליין —

...דזשייקאָב שיף...

דער נאָמען האָט שוין געהאַט געוואָרצלט אין יעטווידער אימיגראַציע, וואָס אינאיינעם האָבן זיי צונויפגעשטעלט אַמעריקעס יידנטום. שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע, דייטשע, מערב־און־מזרח־אייראָפּעאישע. מ'האָט שוין געהאַט פיל וואָס צו דערציילן וועגן זיין צדקה.

ניט מאַשינאַווע צדקה, אָן אַ וועלכן אייגן געפיל דערין, נאָר אַן אָפּרופן־זיך מיט הילף, וואָס אין דעם טוט ער אַריין זיין כאַראַקטער, מוח און האַרץ, זיין אמונה.

דער באַנקיר־קאַפּיטאַליסט, יעקב שיף, האָט אין זיין צדקה איינגעשלאָסן אויך סטרייקערדשע הילף. צען טויזנט דאָלער בעתן קלאָוקמאַכער־סטרייק אין יאָר 1895, עס זאָל ניט זיין הונגער אין סטרייקערשע היימען, וואָס לויט היינט וואָלט עס באַטייט ווי אַ הונדערט טויזנט דאָלער. און לויט די אָפּגייענדיקע יאָרן, האָט דאָך יעקב שיף גאָר גרויסע קאַפּיטלעך אין שייכות מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

זיין ניט מער ווי אַ פילאַנטראָפּ, איז קיינמאָל ניט געווען אין זיין ווען. ער האָט זיך גאָר געזען ווי אַ יידישער פאָלקס־אַדוואָקאַט מיט פיר באַשטימטע צילן.

איינס —

...עס מוז ווערן אַ יידישער פאָלקסוועג עס זאָלן קיינמאָל ניט זיין יידישע בעטלערס אויף אַמעריקעס גאַסן...

צוויי —

...קיינמאָל זאָל מען ניט קענען הערן וועגן אומבאַהאָלפענע קראַנקע יידן, אָן אַ וועלכן דאָקטאָר ביי די שוועלן פון קליניקס און האָספּיטאַלס...

דריי —

אַמעריקעס יידנטום, דורך די היימען, און דורך געזעלשאַפטן, מוז ווערן אַ מוסטער פון אינטעליגענץ, פון לומדות, פון אַ זעלבסטשטענדיקער קולטור־געמיינדע, הגם איינגעבונדן אין דער לאַנד־קולטור... אייגענע ליטעראַטור און אייגענע סעמינאַרן, אייגענע קאָלעדזשעס און ביבליאָטעקן, און מיט איינ־שטעלן לערנען יידישע סאָציאַלע וויסנשאַפטן און יידישע פאָלקס־געשיכטע אין קלאַסן פון אַלגעמיינע אוניווערזיטעטן .. און ברענגען לומדים פון אַנ־דערע לענדער, און אַנטוויקלען אייגענע... און זיין זאָל עס אַ גאַנצע יידיש־קייט פון אָרטאָדאָקסיע און רעפאָרם, פון עטישער קולטור, און נאַציאָנאַלע ווערטן, אַלץ, וואָס יידיש גייסט און יידיש טאַלענט קענען שאַפן... (אַגב, ע. אַליין, יעקב שיף, מיט זיין קולטור־אינטערעס און זיינע פאָנדן אין דעם אַלעמען, האָט געוויזן עס קען געמאָלט זיין)...

פיר —

...יידישע בירגערשאַפט מיט מאָראַלן איינפלוס אויף אַמעריקעס שטאַטס־מאַנשאַפט מוז קענען לאָזן הערן פון זיך צו יעדער מדינה אויף גאָר דער וועלט, אַז זי וועט קענען קריגן אַמעריקעס פריינטשאַפט אין יעטווידן פּרט, נאָר דעמאָלט, ווען זי וועט נאָכקומען דעם פילאָזאָפיש־עטישן פּרינציפּ פון פעלקערלעכן יושר, אַז יידיש פאָלקישקייט אין אירע גרעניצן איז פול באַרעכ־טיקט אויסצולעבן זיך אין פּאָליטישער און רעליגיעזער פרייהייט צוגלייך מיט אַלע אירע נאַציעס...

איצט, אין 1905, בעת אונדזער אַריינקומען אין דער מיליאָנערישער היים פון יעקב שיף ווי טאַפּעצירערס, האָבן מיר גוט געוואוסט אויך וועגן

זיין מאָראַליש־עלעגאַנטער ראָל אינעם קאַמף קעגן רוסישן צאַריזם מיט אַ טשאַלענדזש צום צאַר און אַלע צאַרישע מיניסטאָרן —

...אויב זיי שטעלן ניט אָפּ די פּאָגראָמען אויף יידן, וועט ער, דער באַנקיר שיף, ווידמען זיין גאַנצן פינאַנציעלן כח צו וואָרפן זיי אין באַנקראָט אויף אַלע פינאַנץ־פעלדער אין דער וועלט...

און געוואוסט האָט מען אויך זיין ראָל אַלס קאַסירער ביי אַ ספּעציעלן קאָמיטעט צו זאַמלען פאָנדן פאַרן יידישן זעלבסטשוץ אין רוסלאַנד, וואָס דער פאָרזיצער איז געווען דער דיפּלאָמאַט אָסקאַר שטראָוס פון פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלטס אַדמיניסטראַציע. און יענער קאָמיטעט, אַגב, האָט אויפגעזאַמלט אין געציילטע חדשים אַ מיליאָן דאָלער פאַרן זעלבסטשוץ.

בעתן אַריינקומען אינעם באַלויכטענעם קעלער פון דער שיף־היים זיינען מיר שוין געהאַט געווען אינפאָרמירט וואָס מיר האָבן צו טאָן: איבערטאַפּעצירן צוויי צימערן, די וויכטיקסטע אין דער הויז. אַנדערע הויז־פּונקטן קענען וואַרטן אַ דריי חדשים ביזן פרילינג, ערב־פּסח. דערווייל איז אַ נויט איבערטאַפּעצירן די ביבליאָטעק און דאָס עסצימער, ביידע אין גרויס פאָרנעם. מיר האָבן מיט אונדז געהאַט דאָס גאַנצע פּייפּער־הענגערישע אויסריכטעכץ. דער אומגעלומפּערטער ברעטערנער צונויפלייג־טיש, אויף וואָס צו מעסטן און שערן, שניידן און אַנשמירן מיט קלעפּעכץ די טאַפּעטן; און דעם טשעמאָדאַן מיטן אַרבעטס־געצייג, אויסמעסטערס און באַרשטן, און שערן און מעסערלעך; און אויך אונדזערע אַרבעטס־זאַכן: ריינגעוואַשענע ווייסע „אָווועראָלס", צוגעגרייט ספּעציעל וואָס מיר גייען זיין אין אַ מיליאָנערישער היים; און, פאַרשטייט זיך, אויך דעם אומפאַרמיידלעכן פולן עמער מיט געקלעפּעכץ.

דער באַדינער האָט אונדז אָנגעוויזן וואו צו לאָזן אַלץ שטיין אין קעלער, וואָרעם דער הער שיף וויל ריידן מיט אונדז איידער מיר נעמען עס אַרויף אין ביבליאָטעק אַריין, ערשטער צימער פאַר אונדזער אַרבעט. דער הער שיף וואַרט דאָרטן פאַר אונדז. ער, דער באַדינער, וועט אונדז אַרויפנעמען צו אים.

מיר זיינען אַרויף מיט אַ קליינעם ליפט, דעמאָלט נאָך אַ נייעס אין ניו־יאָרק. עס האָט אונדז צוגעבראַכט דירעקט צו אַ טיר ביי דער ביבליאָטעק. דער באַדינער איז געבליבן שטיין געפּלעפט — דער הער שיף איז אונדז אַקעגן־געקומען אין זיין פרימאָרגן־טואַלעט, אַ בלאַ־זיידן כאַלאַט, געשטריקטע בלאָטע פּאַנטאָפל, און אַ קריגעלע הייסע קאַפע אין האַנט; און נאָך אַ

פריינטלעך „גוט־מאָרגן״, האָט ער אַ פרעג־געטאָן אויב אויך אונדז איז גערן צו טרינקען קאַפע.

דזשעק האָט זיך איבערגעקוקט מיט מיר. ער האָט זיך געשעמט צו זאָגן, אַז זיין ערשטער פרימאָרגן־געטראַנק איז אַ שנאַפּס, און ער האָט עס שוין געהאַט. איך האָב געענטפערט פאַרביידן —

...יאָ, קאַפע, אַ דאַנק...

מיר האָבן זיך געזעצט ביי אַ קליין טישל אין ביבליאָטעק. דער באַרימטער באַנקיר האָט געצילט באַקענען־זיך מיט אונדז וואָס מער. וועגן ערלעכקייט האָט אים ניט געקענט זיין אַ וועלכע זאָרג. ער האָט עס אָודאי געוואוסט דורך זיין היים־פאַרוואַלטער, אַ באַשעפטיקטער אין זיין באַנק, וועלכער האָט אויפגעזוכט דעם קינסטלערישן פייפערהענגער, דזשעק, „היינעס לאַנדסמאַן״, אָנצובאָטן אים די אַרבעט. פאַרט, אָבער, אונדז וועט דאָך אויסקומען טאָן אַרבעט אין דער היים ביי אים אַ גאַנצע וואָך, אויב ניט לענגער, און וואַרשיינלעך אויך אין אַ שפּעטערדיקער צייט, וויל ער וויסן ווער מיר זיינען; און מיר, ווידער, זאָלן זיך באַקענען מיטן כאַראַקטער פון זיין היים.

נאָר איידער וואָס־ווען האָט ער אַ זאָג־געטאָן —

אין טאָג, היינטיקע וואָך, וועלן מיר אָודאי ניט טאָן אַ וועלכע אַרבעט; עס וועט זיין דער פאָלקס־טרויער־מאַרש און פאָלקס־פּראָטעסט קעגן די צאַרישע פּאָגראָמען, און מען פאַרלאַנגט ביי אַלעמען אַרויסצוקומען אויף די גאַסן.

איך געדענק באַשטימטע ווערטער זיינע —

...אַ הייליקער טאָג... יידישער פאָלקס־טאָג...

און מיר הערן פון אים —

ער אַליין וועט אויך זיין אינעם מאַרש. זיין פאַמיליע אויך. זיין באַנק וועט זיין געשלאָסן. אַנדערע באַנקען אויך. אָסקאַר שטראַוס וועט אויך זיין. אויך די שטראַוסעס וועלן פאַרמאַכן זייערע געשעפטן...

איך האָב געשטוינט, מיט ליבשאַפט געשטוינט, וואָס איך הער אַזעלכע רייד פונעם באַנקיר־מיליאָנער, יעקב שיף. איך דערצייל דאָ, ליבע לייענער, וועגן דעם טרויער־און־פּראָטעסט־פּאַראַד (1905), וואָס איז פאַרבליבן ווי אַ צויבער־דערשיינונג אין דער געשיכטע פון אונדזער אימיגראַציע. היסטאָרישע טעג דעמאָלט. אַ בראַך אין האַרצן און קעמפערישקייט. דער פאַנאַנדערפאַל פון די רעוואָלוציאָנערע בונטן אין רוסלאַנד, און פּאָגראָם־כוואַליעס, אָבער אָן

אויפגעוואַכטע יידישע יוגנט מיטן העלדישן זעלבסטשוץ. איך געדענק שיפס נאָך אַן אויסדרוק, טאַקע וועגן דעם זעלבסטשוץ —

...הייליקע גבורה...

און זעלטענע געשיכטע און זעלטענעם פאָלקלאָר האָט איבערגעלאָזן יענער טרויער־און־פּראָטעסט־פּאַראַד. פאַרפרומטע זקנים אינעם מאַרש, און די אָנפירערס זיינען דער דעמאָלט־יונגער וואָרטפירער ביים רעפאָרם־יידנטום דר. יהודה לייב מאַגנעס, און זייט־ביי־זייט מיט אים יוסף באַראָנדעס, וואָס אָקאָרשט איז ער געהאַט געווען ביים סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם, און מיט זיי איז דער סאָציאַליסט אַפּטאָן סינקלער, באַרימט דעמאָלט פאַר זיין נאָוועלע „דזשאָנגל". און ניט אַליין איז ער געקומען. ער האָט מיטגעבראַכט אַ היפּשע גרופּע קאָלאָמביאַ־סטודענטן, יידישע און ניט־יידישע, און זיי האָבן זיך גע־שטעלט ווי אייגענע ביי די פאַרפרומטע יידישע זקנים. ווייט אַריבער אַ פערטל מיליאָן יידישע לוויה־מאַרשירערס, וואָס אינעם פאַריאָמערטן הארצן איז אויך געווען פאַרמעסט מיט די וויסטע שונאים. און מען שאַצט עס אָפּ אויף די ניו־יאָרקער גאַסן. די קריסטלעכקייט אידענטיפיצירט זיך מיט אונדז. אויפן גאַנצן וועג פונעם טרויער־פּראָטעסט־מאַרש האָבן געקלונגען די קלויסטער־און־קירך־גלאָקן. אַ סאַלוט פון ברודערשאַפט. ווער האָט עס צוגעגרייט?

ניט פונעם יידישן צד, ליבע לייענער. דווקא איינער פון דער קריסטלע־כער וועלט. אין יענע טעג האָט זיך באַוויזן אין ניו־יאָרק אַ יונגער קריסטלעך־טעאָלאָגישער סעמינאַריסט פונעם פּרינסטאָן־אוניווערזיטעט אין ניו־דזשוירזי. ער איז געקומען אויפנעמען זיין ערשטן פּאָסטן אַלס קריסטלעכער פּרעדיקער. ער האָט געלייענט וועגן דעם פאַרשטייענדיקן יידישן פאָלקס־טאָג קעגן די צאַרישע פּאָגראָמען ער איז אַליין געגאַנגען פון קלויסטער צו קלויסטער, און פון קירך צו קירך, מיט אַנוויז —

...גלאָקן־געקלאַנג מיט אומעט און רעספּעקט זאָל באַגעגענען דעם יידישן טרויער און יידישן פּראָטעסט...

ווער איז ער געווען, יענער קריסטלעך־טעאָלאָגישער סעמינאַריסט? זיין נאָמען —

...נאָרמאַן טהאָמאַס...

אין שפּעטערדיקע יאָרן דער סאָציאַליסטישער נאָרמאַן טהאָמאַס, אין חברשאַפט מיט אונדז, און אין פלוגתא.

דעם נעקסטן טאָג נאָכן פאַראַד האָט די פּרעסע דערציילט ווי וואונדערלעך דער גלאָקן־קלאַנג האָט אַריינגעשפּילט אינעם „זינגען די פּסאַלמען" פון די אַלטע יידן אין „היברו", און פון די יונגע (יידישע שאָפּ־טעכטער) אין „דזשואיש"...

פּסאַלמען אין „דזשואיש" — אַזוי האָבן די ענגלישע צייטונגען געטייטשט דאָס זינגען דוד עדעלשטאַטס —

...מיר ווערן געהאַסט און געטריבן ..

טאָקע ביזן לעצטן פּערז —

...איר קענט אונדז דערמאָרדן

טיראַנען;

נייע קעמפּפערס וועט ברענגען

די צייט —

מיר'ן קעמפן און קעמפן

ביז וואַנען —

די גאַנצע וועלט וועט ווערן באַפרייט...

עס איז געשיכטע דורך פאָלקלאָר, און עס איז געווען גייסטיקע גרויסקייט אין יעקב שיף, וואָס ער האָט פאַראויסגעזען אַ הייליקן יידישן פאָלקס־טאָג.

אַ באַמערקונג פון „היינעס לאַנדסמאַן" וועגן זיין אָפּשטאַם פון דער היינע־שטאָט האָט אַרויסגערופן שיפס אַ זאָג —

...ביי די שיפס אין זייערע פראַנקפורטער דורות איז געווען אויך אַ „היינע"... געהייסן האָט ער טאָקע שיף, אָבער געווען איז ער הענריך היינעס אַ שטיף־זיידע פון האַמבורג... און דער פּאָעט הענריך היינע אַליין האָט מיט עטלעכע זאָגענישן זיינע געמאַכט פון זיך אַ שטיפזון ביים יידישן פאָלק...

מיין ליטווישע ישיבה־בחורשאַפט מיטן לערנען זיך אין אַמעריקע די מלאכה טאָפּעצירעריי, איז יעקב שיפן וואויל געפעלן. און זיין פּנים האָט אַ לויכט־געטאָן פון מיינס אַ זאָג וועגן מיינע אָפּטע באַזוכן אין „אַסטאָר־לייברערי", זיין ביבליאָטעק־מתנה דער יידישער אימיגראַציע־יוגנט צו קענען נאָכפאָלגן דאָס ניי־יידישע און ניי־העברעאישע ליטעראַטור.

...צי קען איך דעם ביבליאָגראַפישן דירעקטאָר, אברהם פריידוס?..

...נו, אַוודאי, דער „שטילער פריידוס"... מיר זיינען פריינד...

אַט וועגן אים וויל ער צו אונדז ריידן, יעקב שיף. ער האָט אים פאַרבעטן צו קומען אַהער. ער וועט דאָ באַלד זיין. ער איז אים תמיד אַ גרויס געהילף

אין זיינע זוכענישן און אויפזאַמלענישן וויכטיקע ווערק וואָס שייך יידיש גייסט, באַזונדערס מיט דער ראָל פון זיין געבוירן־שטאָט פראַנקפורט. אין זייער אינהאַלט קען דאָך זיין געשיכטע פון זיין משפּחה. פריידוס האַלט דערויף אַן אויג. און ער וועט אונדז איצט העלפן פאַנאַנדערנעמען די ביבליאָטעק; און טעג שפּעטער, ווען מיר וועלן פאַרטיק־ווערן מיט די נייע טאַפּעטן אויף די ווענט, וועט ער קומען אויפשטעלן אַלץ צוריק.

פריידוס איז טאַקע באַלד אָנגעקומען, און אַן אַ וועלכן וואָרט, בלויז מיט אַ שאָקל פון קאָפּ, וואָס איז געווען אין זיין נאַטור. די איבעראַשונג זיינע וואָס ער געפינט מיך אין דער שיף־היים האָט ער אַרויסגעוויזן מיט אַ לייכטן באַרירן מיין פּלייצע.

אָנגעקומען איז אויך שיפס טאָכטער, פרידאַ, די פרוי פון פעליקס וואַרבורג. זי האָט אַ קוש־געטאָן דעם טאַטן. ער האָט זי אָנגערופן „פרידכען״. זי האָט אים אַ זאָג־געטאָן —

וואָס אַ גאַנצע נאַכט האָט זי ניט געקענט אַריין אין אַ פולן שלאָף; זי האָט פיל מאָל זיך איבערגעוועקט מיט אַ קלערעניש צי זי האָט ריכטיק געאורטיילט וועגן דעם קאָליר פון די נייע טאַפּעטן פאַרן גרויסן עסצימער. דער פּרעקטיקער זאָל מיטן לאַנגן־לאַנגן קעניגלעכן טיש פאַר געסט ווי אין די קייזערלעכע פּאַלאַצן אין אייראָפּע...

זי איז אַרויף אויפן צווייטן שטאָק, מסתּמא זאָגן אַ „גוט־מאָרגן״ דער מוטער. זי איז באַלד אַראָפּ צוריק, און „היינעס לאַנדסמאַן״ איז מיט איר אַריין אינעם עס־זאַל איבערצוקוקן די טאַפּעטן אין ליכט פון די קונסט־מאַלערייען אויף די ווענט, און אויך לויט די פאַרשיידענע געשיר־קאָלירן ביים אויפ־נעמען געסט...

איך בין געבליבן מיט פריידוסן און מיטן פריינטלעכן ווירט צו העלפן אינעם פאַנאַנדערנעמען די געשניצטע שראַנקן מיט ספרים. זיי האָבן אויס־געקוקט ווי אָפענע ארון־קודשן מיט פּרוכתן ביי דער זייט. אויך די פּאָליצעס מיט אַלטע ספרים און נייע ביכער האָבן געהאַט אַן אומגעוויינטלעכן אויסקוק. ניט סתם ספרים און ניט סתם ביכער, נאָר דורות־אַלטע, געקליבענע און איבערגעקליבענע, וואָס אויף זיי קען גילטן אַ שטעמפּל פון אייביקייט.

אויך די פילאָזאָפישע ווערק, און די לומדישע מיט פּירושים וואָס שייך הלכה, אָדער אגדה, אַפילו פּאָעטישע שעפערישקייטן, זיינען דאָ, אין תוך, געשיכטע־ווערק פאַר קומענדיקע דורות. און די אַנטיק־זאַכן אַרום זיי, אַלטע

פּאַרמעט־מגילות אין שײדן, באַגילדט און באַזילבערט, שופרות און מנורות, אַ לעמפּעלע „נר־תמיד" פאַר יאָרצײַטן, שבתדיקע בענטש־לײַכטערס, תהלים, שיר־השירים און פּרקי־אָבות אין האַנטשריפט אויף פּאַרמעט, און קלײנע ספר־תורהלעך בלויז מיט די נביאים, אַ ספר־תורהלע פאַר יעדן נביא, אַרײַנ־געשטעלט אין קלײנינקע אָרון־קודשלעך מיטן זילבערן כתר־תורה אויף זײ — איך זע אין זײ עדות פון אײביקײט.

דער ווירט, יעקב שיף, טוט אונדז אַ ווײַז אויף דער סעקציע ספרים מיטן אויפשריפט אין ייִדישן „אַלעף־בײס" און אין ענגליש —

...מהר"ם שיף...

ס'איז זײַן ליבלינג אין דער ביבליאָטעק. עס איז דער גרויסער שיף־ראָמאַן.

ראָמאַן מיט געשיכטע, מיט מאַרטירערטום אין גײסט־געשיכטע.

מ'פלעגט הערן אַז „דזשײקאָב שיף" חנדלט זיך מיט זײַן אָפּשטאַם וואָס דער מהר"ם שיף איז דעריק, און ייִדיש פאָלקס־הומאָר וועגן גבירים האָט עס אים ניט פאַרגונען. עס איז, אָבער, דער רײנער אמת. דער אָפּשטאַם איז אַ דירעקטער, הגם פאַראַן צווישן זײ אַ צוויי הונדערט יאָר. און אײגנטלעך איז עס מער ווי אָפּשטאַם. דער באַנקיר־מיליאָנער האָט אַזוי זיך אַרײַנגע־לעבט אין די צוויי הונדערט יאָר, און דער עיקר מיטן ציל צו דערגײן אַלץ אין שײַכות מיטן מהר"מס לעבן און געלערנטקײט, און מיט דער סביבה זײַנער, אַז עס איז אים געוואָרן ווי ער אַלײן וואָלט געלעבט אין די צוויי הונדערט יאָר. און אָט הער איך דאָך ווי ער רעדט וועגן דער מהר"ם־פּערזענלעכקײט, אי מיט אַ זעלטענער רחמנותדיקער ליבשאַפט, אי טאָקע מיט אַ געניטן וויסן דעם כאַראַקטער פון אַלע מהר"ם־פּירושים. ער נעמט זיך איבער מיטן מהר"מס קוראַזש צו פאַרמעסטן זיך מיטן אַ קריטיק אויף די שריפטן פונעם „בעל־הטורים", אַ ווערק אין הלכה, אין אָפּשײן פון קבלה, אײדער־נאָך עס האָט זיך באַוויזן דער שולחן־ערוך.

מיט באַוואונדער הער איך עס, וואָס ער, יעקב שיף, האָט אַן אינטערעס צו וועלן עס געדענקען. פרײדיוס שאָקלט־צו מיטן קאָפּ ווי ער וואָלט מיר וועלן זאָגן, אַז פאַר אים איז אַזאַ שיף־אינטערעס ניט קײן נײַעס. יעקב שיף איז געוואָרן ווי אײנס מיטן טראַגיזם, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום די ירושה־שריפטן פונעם מהר"ם.

און אַריינגעפירט אים אין דעם אַלעמען האָט זיין אַריינלעבן־זיך אין דער דראַמע פונעם מהר״ם מיט זיין טעכטערל חנהלע.

פאַמיליע־דראַמע אין מהר״מס לעצטער שעה און נאָכדעם.

דראַמע אין שאַטנס.

...חנה׳לע... אַ צאָל געשיכטע־ווערק שטעלן אויס איר נאָמען לויטן דייטשן לשון —

...האַנעלע...

מ׳רופט זי אָן אויך מיטן נאָמען —

...הענעלע...

און דער סיפור איז —

דער מהר״ם שיף פון פראַנקפורט איז געהאַט געוואָרן רב אין דער דייטשער שטאָט פולדאַ. ער האָט זיך פאַרנומען צו שרייבן פירושים אויף די וויכטיקסטע טיילן פון תלמוד —

...בבא קמא, בבא מציעא, און בבא בתרא...

אויך —

...ביצה, כתובות און גיטין...

און —

...סנהדרין און שבת...

דערצו —

...חולין און מגילה און זבחים.

די פירושים האָבן געהאַט פלוגתא־כאַראַקטער קעגן פלפול.

קהילה־אינטערעסן אין דער שטאָט פולדאַ האָבן געשטערט זיין פאַרשן און שרייבן, האָט ער זיך באַזעצט אין דערבייאיקן שטעטל שמאַלקיידן, און געאַרבעט אָנגעשטרענגט אַכט יאָר נאָכאַנאַנד וואָס דערפון האָט געזאָלט אַרויס זיין געצילט ווערק „חידושי הלכות״. און געשריבן האָט עס ניט אין אַ צונויפגעשטעלטן נאָטיץ־בוך, זייט נאָך זייט, נאָר אויף איינציקע בלעטלעך, ממש ווי אויף שטיקלעך פּאַפּיר. די שוין דעמאָלט היסטאָרישע געמיינדע אין בעהמיש־עסטרייכישן פּראָג האָט פיל געהערט וועגן אים, און אים פאַר־בעטן צו קומען זיין רב ביי איר, וואָס פאַר אים איז עס געוואָרן די גרויסע האָפענונג אַז דאָרטן וועט ער אַלץ צונויפנעמען און אָפדרוקן אין ספרים.

אָבער אין אַ גאָר שווערער קראַנקייט איז ער אַריין, און ער האָט דער־

שפּירט אַז זיין לעבן ענדיקט זיך. ער האָט צוגערופן זיין טעכטערל חנה׳לע, אַ יתומה אָן אַ מאַמען, געזאָגט איר —

זי זאָל זיין געשטאַרקט, ער קאָן דאָ שטאַרבן. זאָל זי צונויפנעמען אַלע זיינע אויפגעשריבענע בלעטלעך, טאַקע אַלץ, און אַריינטאָן עס אין אַ קעסטל. פאַרמאַכן דאָס קעסטל, און עס האַלטן אויף אַ זיכערן אָרט. אוודאי וועט ווען־עס־איז אויפקומען אַ געלערטער פון די ייִנגערע דורות אין דער משפּחה, וועט זי אים עס געבן, און ער וועט צונויפשטעלן אַ ספר, עטלעכע ספרים...

געווען זיינען עס די לעצטע ווערטער זיינע. דער אָטעם האָט זיך אָפּגעשטעלט.

מ׳האָט געבראַכט דעם מת אין פראַנקפורט, זיין געבוירן־שטאָט. און ס׳האָט געהייסן אַז חנה׳לע האָט געפאָלגט דעם טאַטן, לויט אירע איינזעעניש. נאָר עס איז געבליבן אַ ניט־קלאָרקייט. עס איז אַפילו אין ערגעץ ניט פאַרצייכנט ווי יונג חנה׳לע איז דעמאָלט געווען. דער מהר״ם איז געשטאָרבן יונג. בסך־הכל זעקס־און־דרייסיק יאָר.

פאַרצייכנט איז יאָ, אַז חנה׳לע האָט אַריינגעגעבן דאָס קעסטל מיטן פאָטערס שריפטן אין „פרעמד הויז״. אָבער „פרעמד״ מיינט ניט דווקא אַ הויז פון פרעמדע מענטשן, ניט פון דער אייגענער משפּחה. אין דער ייִדיש־ענגלישער ענציקלאָפּעדיע ווערט געברויכט דער אויסדרוק „סטריינדזש האָוז״, און „סטריינדזש״ קען אויך מיינען „מאָדנע״, אָדער „אויסטערליש״, און אַפילו „משונה־ווילד״. אַ צאָל שריפטן האָט מען דאָרטן צעגנבעט. אַ צאָל זיינען צעפאַלן, צעפרעסן פון די אומגעזעענע ווערעמלעך אין אַלטן פּאַפּיר. אַפּנים, אָבער, אַ צאָל זיינען פאָרט געבליבן. און געבליבן מיט זיי איז חנה׳לע.

אַ שפּעטערדיקע ענציקלאָפּעדיע דערציילט —

...חנה׳לעס זון, אויך אַ רב און אַ געלערטער, האָט צונויפגענומען פאַרבליבענע מהר״ם־שריפטן, און עס איז אַרויס אַ ספר, טאַקע מיטן נאָמען „חידושי־הלכות״, הגם מיט אַ סך דרוק־פעלערן...

עס זיינען געקומען נאָך צוויי ספרים, שוין אויסגעבעסערטע, אַ הונדערט יאָר שפּעטער.

און מ׳האָט אָנגעהויבן זיי אַריינעמען אין די גרויסע ישיבות.

אונדזער באַנקיר־מיליאָנער, יעקב שיף, האָט וועגן דעם גערעדט מיט אַן אויפלויכט ווי ער וואָלט דערציילט פון אַ טריאומף אין זיין אייגן לעבן. פריידוסן האָט ער עס ניט געדאַרפט דערציילן. ער האָט דערפון געוואוסט.

איז דער באַנקיר־מיליאָנער געשטאַנען געווענדט צו מיר — דעם געהילף ביים טאַפּעצירער אין זיין הויז.

אויף אַלע רייזעס זיינע אין איראָפּע ביז דעמאָלט, וואו ער פלעגט זיין אַ גאַסט אין קעניגלעכע הויפן, האָט ער קיינמאָל ניט אויסגעלאָזן אַ וויזיט אויפן פראַנקפורטער אַלטן בית־עלמין, און תמיד געהאַט באַגעגענישן מיט יידישע געשיכטע־פאָרשערס אין אוניווערזיטעט־מוזייען און אַרכיוון צו הערן וועגן נייעסטע אַנטפּלעקונגען פון דער מהר״ם־צייט, און פון שפּעטערדיקע דורות, און וועגן אָפּשטאַמיקע פון חנה׳לען, „פרידכען״, די טאָכטער זיינע אויף די רייזעס, פלעגט שפּאַסן מיט דער מוטער —

...דער טאַטע האָט זיינס אַ געליבטע, חנה׳לע, אין די צוויי הונדערט יאָריקע שאַטנס פון פראַנקפורט...

נאָר די שאַטנס פון יענע דורות זיינען שוין איצט געהאַט אַריין אין דער ביבליאָטעק ביי אים.

געדיכטע שאָטנס.

אָנגעלאָדן מיט יידיש גייסט פאַר וויטערדיקע דורות.

אין דער מהר״ם־סעקציע פון ספרים און ביכער האָבן זיך איינגעפונען אויך די שיף־אינטימקייטן מיט די גייגער־און־צונץ־משפחות, גרויסע דייטש־יידישע גייסט־געשיכטע. און מער נאָך. פון דער סעקציע האָט אַרויסגעלויכטן דער ספר „צמח־דוד״ פונעם היסטאָריקער דוד גאַנז, וואָס דער רעדאַקטאָר ביים ווערק איז געווען דער געלערטער פון דער שיף־משפחה, דוד שיף.

וועגן דער גרויסקייט פון „צמח־דוד״ איז פאַראַן, אַגב, אין דער יידישער פּאָעזיע אברהם ליעסינס דיכטונג „מיטן צמח־דוד״. ליעסין האָט די פּאָעמע געשריבן אין די נאַצישע און סטאַלינשע בראַנד־יאָרן (1936), אַ צוויי יאָר פאַר זיין אָפּטרעטן פון לעבן. און ער האָט די פּאָעמע געווידמעט ווי אַ מתנה דעם היסטאָריקער שמעון דובנאָוו. עס איז דעם דיכטערס אַ דערציילן —

ווי אַזוי ער האָט אין זיינע יונג־יינגלשע טעג, ל״ג־בעומר, אין אַ וואַלד ביי זיין שטאָט מינסק, געלערנט פון „צמח־דוד״, אי יידישע געשיכטע, אי וועלט־געשיכטע.

אין ערשטן טייל וועגן די נביאים, די תנאים, די אמוראים, די גאונים; אין צווייטן טייל וועגן דעם בלוטיקן מיטלאַלטער מיטן דעמאָלטיקן אויס־קוילענען מענטשן.

און ווי אין די יונגע טעג זיינע, מאַכט דער דיכטער אויך אין זיין עלטער דעם זעלביקן סך־הכל —

...אין דער בלוט־פאַרפלייצטער וועלט

נאָר איין פאָלק, אונדזער פאָלק,

איז אין שיין פון הייליקייט באַהעלט...

ניט אַ שטים פון זעלבסט־שטאָלץ הערט מען דאָ. דווקא פון אומעט — ... נאָר איין פאָלק...

שאָטנס פון צמח־דוד, שאָטנס פון מהר״ם שיף, שאָטנס פון ווייטע יידישע דורות אין דער מיליאָנערישער היים פונעם באַנקיר יעקב שיף — זיינען אויך איצט וואו פאַראַן יידיש־מיליאָנערישע היימען מיט שאָטנס פון יאָר־הונדערטער, וואָס דווקא זיי — די שאָטנס — זאָלן אונדז „באַהעלן מיט הייליקייט״?...

# 3

דאָס איז שוין פון די טעג מיינע ביים זשורנאַליזם. און וואָס איך גיי דאָ דערציילן, וואָלט אפשר בעסער זיך אריינגעפּאַסט אין גאָר אַנדערע קאַפּיטלעך. ענטוועדער אינעם כאַראַקטער־פּאָרטרעט פונעם וואָרטפירער מיט עלעגאַנץ ביים אַמעריקאַנער יידנטום, לואיס מאַרשאַל, אָדער אויף בלעטער שילדערונג פונעם מענטש און דיכטער אברהם וואָלט־ליעסין, צי גאָר ביים פאַרשטעלן פאַר אייך, ליבע לייענער, דעם ראַבאַי־דענקער, תלמודיש און פילאָזאָפיש, דר. היימאַן־גרשון ענעלאָו.

אָבער בכדי אויסצושטעלן ווייטערדיקע דורכלעבענישן מיינע אין שאָטנס פון יידישע דורות, נעם איך דאָ זיי אויף אינאיינעם מיט אַ פאַרנויג צו יעדן פון זיי; און דערמיט ציל איך צו אַ קאָמפּאָזיציע פון אַן ערשטראַנגיקן היסטאָ־רישן קולטור־מאָמענט מיט אָפּשיין אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס ביז איצט איז עס וואו אין אונדזער זשורנאַליזם ניט פאַרצייכנט געוואָרן.

לאָמיר גיין כסדר.

אין יאָר 1921 האָט דער דיכטער ליעסין פאַרעפנטלעכט אין „צוקונפט״־זשורנאַל די פּאָעמע זיינע —

...מהר״ם מרוטענבורג...

לויטן ליעסין־שטייגער ביים אָפּדרוקן זיין דיכטונג וועגן היסטאָרישע געשעענישן, אָדער פּערזענלעכקייטן, איז די פּאָעמע באַגלייט געוואָרן מיט אַ געשיכטלעכער דערציילונג, דורך שורות פון ספרים, וועגן דער מאַרטירערי־שער לעבנס־דראַמע פונעם מהר״ם מרוטענבורג פון דרייצנטן יאָרהונדערט.

דער פולער נאָמען —

...ר׳ מאיר בר׳ ברוך מרוטענבערג...

ליעסינס אָפּשאַץ —

...איינער פון די לעצטע בעלי־תוספות, דער גענאַכטעסטער און גרעסטער גאון פון זיין צייט.

אויך דער „רב־הכולל״ אין אַ צונויפבונד פון דייטש־יידישע געמיינדעס אין נאָענטע שטעט.

און ער איז מער.

אַ פּאָעטישע פּערזענלעכקייט אויך.

זיינע תוספותן געפינט מען אין די פאַרשיידנסטע מסיכתות; און זיינע פיוטים און סליחות און קינות אין אַשכנזישן מחזור, איבערזעצט אויך אין דייטש.

אַ פּאָעטישע גרויסקייט זיינע —

ער איז דער פאַרפאַסער פונעם קלאָג־ליד אויפן פאַרברענטן תלמוד אויף די גאַסן אין פּאַריז (יאָר 1244).

דאָס קלאָג־ליד איז אַריין אויך אין דער יידישער דיכטונג. דער איבער־זעצער — אברהם רייזען. דער קולטור־היסטאָריקער, דר. איסר גינזבורג, האָט די רייזען־איבערזעצונג אַריינגענומען אין זיין צווייטן באַנד „יידישע דענקער און פּאָעטן אין מיטלאַלטער״ — „פּאָרווערטס״־אויסגאַבע, 1919.

נאָר ליעסין דערציילט, דער עיקר, פון ר׳ מאירס שווער־טראַגישע נסיונות אין דייטשלאַנד. עס איז די פינצטערע צייט פון רודאָלף פון האַבס־בורג. יידן הייסן „קאַמער־קנעכט״. באַטייט: דער קייזער האַלט־אָן אַ רויבעריי־סיסטעם „אויסצווויגן״ אַלע יידישע איינקונפטן. „קאַמער־קנעכטשאַפט״ מיינט אויך נעמען אויף זיך שאַנד. עס שלאָגט־אָן די יידישע היים. עס ווערט אַ שטילע באַוועגונג —

...אַנטלויפן!...

...וואוהין?...

...ארץ־ישראל...

דער ייד־באַשיצער, גרויסער למדן און פּאָעט, ר׳ מאיר פון רוטענבורג, אונטערנעמט אַ געהיים־רייזע פּאַראויס אויסצוגעפינען די וועגן. אַ משומד דערקענט אים אין אַן איטאַליענישער האַפן־שטאָט. ער מסרט אים. ר׳ מאיר ווערט פאַרנומען אין אַ תפיסה, און ווערט אָפּגעשיקט צום קייזער רודאָלף פון האַבסבורג. דער קייזער באַשטראָפט אים מיט תפיסה אויפן גאַנצן לעבן, סיידן די יידן וועלן אים אויסקויפן. עס מעלדן זיך יידן מיט אַ פאָנד פון צוואַנציק טויזנט זילבער־מארק אויסלייז־געלט. ר׳ מאיר פאַרווערט עס. ער שטורעמט מיט זיין עקשנות. ניין און ניין. דאָס וועט עפענען אַ נייעם קוואַל פאַרן צורר׳ס רויבעריי: פאַנגען רבנים און קריגן פאַר זיי אויסלייז־געלט.

זיין פאַרווערן מ׳זאָל אים אויסקויפן, הגם ער ליידט גייסטיקע און פיזישע יסורים אין תפיסה, איז דער דראַמאַטישער סיפּור אין ליעסינס דיכטונג. דער עלעמענט פון הייליקער עקשנות קעגן אַ וויסטן צורר איז די דראַמע. און עס האָט אָנגעהאַלטן יאָרן ביז ער איז אין די תפיסה־יסורים געשטאָרבן.

און אַרום דעם האָט זיך באַוויזן אויך ווי אַ צויבער די מעשהלע, וואָס דער דייטשער צורר האָט ניט דערלאָזן מ׳זאָל נעמען דעם מת צו אַ יידישער קבורה; און אַ פערצן יאָר האָט אַזוי אָנגעהאַלטן. דער קערפּער האָט געפוילט ביז עס האָט זיך באַוויזן אַ יידישער נגיד פון פראַנקפורט, באַצאָלט אַליין די העכסטע סומע, און גענומען דאָס פאַרבליבנס צום יידישן בית־עלמין אין דער שטאָט וואָרמס, ר׳ מאירס געבוירן־שטאָט; און דעם נגידס אַ תנאי איז דערביי געווען: ער קויפט זיך אַ קבר, וואָס זאָל זיין ביי די פיס פון ר׳ מאירס קבר...

גרויס מייסטערשאַפט איז אין ליעסינס אויסבויען די פּאָעמע. די דיכטונג איז איינגעטיילט אין זעקס גרופּעס פערזן. יעדע גרופּע האָט צוועלף שורות, איינגעטיילט אין דריי פערזן, פיר שורות אין אַ פערז. יעדע שורה דערציילט וואָס פון דער תפיסה. די שילדערונג איז: „אַ קבר פון שטיין״. און עס רעדט אַרויס דעם מאַרטירערס בענקשאַפטן, יסורים, אויך זיינס אַ געדאַנק, אַ געפיל, אַ פאַרטראַכטן־זיך, אַן אַריינטיפן זיך אין דער אייגענער נשמה. און יעטווידע פערזן־גרופּע פאַרענדיקט זיך —

...און אויסלייז־געלט צאָלן פאַרווערט ער...

האָב איך געליינענט די ליעסין־פּאָעמע צוויי מאָל; אַזאַ טבע ביי מיר ביים לייענען אַלע אונדזערע דיכטערס; האָט מיך, אָבער, אַ קלאַפּ־געטאָן אין מוח דער נאָמען —

...מהר"ם מרוטענבורג...

און איך האָב באַלד געלייענט אַ דריטן מאָל, און זיך געפרעגט —

...פון וועמען האָב איך אַמאָל געהערט, אַז דער מאַרטירער ר' מאיר מרוטענבורג איז פון די היסטאָרישע פּאַטערס פון זיין משפחה?... און געהערט פון יענעם האָב איך אויך, אַז עס איז פאַרבליבן אַ טראַדיציע־יזכור, וואָס גייט איבער פון דור צו דור ביי אַ צאָל פאַמיליעס אין אַמעריקע... ווער איז ער געווען יענער, פון וועמען איך האָב עס געהערט?...

עס איז דאָס יאָר 1921, איך בין דער ממונה אין „פאָרווערטס" וואָס מ'האָט אָנגערופן „לייבאָר עדיטאָר". איך האָב, הייסט עס, געהאַט צו טאָן מיט אַרבעטער־ענינים, יוניאָנס, סטרייקס, פּראָבלעמען, שאָפּ־נייעסן, און איך בין געווען אין די נאָענטסטע פריינטשאַפטן מיט אַרבעטער־פירערס, אַרבע־טער־אַדוואָקאַטן, אינדוסטריעלע פאַרמיטלערס, סאָציאַלע פאָרשערס, אַ צאָל ריכטערס אין לאַנד. איך האָב געקלערט: נאָר אין אָט דעם קרייז האָב איך געקענט הערן וועגן דעם מהר"ם פון רוטענבורג.

דער זכרון האָט אויפגעוואַכט —

...לואיס מאַרשאַל...

ער, פון די געאַכטעסטע יוריסטן אין לאַנד, באַזונדערס רעספּעקטירט אין דער יידישער וועלט, און ניט דווקא אין אַמעריקע.

און מיטן אויפגעוואַכטן זכרון האָבן אויפגעוואַכט איינצלהייטן, און פאַראַן אין זיי וויכטיקייט. פאָרגעקומען איז עס אַ צוויי יאָר פריער, בעת סידני הילמאַנס סטראַטעגיע צו פאַרענדיקן דעם פאַרביטערטן, נאָך־מלחמהדיקן גענעראַל־סטרייק ביי די ניו־יאָרקער שניידערס. דערין האָבן געשפּילט פּראָ־מינענטע נעמען, סאָציאַל־פּאָליטישע און קולטורעלע. צווישן זיי לואיס מאַרשאַל.

סידני הילמאַן האָט ביי אים געפועלט איינצושליסן זיך אין אַ ראַט פון דריי בוררים („אַרביטרייטאָרס"), אַ סאָרט בית־דין ביי דער ניו־יאָרקער שניידעריי מיט אָפּקלאַנג: אַזוינס זאָל ווערן ביי דער גאַנצער מענער־קליידער אינדוסטריע אין לאַנד. ער, לואיס מאַרשאַל, איינאיינעם מיט די צוויי האַר־וואַרד־פּראָפעסאָרן, וויליאַם ז. ריפּלי און פעליקס פראַנקפורטער, הגם ביידע זיינען נאָך געווען פאַרמעל אין פרעזידענט ווילסאָנס אַדמיניסטראַציע. צוויי מאָטיוון האָבן געווירקט לואיס מאַרשאַל זאָל עס אויפנעמען.

איינס —

דער באַגער ביי אים צו העלפן עטלעכע צענדליק טויזנט ניו־יאָרקער שניידער־פאַמיליעס דערגרייכן באַלד אַ לייכטערן לעבן...
צוויי —

זיין גלויבן וואָס דורך אַ הויך־אַרויפגעשטיגענעם יידישן יוניאָניזם דורך אַ בית־דין וועט דאָס גאַנצע יידישע געמיינדע־לעבן אין לאַנד גיין אַרויף און אַרויף צו אַלץ אַ העכערער מדרגה... אַ פאַרזעצונג פונעם קלאָוקמאַכערשן „פראָטאָקאָל"...

דער בית־דין־אורטייל, נאָכן אויספאָרשן די אויפקלערונגען פוןביידע צדדים — יוניאָן און פאַבריקאַנטן־פאַרבאַנד — האָט געבראַכט גרויס געווינס די שניידערס אין שכירות, און נצחון דער אַמאַלגאַמייטעד אין פרעסטיזש. דער פרעזידענט פון פאַבריקאַנטן־פאַרבאַנד האָט פּראָטעסטירט קעגן די גע־העכערטע שכירות. דער בית־דין האָט פון זיך אויסגעקליבן לואיס מאַרשאַל ער זאָל זיין דער „אב־בית־דין" אָפּצוענטפערן. דער ענטפער, אַ געשריבענער, האָט געהאַט ערשט־קלאַסיקן כאַראַקטער פון אַ ייד מיט הויכער אינטעליגענץ און עטישער קולטור זאָגט מוסר אַ צווייטן ייד, וואָס קען האָבן אין זינען בלויז געשעפטס־פּראָפיטן.

אַלץ האָט געדאַרפט זיין אָפּגעשפיגלט אין „פאָרווערטס", האָב איך זיך פאַרמאָסטן אויף אַ צוויאַיקן אינטערוויו מיט לואיס מאַרשאַל און פּראָפעסאָר לעאָ וואָלמאַן, פאָרשטייער פון סידני הילמאַן בעת זיין פאַרנומענקייט אין אַנדערע שטעט. פּראָפעסאָר וואָלמאַן, אַ גאָר זעלטענע פערזענלעכקייט ביי דער דעמאָלט יונגער אַמעריקאַניש־געבוירענער יידישער אינטעליגענץ מיט אינ־טערעס אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. בפירוש אַ מושלם. אַ באַ־קרוינטער מיט קאָלעדזש־טיטולן אין פילאָזאָפיע, אין עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, אין אַנאַליזירן סטאַטיסטיק, אין סאָציאַלע פאָרשונגען. צוערשט אינעם „דזשאָנס האָפּקינס" אוניווערזיטעט אין זיין געבוירן־שטאָט באַלטימאָר, שפּעטער אַנ־דערשוואו. דערצו אַ געדאַנק־רייכער שרייבער אין דער וואָכנשריפט „ניו רעפּאָבליק" מיט וואָלטער ליפּמאַן אַלס רעדאַקטאָר. און מיט דעם אַלעמען אַ באַוואוסטזיניקער יידישער מענטש. אַ באַטייליקטער אין פרעזידענט ווילסאָנס קאָמיסיע ביים פרידנס־קאָנגרעס אין פּאַריז, אינאיינעם מיט פעליקס פראַנק־פורטער, האָט ער זיך געוומען צייט צו העלפן אי לואיס מאַרשאַל מיט דער דעלעגאַציע פון אַמעריקעס יידנטום איינצושטעלן אין מזרח־אייראָפּע יידישע בירגער־גלייכהייט און „מינאָריטעטן־רעכט" (קולטור־אָטאָנאָמיע), אי דר. חיים

ווייצמאַן אין זיינע אַנגעשטרענגטע אַקטיוויטעטן אַז די באַלפור־דעקלאַראַציע זאָל אַריינקריגן מער רעאַליטעט.

בעת אונדזער באַגעגעניש אין לואיס מאַרשאַלס אַדוואָקאַטן־אָפיס פאַרן אינטערוויו מיטביידן איז לכתחילה געוואָרן ביי זיי אַ שמועס וועגן זייערע פאַריזער טעג. און אַזוי ווי איך בין דאָך איצט געווען מיט זיי, איז אין זייער שמועס אַריין אויך דער נאָמען „אַב. קאַהאַן. זיין ראָל אַלס רעדאַקטאָר־קאָרעספּאָנדענט פאַרן „פאָרווערטס". מאַרשאַל האָט אַ זאָג געטאָן —

אים האָט עס געבראַכט אַ פּייערלעך געפיל. דער רעדאַקטאָר פון אַן אַמעריקאַנער צייטונג אין יידיש מיט גרויסע פּריינטשאַפטן פון אַזוי פיל דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע אייראָפּעאישע מדינות (סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, פאַרשטייט זיך)...

און אָפּגעפרישט האָט מאַרשאַל אויך, וואָס גלייך ביי זיין באַגעגענען דר. ווייצמאַנען האָט ביי זיי זיך איינגעשטעלט אַ קעגנזייטיק־וואַרעמער, פּערזענ־לעכער אינטערעס. דר. ווייצמאַן האָט געוואָלט וויסן מאַרשאַלס אייראָפּעאישן אָפּשטאַם, האָט מאַרשאַל אים דערציילט —

לויט ווי מען רעדט, קען ער זיך איבערנעמען מיטן יחוס וואָס איינער פון די היסטאָרישע אָבות אין זיין משפחה־געשיכטע איז דער מאַרטירערישער מהר"ם מרוטענבורג... און פאַראַן נאָך אַזוינע פאַמיליעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן; און עס איז משפחהדיק אַריבער פון דור צו דור מ'זאָל אָפּהיטן דעם מאַרטירערס יאָרצייטן; דאָס נעמען אים אין געפאַנגענשאַפט אויפן וועג קיין ארץ־ישראל; זיין פאַרזעצט ווערן אין אַ דייטשער קרעפּאָסט־טורמע; זיין ביט־לאָזן מ'זאָל אים אויסלייזן מיט געלט; זיין שטאַרבן אין תפיסה נאָך יאָרן יסורים, און דאָס אויסקויפן זיין טויטן קערפּער. ווייצמאַן איז געווען גערירט איבער די משפחהדיקע יאָרצייטן, און ער, מאַרשאַל, איז געווען גערירט וואָס ווייצמאַן איז דערפון גערירט. און ווייצמאַן האָט אים פאַרשפּראָכן: ווען אייראָפּע וועט צוריק זיך איינאָרדענען, און ער וועט ווידער באַזוכן דייטשלאַנד, וועט ער אַריינפאָרן אין דער שטאָט וואָרמס פאַר אַ וויזיט ביים היסטאָרישן קבר פונעם מהר"ם מרוטענבורג...

יענע רייד, מאַרשאַלס, וואָס זייגען מיר אַריין אין זינען צו פאַרבלייבן, האָבן אויפגעוואַכט איצט, צוויי יאָר שפּעטער, ביים לייענען די ליעסין־פאָעמע. איך האָב געקלערט: איכ'ל עס דערציילן ליעסינען ביים נעקסטן באַגעגענען אים.

אָבער, אַפּנים, עס איז פאַראַן ממשות אין טעלעפּאַטיע. אַ נאָמען וואַכט־אויף אין אייער זינען, און איר טראַכט וועגן דעם מענטשן; און עס ווייזט זיך ניט קיין שום צייכן פון אַ מעגלעכן אָנטרעפן אים; און פּלוצים וואַקסט יאַ אויס אַ צונויפטרעף, און איר הערט אַפילו, אַז יענער מענטש האָט געקלערט וועגן אייך ווי איר וועגן אים.

...טעלעפּאַטיע?... עטלעכע טעג נאָך מיין לייענען די ליעסין־פּאָעמע קלינגט דער טעלעפאָן אין „פאָרווערטס״־רעדאַקציע. לואיס מאַרשאַל רעדט צו מיר. אַ וואַרעמער „העלאָו״, און באַלד —

איכ׳ל דאַרפן אים באַהילפיק זיין. ער מוז באַגעגענען דעם רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „צוקונפט״, דעם דיכטער אברהם וואַלט־ליעסין. ער האָט נעכטן געלייענט זיין פּאָעמע „מהר״ם מרוטענבורג״. עס גייט אים ניט אַרויס פון זינען. ער וויל געבן דעם רעדאַקטאָר־פּאָעט די פיינסטע שבחים, און אין די שבחים וועט זיין דער האַרציקסטער דאַנק פון זיין גאַנצער משפּחה־געשיכטע, וואָס שליסט־איין אויך אַנדערע אַמעריקאַניש־יידישע משפּחות. און וועט דער פּאָעט אים דערלויבן, וועט ער זיי אַלעמען צונויפנעמען, און דער דיכטער־רעדאַקטאָר וועט זיין דער ערן־גאַסט צו דערציילן וועגן זיינע פאַרשונגען און פּאָעטישע שלוסן. אַוודאי קען ער וועגן דעם אַלעמען שרייבן אַ בריוו צום דיכטער, און ער וועט עס טאָן, אָבער ער מוז פריער אים באַגעגענען. די פראַגע איז: ווי אַזוי און וואו. אפשר קען איך עס אַראַנזשירן. און וואו וואוינט ער, דער פּאָעט? און האָט דער זשורנאַל „צוקונפט״ אַן אייגענע ביוראָ אין „פאָרווערטס״־געביידע, אָדער בלויז אַ דעסק אין „פאָר־ווערטס״־רעדאַקציע?...

— מיין אָפּענטפער

לויב צו אים, לואיס מאַרשאַל. ער דערשיינט אין אַ נייער גרויסקייט. און אַוודאי וועל איך דורכפירן זיין שליחות. ריידן וועגן דעם צום פּאָעט ליעסין. אָבער אויב ער וועט הערן פון מיר אַז דער פּאָעט איז ניט אויפ־געלייגט פאַר אַזאַ דערפאַרונג, זאָל ער געדענקען דעם דיכטערס פערזענ־לעכקייט, זיינע שטימונגען. איך קען פאָראויסזען אַ צונויפקום פון זיי ביידן, אָבער איך קען ניט פאָראויסזען ליעסין ווי אַן ערן־געשטאַלט ביי אַ וועלכער משפּחה, דער פיינסטער, דער שענסטער, אַפילו ניט ביי זיין אייגן פאַמיליע. מחוץ מענטשן פון דער יידישער ליטעראַטור־וועלט און געציילטע פריינד זיינע אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, מערקט זיך קוים אַ

וועלכע געזעלשאַפטלעכקייט אַרום אים. אַ פּאַרטאַנענער אין זיך, מיט עצבות אין זיין געמיט, צומאָל אַפילו מרה־שחורהדיק, אַ פאַרטיפטער אין זיך מיט לומדות, און מער לומדות, אין יידישן גייסט, ביבלישעס, תלמודישעס, מדרשים און אגדה, קבלה און מוסר־ספרים, יידישע כראָניקעס פון אַלע גלותן, הערא־אישע קדושה־געשטאַלטן פון אינקוויזיציעס, שפּרייז צו גאָר ווייטער געשיכטע, אַפילו „איבער די תהומות״, און צוריק צום היינט מיט יידישער רעוואָלוציע און יידישער שעפערישקייט — דאָס איז די ליעסין־וועלט. מיין באַשטימט פאַרשפּרעכן צו לואיס מאַרשאַל — איך וועל אים אינפאָרמירן גלייך נאָך מיין שמועס מיט ליעסינען.

און טאַקע באַלד האָב איך ליעסינען טעלעפאָנירט אין זיין היים.

אַ קלערעניש, ליעסין קען נאָך אַלץ האַלטן לואיס מאַרשאַל פאַר אַ „יאַהודי״, לויטן „אָפיציעלן״ קוק אויף אים ביי פיל פון אונדזער איסט־בראָדוויי, איז דיפּלאָמאַטיע געוואָרן מיין סטיל אין דערציילן אים גאַנץ גענוי מאַרשאַלס רייד און מיינע באַמערקונגען. איך האָב געהערט ליעסין־געלעכ־טערלעך פון דער אַנדער זייט טעלעפאָן, אַ צופרידנקייט, אָבער באַלד אויך אַן אימפּלוסיוון אָפּרוף —

...אָה, איר ווילט מיך אָוועקפירן צו וואָל סטריט?...

הגם צוריקגעהאַלטן, איז אין מיין ענטפער דערויף אויך אַריין אַ סאָרט קריגעריש קול —

...אויב דאָס איז אייער באַנעם פון דער גאַנצער זאַך ווען איינער פון די וויכטיקסטע יידישע פילאָסאָפירערס אויף גאָר דער וועלט וויל זיך באַגעגענען מיט אייך צו לויבן אייער פּאָעטישע שעפערישקייט אויפן געביט פון יידישער געשיכטע, איז זייט מוחל וואָס איך האָב אייך באַלעסטיקט... איכ׳ל אינפאָרמירן לואיס מאַרשאַל די ווערטער אייערע, און פאַרגעסט דעם גאַנצן ענין...

אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל, און אַ צוויי־דריי מינוט שפּעטער אַ קלונג אין טעלעפאָן —

...ליעסין...

עס וועט אים זיין גערן צו באַגעגענען לואיס מאַרשאַל, נאָר פאָרקומען זאָל עס אין אַ ביבליאָטעק...

...אָבער אַ ביבליאָטעק איז דאָך אַ רשות הרבים!...

דער נאָמען ראַבאַי ענעלאָו איז אַריין אין טעלעפאָנישן שמועס —

...ראַבאַי־דאָקטאָר, היימאַן גרשון ענעלאָו...

ליעסין האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיין לומדות. אויך פון דער אידלקייט אין זיין פּערזענלעכקייט. און פון דעם קוראַזש זיינעם אין מאַנען ביי טעמפּל־אָנפירערס עטישע פּרינציפּן און עטישע הנהגה אין זייער קהלשן ווי אין זייער פּריוואַטן לעבן. ענעלאָו איז אים דערצו געווען אייגן וואָס ביים נויטיקן זיך אין אַן אַנטיק־ספר, ניט צו קריגן ערגעץ, איז פאַר ליעסינען געשטאַנען אָפן דעם ראַבאַיס פּריוואַטע סטודיאָ־ביבליאָטעק. ליעסין האָט אַ וואָרף־געטאָן צו מיר אין טעלעפאָן —

...אייער לואיס מאַרשאַל!... ער טראַגט זיך דאָך אַרום מיט אַ וואונטש ענעלאָו זאָל מוזן רעזיגנירן פון ראַבינערטום ביים „עמנואל״־טעמפּל!...

...רעזיגנירן?...

...מחמת קעגנערשאַפט צו אים פון דירעקטאָרן...

...פאַרוואָס די קעגנערשאַפט?...

...פאַר זיין פאַרעקשנטן מוט צו דערמאַנען זיי כסדר אַז ראַבינערטום שטייט העכער פון זיי, און פון אַלע גבאים...

אונדז, אייגענע, אַרום ליעסינען, אין דער „פאָרווערטס״־אַטמאָספער, איז געווען וואויל באַקאַנט וואָס ליעסין דערוויסט זיך תמיד „סודות״ פון יידיש־קהלשע לייט, הגם וויט פון זיין סביבה. און מיר פלעגן זיך וואונדערן —

...קריגט ער עס?... ער גייט דאָך ניט אין ערגעץ!... ווער דערציילט עס אים?...

און ניט זעלטן פלעגט זיך אַרויסוויזן ער וויסט טאַקע, ער טרעפט ריכטיק. איצט, אָבער, וואָס שייך מאַרשאַל־ענעלאָו, האָט ער ניט געטראָפן. און איך האָב די מעשה זיינע באַלד אָפּגעלייקנט. גראָד אין יענע טעג בין איך געווען צוויי מאָל אין דר. ענעלאָוס געזעלשאַפט און ביידע מאָל האָב איך געהערט פון אים באַמערקונגען וועגן לואיס מאַרשאַל דווקא מיט אַ יום־טובדיקייט. ממש באַוואונדער. אויך פּערזענלעכע דאַנקבאַרקייט. דעמאָלט איז געהאַט דערשינען ראַבאַי ענעלאָוס אַ ניי ספר —

...דזשו ענד דהי וואָרלד... ייד און וועלט...

אַ בוך אין גייסט פון זיינע טעמפּל־סערמאָנס, אָבער מער פאַרטיפט. און לואיס מאַרשאַל איז געווען זיין סטימולאַנט. ער האָט באַריכטעט צו דער „עמנואל־קאָנגרעגיישאָן״: ער שפּירט אינעם ענעלאָו־ווערק רוח־הקודש...

הגם פון צוויי באַזונדערע דורות, זיינען מיר געווען כמעט ווי „לאַנדס־לייט". ראַבאַי ענעלאָו, אַ קאָוונער געבוירענער, און דערצויגן אין דער קורלאַנדישער ליבאָו, אַזוי נאָענט צו מיין שקוד. עס איז תמיד געווען אַ וואַרעמקייט צווישן אונדז. און ליעסין, ווידער, האָט דאָך גערעדט וועגן אים אין אַ דערהויבענעם געמיט. עס איז מיר איינגעפאַלן אַ זאָג־טאָן ליעסינען —

וויבאַלד ער איז גרייט צו באַגעגענען לואיס מאַרשאַל אין אַ ביבליאָטעק, פאַרוואָס ניט אין ראַבאַי ענעלאָוס סטודיאָ־ביבליאָטעק ?...

אַ מינוט אין שווייגן, דאַן אַ זאָג זיינס —

...דאָרטן, יאָ...

אַפּנים, ער האָט איינגעזען ער קען פון מיר ניט פּטור ווערן.

ביים אינפאָרמירן עס לואיס מאַרשאַל, איז זיין אָפּענטפער געווען איין וואָרט —

...עקסעלענט !...

דאַן אַ באַמערקונג —

איך דאַרף ניט פאַרשטענדיקן זיך מיט ראַבאַי ענעלאָו ; ער אַליין וועט עס טאָן.

אַ וואונדערלעכער פאַרנאַכט איז עס געווען. אַ דריי שעה צייט אין שאָטנס פון גרויס־גייסטיקייט ביי יידישע דורות.

געווען איז עס מאַרשאַלס באַשטימטע צייט. אויף זיין וועג אַהיים אין די פאַרנאַכטן נאָך אַ טאָג יוריסטישער קאָנצענטרירטקייט און סאָציאַל־פּאָלי־טישע קאָנפערענצן, פלעגט ער צומאָל, טאָג־נאָך־טאָג, אָפּשטעלן זיך אין ראַבאַי ענעלאָוס סטודיע פאַר יידיש־גייסטיקער דערהויבנקייט. איך, ווידער, האָב געדאַרפט ברענגען ליעסינען, און געוואַרט אויף אים אין דרויסן ביי דער ענעלאָו־סטודיע. איך האָב זיך גערינכט ער'ט קומען שפּעט, אָבער ער האָט דווקא זיך באַוויזן פּינקטלעך. און אים איז באַלד אַקעגן־געקומען אַ ליבע ליכטיקייט. ראַבאַי ענעלאָו האָט אים אויפגענומען מיטן צורוף —

...רעב אברהם !...

דערצו האָט ראַבאַי ענעלאָו געהאַלטן אין מיטן פאַרלייענען פאַר לואיס מאַרשאַל ליעסינס אַ פּאָעמע פון אַ צוויי יאָר פריער —

...ביים טויער פון רוים...

געשריבן לויט אַנוויין אין דער גמרא „סנהדרין" —

...משיח זיצט צווישן בעטלער און
קאַליקעס, קראַנקע,ביים טויער
פון זינדיקן רוים; דער קערפּער
אין טראַנטעס און קרעץ, און
וואונדן, דער גייסט אין הערלעכסטן
טרוים...

און וואָס טוט ער דאָרטן, משיח?

...ער קראַצט די קרעץ מיט אַ שערבל,
און וואַרט פון יסורים געקוועלט, צי קען
ער אַוועקגיין אין הויך מיט די וואָלקנס
און ברענגען די גאולה דער וועלט...

...סאַטירע?...

...ניין, אמונה...

פריער האָט ענעלאָו געהאַט געלייענט פאַר לואיס מאַרשאַל אויך ליעסינס פּאָעמע —

...רבי יהודה בן בבא...

אַ סמיכה־מאַרטירערטום, אויך לויט אָנוויז אין „סנהדרין". מאַרשאַל האָט געוואָלט באַקענען זיך מיט וואָס מער ליעסין־פּאָעמעס איידער ער באַ־געגנט דעם דיכטער אין אַ שמייכעלע האָט ער זיך גערויטלט, ליעסין. שבחים ניט פון זיין אינטימער סביבה. עס איז אַ פרעמד, אי זיס, און אָט, פּלוצים, אַן אומגליק איז אָנגעפאַלן.

דער דיכטער, מיט די אויגן זיינע כסדר אין ספרים, האָט דערזען אויף דער אייבערשטער ספרים־פּאָליצע אין דער ענעלאָו־סטודיע דאָס אַנטיק־ספר —

...שבט־יהודה...

ניי־צוגעקומענעס אין דער ענעלאָו־אַנטיקן־ביבליאָטעק.

ער האָט ניט געקענט צוריקהאַלטן זיך, דער אומגעדולדיקער פּאָעט. אַפילו ניט אַ פרעג צו טאָן ביים מכניס־אורח, ענעלאָו. ער איז ווי אַרויפגעשפּרונגען אויפן לייטערל מיט רעדלעך צוצוקומען צו דער פּאָליצע מיטן „שבט־יהודה", און ער איז אַראָפּגעפאַלן.

גוט מזל האָט אים צוגעדינט. מיר האָבן אים דערכאַפּט. עס איז, אָבער, געבליבן אַ נאָכווייעניש. אַ ווייטיק פון אַ קלאַפּ אין זיין רעכטן עלנבויגן. ראַבאַי

ענעלאָו האָט באַלד געגומען אים באַדינען מיט אַ קאַלטן קאָמפּרעס, און לואיס מאַרשאַל האָט אַרויסגעהאָלפן. אַמעריקעס באַרימטער יוריסט מיט אויפ־טרעטונגען אין העכסטן געריכט אין לאַנד, און קעמפּער דורך אַמעריקע פאַר גרויס ווירדע, און פאַר אַלע שיינקייטן, אין יידישן פאָלקסלעבן, האָט איצט זיך אויפגעפירט ווי אַ פעלדשערס משרת. אויסגעטאָן דעם ראָק, פאַרקאַשערט די אַרבל פון אייבערהעמד, צו קענען אומגעשטערט האַלטן ליעסינס אָרעם אויפגעהויבן, בכדי דער קאַלטער קאָמפּרעס זאָל געהעריק ווירקן.

הומאַניסטיש, דאָך איז ביי אונדז אַלעמען געהאַט אַריין אַ סאָרט בושה איבער דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט. נאָר דער פּאָעטישער ליעסין האָט עס אַוועקגענומען פון אונדז און פון זיך אַליין, מיט רייד זיינע וועלכער כח האָט עס אים געיאָגט אַ כאַפּ צו טאָן זיך צום לייטערל צו דערגרייכן דעם „שבט־יהודה".

דעריין איז געווען זיינס אַ נשמה־באַגער זינט זיינע יינגסטע יאָרן. עס איז אַ געשיכטע פון אַ יינגל אין אַ משפּחה מיט זיידעס, גרויסע רבנים. וואָס ער דערציילט, דער דיכטער ליעסין, אין זיין פּאָעמע „מיטן שבט יהודה אין סוכה", געשריבן אין זיין סאַמע לעצטן לעבנס־יאָר (1938), אַזוי איז עס דעמאָלט געשען ווען ער האָט געהאַט דאָס ספר פאַר די אויגן צום ערשטן מאָל. דורכן ספר „שבט־יהודה" מיט כראָניקעס פון גזירות, גירושים, אינקוויזיציעס און שמדן, און פון יידישן אָפּענטפערן די שונאי־ישראל מיט קוראַזש און חכמה, האָט ער ווי אַ יונג יינגל געהאַט אי פאַרטיפטן צער, אי מאָמענטן מיט גליקזעליקייט, און יונג־יינגלשע פּאָעטישע פאַנטאַזיעס. ער לייענט אין „שבט־יהודה" אין דער סוכה ביי זיין מינסקער היים, און אים דוכט ער זעט דורכן סכך די „זיבן אושפּיזין". זיי קומען אַראָפּ פון די הימלען גלייך צו דער סוכה.

די „זיבן אושפּיזין", די מיסטישע אומגעזעענע געסט —

...די דריי אָבות, אברהם, יצחק און יעקב... יוסף הצדיק און משה רבנו... אהרן, זיין ברודער, און דוד המלך...

און מיט זייער אָנקומען בליצן אין דער סוכה פינקלעניש פון אַ געטלעך ליכטיקייט. און דער ספר „שבט־יהודה" אין זיינע יינגלשע הענטלעך איז אַליין אַ שטיק גן־עדנדיקע ליכט. און יאָרן גייען און קומען, און גלייך ביי זיין ערשטן פאַרמעסט צו שרייבן פּאָעזיע, האָט ער אַריינגענומען אין זיך אַ נדר: ער וועט אַמאָל פּרוּוון אָנשרייבן אַ פּאָעמע וועגן „שבט־יהודה" און די סוכה.

אויך ווען ער איז געקומען אין אַמעריקע ווי אַ סאָציאַליסט, אַ רעוואָ־לוציאָנער פון רוסלאַנד, האָט ער געקלערט דערפון, און אַרומגעזוכט דאָס ספר „שבט־יהודה". אים איז אויסגעקומען, ער איז שולדיק אַ חוב דעם ספר און דער סוכה. ער וועט אַריינלייענען און אַריינלערנען אין „שבט־יהודה" פון־דאָס־ניי, און דאַן וועט ער שרייבן. און זינט די גאַר לעצטע עטלעכע יאָר איז זיין פאַרנעמען זיך מיט ביבלישע און תלמודישע מאָטיוון, און מיט גיבורים אין גייסט אויפצונעמען יסורים פון מאַרטירערטום, און טאַקע בעתן שרייבן און שלייפן די פּאָעמע „מהר"ם מרוטענבורג", האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן זוכן „שבט־יהודה". און אָט איז ער דאָ ווי אַ גאַסט צו שמועסן וועגן דער גרויסקייט פון ר' מאיר פון רוטענבורג מיט זיינס אַן אָפּשטאַמיקן... ואלה תולדות... אַ זעקס־זיבן הונדערט יאָר שפּעטער... און דער אָפּשטאַ־מיקער איז דער אַמעריקאַניש־יידישער פאַלקספּירער... און אומגעריכט שטייט אים אַקעגן דער „שבט־יהודה" — האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צום ספר מיט אַ פייערדיק האַרץ...

בעת די רייד, ליעסינס, ניט פליסיק פון וואָרט צו וואָרט מיט אַן איינ־געשטעלט זאַץ, נאָר ווי געוואָרפענע איינציקע ווערטער מיט אָפּשטעלעניש, און יידיש וואָרט מיט וואַגיקן באַטייט, האָט לואיס מאַרשאַל אַ זאָג געטאָן אין אַ פליסטערן צו זיך אַליין און צו מיר —

...עי וואָנדערפול מען... דער דיכטער איז אַ וואונדערבאַרע פּער־זענלעכקייט...

און אַ מאַרשאַל־ליעסין דיאַלאָג איז אויפגעקומען.

ניט פּאָלעמיש, אויך ניט דירעקט דורך פרעגענישן און אָפּענטפערס, נאָר יעדער פאַרטייטשט זיין ירושה־יחוס, און ביי אים איז אַ גלויבן ער קען זיין אַ המשך פון זיינע אָבות.

אַ קורצער דיאַלאָג וועגן משפּחה־אייגנשאַפטן, וואָס גענומען האָט זיך עס פון מיינס אַן „אַריינרייסן" זיך מיט אַ פראַגע צי מען קען איבערנעמען אַ וועג אין רוחניות פון אַן עלטער־עלטער־עלטער־זיידן, פונקט ווי מען נעמט איבער פון די ווייטסטע דורות פיזישע שטריכן. עס איז אָבער געוואָרן אויך אַ שמועס זאַלבע־פערט.

ליעסינען איז לייכט געווען אָנצוגעבן די גייסטיקע איינפלוסן אין אים פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, רבנים, און יעדערער אַ חריף, און אַזוי נאָענט צו זיין לעבנס־צייט. און געהאָלפן האָט אים אין דעם די גייסט־ענלעכ־

קייט ביי זיין גאַנצער סביבה, אי אַלס קינד אין דערהיים און אין חדר, אין בית־מדרש און אין ישיבה, סלאָבאָדקע און וואָלאָזשין, און אי אין די וייטער־דיקע יאָרן, אַפילו שוין ביי זיין אַריינלעבן זיך אין דער געדאַנקען־וועלט פון סאָציאַליזם. דער וואַלט־ליעסין באַנעם פון מאַרקס און מאַרקסיזם איז אַ ספּעציעלער באַוויז. יידיש גייסטיקייט, תנ״ך און גמרא, פילאָזאָפיע פון תנאים, געשיכטע פון יוסיפון און גרעץ, די בעלי־קבלה פון צפת, מוסר פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער, חסידות פון בעל־שם און פון תניא, מתנגדות פון ווילנער גאון, און העכערע השכלה פון אחד־העם און שמעון דובנאָוו, איז געווען דאָס לופט, וואָס ליעסין האָט געאָטעמט. צום דייטלעכסטן האָט טאַקע אַזוי אים אַנאַ־ליזירט, אַ צענדליק יאָר נאָך זיין אָפּשייד פון דער וועלט, דער באַקאַנטסטער ליטעראַטור־מענטש צו אים ביים זשורנאַל „צוקונפט״, ברוך ריווקין, אין זיין ווערק —

...יידישע דיכטער אין אַמעריקע...

און געווען איז דאָך אין ליעסינען אונדזער לשון יידיש מיט אַלע קנייטשן פון יידישן חלומען און יידישן טראַכטן, און יידישער קעמפערישקייט. און דער ניגון, דער צווינג —

...מאי קאָ משמע לן, וואָס לאָזט עס אונדז צו הערן?...

אַזאַ געדיכטעניש פון יידישקייט ווי ליעסינס האָט ער דאָך אַרום זיך ניט געהאַט. ניט געקענט האָבן. דרך אַמעריקע. און ער וואָלט דאָך באַדאַרפט אַריבערשוועבן זעקס־זיבן הונדערט יאָר צום דייטשן מיטלאַלטער אַריינצו־קוקן אינטים אין זיין ירושה־יחוס. ווי אַזוי, זשע, איז צו אים דערגאַנגען די משפּחה־קרובהשאַפט מיטן מאַרטירערישן ר׳ מאיר פון רוטענבורג?...

לויטן ענטפער —

צוערשט די מוטער זיינע. מאַמעס ווייסן בעסער ווי אַזוי נאָכצוגיין דעם מאַרשרוט פון משפּחה־יחוס, ווי ווער עס איז אַן אָנווייזער פון דער ווייטנס. בעת זיינע ערשטע סטודענטן־יאָרן אינעם קאָלעדזש פון זיין געבוירן־שטאָט, סיראַקיוז, איז דער יונגינקער „לואי״ מאַרשאַל אַריין לערנען יידישקייט אין דער שבת־שולע ביי דער סינאַגאָגע. די נחתדיקע מוטער האָט אים וואויל אַ זאָג געטאָן —

ער מוז דאָס יידישקייט־לערנען נעמען זייער ערנסט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קינד פון דער משפּחה פונעם פילאָזאָף־פּאָעט און גרויסן מאַרטירער, ר׳ מאיר פון רוטענבורג...

דורכאויס ניי איז עס אים געווען. עס איז אים אַריין אין האַרצן —
...פילאָזאָף, פּאָעט, מאַרטירער...

און ער פלעגט אָפט קריגן גלוסטן אַריינצוקוקן אין די פּיוטים, סליחות און קינות פון ר׳ מאירס פּאָעטישער שעפערישקייט. שפּראַך האָט מיט־געשפּילט. איבערזעצן פאַר זיך אַליין לשון־קודשדיקע שורות, וואָרט נאָך וואָרט, אין דייטש, און פון דייטש אין אייגענעם ענגליש, איז תענוגדיקער קולטור־ספּאָרט. און יאָרן שפּעטער איז אים אויך אָקעגן־געקומען איבעראַשונג.

צוויי יידן זיינען זיי געווען אין דער „קאָמיסיע פון פינף״, וועמען דער ניו־יאָרקער מעיאָר, סעט לאָו, האָט אויסגעקליבן אויסצופאָרשן דעם סקאַנדאַל (1902) מיטן וואַרפן שטיינער אויף דער מאַסן־לוויה פון פיל טויזנטער יידן אויף ניו־יאָרקער גרענד סטריט ביים נעמען צו קבורה דעם רב־הכולל יעקב יוסף. אַ וואונד אין דער יידישער אימיגראַציע. מ׳האָט עס אָנגערופן פּאָגראָם. אַ פאַרלייכטערונג איז געוואָרן דורכן ערלעכן אינטערעס אין שטאָט, אַז אַזוינס זאָל מער קיינמאָל ניט פּאַסירן. די צוויי יידן אין דער „פינפער קאָמיסיע״ — ער, לואיס מאַרשאַל, דעמאָלט ערשט ביים אָנהייב פון זיין וועג צו גרויסקייט, און נייטן ביזשור, שוין פון אַ היסטאָריש קאַפּיטל קאַמפן פאַר פרייער אימיגראַציע, און אין שפּעטערדיקע יאָרן פון די פּראָמינענטסטע סופרים־קאָורט־ריכטער אינעם שטאָט ניו־יאָרק. ביים ערשטן צונויפקומען פון דער קאָמיסיע איז זיי ניט געווען לייכט אויפן געמיט. אַ וואַרפן שטיינער אויף אַ יידישער מאַסן־לוויה אין דער נייער וועלט, האָט ווער געהערט דערויף?

ס׳האָט געפּלאָגט. ס׳האָט גערייצט. מ׳האָט זיך געשטיקט.

אין אַ שטילן שמועס צווישן וועגן יידישן גורל, וואַנדערונג דור נאָך דור, און דערין איז דאָך ניט דווקא שלעכטס, מיטן איצטיקן אַריבערקלייבן זיך צו די פרייהייטן אין אַמעריקע, און דערין איז אַוודאי ניט קיין שלעכטס, און יעדע יידישע משפּחה דאָ האָט דאָך איבערגעלאָזן הינטער זיך איבער די ימים גאַר גרויסע דראַמע, האָט דער קאָלעגע זיינער, נייטן ביזשור, אַנטפּלעקט זיך פאַר אים דורך איבערגעטראָגענע רייד פון זיין פאַמיליע, וואָס הגם זיי זיינען ניט דורכאויס פון דייטשן אָפּשטאַם, איז ווער פון זייערע זיידעס אין דייטשן מיטלאַלטער געווען אַ גרויסער רב און אַ פּאָעט און אַ מאַרטירער.

...יאָ, דער זעלביקער מהר״ם מרוטענבורג...

מאַרשאַל האָט דערמאָנט אויך די פּאָליטישע פאַמיליע אַטינדזשער.

ראַבאַי ענעלאָו האָט אַריינגערעדט אין מאַרשאַלס רייד מיט אַ באַמערקונג, וואָס האָט געוויזן זיי האָבן ביידע שוין געהאַט געפּירט וועגן דעם וויכוחים. אַ דורכאויס אומגעצוימטער שמועס איז איצט אָנגעגאַנגען. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט געזען דעם דיכטער ליעסין אין אַזאַ אָפּשפּאַן פון אַנדערע טראַכטענישן. די אויגן ברייטער צעעפנט. אַ נאַטירלעך שמייכל. אים איז ליב געווען וואָס איינציייטיק מיטן פאַרעפנטלעכן זיין מאַרטירער־פּאָעמע, הערט ער אויך וועגן דעם יוריסט, נייטן ביזשור, ווי פון אַן אָפּשטאַמלינג פונעם מאַרטירער. ער הערט דאָ בכלל פון אַמעריקאַניש־יידישע גרויסקייטן. עס איז אַ ספּעציעלער מצב. עס איז די פינצטערסטע צייט אין אַמעריקעס פּאָלי־טישער געשיכטע זינט דורות. דער חושך פון די ערשטע פּאָר יאָר נאָכן ערשטן וועלט־קריג. אַ פאַרפאָלגונג־מאַניע איז אין דער לופט. פּאַלמער אין וואַשינגטאָן. לאַסק אין ניו־יאָרק. עס רופט זיך אָפּ, פאַרשטייט זיך, אין די געריכטן. און ער הערט דאָ, ליעסין, פון אַן אויטאָריטעט, פון לואיס מאַרשאַל, אַז קיין איינער פון די יידישע יוריסטן לאָזט זיך ניט אַריין דינען דעם חושך.

פאַרקערט, דווקא אין דער פינצטערער צייט, און דווקא ווי אַ כלל, דערשיינען זיי מיט ליכטיקייטן ביי יעטווידן יורידישן ענין. עס גילט די מסורה זינט דעם זיידן אברהם: „מיר'ן זיין אַ ליכט צווישן די פעלקער...“ נייטן ביזשור איז דאָ אַ מוסטער.

ממש גלייך ביים אָנהייב פון זיין קאַריערע אַלס סופרים־קאָורט־ריכטער איז צו אים דערגאַנגען דער בילבול אויף דער אַמאַלגאַמייטעד שניידער־יוניאָן —

...אַז יוניאָניזם איז ביי איר אַ מאַסקע... אין תוך איז זי אַן אַגענטור פאַר „באָלשעוויזם“...

מיט אָנצוהערעניש —

...אפשר אַפילו אין שותפות מיטן רוסישן „באָלשעוויזם“...

דער אָנקלאָג צום סופרים־קאָורט צילט צו אַ פסק־דין —

...געזעץ זאָל אויפלייזן די אַמאַלגאַמייטעד!...

די אורזאַך פאַר אַזאַ משפט־ווענדונג איז אָנגעגעבן אַ פסוק פון דער אַמאַלגאַמייטעד־קאָנסטיטוציע —

...דער ציל פון אונדזער קלאַסן־קאַמף איז אַרויסצונעמען די אינדוסטריע פון די „קאַפּיטאַליסטישע הענט“ און אַריינגעבן זי אין די „אַרבעטער־הענט“...

צום ערשטן מאָל אויסגעשטעלט „אַזאַ זינד“ ביי אַן אַרבעטער־יוניאָן,

האָט דער ריכטער נייטן ביזשור געמאַכט דערפון אַ היסטאָרישן מאָראַל־משפט, אַן אידייען־משפט.

גרויס געשפּאַנטקייט איז געוואָרן אין געריכטן אויף דער לענג און ברייט פון לאַנד. שוין ניט צו ריידן פון דער נערוועאישקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, באַזונדערס אונדזערס, יידישער יוניאָניזם, מיט סאָציאַליזם אין וועלט־אויסקוק און אין האַרצן. די אַמאַלגאַמייטעד־פירערשאַפט, מיט סידני הילמאַן בראש, און יעקב פּאָטאָווסקי און יוסף שלאָסבערג און דר. לעאָ וואָלמאַן אַרום זיך, איז געווען גוט צוגעגרייט אינטעלעקטואַל. דעמאָלט פון די פייַנסטע שטונדן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער רעזולטאַט —

...ריכטער ביזשורס פּסק־דין, אַ גרויסקייט אין געדאַנק און אין קוראַזש... דער אָנקלאָג ווערט דערקלערט אַלס אַ בילבול... דער אַמאַל־גאַמייטעד־יוניאָניזם איז עכט... דער פּסוק אין דער אַמאַלגאַמייטעד־קאָנסטי־טוציע איז אויסדרוק פון טרוימעריי פון אידעאַליסטן פאַר דער ווייטער צוקונפט, און איז אין קיין זין נישט אַ סאָרט פּראָוואָקאַציע פאַר שלעכטס, אָדער אַ העצעריי קעגן דעם כאַראַקטער פון אייגנטום אין דער אינדוסטריע היינט־צו־טאָג...

אי דער פּירוש דערויף פון ראַבאַי ענעלאָו, אי דאָס פּאַראַוויסזען פון לואיס מאַרשאַל האָבן ליעסינגען איבערוועלטיקט. אינאיינעם האָבן זיי אַנט־פּלעקט אַ נייע אַמעריקאַניש־יידישע אַנטוויקלונג, וואָס אים, און אייגנטלעך דער גאַנצער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, איז עס געווען פרעמד.

דער ענעלאָו־פּירוש —

...בלויז יוריסטן מיט אַ צוטריט צו די ברונעמער פון יידישער הלכה און אגדה, די „חכמי־התלמוד" און די „בעלי־התוספות", זיינען מסוגל צו אַנטשיידן אין פולער קלאָרקייט אַמעריקאַנישע פּראָבלעמען אין סאָציאַלער גערעכטיקייט, וואָס שליסט איין אַרבעטער־באַוועגונג, מענטש־רעכט און מענטש־פליכט, ממשות פון אייגנטום און פון קלאַסן־קאַמף... די גרופּע יוריסטן ביי די „יודעאַנס", אַ געזעלשאַפט וואָס איז אויפגעקומען אין יאָר 1910 (כאַראַקטעריסטישעס פון זיי וועט דער לייענער געפינען אין אַ ווייטער־דיק קאַפּיטל) האַלטן זיך דערמיט פאַר „בעלי־תוספות" אין אַנגלאָ־סאַקסישן געזעץ מיטן יונייטעד סטייטס סופרים־קאָורט בראש... און טאַקע לויטן באַטייט פון „תוספות", ניט ענדערן דאָס געזעץ, נאָר פאַרטיפן די געזעץ־פילאָזאָפיע און אויסברייטערן די אַרומגערינגלטקייט עס אויפצונעמען...

מאַרשאַלס פּאַראַויסזען —

...מ'קען דערוואַרטן יעטווידע וויכטיקע לאָא־שולע אין לאַנד וועט אינעם גאַנג פון צייט איינפירן אַ תלמודישן קלאַס, ניט דווקא לשם מצווה, אָדער פאַר יידישע סטודענטן, נאָר ווי אַ פּראָגראַם־נויט פאַר יעטווידן סטודענט אין יוריספּרודענץ... און אויב ניט דירעקט אין די לאָא־קלאַסן, וועט עס מוזן ווערן איינגעשטעלט אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר מיטן ציל אויפצונעמען אויך ניט־יידישע יוריסטן... און קומען וועט דערצו דורכן אַנערקענען ביי אַמעריקעס יוריספּרודענץ, אַז דער תלמוד איז איינציק אין דער וועלט־ליטעראַטור אַרום געזעץ מיטן איינשליסן דאָס גאַנצע מענטשלעך לעבן פון יחיד פון און פון כלל, און די באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, און די פאַרהעלטענישן צווישן פאָלק און פאָלק... און ערשט דערפון וועט אויך יידישע אַרבעטער־באַוועגונג דערהייבן ווערן... זי איז דאָך ניט אַ פּראָדוקט פון סתם קלאַסן־קאַמף, נאָר דערמיט אויך אַן אַרויסוואוקס פון דער אַלטער יידישער קולטור...

דער דיכטער ליעסין האָט זיך אַרומגעקוקט ווי אין גרויס וואונדער —

...וואו געפינט ער זיך?... און פון וועמען הערט ער עס?...

זיצן מיר שוין אַ דריי שעה אין שאָטנס פון יידישע דורות, און דווקא פון די שאָטנס רייסט זיך דורך אויפלויכט. און וואָס ער הערט, ליעסין, איז דאָך אים צום האַרצן. ער אַליין האָט דאָך ענלעכע אידייען, און זיין שעפערישע פעדער איז דערמיט אומרואיק מ'זאָל עס וויסן, אַז יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און סאָציאַליזם זיינען יידישע קולטור־קאַפּיטלעך. מאַרקס און מאַרקסיזם זיינען, לויט אים, פון יידישן קולטור־פּראָצעס...

נאָר אויף וויטערדיקע בלעטער וועט דער לייענער באַגעגענען אויך אַן אַנדער ליעסין־געשטאַלט, און טאַקע אין באַצוג צו דער פּערזענלעכקייט — לואיס מאַרשאַל...

# יידישע אַרבעטער באַוועגונג

## 1



סתמא איז דאָס פון די מיסטעריעס, וואָס קומען־אויף אין לעבן, און אַ וועלכע דערקלערונג וועגן זיי איז ניטאָ. זיי קומען פלוצלונג, און מען בלייבט שטיין אין וואונדער.

פלוצלונג באַגעגנט איר אַ נאָמען, וואָס אַמאָל איז ער געווען ווי אַ טייל פון אייך, נאָר אין דעם גאַנג פון די יאָרן האָט איר אים פאַרגעסן. אַ סך יאָרן זיינען אַוועק, און איר האָט דעם נאָמען אין ערגעץ ניט געהערט, און אויך אים ניט געזען וואו אין דרוק. נעמט איר דאָך קלערן וואָס ער איז ווידער געקומען צו אייך, און וואָס ער האָט אַמאָל פאַר אייך באַדייט; איז באַלד נאָכדעם הייבט ער אָן זיך אָפּרופן ווידער און ווידער. ער קומט פון אַלע זייטן. ער ווערט צוריק ווי אַ טייל פון אייך.

אַזאַ דערפאַרונג האָב איך איצט, און עס איז אַ צויבערלעך דורכלעבעניש. עס האָט צו טאָן מיט די אַמאַליקע פאַסירונגען, און צוויי פאָלקס־קאָנפערענצן.

אַנומלט האָב איך באַזוכט דעם „קורסקי־אַרכיוו" אין דער אַטראַן־הויז אין ניו־יאָרק, וואו מען קען אַריינקוקן אין אויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן, וואָס אינאיינעם זיינען זיי אַ ברייטער וועג צו דער געשיכטע פון דער יידישער באַוועגונג אויף גאָר דער וועלט. עס האָט מיר אַ שיין־געטאָן אין די אויגן אַ צירקולאַר פון יאָר 1906, מיט אויפרוף צו פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען אין אַמעריקאַנער שטעט קעגן דער צאַרישער רעגירונג אין רוסלאַנד, און אַז מען זאָל העלפן דעם קאַמף פון „בונד" און דעם זעלבסטשוץ, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אַנטקעגנצוגיין מיט וואָפן די צאַרישע פּאָגראָמען. צוויי נעמען האָבן

ווי אויפגעבליצט פון דעם צירקולאַר; צוויי רעדנער, וועלכע זיינען דעמאָלט אַרומגעפאָרן אַדרעסירן אַזעלכע פאַרזאַמלונגען אין שטעט פון ניו־ענגלאַנד. איין נאָמען — אונדזער אומפאַרגעסלעכער מאיר לאָנדאָן; דער צווייטער — ניט קיין אונדזעריקער, ניט קיין איד און ניט פון אַ וועלכן ראַדיקאַלן לאַגער, נאָר סתם אַ ליבער אַמעריקאַנער נאָמען: דזשאָרדזש קענאַן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער נאָמען דזשאָרדזש קענאַן קוקט אַרויס פונעם „קורסקי־אַרכיוו" מיט אַ טענה צו אונדזער דור: פאַרוואָס האָבן מיר אים פאַרגעסן?...

געשמט האָט ער שוין אַ זעכצן־זיבעצן יאָר פריער. ער האָט דעמאָלט אַרומגערייזט איבער רוסלאַנד ווי אַן אַמעריקאַנער שרייבער, און אויך אין דער רוסישער סיביר האָט ער אַרומגערייזט; און אין יאָר 1890 איז ער געקומען צוריק אַהיים מיט אַ זשורנאַליסטישן רעש, אויפדעקנדיק פאַר אַמע־ריקע, צום ערשטן מאָל אויף אַ גרויסן שטייגער, די פאַקטן פון דער אונטער־ערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, דער עיקר, וועגן די פאָליטישע אַרעסטאַנטן אין די צאַרישע טורמעס, פאַרשיקטע אין סיביר.

זשורנאַלן האָבן געדרוקט אַרטיקלען זיינע, און אויך אַ בוך האָט ער פאַרעפנטלעכט. אַמעריקע האָט זיך דערוואוסט די איינצלהייטן פון דער „יאַקוטסקער דראַמע", וואָס איז אַ בלוטיקער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן קעגן די צאַרן; און אַמעריקע איז באַקאַנט געוואָרן מיטן כאַראַקטער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע העלדן מיט זייער הומאַניזם, מיט זייער טיפער מענטשלעכקייט, באַזונדערס מיט די פרויען־געשטאַלטן ביי זיי — ווערא זאַסוליטש, סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ, דזשעסי העלפּ־מאַן, ווערא פיגנער און די „באַבושקאַ", קאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ.

דורך דזשאָרדזש קענאַן איז אויפגערודערט געוואָרן די אַמעריקאַנער עפנטלעכע מיינונג, און דערפון איז אַרויס אַן אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג צו העלפן די רעוואָלוציאָנערן. אַמעריקאַנער פאַמיליעס, וואָס צו־מייסטנס זיינען זיי געווען פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, און פאָליטיש זיינען זיי געווען רעפּובליקאַנער, האָבן געגרינדעט אַ פאַראיין „פריינט פון פרייהייט פאַר רוסלאַנד". און דער פאַראיין האָט איינגעשלאָסן קינדער פון דער גאַרי־סאָן־משפחה מיט אַ היסטאָרישער ראָל אין די קאַמפן פאַר נעגער־באַפרייאונג, און די דיכטער דזשוליאַ וואַרד האָו און דזשעימס ראַסל לאָועל פונעם האַר־וואַרד־אוניווערזיטעט, וועלכער איז געווען אויך אַמעריקעס אַ דיפּלאָמאַט אין ענגלאַנד און אין שפּאַניע.

דאָס אַלץ איז אָפּגעלאָפן אײדער אונדזער דור איז אָנגעקומען אין אַמעריקע. אָבער דער נאָמען דזשאָרדזש קענאַן איז אונדז אַנטקעגנגעקומען און ער איז אונדז געוואָרן ווי אַ טייל פון אונדזערע ערשטע יאָרן אין דער נייער וועלט. מיר האָבן וועגן אים געלייענט אין „פאָרווערטס" און „פרייע אַרבייטער שטימע". ערשט דאָ האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן די רעוואָלוציאָנערע העלדן אין רוסלאַנד, און זיי זיינען דאָך אונדז באַלד געוואָרן הייליקע נעמען, איז מיט זיי אונדז טייער געוואָרן דער אַמעריקאַנער נאָמען דזשאָרדזש קענאַן. איך געדענק אים פון דעם יאָר 1904, ווען ער האָט געהאָלפן פּאָפּולער־מאַכן דאָס אָנקומען אַהער פון דער „באַבושקאַ" אין באַגלייטונג פון דר. חיים זשיטלאָווסקי; און פון אַ יאָר שפּעטער, ווען ער איז אויפגעטראָטן צוזאַמען מיט מאיר לאָנדאָן ביי אַ פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרקער האַרלעם פאַרן זעלבסט־שוץ פון „בונד"; און פון וויטערע יאָרן, ווען ער פלעגט אויסוואַקסן אינאײנעם מיט מאיר לאָנדאָן ביי אַנדערע אַזעלכע פאַרזאַמלונגען.

האָב איך געטראַכט דערפון ביי דעם „קורסקי־אַרכיוו" אין דער אַטראַן־הויז. יאָ, מיר האָבן פאַרגעסן אַ ליבן נאָמען. און מיט געדאַנקען וועגן דעם בין איך אָפּגעפאָרן פון ניו־יאָרק. און ווי מערקווירדיק דאָס איז: דער נאָמען דזשאָרדזש קענאַן איז מיר ווידער אַנטקעגנגעקומען, און שוין גאָר אין דער אַמעריקאַנער וויטער וועסט.

אַנטקעגנגעקומען דריי מאָל, אַ וואָך נאָך אַ וואָך.

פריער דורך אַ צייטונג פון קאָלאָראַדאָ, דורך דער „דענווער פּאָסט".

אין די צייטונגען פון דער וועסט דרוקן זיך פיל בריוו וועגן בונטן אין די סאָוועטישע לענדער, אין דעם מזרח־טייל פון דייטשלאַנד, און אין פּוילן, און אין טשעכאָסלאָוואַקיע, און אין רומעניע, און אין אונגאַרן, און אין בולגאַריע. דער טאָן פון די בריוו איז געצילט צו די איצטיקע אָנפירערס פון דער עפנטלעכער מיינונג אין לאַנד. עס איז אַ טאָן מיט אָנקלאַגע: „מיר האָבן געוואַרט אויף אַזאַ דערשיינונג זינט דער קאָמוניזם פון סאָוועט־רוסלאַנד האָט אַרויפגעוואָרפן זיין דיקטאַטור אויף אַ האַלבער אייראָפּע; איצט, אַז מיר האָבן עס דערלעבט, ווייסן מיר ניט וואָס צו טאָן דערמיט... פאַרוואָס באַנוצט מען זיך ניט מיט דער געלעגנהייט אויפצושטורעמען די בונטן נאָך מער?"...

אינאײנעם בריוו אין „דענווער פּאָסט" זיינען געשטאַנען אויך אַזעלכע שורות: „אין דעם גאַנג פון מיין גאַנצן לעבן האָב איך געהערט אין מיין פאַמיליע־קרייז, אַז מען דאַרף זיך אָפּרופן מיט הייליקע סענטימענטן אויף יעדן קאַמף

פאַר פרייהייט אין די גרעניצן פון רוסלאַנד. דאָס איז צו אונדז געקומען ווי אַ ירושה פון דעם שריפטשטעלער דזשאָרדזש קענאַן. ער האָט גוט געקענט די מעטאָדן פון די גרויזאַמע רוסישע הערשער, און אים איז געווען אייגן דער הויכער כאַראַקטער פון די רוסישע יידן, וועלכע האָבן זייער רעטונג אין דער אימיגראַציע אין אַמעריקע״... אונטערגעשריבן איז געווען דער נאָמען „עליזאַ פּאָולק״.

איז נאָך, הייסט עס, פאַראַן ווער אין דער גרויסער אַמעריקע, וועלכער געדענקט דעם נאָמען דזשאָרדזש קענאַן; און דער נאָמען פּאָולק זאָגט אויך אַ סך.

געווען אַ פּאָולק — וויליאַם דאָדלי פּאָולק — וועלכער איז געשטאַנען פאַרבונדן מיט דער אַדמיניסטראַציע פון פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט, און אַ צייט איז ער געווען אויך דער אָנפירער פון דעם פאַראיין „פריינט פון פרייהייט פאַר רוסלאַנד״, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דזשאָרדזש קענאַן. עליזאַ פּאָולק איז, אַפנים, פון דער זעלבער משפחה.

אַ וואָך נאָך דעם איז דער נאָמען דזשאָרדזש קענאַן ווידער געוואָרן אויפגעלעבט אין דער פּרעסע פון דער וועסט.

האָלמס אַלעקסאַנדער, דער פּאָליטישער קאָרעספּאָנדענט פון דער „לאָס אַנדזשעלעס טאַימס״, האָט געמאַכט באַמערקונגען וועגן דעם שטאַרקן איינדרוק וואָס ס׳מאַכן די אויפגעזאַמלטע פאַקטן אין אַ שריפט פון די „יונייטעד ביישאָנס״ וועגן די שקלאַפן־לאַגערן אין סאָוועט־רוסלאַנד; זאָגט ער דערביי, אַז די פּאָליטישע טורמעס אונטער די רוסישע צאַרען, ווי דזשאָרדזש קענאַן האָט זיי קלאַסיש געשילדערט, זיינען געווען קאַמערן פון גן־עדן אין פאַרגלייך מיט די פּאָליטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אונטערן רוסישן קאָמוניזם.

נאָך אַ וואָך איז קוים אַוועק, און אין דער ליבעראַלער צייטונג „ניוס״ פון לאָס אַנדזשעלעס איז געווען געשריבן וועגן דער זעלבער שריפט פון די „יונייטעד ביישאָנס״, און אין דעם אויספיר האָט זיך געזאָגט, אַז וואָלט די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט איצט זיך אָפּגערופן אויפן קרעכץ פון די פאַרקנעכטעטע פעלקער אין רוסלאַנד, ווי זי האָט עס געטאָן אין דער צייט פון דזשאָרדזש קענאַן, וואָלטן מיר געהאַט אַ פיל רייַנערן געוויסן, און דערפון וואָלט אַרויסגעקומען אויך אַ בעסערער פּאָליטישער וועג אין אונדזער באַהאַנדלען די רוסישע פראַגן פון ציינט־צו־טאָג.

לייען איך וועגן דעם, וואָס דאָס מיינט דאָך, אַז די געשטאַלט פון

דזשאָרדזש קענאַן שטייט ווידער אויפגעלעבט און איך קלער ממילא וועגן די ערשטע יאָרן פון אונדזער דור אין אַמעריקע, יאָרן פון טויזנטער פון אונדז. דזשאָרדזש קענאַן געהערט צו זיי. ער געהערט צו דער געשיכטע פון דער יידישער אימיגראַציע.

ביי די פאַרזאַמלונגען, וואָס מיר פלעגן דעמאָלט האָבן, אין די יאָרן פון 1904 ביז 1908 — סיי אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, סיי פון איינצלנע לאַנדסלייט־גרופּעס, ביידערליי פאַרן זעלבסטשוץ אין רוסלאַנד, צו וועלכע דזשאָרדזש קענאַן פלעגט קומען צוזאַמען מיט מאיר לאָנדאָנען — האָט זיך געגומען אייגנטלעך, בויען דאָס היינטיקע יידישע לעבן אין אַמעריקע.

גאָר אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער האָבן יענע פאַרזאַמלונגען געהאַט.

עס פלעגט קומען אַ באַרימטקייט פון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּן אין די באַזונדערע רוסיש־יידישע שטעט, צי פון ווילנע, אָדער קאָוונע, צי פון מינסק, אָדער וויטעבסק, צי פון באָברויסק, אָדער דווינסק, פון ביאַליסטאָק אָדער סמאָרגאָן, צי גאָר פון ריגע, אָדער פון אַ גאַנצער ריי שטעט אין אוקראַינע, פלעגט מען דעם אָנגעקומענעם רעוואָלוציאָנער פון דער אייגענער שטאָט געבן אַ קבלת־פּנים, און דערביי איז געווען דער געפיל, אַז מען גייט הערן אַ גרוס פון דער אַלטער היים, אָבער געווען איז נאָך אַ זאַך.

לאַנדסלייט פלעגן באַגעגענען לאַנדסלייט, און איינער דעם צווייטן האָט געזוכט און געקראָגן הילף דורך אָנווייזונגען ווי אַזוי זיך איינצואָרדענען מיט „מאַכן אַ לעבן" אין דער נייער וועלט. און פון יענע פאַרזאַמלונגען זיינען אַרויסגעוואַקסן גאַנצע פאַכן מיט אַ לאַנדסלייט־כאַראַקטער; און דאָרטן האָבן זיך פאָרמירט די ערשטע גרופּעס, אַז מען זאָל אינאיינעם ווערן אַקטיוו אין די שעפּער. און דעמאָלט האָבן יידישע יוניאָנס אָנגעהויבן קריגן זייער פאַר־טיפטן און הויכן כאַראַקטער.

ממשות פון די צווי קאָנפערענצן האָט זיך געוויזן ערשט ביים סוף. אומדערוואַרטעטעס האָט אַ שיין־געטאָן.

## 2

צוויי טרוימערס, און אַ דריטער צווישןביידן, האָבן דערפירט די קאָנפע־רענצן צו אַ טאָלק. צוויי נייע מענטשן האָבן זיך אַ ווייז־געטאָן ביי דער 1907־קאָנפערענץ אין קלינטאָן־האָל. דאָס אָרט גופא האָט געהאַט באַטייט. די 1906־

קאָנפערענץ ערגעץ אויף גרענד־סטריט האָט ניט פאַרגעשטעלט אומגעוויינ־לעכס. קלינטאָן־האָל האָט צוגעגעבן די קאָנפערענץ־זיצונגען אַ ספעציעלן כאַראַקטער. קלינטאָן־האָל האָט שוין געהאַט געשיכטע. וויכטיקע געזעלשאַפט־לעכקייט מיט עכט־יידישן פאָלקס־געפיל איז דעמאָלט שוין געהאַט אַרויס־געקומען פון קהלשן קלינטאָן־האָל. און וואָס שייך יידיש אַרבעטער־לעבן, האָט עס שוין געהאַט אייגענע דורותדיקייט.

גלייך דערביי, פונקט אַקעגן, האָט זיך איינגעפונען די יידישע בעקער־יוניאָן, „לאָקאַל הונדערט״. צו יעטווידן סטרייק ביי שניידעריי אין הונגער, פלעגן די בעקערס קומען מיט זייער הילף. זיי פלעגן פועלן ביים באַלעבאָס ער זאָל זיי געבן מעל, און זיי פלעגן אים באַצאָלן מיט זייער אַרבעטן אומבאַצאָלט נאָך זייער טאָג־אָדער־נאַכט־אַרבעט, און אומבאַצאָלטע אַרבעט איז, פאַרשטייט זיך, געווען זייער באַקן ברויט פאַר סטרייקערשע היימען. און זיי פלעגן צוברענגען דאָס ברויט אויף אַ פושקאַרט צו די געווערקשאַפטן אין קלינטאָן־האָל מ׳זאָל עס פאַנאַנדערטיילן.

דאָנערשטיק ביינאַכט, ערב שבת, האָט עס געהאַט נאָך מער פרומען חן, טראַדיציע און געדאַנק. מ׳פלעגט באַקן שבת־חלה פאַר די סטרייקערס. און די בעקערס אַליין פלעגן נאָכדעם שטופן אַ פושקאַרט מיט שבת־חלה צום קלינטאָן־האָל. איך האָב בייגעוואוינט אַזאַ סצענע. אויף דער גאַס דאָרטן האָט דעמאָלט זיך איינגעפונען אויך אונדזער פּאָעט, מאָריס ראָזענפעלד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן, און געהערט וואָס עס איז. ער האָט אַ זאָג־געטאָן וואָס נאָכדעם איז עס אַריין אין זיינס אַ פעליעטאָן —

...אַ הייליקער סטרייקערשער פושקאַרט, אַ נייער אָרון־קודש ביי יידן...

און ס׳איז טאַקע געווען בעתן 1907־סטרייק ביי דער ישיבה־בחורשער און בונדישער קליין־שניידעריי, קליין־מיידלשע מאַנטעלעך. עס האָט מיר דערמאָנט די סלוצקער ברויט־קנעטערקעס מיט זייער מצווה׳דיקער האָרע־וואַניע פאַר „תמיכה״ אין סלוצקער ישיבה. אונדזער פאָלקלאָר מיט פאָלקס־נשמהדיקייט האָט אייגענעם גילגול — און המשך.

און אַזוינס האָט אָפּגעקלונגען ביי דער 1907־קאָנפערענץ דורך די צוויי טרוימערס מיטן דריטן צווישן ביידן. לאָמיר דאָ פאַרצייכענען זייערע נעמען —

די צוויי —

דזשאַן דייטש און אברהם ביזנאָ...

דער דריטער —

בנימין שלעזינגער...

יעדער אויף הויכע פּאָזיציעס אין דער באַנייט יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. פריינטשאַפטן מיינע האָבן אָנגעהאַלטן מיט זיי אַפילו ווען זיי אַליין האָבן צווישן זיך געפירט שאַרפע קריגערייען, טעאָרעטישע און פּערזענלעכע.

מיין ערשטער פריינד, דזשאָן דייטש, אַ גימנאַזיסט פון קאָוונע, געקומען אין אַמעריקע דורך לאָנדאָן מיט רעקלאַמע אַרום זיך. זיינס אַ טשאַלענדזש אין דער לאָנדאָנער „טאַימס" צום היסטאָריקער סידני וועב אין שייכות צו שניידעריי און יידישער אימיגראַציע אין לאָנדאָנער „ווהייטשעפּל־געטאָ", האָט מען פאַרגעלייענט אין בריטישן פּאַרלאַמענט, און סידני וועב האָט זיך אַנטשולדיקט. מ'האָט וועגן דעם געשריבן אין דער ניו־יאָרקער פּרעסע. אינעם יאָר 1903 איז דזשאָן דייטש שוין געווען אויסגעקליבן צו ווערן דער הויפּט־סעקרעטאַר ביי דער אָקאָרשט־אויפגעקומענער „אינטערנעשיאָנאַל ליידיס גאַר־מענט וואָרקערס יוניאָן". ער האָט געוואוינט אין האַרלעם, און פלעגט אין אָוונטן אַריינקומען אין „ראָבערט אָוען־קלוב". ער פלעגט ליב האָבן צו פירן פּאָלעמיקעס מיט דר. פעסקין. דזשאָן דייטש האָט מיר געקנעלט „גאָמפּערסיזם".

אברהם ביזנאָ איז דעמאָלט געהאַט געקומען אין ניו־יאָרק ווי אַ גאַסט פון שיקאַגאָ. געבראַכט אים צו דער קאָנפערענץ האָט שלעזינגער ווי זיינס אַ שיקאַגער פריינד. דייטש און ביזנאָ האָבן שוין אויך געוואוסט איינער פון צווייטן.ביידע האָבן שוין דעמאָלט געשמט ווי אַרבעטער־פירערס, וועלכע זיינען אַרויסגעוואַקסן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר אָן אַ וועלכער פּאַרטיי־פאַרבינדונג, און דערפאַר זיינען זיי תמיד גענויגט צו קריטיקירן דעם סטיל פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אין יענער צייט אָנגעגאַנגען ביי יידישע אַרבעטער, און ס'האָט געהייסן, אַז די „פּראַקטישע קעפּ" זייערע האָבן זיי „פאַרפירט" צו ווערן „קאָנסערוואַטיווע יוניאָניסטן"...

אין דער אמתן זיינען זיי ביידע געווען מער טרייד־יוניאָניסטישע טעאָרעטיקער, ווי פּראַקטיקער. און אַפילו פאַרטרוימטע טעאָרעטיקער. אַזוי פאַר־טרוימט און פאַרטאָן מיטן גאַנצן געמיט זייערן אין די טעאָריעס, וואָס יעדער פון זיי האָט אַנטוויקלט אויף זיין שטייגער, אַז מען קען גאָר וועגן זיי ריידן ווי וועגן ראָמאַנטיקער אין טרייד־יוניאָניזם.

ראָמאַנטיקער, און דערצו צעשטרייטע, צעטראָגענע, אָן אַרומקוקן זיך וואָס עס טוט זיך אַרום דער אייגענער פּערזענלעכקייט, ווי פֿאַרשוועבטע פּאָעטן אין וואָלקנס...

ביזנאָ איז געווען פֿון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן אין שיקאַגאָ דורך דער רוסיש-יידישער אימיגראַציע אין די אַכציקער יאָרן פֿון פֿריערדיקן יאָרהונדערט. דער פּאָטער זיינער, אַ שניידער אין די שיקאַגער סוועט-שעפּער, און אַ פֿאַראָרעמטער צווישן אָרעמע, האָט אויך דער זון זיך איינ-געפּונען אין זעלבן ווינקעלע פֿון נויט. אָן אַ פֿאָרמעלער בילדונג צו קענען פּרוּוון אַריינקומען אין די ברייטקייטן פֿון דער אַמעריקאַנער וועלט, איז ער אַריין אין אַ שאָפּ צו לערנען זיך נייען ביי קלאָוקס. ביים אַרומקוקן זיך, האָט עס אים אַ צי-געטאָן צו גרינדן אַ גרופּע פֿון אַזעלכע יידישע אַרבעטער ווי ער, פֿאַר זעלבסטבילדונג. מען דאַרף דאָך באַגרייפֿן אַמעריקע, דאָס בייע לאַנד, אין וועלכער מ'איז אַריין. און מען דאַרף פֿאַרשטיין וואָס ס'איז אַזוינס קאַפּיטאַליזם, און וואָס סאָציאַליזם איז, און וואָס אַנאַרכיזם, און וואָס מען מיינט מיט אַרבעטער-באַוועגונג. סיי די אידייען גופא, סיי די ווערטער גופא, זיינען אים געווען פֿרעמד, אָבער אָנציִענדיק. דאָס האָט מער פֿאַרנומען זיין געדאַנקען-וועלט ווי דאָס לערנען זיך נייען. דערצו איז ער אַריין אין אָן אָוונט-שול צו לערנען ענגליש. און עס האָט פּאַסירט אומגעווייינלעכס. אין ממש געציילטע חדשים איז ער געוואָרן אַ קענער אין ענגליש און אין ליטע-ראַטור אויף ענגליש, אַז לערער האָבן אים באַוואונדערט. און זיי האָבן זיך געגרויסט מיט אים. און זיי האָבן אים אַריינגעפֿירט אין דעם קרייז פֿון דער ליבעראַלער אינטעליגענץ אין שטאָט. און ער האָט דאָרטן אויסגענומען אויך מיט זיין שטייגער ריידן.

אַ מעלאָדישע שטים אין פֿיינסטער נאַטירלעכקייט האָט ער פֿאַרמאָגט, וואָס האָט צוגעגעבן חן זיינע פֿאַרטרויִמונגען אין טעאָריעס וועגן אויפֿגאַבן פֿון יוניאָנס, איבער וועלכע ער האָט ממש ניט אויפֿגעהערט ריידן אין יעדער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער ער איז אַריינגעקומען.

דורך זיין באַרעדעוודיקייט איז ער אויך דעמאָלט שוין געווען אַ צעטראָ-גענער ביז אַבסאָלוטער פֿאַרגעסנקייט, וואָס אַרום אים קען זיך אָפּטאָן אַפֿילו אין גאַנץ געוויינלעכע זאַכן פֿון אייגענעם לעבנס-אומגאַנג. פֿאַראַן אַנעק-דאָטישס, וואָס כאַראַקטעריזירט אים.

ווען די היסטאָריש-באַקאַנטע פּרוי, פֿלאָרענס קעלי, איז ביים אָנהייב

פון יאָרהונדערט באַשטימט געוואָרן פונעם גאָווערנאָר אין אילינאָי צו אונ־טערזוכן דעם צושטאַנד אין פאַבריקן און אָנצופירן אַ קאַמף קעגן סוועט־שעפּער, האָט זי אויסגעקליבן ביזנאַ אַלס אַ שאַפּ־אינספּעקטאָר אין די גאַרמענט־טריידס. עס איז אַוודאי געווען אַ גוטער אויסוואַל. ערשטנס, מחמת ביזנאַ׳ס אידעאַליזם; צווייטנס, מחמת זיין אינטימער קענטשאַפט אינעם שאַפּ־לעבן. און ער האָט אויפגעטאָן גרויסע זאַכן אויך וואָס איז שייך יידיש־נאַציאָנאַלן אינטערעס. אַנדערע פאַבריק־אינספּעקטאָרן אין שיקאַגאָ האָבן דעמאָלט געפּראוואוועט אורטיילן, אַז דער סוועט־שאַפּ איז צוגעפּאַסט צום „יידישן אימיגראַציע־כאַראַקטער". רוסישע און פּוילישע יידן „ווילן" לעבן אין געטאָס, און דער סוועט־שאַפּ איז די „איינציקע עקאָנאָמישעווירטשאַפט וואָס אַפּעלירט צו זיי, מחמת עס באַפעסטיקט זייער געטאָ־לעבן". ביזנאַ האָט עס צעשלאָגן מיט אַזאַ קראַפט, אַז מ׳האָט די אַנדערע פאַבריק־אינספּעקטאָרן איגנאָרירט. עס האָט זיך, אָבער, דעמאָלט געשאַפן אַ הומאָר אַרום אים. ער פלעגט אַרומגיין גאַנצענע טעג פון שאַפּ צו שאַפּ און נעמען אויף אַ פאַרהער בעלי־בתים און אַרבעטער, און פאַרשרייבן „פּראָטאָקאָלן" וועגן דער שאַפּ־פירונג, און וועגן פאַרדינסטן און אַרבעטס־צייט, און טאָן פלעגט ער עס אין שאַפּ גופא. ער פלעגט אַרומטראָגן אַ גרויסן טינטער מיט טינט אין דער ברוסט־קעשענע פון זיין ראָק, און אין טינטער האָט געשטעקט אַ לאַנגער פעדער־האַלטער, און ער פלעגט טונקען דעם פעדער אינעם טינטער און שרייבן, און די טינט פלעגט זיך גיסן אויף זיין ראָק, און זיינע פינגער פלעגן זיין פאַר־שמירט פונעם טינט, און ער פלעגט ווישן די פינגער אויף די אַרבל פונעם ראָק, און אים האָט ניט געאַרט וואָס ער ווערט ווי אַן אויסגעווייקטער אין טינט, אַבי ער קען ריידן און שרייבן, ריידן און שרייבן...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, בעת ביזנאַ׳ס קומען פון שיקאַגאָ אָנצופירן די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכערס יוניאָן אין אירע קריזיסן מיטן „בראַנדייס־פּראָטאָקאָל", האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן אַנקעדאָטישס, וואָס כאַראַקטערי־זירט ביידן, דייטשן ווי ביזנאָן, אין גוטער ליבער „בטלנישער" צעטראָגנקייט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין איז ביי זיי אָנגעגאַנגען דיסקוסיעס וועגן כלערליי וועגן אין יוניאָניזם. דעם נעקסטן פרימאָרגן האָט דייטש געדאַרפט פאָרשטעלן ביזנאָן פאַר אַ גרופּע פון די וויכטיקסטע פאַבריקאַנטן. עס איז שוין געווען צו־שפּעט פנאַנאַדערצוגיין. זיינען זיי אַוועק איבערנעכטיקן אין אַ שוויץ־באַד, אויף אַ גאַס פון דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד, וואָס איז

געווען אַ מין „פּראָלעטאַרישער האָטעל". זיי האָבן גענומען אַ קעמערל מיט צוויי בעטלעך, און זייערע דעבאַטעס האָבן אָנגעהאַלטן אויך דאָרטן.

אין דער פרי האָבן זיי זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז זיי דאַרפן דאָך באַגעגענען וויכטיקע פאַבריקאַנטן, האָבן זיי זיך אָנגעטאָן אין גרויס איילעניש, אַראָפּ־געשלונגען אַביסל קאַווע, און זיינען אַוועק צו זיי.

די באַגעגעניש איז געווען באַשטעלט אינעם „סיטי קלאָב", און ווען דייטש און ביזנאָ זיינען דאָרטן דערשינען, האָבן די פאַבריקאַנטן געקוקט אויף די צוויי אַרבעטער־פירערס ווי אויף „פריקס" — צוויי קאָמעדיאַנטן...

געוואַרט אויף זיי האָט דאָרטן אויך אברהם ראָזענבערג, דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון דער „אינטערנעשאָנעל". ער האָט געריבן די אויגן —

...איר זייט ביידע משוגע געוואָרן?...

די אַרבל פונעם ראָק אויף דייטשן זיינען געווען צו קורץ, און אויך די הויזן זיינען געווען צו קורץ. דאַקעגן אויף ביזנאָן זיינען די אַרבל געווען צו לאַנג, און די הויזן האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אונטער די שיך...

עס האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז אַזוי פאַרקאָכט זיינען דייטש און ביזנאָ געווען אין אַ פּלפול איבער זייערע יוניאָן־טעאָריעס, אַז ביים אָנטאָן זיך אין מיטן פון זייער דעבאַטירן, האָט ביזנאָ אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם אָנצוג פון דזשאָן דייטש, און דייטש האָט זיך אָנגעטאָן ביזנאָ'ס זאַכן, און ביידע האָבן זיך ניט געכאַפּט, ניט באַלד און ניט אויפן גאַנצן וועג, אַז זיי זעען אויס ווי צוויי „משה קאַפּויערס"...

פאַרטרוימטע אין זייערע יוניאָן־טעאָריעס, פאַרטאָענע אין וויזיעס וועגן קאָלעקטיווע אַגרימענטס, אין דער גאַנצער אינדוסטריעלער וועלט, פאַר־פלויגענע אין „געזעלשאַפטלעכע" וואָלקנס, אַזוי זיינען זיי געווען, דייטש און ביזנאָ. און ווי דייטש האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקע גייסטיקע אַנטוויקלונג איידער ער איז געקומען אין אַמעריקע און איז געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אינטערנעשאָנעל, אַזוי האָט דאָך ביזנאָ געהאַט אייגנ־אַרטיקס אין זיין גייסטיקער ביאָגראַפיע איידער ער איז געקומען צו די ניו־יאָרקער קלאָקומאַכער.

און וואָס עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין דער „פּראָטאָקאָל"־מחלוקה האָט שוין געהאַט אַ פאָרשפּיל ביי דער 1907־קאָנפערענץ.

— דיסקוסיע

דער פילאָזאָפישער קוק אין יוניאָניזם, קלאַסן־קאַמף אָדער געזעלשאַפט־לעכקייט פוןביידע צדדים דורך קאָנטראַקטן...

נייע כוחות מיט אייגענער אינטעליגענץ ביי די וויטערדיקע אַנטוויק־לונגען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג...

אַמעריקאַנישקייט ווי אַ באַהערשנדיקע ווירקונג, אָדער אימיגראַנטישקייט, גייסט פון די אַלטע היימען... יידיש גייסט...

יידיש פאָלקס־אינטערעס, דער עיקר פרייע אימיגראַציע, אונטער אַלע אומשטענדן פרייע אימיגראַציע...

דער הויפּט־דיסקוטאַנט ביי די יידישע פונקטן —

בנימין שלעזינגער, אין נאָמען פונעם דיכטער אברהם ליעסין, וועלכער איז געזעסן דערביי אַ שווייגנדיקער, און דער שריפטשטעלער דוד פּינסקי, וועלכער האָט אים געשטיצט, און מאַקס פּיין מיט אַן אָפּטימיסטישן זאָג —

...אַמעריקע וועט נאָך פון אונדז הערן!...

פונקען פון ווייטע פייערן — זיי וועלן נאָך לויכטן און לויכטן.

# 3

...יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, ווער ביזטו?...

אַ מאָדנע שאלה.

אַזאַ פרעגעניש איז אַריין אין מיינע טראַכטענישן — און ניט דווקא ביי מיר — גלייך נאָך יענע צוויי קאָנפערענצן, וואָס האָבן געצילט איינצושטעלן אין פולער קלאָרקייט דעם איבערגאַנג פון אַלט צו ניי אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

דער טאָלק וואָס האָט זיך גענומען ווייזן דורך דער דייטש־ביזנאַ־דעבאַטע מיט אויפקלערענישן פון בען שלעזינגער, וואָס שייך יוניאָן־צילן און יוניאָן־מעטאָדן, האָט ניט איינגעשטילט דעם אומרו ביי די פאָרשטייערשאַפטן פון די כלערליי גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס.

געוועזן טאַקע אימפּאָזאַנטע בילדלעכקייט אין מאַקס פּיינס צונויפנעמען אַלץ און אַלעמען אונטער אַ יום־טובדיקער פאָן —

...יידישע אַרבעטער־באַוועגונג...

עס האָט אָבער גענומען גילטן דער זאָג —

...תפסת מרובה, לא תפסת...

צופיל אַריינגענעמען אין האַנט, פאַלט עס פאַנאַנדער צווישן די פינגערס.

נאָר באַגער צו האַלטן זיך צוזאַמען איז אויך געווען. געשפּאַנטקייט האָט כח. מ'איז געוואָרן געשפּאַנט אין בען שלעזינגערס אויסזען, אַ פּאַרטונקלט, פאַרמאָגערט פּנים, אַ רחמנות־פּנים, אַ לינקאָלן־אויסקוק; און געשפּאַנט אין זיין שטייגער פּאַרטייטשן „אַלט" און „ניי" אין דער יידישער אַרבעטער־מחנה. אי אַ נערוועזער אימפּעט, אַ ליטווישער פּלפּול.

אַלט —

...די ערשטע תקופה... יוניאָנס, אַ קליינע צאָל מיטגלידער, מען גייט אין סטרייק ניט צוגעגרייט, און מען לויפט צוריק, און מען ווערט גאָר פאַרקאָכט אין סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם... מען קריגט זיך איבער דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס קומט־אָן באַלד... יוניאָנס, ווי זיי וואָלטן געווען אידייאישע אָדער פּאָליטישע אַפּאַראַטן... און דער פירער ביי זיי איז דער רעדנער... און אַ גוטער רעדנער איז אַ גוטער פירער, אַזוי האָט מען עס געשאַצט, וואָס ניט אַלעמאָל איז עס ריכטיק...

ניי —

...די תקופה וואָס גייט ווערן... עס נעמט זיך ווייזן אַ סיסטעם פון פאַרמיטלונג מיט אַלע באַלעבאַטים, ניט מער אַ פאַרהאַנדל מיט יעדן באַלע־באָס באַזונדער... דער אַרבעטער־פירער וועט מוזן אַראָפּטרעטן פון דער רעדנער־בימה און זיך זעצן ביים קאָנפערענץ־טיש... ער וועט דאַרפן באַזיצן קלוגשאַפט און טאַקט... זיין אָן אָנגענעמע פערזענלעכקייט אַרויס־צורופן ביים צווייטן צד רעספּעקט פאַר זיין באַדינגען די יוניאָן... און דערצו פאַרמאָגן אינטעליגענץ פאַרצולייגן אַרבעטער־נויטן אין טערמינען פון עקאָ־נאָמישער רעאַליטעט, און געזעלשאַפטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט...

אומרו, ווידער —

...קען מען עס רופן קלאַסן־קאַמף?...

אַן אַנדער קול —

...פאַרוואָס רעדט מען בלויז וועגן שניידערס?... וואָס איז מיט אַנדערע?...

עס ווערט דווקא אַ ליבער מאָמענט. איינער פון מיטן עולם שטעלט זיך ריידן. ער קוקט מיר אויס באַקאַנט. ער זאָגט אַרויס פיינע רייד, און

איך הייב אים אָן דערקענען. ער איז איינער פון די מוסרניקעס, וועלכע זיינען געווען מיינע „שיף־ברידער" קיין אַמעריקע, אַ טעלזער מוסרניק, און אַליין פון סאַלאַנט. ער הייבט־אָן —

...מען פרעגט דאָ „פּאַרוואָס שניידערס". וויל איך זאָגן „פּאַרוואָס"... אַרבעט מיט דער נאָדל איז אַ גרויסע זאַך, ליבע ברידער... אַ נאָדל האָט געדינט אונדזער אמונה אויף גאַר דער וועלט... באַלעבאַטישע טעכטער פלעגן אָפּזיצן אין לאַנגער נאַכט אַריין אויפצונייען פּרוכתן פאַרן אָרון־קודש... און וואָס איז מיט מענטעלעך פאַר די ספרי־תורה?... און טישטעכלעך צו באַדעקן די שבתדיקע חלות?... און די מצות ביים פּסחדיקן סדר?...

עס איז געוואָרן אַן אַפּלאָדז. ער האָט ווייטער גערעדט —

... און אונדזערע כלה־מיידלעך האָבן דאָך אויסגענייט תּפילין־זעקלעך פאַר זייערע חתנים...

ווידער אַ גרויסער אַפּלאָדז. און ווען ער האָט פאַרענדיקט מיט —

...מאַמעס פון די רייכסטע שטיבער האָבן געלערנט זייערע טעכטער וואָס צו טאָן מיט אַ נאָדל, און מיט אַ שער אויך... עפּעס אויפנייען, צונייען, אויסנייען... אויך האַפטן און שטריקן...

האָבן צוויי שריפטשטעלערס ביי דער קאָנפערענץ אין זאַל פון קלינטאָן־האָטל געשטעלט זיך מיט אָנפירן אַן אָוואַציע פאַר דעם רעדנער.

די צוויי שריפטשטעלערס —

דער דיכטער אברהם ליעסין און דער דראַמאַטורג דוד פּינסקי.

יאָרן שפּעטער האָב איך געהערט פון פּינסקין, אַז אים איז ניט געווען אַזוי ליב צו קומען צו דער קאָנפערענץ. אַ יאָר פריער האָט מען ביי דער קאָנפערענץ איינגעשטעלט אַ ליניע פאַר יידישע אַרבעטער ניט צו באַטייליקן זיך אין דער „אַי־דאַבליו־דאַבליו"־באַוועגונג. און ער, פּינסקי, איז דאָך געווען דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער וואָכנשריפט „אַרבעטער", מיט יוסף שלאָסבערג ביי זיין זייט, און עס איז דאָך געווען אַ שריפט פון דער סאָציאַ־ליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי („עס־על־פּי"), וואָס די „אַי־דאַבליו־דאַבליו" איז געווען אירס אַ שאַפן. אָבער ער איז צו דער צווייטער קאָנפערענץ יאָ געקומען. ער האָט דאַן געהאַט שוין אָנגעשריבן זיין דראַמע „פאַמיליע צבי", אַ באַלעבאַטישע היים מיט קינדער רעוואָלוציאָנערן. און „בונד"־אָנפירער־שאַפט האָט דורך דער שווייצאַרישער שטאָט גענף עס אַרויסגעגעבן ווי אַן אומלעגאַלע ווערק פאַר רוסלאַנד. פּינסקי איז נאָך דעמאָלט געווען אַ „בונ־

דיסט״. און ער האָט געוואוסט אַז די יידישע יוגנט ביי דער קאָנפערענץ האָט אינטערעס אין זיין ווערק. און זיין מערכה איז ביי איר דאָך אַרויס אויך פאַר זיין צונויפברענגען דעם לייב פון דער יידישער ליטעראַטור, י. ל. פּרץ, מיט דעם בונדס געהיימער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז ער געקומען, פינסקי, צו זיין מחנה.

אברהם ליעסין, ווידער, האָט געהאַט אַן אינטערעס איןביידע קאָנפע־רענצן. באַזונדערס דורכן אויפטריט פון דזשאָן דייטש מיט זיין פאַרלייגן אַ וועג אין דער אַרבעטער־אימיגראַציע צו דערוויטערן זיך פון אייראָ־פּיאישע פּראָבלעמען און קאָנצענטרירן זיך צו אַמעריקע. ליעסין האָט עס אויפגענומען ווי אַ רוף צו פאַרגעסן „די אַלטע היים״ מיט איר קולטור, יידישע קולטור. אָן זיכערקייט אין זיך אויף אַ פּלאַטפאָרמע, האָט זיין פריינד בען שלעזינגער אים אַרויסגעהאָלפן מיט אויפמישן ליעסינס אייגענע גע־שיכטע־בלעטער, זיינס אַ באַוועגונג פאַר יידישקייט אין סאָציאַליזם מער וואָס דער בונד האָט געקענט האָבן און אַפילו מיט ליבשאַפט פאַר ארץ־ישראל איידער נאָך דער ציוניזם איז אויפגעקומען. און עס איז געווען ווי אַ טשאַ־לענדזש צו דזשאָן דייטשן —

צילט ער מען זאָל זיך אָפּוואַרפן דערפון אין אַמעריקע ?

דייטשס קורצער ענטפער —

... פרעגט עס ניט ביי מיר... איך בין דאָך אַליין אויך אַ יידיש קינד...

ביידע, פינסקי און ליעסין, האָבן אַריינגעטראָגן אין קאָנפערענץ נאָך אַ נייעם אינהאַלט. דעמאָלט איז געהאַט געקומען קיין ניו־יאָרק דר. נתן בירנבוים מיט זיין אידייע וועגן דער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ. שפּעטער האָט דאָך עס געשאַפן אַ ניי קאַפּיטל געשיכטע אין דער יידישער ליטעראַטור. פינסקי האָט אים געבראַכט צו דער קאָנפערענץ און ליעסין איז מיט זיי געגאַנגען צו דער בימה.

נאָך אַ גאַסט האָט זיך באַוויזן — דר. יהודה לייב מאַגנעס, וואָס אַ יאָר פריער האָט ער אינאיינעם מיט יוסף באַראָנדעס אָנגעפירט די היסטאָרישע יידישע פאָלקס־דעמאָנסטראַציע קעגן דער צאַרישער רוסלאַנד, און דעמאָלט איז עס געווען די גרעסטע דעמאָנסטראַציע פון צענדליקער און צענדליקער טויזנטער, און אַלע קלויסטער־גלאָקן אין שטאָט האָבן געקלונגען זיך מתיחד צו זיין מיט דער דעמאָנסטראַציע. דער מאַגנעס־נאָמען ביי דער קאָנפערענץ האָט ערשט צוגעגעבן חן צום פרעגן זיך —

...יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, ווער ביזטו?...
און דערפון האָט פיל געשטעקט אינעם זשיטלאָווסקי־פאָרשלאָג —
...גרינדן אַ בונד אין אַמעריקע...
מיט זיין טעאָריע אַרום דעם —

...יעדע אַרבעטער־באַוועגונג ביי אַ וועלכן פאָלק האָט דעם לעגאַל־סאָציאַליסטיש־דעמאָקראַטישן ציל צונויפצונעמען אַרום זיך אַלע פאָלקס־עלעמענטן, און ווערן דער טאָנגעבנדיקער קול פון אַלע קלאַסן... אַ בונד אין אַמעריקע וועט שאַפן קהילות איבערן גאַנצן לאַנד... און אַלע קהילות וועלן האָבן איבער זיך אַן אַלגעמיינע קהילה, ווי אַ פּאַרלאַמענט... און די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, מיטן נאָמען בונד, וועט קענען שטרעבן צו קענען ווערן די יידיש־רעגירנדיקע פּאַרטיי...

אויגן האָבן געבליצט ביים הערן עס. די אָנקומענדיקע יאָרן האָבן וואָס באַוויזן.

# באַמערקטע דרוק־פעלערן און טעותים

אויף די זייטן 98־99 ווערט געריידט וועגן ישראל פיימער (בעהמער). גענויער וועגן אים קען מען געפינען אין „פנקס סלוצק" — „סלוצק און איר סביבה", תל־אביב 1962. (זען זוכצעטל) זען אויך די „דזשואיש ענסיקלאָפּעדיאַ" באַנד III, זייט 292.

זייט 135, שורות 16־17 פון אויבן — שטייט: וואָס האָט דעמאָלט געדרוקט אחד־העמ׳ס „על פרשת דרכים". עס דאַרף זיין: וואָס האָט דעמאָלט געדרוקט אחד־העמ׳ס עסייען וואָס זיינען שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוך־פאָרעם אונטער דעם נאָמען „על פרשת דרכים".

זייט 191, שורה 5 פון אויבן — שטייט: די לאַגע ווירע, דאַרף זיין: די לאַנגע ווירע.

זייט 223, שורה 12 פון אויבן — שטייט: קלאַפּ, דאַרף זיין: קלאַפּט.

זייט 223, שורה 12 פון אויבן — שטייט: ומהתפלל, דאַרף זיין: ומתפלל.

זייט 240, שורה 23 פון אויבן — שטייט: בשום פאון, דאַרף זיין: בשום אופן.

זייט 247, שורה 11 פון אויבן — שטייט: טענעמענט־היז, דאַרף זיין: טענעמענט־הויז.

זייט 248, אין לעצטן פּאַראַגראַף ווערט איבערגעגעבן אַז העסיע העלפמאַן „איז געכאַפּט געוואָרן און פאַרמשפּט צום טויט אויף דער תליה... נאָר כדי ניט צו פאַרשאַפן אַ בעסטיאַלישע הנאה דעם תליון, ער זאָל קענען קוקן אויף אירע נאַקעטע קני בעת צונויפ־בינדן זיי פאַר דער תליה, האָט זי אין איר יידישער צניעות זיך אונטערגעצונדן אין טורמע־קאַמערל און פאַרברענט געוואָרן".

דאָס איז אַ שיינע לעגענדע באַזירט אויף י. ל. פּרצעס באַרימטער דערציילונג „דריי מתנות", אָבער עס האָט ניט וואָס צו טאָן מיט העסיע העלפמאַן. העסיע העלפמאַנס טויט־אורטייל איז פאַרביטן געוואָרן אויף לעבנס־לענגלעכער תפיסה — אין סיביר, און זי איז געשטאָרבן אין טורמע.

זייט 276, שורה 21 — שטייט: פּאָלאַ, דאַרף זיין: בעלאַ.

זייט 327, שורה 4 פון אויבן — שטייט: מאמנים, דאַרף זיין: מאמינים.

זייט 335, שורה 16 פון אויבן — שטייט: ראטשעסטער, דאַרף זיין: סיראַקיוז.

זייט 336, שורה 6 פון אויבן — שטייט: סקעלפאַלד, דאַרף זיין: רישטאַוואַניעס.

זייט 339, שורה 16 פון אויבן — שטייט: אָבער מיט אַ צעפלאַמט... דאַרף זיין: און מיט אַ צעפלאַמט...

זייט 350, שורה 15 פון אויבן — דאַרף זיין: ביי יידיש פּאָליטישער אַרבעט און יידיש קולטור.